— דיא —

# אידישע קרבנות

אדער

## דיא האידאמאקעס

נאך ד. מארדאווצעוו.

---

— פון —

ב. גארין.

---

פרייז 15 סענט.

היברו פאבלישינג קאמפאני,
83-85-87 קאנאל סטריט, נו־יארק.

---

HEBREW PUBLISHING COMPANY,
83-85-87 Canal Street, New York.
1909

# פאררעדע.

דיא נעשיכטע פון דעם אידישען פאָלק איז נעשריבען מיט בלוטינע אותיות און דיא ערצעהלונג וואס איך גיב איצט פאר דאס אידיש־לעזענדע פובליקום, האָט אויך צו טהאָן מיט א בלוטינע בלעטעל פון דער געשיכטע, א בלעטיל, וואס איז געשריבען געוואָרען אין ערך נאך גאר ניט לאנג, מיט א יאָהר הונדערט דרייסיג צוריק.

דיזעס בלעטיל איזט בעוואוסט אונטער אידען אונטער דעם נאָמען: „גזרות תק"כח" אָדער „הייראמאקעס". דיא גרעסטע גזרה פון יענער צייט איז געווען אין אומאן, און איז בעוואוסט אין דער געשיכטע אונטער דעם נאָמען „דיא אומאנער הריגה". דיא האנדלונגען פון דער ערצעהלונג קומען פאָר אין אומאן.

און כדי מען זאָל מיך ניט חושד זיין, אז איך האָב ארויסגעלענט צו נעדיכטע פארבען, אויף דיא ערצעהלונג, גיב איך דאָ איבער דיא קינה וואס איז געמאכט אויף יענע גזרות. איך גיב איבער דיא קינה וויא זיא שטעהט און נעהם און ענדער קיין אות ניט.

דיא קינה איז געשריבען געוואָרען נאך א דאָפעלטען אלף־בית:

א קינה אויף דיא גזרות פון תק"כח.

ע"פ א"ב כפול.

אבינו שבשמים, ווי אזוי קענשטו ראש צו זייען.

אוקריינער אידען זאָל אזוינע גרוישע צרות נישיין.

בטל מעלנה, דיא גרוישע גזרה פון דיא היידעמאק'ן

באלטער אידען האט דער רשע ס י ל ה נעטאָן טריינקען, בראקין און האקין.

גזרות קשות אזעלכע ווי איז ניערט געוואָרען אין דער וועלט.

ג א נ ט א האט אויך קליינע קינדער טמית גיוועזען און נאכדעם נענומען נעלט.

דער רב האט זיך ווי רישקים וואסיר אין די גאסין גיגאָסין

דראזניר אידען האבען נאך מעריר פון באלטער גינאָסין.

הרג רב האבען די היידאמאקין אין פיל שטעט געמאכט,
המאניר און הייסינער אידען האבין זיי ביז איינעם אומגעבראכט.
ונם און הויך קליינע קינדער האבין זיי גישטאכען און פערברענט.
וואביר האבין זיי גיבונדין און לעבעדיק דעם בויך גיטרענט.
זעם, א גרוישער צארין איז אויף זאבאטינער אידען אויסגעגאסען געווארען.
אילוניאק 1) האט זיי פריר בארויבט דערנאך אלע פערלוירען.
חרון, כאטשע א מאל איז הויך אזא גרוישער צארין גישיין
חמילס 2) גזרות האבער אקיינין איצטיקער זענין גאר נישט גיווין.
טפנו האבען די היידאמאקען ניקוילעט, זיך גיבאדין אין זייער בלוט
טולצינער גזרה אקעגין טיטיווער איז א גאר נים.
יה, נאט ווי האסטי דאש ביי זיך גיקענט פוילין
יעדער איד זאל אליין זיין ווייב און קינדער קייקען. 3)
כלנו האבין זיך אין די שולען פארזאמילט און זיך אליין גיטייט
כלות זייערע חתנים וואבער זייערע מאנין האבין דערצו גינייט.
להרוג, האבין די היידאמאקין אין לוסאנקי און אין טיטיוב אנגיאויבען
לדיזינער און ליפוויצער אידען האבין זיי נאכדעם באגראבען.
נשים ענו די וואביר האבען זיי אומעטים צו זנות גינייט
נאכדעם געטרענט דעם בויך און לעבעדיגע קעץ פערנייט.
סררנו מיר האבען פון דיין גוטען ווע. גיקיירט, זיי אונז נים מאשם
סע עליר, סאווראניר אידען זיינען אלע אומגעבראכט גיו. ארין על קדוש השם.

1) אילוניאק מיינט מען זעלעזניאק.
2) באגדאן כמעלניצקי.
3) בעמערקונג: בק"ך טעטיאוב, ליפאוויטץ, ופאהראבישטש זיינען נהרג געווארען אלפים גדולים יהודים און אנדערע האבען ממיר דת געווען בעו"הר און האבען געמוזט זייער אייגען וואב און קינדערלאך קוילען פאר דיא פוהזים'ס אויגען. דאס איז דיא פרוב געווען, א'ז ער האט רעכט ממיר געווען און דער נאך האט מען דעם זעלביגען ממית געווען.

על נזרות ת"ח מאכט מען א תענית ב"ק סיון און מען טיט סלחות זאגען

על גזרות אוקריינה מעג מען וואכין מאכין תענותים סעדא מער צו קלאגען.

פלני מים תרד עיני, בעבען טרערען טיען מיינע אויגען רינען

פאראהבישטשער אידען האבען דיא היידאמאקין דערטרינקען אין א ברינען.

צדיק אתה, וואש דוא גאָט, טוסט מיזן מיר אנעמען פאר ליב און רעכט

צעקיניווער אידען האט מען גענומען בשבי און פערקויפט פאר קנעכט.

קראנו לך בעת צרה, מיר האבין דיך גאָט גירופין אונזער ענגשאפט פערנעם

קראסנער, קאנסטטוטינער און קאלישער אידען זיינען ניטייט גיוואָרין על קדוש השם

רבונו של עולם, הער פון דער וועלט, ווי האשטי דאש גיקענט צו זייען.

ראנדאדער אידען האבין איינש דאש אנדערע ניקיילעט אליין. *)

שמע צעקתנו, גאָט, אונזער גישריי זאלסטי הערין און פערנעמין

שארענראדער דוכס בארניצקי בענש, ער האט זיך פאר אונז אנגינומען

תבא לפניך כל רעתם, דאש שלעכץ פון די היידאמאקען זאל סימען פאר'ן הער פון דער וועלט

תושע, און העלפען זאלסטו אלע וואש האבין זיך פאר אונז געשטעלט.

אמן.

נעוויס האט דער בעל מקובל איבערטריבען, ווען ער זאגט, אז „חמיל'ס נזרות זיינען אנטגעגען איצטיגע גאר נישט"; עס קען מעגליך זיין אז דער בעל קינה האט אליין איבערגעלעבט אלע שרעקן און גרוילען פון דער גזרה פון תק"כח און איהם האט אויסגעוויעזען, אז זיא איז גרעסער פון דיא גזרות פון ת"ח, נאר וויא דאס איז, אידישע בלוט האט זיך נעגאָסען טייבעג־ווייז און צעהנדלינע,

---

*) אין ראגראד ווען דיא אידען האבען דערהערט, אז זשעלעזניאק קומט מיט דיא היידאמאקען האבן זיי זיך אלע פערזאמעלט אין שוהל און האבען איינער דעם צווייטען אויסגעקוילעט עד אחד.

צעהנדליגע טויזענדער אידען זיינען דער'הרג'עט געוואָרען מיט אלע שרעקליכע טויד־טען, וואס נאר פראים ווילדע מענשען קענען אויסטראכטען.

מאטעריאל פאר דער ערצעה־ונג האב איך גענומען פון דעם רוסישען שריי־בער מארדאָווצעוו, פון זיין „צווישען האמער און קלאָץ" וואס האט זיך אָנגעהויבען צו דרוקען אין וואָסכאָד און וואס איז ניט פערענדינט געוואָרען דאָרטען, ווייל דיא צענזור האט דעם זשורנאל אָבגעשטעלט און האט פערבאָטען צו דרוקען דיא ווייטערדיגע פאָרטזעצונגען פון דער ערצעהלונג; פון ח. י. נורלאנד'ס „לקורות הגזרות" און פון נאָך איינינע קוועלען.

אין אידיש געפינט זיך א קליינע בראָשורע, וואס בעשרייבט דיא הריגה אין אומאַן, נאר זיא איז א יקר המציאות און מען קען איהר כמעט ניט קריגען. פון דאָרטען האָב איך גענומען דיא פאקטען וועגען משה מענר און לייבע.

ב. גאָרין.

## 1טעם קאפיטעל

# פרייטאָג-צו-נאכט,

א שטילע וואַרעמע פריהלינגס־נאכט האט גענומען פערשפּרייטען איהרע שאָטענס איבער דער שטאָדט אומאַן, דער הימעל ווערט אלץ דונקעלער און הויבט זיך אָן צו בעפּוצען מיט בליסצענדע שטערען, און וואס ווייטער ווערט זעהר שיין אלץ העלער און העלער.

דיא הייזער זעהן אויס זעהר פריילֿיך, אומעדום זיינען דיא לייכטער אנגע־צונדען און דיא טישען גערעקט וויא צו א מאָלצייט.

רחל, רבי יצחק דעם גביר'ס טאָכטער, זיצט ביים אָפענעם פענסטער און קוקט אַרויס אין דרויסען. זיא הערט זיך צו צו דיא טויזענדער קלאַנגען און מע־לאָדיען, מיט וועלכען דיא לופט איז פול פון דעם נייעם לעבען, וואס דיא בענייטע נאטור האט ארויסגערופען. איהר געזיכט שיינט און שטראהלט, אין איהר גאנצען וועזען, דוכט זיך, טונקט זיך אָב דער פריהלינג אליין, מיט זיין גאנצען פראכט און גלאַנץ. זיא איז א טיפּ פון אמת'ער אידישער שעהנהייט, וואס האט זיך איינ־געהאלטען דיא גאנצע טויזענדער יאהרען פון דעם היסטאָרישען לעבען פון דעם וואונדערבאַרען פאָלק, א טיפּ וואס איז פערבליעבען אין זיין גאנצע ריינקייט פון דיא אמהות אָן, און טראגט אויף זיך דיא שפּורען פון דער שעפּפענדער הייסער זון פון ארץ ישראל, מצרים, שפּאניען, פון דער פּאָרטישער קארדאווא, סעוויליע און גראנאדא. דיזע זון פון דעם ברענענדען אָריענט ריכטיג זיך אָבגעטונקט אין רחל'ס שטראהלענדע אויגען אין דער רויטקייט פון איהרע ברוינע בעקעלאך און אין דעם שוואַרצען זיידענס פון איהרע פראכטפאָלע האָר. זיא איז נאך געוועזען זעהר יונג און עס איז געוועזען קענטיג, אז זיא האט אקארסט אויפגעהערט צו זיין א קליין מיידעלע, נאר איהר בלענדענדע שעהנקייט האט נאָך מעהר בעצויבערט, וואס זיא אליין האָט עס נאך ניט געוואוסט.

רבי יצחק קאהען איז אריין מיט א פריילֿיכען „גוט שבת!" און האט גלייך גענומען זינגען „שלום עליכם". דיא שטוביגע האבען איהם אונטערגעהאָלפען און עס האָט נערוכט, אז מלאכים שוועבען ארום דיא לייכטער.

קאהען איז שוין געווען אריבער זעכציג, נאר ער האט אויסגעזעהן פריש און מונטער, די אויגען האבען ביי איהם אויך געשטראהלט, ווי ביי דער טאכטער און זיי זיינען געווען גאר יונג. ער האט זיך געזעצט אויבען אן ביים טיש און ארום איהם דאס ווייב לאה, מיט די קינדער, רחל און א איגנערע שוועסטער שרה'קע און דרייא זיהן.

קוים האט זיך די סעודה אנגעהויבען און פון דער גאס האט זיך ווייטער דערהערט א טרויעריגער נגון, און א ווייבערשער קולכיל האט דייטליך אויסגעזונגען א מאלאראסישע ליעדעל.

— פאר וואס איז ביי אונז ניטא אזעלכע ליעדער? האט רחל געפרעגט.

— דאס זינגען די גוים זייערע „וועסניאנקעס“ (פריהלינגס־ליעדער).

— איך ווייס, אז דאס זיינען וועסניאנקעס, נאר פאר וואס האבען מיר ניט אזעלכע ליעדער? האט ווייטער רחל געפרעגט.

— דאס זיינען געצענדינערישע ליעדער און מיר זיינען ניט קיין געצענדינער, האט געענטפערט שמשון, דער עלטערער זוהן. מיר האבען אונזערע היילינגע שירים.

— די גוים זינגען דאך אויך אין די קלויסטערס אנדערע שירים, נאר פאר וואס האבען מיר ניט קיין „וועסניאנקעס?“ פאר וואס זינגען מיר ניט אין די גאסען?

— ווייל מיר זיינען אין גלות; אונזערע ליעדער האבען מיר איבערגעלאזט אין דעם היילינגען ציון און אונזערע פידלען הייגנען אויף די בוימער נעבען די טייכען פון בבל.

— אין גלות, האט רחל געטראכט, און איך האב אזוי ליעב מיין געבורטס־לאנד, די ליעבע אוקריינע, מיט איהרע ליעדער מיט די הויכע ווערבעס ביים וואסער.

נאר ביים פאטער האבען שמשון'ס ווערטער ארויסגערופען אנדערע רעיונות. „אויף די טייכען פון בבל דארטען זיינען מיר געזעסען און געוויינט .....“ האבען מיר נאר דארטען געוויינט? אויף די ברעגעס פון ניקוס האבען מיר נאך מעהר געוויינט, און נאך פריהער פון דארטען ...... און אויף די ברעגעס פון דעם מוטנעם טיבער פיעל זיינען אידישע טרעהרען פערגאסען געווארען! און אויף די ברעגעס פון מאנסאנארעס, און פון גוואדאלקוויר, און פון דנעפער, און פון טיאסמין, און פון ראס!

אויף דרויסען האָט דאס זינגען נאך אנגעהאלטען, א כאָר פון מאנסבילשע קולות האט פערהילכט דיא גאסען ארום און ארום, פלוצים האט זיך דאס זינגען איבערייזהאקט, און יעמאנד האט געזאגט אין דער הויך:

— איהר ווייסט? איבער־מאָרגען וועט מען דיא גאידאמאקעס הינריכטען — קומט אויפ'ן פלעציל זעהן.

— געוויס, געוויס וועלען מיר קומען, האבען געענטפערט פיעלע קולות. פיעל זיינען זיי?

— פינף פארשוין, איהר מיידלאך, קומט אויף.

— מיר וועלען קומען.

— און עס קען זיין, אז ווער פון אייך וועט פון זיי אויסקלייבען א חתן או אָבראַטעווען פון תליה.

— וואס ריידען זיי דאָרטען פאָטער? האט רחל געפרעגט פערוואונדערט קען טאקע א מיידעל אָבראַטעווען א מערדער פון דער תליה?

— יא טאָכטער, האט יצחק געענטפערט. אזא מנהג איז דאָ, אז א מיידע וויל אָבראַטעווען א גאידאמאק פון תליה, קען זיא דאס טהאן.

— וויא! און איך קען דאס אויך טהאָן?

— דוא אויך, אבער דערנאך מוזטו מיט איהם חתונה האבען.

— אָה, דאס טויג ניט, אבער דאס איז שרעקליך.

— שרעקליכער אבער זיינען דיא מערדערייען, וואס זיי, דיא גאידאמאקע טהוען אָב, האט זיך ארייגגעמישט מאָשע דער איננסטער זוהן.

דער געשפרעך וועגען דיא גאידאמאקעס האט ביי קאהען ארויסגערופ טרויעריגע עראינערונגען וועגען דיא פערגאנגענע אונגליקען, וואס זיינען בעפאל אידען, און ער האט ביז גרויסען טאָג ניט געקענט איינשלאפען.

דער שבת איז ביי קאהען אוועק רוהיג, נאר דער שבת־צו־נאכט האט ג בראכט א שרעקליכע בשורה.

קאָהען איז שוין געלעגען אין בעט און האט זיך געמאטערט איינצושלאפ אבער דיא לופט אין צימער האט איהם געשיינט צו זיין זעהר שטיקענד, און איז אראָב עפענען א פענסטער. ער איז א ווייל געשטאנען ביים אָפענ פענסטער און געשלונגען דיא פרישע לופט.

— רוכט זיך, עמיצער פאהרט, האט ער צו זיך געזאגט.

ער האט ארויסגערוקט דעם קאָפ פון פענסטער און האט זיך צוגעהערט:

— יא, נאר ווער קען דאס פאהרען אזוי שפעט?

דער געוויש פון דיא רעדער איז שטיל געווארען ביי דער סאמע טהיר פון זיין הויז. דאס פערד האט אנגעהויבען צו הירזשען.

— וואס איז דאס? דוכט זיך אונזער פערד. קען דאס זיין, אז אפרים האט זיך שוין אומגעקעהרט צוריק? יא, עמיצער קלינגט — דאס איז קיין אנדערער, וויא אפרים.

ער האט אויף זיך ארויפגעווארפען זיין כאלאט און איז געגאנגען עפענען דיא טהיר פון גארטען.

— דער הונד בילט אויך ניט, ער האט דערקענט אן איינעם הייסט עס, האט קאהען געערעדט צו זיך, געהענדיג צו דער טהיר.

דער גרויסער הונד האט זיך מיט דער מארדע איינגעשפארט אין דער טהיר און האט פריינדליך געדרייט מיט'ן עק

— דאס ביזטו אפרים? האט קאהען געפרעגט אונרוהיג.

— דאס בין איך, פאטער.

— וויא קומסטו איצט צו זייי דא?

— איך וועל דיר שפעטער דערצעהלען, אין שטוב.

דער טהויער האט זיך געעפענט און אפרים איז אריינגעפאהרען אין הויף.

— און וואו איז חם'קע?

— שפעטער, אין שטוב וועל איך דיר זאגען.

באלד איז שמשון ארויסגעקומען.

— וויא קומט עס אזוי פריה ביזטו צוריק? און וואו איז חם?

— שפעטער, שפעטער ...... דא איז ניט דער פלאץ, איז געווען דער זעלבע ענטפער.

## 2טעם קאפיטעל.

# הכנות צו אן הריגה.

דער אלטער קאהען איז געשטאנען אין שטוב, וויא אויף שפילקעס און האט מיט א שטארקע קלאפענים אין הארצען געווארט אפרים זאל שוין אריינקומען און דערצעהלען, וואס פאר א שלעכטע בשורה ער האט געבראכט.

אפרים האט דערוויל אויסגעשפאנט דאס פערד און אריינגעפיהרט עס אין סטאדאלע, און שמשון האט צוריק פערשפארט דעם טהויער.

ווי נאר דיא זיהן זיינען אריינגעקומען, האט זיך דער אלטער כאהען גע־
ווענדעט צו אפרים מיט א צושראָקען קול:

— דערצעהל, דערצעהל, מיין זוהן, וואס איז געשעהן?

— זעץ זיך פאָטער, און איך וועל דערצעהלען, האט אפרים געזאגט, און האָט
מיט א טיכעל אָבגעווישט דעם שטויב פון זיין פערברוינטע שעהנע געזיכט.

— איז ביי דיר אלץ אין גאנצען? האט שמשון געפרעגט.

— אלץ אין גאנצען.

— דערצעהל שוין! האט דער פאָטער איהם געטריבען.

— גלייך. נעכטען האָב איך אויפגעמאָנט דיא רעסטע ביסעל חובות פון דיא
פריצים און האָב געהאט בדעה צו פאהרען אין ביעלא־צערקאָוו, ערסט איך בין
געוואָר געוואָרען, אז אין לעבעדין דארף היינט זיין א יריד, און איך האב געטראכט
אז אהין וועלען אָנפאהרען פיעל סוחרים און א מאָל קען זיך אונטערוקען אויף א
יריד עפעס א גוטער געשעפטיל און איך האָב געהייסען פערקירעווען דיא פערד
און פאָהרען אהין, מיר זיינען געווען ניט ווייט פון לעבעדין.

— גוט אזוי, מיין זוהן, געגעצען טאָר מען ניט, האט דער פאָטער געזאָגט.
נו, וואס איז געווען?

— איך בין אוועקגעפאהרען אין לעבעדין, און עולם איז זיך אהין אויפגע־
פאָהרען א שרעק. דיא גלאָקען פון קלויסטער האבען געקלונגען וויא אין א יום־
טוב. חם האט מיך געבעטען, איך זאָל איהם לאָזען געהן אין קלויסטער, ווייל
היינט איז ביי זיי א גרויסער חגא, דער הייליגער יורקע, „דוא ווילסט געהן אין
קלויסטער — געה, אבער זאם דיך ניט". חם איז אוועק. פלוצים דערזעה איך,
אז נעבען קלויסטער שטעהן פיעל וועגען, איינגעדעקט מיט ראגאָזשעס, און פער.
מען דארף געהן א קוק טהאָן, האָב איך געטראכט, וואס איז דאָרטען פאר א
סחורה; אפשר קען זיך א מאָל מאכען א געשעפט.

— אזוי, אזוי, האט דער אלטער קאָהען געזאָגט.

— איך בין צוגעקומען צו דיא וועגען און האב א פרעג געטהאָן דיא פור־
מאנעס: וואס איז דא אין דיא וועגען?

— „סחורה, גוטע סחורה"

— וואס פאר א סחורה?

— „געזאלצענע פיש."

— קען מען זעהן?

— „פאר וואס ניט?“

— און איינער האט אבגעבונדען א ראזאזשע און איך האב א קוק געטהאן.
אט נערעכטער! איך בין פערשטארבען מיט אלע גליעדער. דיא וועגען זיינען גע־
ען געפאקט מיט מעסערים.

— מעסערים! וואס פאר א מעסערים? האבען אויסגעשריען יצחק און דער
לטערער זוהן שמשון אין איין קול.

— מעסערים, אייזערנע מעסערים און אזעלבע גרויסע און זיי האבען אזוי גע־
בלאנקט אנטגעגען דער זון! וואס פאר א פיש איז דאס? האב איך געפרעגט.

— „אייזערנע פיש“ האבען דיא פורמאנעס געענטפערט און האבען דערביי
מאוס געכטשירעט דיא ציינער.

— צו וואס זיינען דיא מעססערים?

— „דאס האט אונז דיא מאמע געשיקט א מתנה.“

— וועלכע מאמע?

— „דיא מאמע דיא קייזערינע.“

— צו וואס?

— „א כבוד פאר דיא פריצים, דיא מאמע האט אונז געשיקט א כתב, גע־
שריבען מיט גאלד און גע׳חתמ׳עט מיט א רויטען שטעמפעל.“

— און וואס שטעהט אין יענעם כתב?

— „עס שטעהט אין כתב, אז דיא פריצים און גלחים ווילען אונזער אמת׳ע
זמונה אויסראטען אין אוקריינע און אונזער גאנצע פאלק אב׳שמד׳ען, און דיא
ואמע־דיא־קייזערינע הייסט אונז זיי אלעמען אויסקוילען.“

— נאט נערעכטער! האט דער אלטער קאהען אויסגעשריען פערצווייפעלט
און פערבראכען מיט דיא הענד.

— וואס איז אזינס איז געשעהן? האט געפרעגט דיא אלטע לאה, וואס איז
ריינגעקומען שטיל אין צימער.

— אלע האבען זיך אומגעקוקט אויף איהר.

— א שרעקליכע בשורה האט אונז אפרים געבראכט, האט דער אלטער
וזאגט מיט א צושראקענעם און שושקעדינגען קול! א שרעקליכע בשורה!
עלניצקי׳ס צייט קעהרען זיך אום.

— שטארקער און בארעמהערציגער גאט! האט לאה אויסגעשריען.

— נו, דערצעהל, וואס איז געווען ווייטער! האט זיך דער אלטער קאָהען געווענדעט צו אפרים מיט דעם זעלבען שושקעדינגען קול.

אפרים האט אויך אראָבגעלאָזט זיין קול און געזאָגט:

— איך האָב ניט געוואָלט גלויבען, וואס דיא פּויערים האבען מיר געזאָגט, נאר פּלוצים האָב איך דערזעהן, וויא דיא טהירען פון קלויסטער האבען זיך געעפענט און דער עולם איז פון דאָרטען ארויס, און גלייך האט מען ארויסגעטראָגען דיא צלמים און בילדער פּונקט אזוי וויא אויף פּסח, דער פּאָפּ מיט זיינע בעהעלפער האבען געזונגען; און דערנאך האט ער גענומען בעשפּריצען מיט'ן הייליגען וואסער דיא וועגען מיט דיא מעסערס. איך בין אָבגעטראָטען אן א זייט און האב זיך פון דערווייטענס צוגעקוקט, א שוידער איז מיר איבערגעגאנגען איבער'ן לייב. דאס הייסט דיא פורמאנעס האבען מיר געזאָגט דעם אמת. פּלוצים האָב איך דערהערט וויא עמיצער ציהט מיר ביי דער האנד, איך קוק זיך ארום און דערזעה חמ'ן. ער האט מיר אין דער שטיל איינגעראַמט א סוד, אז זיי האבען איצט בעקומען דיא ברכה אויסצוקוילען דיא פּריצים, דיא קסענדזשעס און דיא אידען.

—„טראנט זיך אָב פון דאנען וואָס גיכער, האט ער מיר געזאָגט. איך וועל אייך קיין שלעכטס ניט טהאָן איהר זייט געווען גוט צו מיר, נאר אנדערע וועלען אייך דער'הרגענען.“

לאה האט גענומען ברעכען מיט דיא הענד, דיא מאנסבילען האבען געשווינען. דער אלטער קאָהען איז געווען בלייך און שמשון רויט פאר כעס.

— און דוא האָסט שוין לעננער ניט געוואַרט? האט שמשון געפרעגט מיט א טויבען קול.

— איך האב נאר געזעהן, וויא מען האט צוטהיילט דיא מעססערס צווישען דיא פּויערים און וויא דיא פּויערים האבען זיך דערביי גע'צלם'ט און געקוסט דיא מעסערס, וויא עפּעס א הייליגע זאך.

— זיינען דאָרטען געווען פּאָניעס?

— ניין.

— נאר צו וואָס זאָלען זיי דאָרטען זיין? האט שמשון געזאָגט פערטראַכט. ווען דיא קייזערינע מאכט דעם בונד געגען פּוילען און געהיים, קענען דאָרטען קיין פּאָניעס ניט זיין. מען שטעלט אונטער פּוילען א פּוס.

— וויאפיעל זיינען זיי דאָרט? האט פּלוצים דער אלטער קאָהען געפרעגט.

— וועמען מיינסטו, פאַטער?

— דיא האָלעדרינגעס.

— שווער צו זאָגען; נאָר דיא מחנה איז געוועזן א גרויסע.

— האבען זיי הארמאטען אויף מיט זיך? האָט שמשון געפרעגט.

— ניין, האָרמאטען זיינען ניט געוועזן.

— אויב אַזוי, וועלען זיי אונזערע פעסטונגען און שלעסער ניט נעהמען.

— און וויא איז, אַז מען וועט זיי צושיקען פון מאָסקווע.

— הארמאטען שיקען אין געהיים? מעסערס קען מען צושיקען אין געהיים אבער ניט הארמאטען. און אָהן דעם איז דאס ניט מעהר, וויא א סטאדע שעפסען. אונזערע קאזאקען וועלען פון זיי מאכען א תל. דיא האָלאָדרינגעס זיינען מסתמא דיא זעלבע גאַידאמאקען, וואס אונזערע קאזאקען כאפען יעדען זומער. מאָרגען וועט מען פינף פון זיי הינריכטען.

— מאָרגען?

— יא.

דאס זיינגען אויף דער גאס האט נאך אָנגעהאלטען. אין דער מינוט זיינען דיא זינגענדע מיידלאך פערבייגעגאנגען קאָהען'ס הויז.

— און ווען שלאָפען דיא פערפלוכטע פויערים? האָט שמשון געזאגט מיט כעס. עס ווערט זיי גאר ניט נמאס!

3טעס קאפיטעל.

## גאַידאַמאַק אויפ'ן פלאָקען.

אויף מאָרגען איז דיא גאנצע שטאדט אומאַן געוועזן אויף. פון אין דער פריה האט זיך דער עולם געצויגען צום ראַטויז, צום פּלאַץ וואו דיא גאידאמאקעס האבען געדארפט הינגעריכטעט ווערען.

דיא קאזאקען אויף שווארצע פערד זיינען געווען אויסגעשטעלט אין א לאנגער רייהע. זייער עלטסטער גאנטא, א ברונעט מיט לאנגע וואָנסען האט געקוקט פערטראכט. פון דער צווייטער האָבען זיך פערזאמעלט אלע אומאנער שעהנהייטען, אויסגעפוצט יום־טוב'דיג; דיזע זייט האט אויסגעזעהן פון דערווייטענס, וויא א העלער בלומען־גארטען. אין דער פאָרשטעהענדער שרעקליכער צערמאָניע האבען דיא מיידלאך געשפּיעלט א גרויסע ראָלע: יעדע פון זיי האט געקענט אָבראטעווען פון טוידט א פער'משפט'ען גאידאמאק.

דעם דאָזיגען מנהג האט איינגעפיהרט אין אומאַן מלאַדאַנאָוויטץ. ער האָט מיט דעם געוואָלט אָבשוואַכען די גאַידאַמאַצקע בעפאַלונגען, אויף די פוילישע אוקריינע און צו דערזעלבער צייט מאַכען גערינגער די בעפעלקערונג אין דער פּראָווינץ, וואס פּאָטאָצקי האט איהם אנפערטרויט. יעדען זומער פלעגען פון די זאפּאָראָזישער סטעפּעס־באַנדעס גאַידאַמאַקען אָנפאַלען אויף די פוילישע אוקריינע און איבערהויפּט אויף די רייכע געגענד פון אומאַן; געגען די רויבער פלעגט מען ארויסשיקען די חיל, וואס האבען זיך געפונען אין אומאַן און פון אַנדערע פּוילישע פעסטונגען, וואס האבען זיך געפונען ביים גרעניץ מיט רוסלאַנד. די פּוילישע בעאַמטע פלעגען געוועהנליך הענגען די געפאַנגענע גאַידאַמאַקען, נאָר אָפט פלעגט מען זיי געבען א ערגערן טוידט — מען פלעגט זיי ארויפזעצען אויף א שפּיצינגען פלאָקען, מלאַדאַנאָוויץ האט איינגעפיהרט, אז יעדען געפאַנגענעם גאַידאַמאַק זאל מען פאר דער הינריכטונג ווייזען די אומאַנער מיידלאך און ווען איינע וועט איינוויליגען חתונה צו האבען פאר איהם, האט ער געדאַרפט שווערען טרייהייט צו פּוילען און מען האָט די פערהייראַטע פאַר געגעבען ערד, פיה, גע־הילף צום בויען א הויז און די ערסטע צייט אביסעל געלד.

אויף אַזא אופן זיינען אין דעם פערלויף פון די צעהן יאָהר, וואס מלאַדאַנאַוויטץ איז געוועזען גובערנאַטאָר צוגעקומען א טויזענד פאַמיליען אין אומאַן פון די געוועזענע האַלז־שניידער.

אלע האבען איצט געקוקט אויף די תליות און אויף די פלעקער, וואס זיינען געוועזען פון אויבען אַזוי פערשפּיצט וויא פערשניצטע בלייפעדער צום מאָהלען. נעבען יעדען פלאָקען איז געוועזען צוגעשטעלט א לייטער.

ענדליך האָט זיך דערהערט א טויבער פּויקען און דער קלאַנג פון קייטען.

— מען פיהרט זיי! מען פיהרט זיי!

פון דער זייט וואו די מיידלאך זיינען געשטאַנען, האט זיך בעוויזען די פּראָצעסיאָן: פון פאָרענט איז געגאַנגען דער גלח מיט א צלם אין האנד, הינטער איהם דער פּייקלער און הינטער דעם פּייקלער די פער׳משפּט׳ע די הענד און די פיס געשמידט אין קייטען. פון די זייטען זיינען געגאַנגען סאָלדאַטען מיט די העגקערס.

די גאַידאַמאַקען האבען געקוקט דרייסט זאָגאַר עזות׳דיג. נאָר איינער איז געוועזען זעהר א יונגער, נאָר וואָס די וואָנסען האָבען ביי איהם געגומען ארויס־צופּראַצען און ער איז געוועזען אומעדיג מיט אראָבגעלאָזטע אויגען.

די פער׳משפטע האט מען געשטעלט אנטגעגען די מיידלאך, איינע מייד־לאך האבען זיך פערשעמט און האבען פערשטעלט דאס געזיכט מיט די הענד.

— איך צוא וויין זיך שוין, האט איינע געזאגט, אזא רחמנות אויפ׳ן יונגענקען.

נאנטא איז צוגעפאהרען צו די מיידלאך.

— ווער פון אייך וויל ראטעווען א קריסטליכע נשמה?

די מיידלאך האבען ניט געענטפערט, זיי האבען נאר פערדעקט די גע־זיכטער מיט די הענד, און בעהאלטען זיך איינע אונטער דער צווייטע. נאנטא האט געווארט, די פער׳משפט׳ע האבען אויך געווארט.

— ווער פון אייך וויל ראטעווען א קריסטליכע נשמה, האט נאנטא געפרעגט צום צווייטען מאל.

ווייטער שטיל, קיינער ענטפערט ניט. די מיידלאך האבען זיך צווישען זיך געשושקעט, איינינע פון די פער׳משפט׳ע האבען געקריגען פינסטערע געזיכטער. האט שוין געקלאפט זייער לעצטע שעה? איינינע מיידלאך האבען געוויינט.

— אה, שרה׳לע, וויא מיר רייסט דאס הארץ אויף יענעם יונגינקען, האט רחל געזאגט צו איהר אינגערע שוועסטער. פאר וואס קען איך איהם ניט אבראטעווען?

זיא האט אבגעווישט די טרעהרען, וואס זיינען געהאנגען אויף איהרע לאנגע ברעמען.

— דאס לעצטע מאל פרעג איך, ווער וויל אבראטעווען א קריסטליכע נשמה? האט נאנטא געפרעגט און האט זיין קול אויפגעהויבען אין דער הויך.

— איך! האט זיך אנגערופען א יונג מיידעלע, כמעט נאך א קינד, און האט אויסגעווישט די טרעהרען פון די אויגען.

— געבענשט זאלסטו זיין גוטעס קינד, האט דער גלח געזאגט צו איהר און האט איהר איבערגע׳צלמ׳ט. וויא אלט ביזטו?

— פופצעהן יאהר, האט זיא געענטפערט אין דער שטיל.

— וועלכען קלייבסטו אויס?

זיא האט זיך פערשעהמט און האט זיך פערשטעלט דאס געזיכט מיט די הע

— זאג, קינד, וועלכען קלייבסטו אויס, האט דער גלח ווידער געזאגט.

— יענעם, האט זיא געענטפערט, און ניט אראבגענומען די הענד פון געזיכט.

— וועלכען?

— יענעם, האט זיא געענטפערט, און האט מעהר קיין ווארט ניט ארויס־געבראכט.

— דעם יונגענקען? יענעם מיינסטו? יענעם יונגענקען?

— יא.

— א חכמה, אויף מיינע נאמנות! האט רחל דערפרייט געזאגט צו איהר שוועסטער.

דער גלח האט דאס וויינענדע מיידעל גענומען פאר דער האנד און האט איהר צוגעפיהרט צום פער׳משפט׳ען.

— דיזע ריינע נשמה קלייבט דיר אויס אלס א געגענשטאנד פון מיטלייד — ווילסטו איהר האבען פאר א ווייב?

— איך וויל, האט דער פער׳משפט׳ער געענטפערט שטיל.

— און דוא וועסט שווערען, אז דוא וועסט וויטער זיין א גוטער קריסט?

— איך וועל שווערען.

— און דוא וועסט חרטה האבען אויף דיינע פריהערדיגע זינד?

— איך האב חרטה.

— נעהמט פון איהם אראב דיא קיימען.

אין דער מינוט האט זיך דערהערט פון דיא מיידלאך א קול:

— איך וויל אויך!

— איך אויך!

אה! אה! עס האט זיך זיי פערגלוסט! האט איינער פון דיא שטאדטיש יונגע לייט ארויסגעלאזט אן המצאה.

דערווייל האבען זיך נאך אנגערופען דריי מיידלאך און נאך דריי פער׳משפט׳ זיינען בעפרייט געווארען, עס איז נאר פערבליבען איינער, אויף וועלכען עס האט זיך קיין בעלנ׳טע ניט געפונען. ער איז שוין געוועזען אלט א יאהר פופציג, מיט ברייטע פלייצעס, מיט א רויטען געזיכט, מיט לאנגע שיווע וואנסען, מיט אן אלט שניט פון א שפאנגע אויפ׳ן באק.

— ווער וויל אבראטעווען דעם לעצטען?

פון דיא מיידלאך איז ארויסגעטראטען א שעהנע מיידעל מיט א הויכען בוזי ארומגעהאנגען מיט קאראלען.

  

— דיא טענצערקע! דיא טענצערקע! איז איבערגעגאנגען א מורמעל איבער׳ן גאנצען פלאץ.

זיא איז געוועזען א נאכט־פויגעל און איז געווען בעוואוסט אין גאנץ אומאן.

— איך! האט זיא געזאגט און איז צוגעגאנגען צום פער׳משפט׳ען.

דער פער׳משפט׳ער האט איהר אבגעמאסטען מיט א פערוואונדערטען בליק און איז אבגעטראטען אהינטער.

— אוועק! האט ער געזאגט מיט א בייזער. פון דער היים בין איך אנטלאפען צוליעב אזא מכשפה, און דא קומט צו מיר אן אנדערע. בעסער אויפ׳ן פלאקען איידער מיט דיר חתונה צו האבען.

דער עולם האט זיך צו לאכט.

נאכדעם האט שוין קיין מיידעל ניט געוואגט צו איהם צוגעהן.

— אויפ׳ן פלאקען! האט גאנטא געזאגט צו דיא הענקער.

שווארצע פיגורען האבען איהם ארומגערינגעלט.

— ווארט נאך אויף, האט צו זיי געזאגט דער גלח; דערווייל איז ער נאך מיינער.

דיא הענקער האבען זיך אבגעטראגען אין א זייט.

— זאג, מיין זוהן, ביזטו א קריסט?

— א קריסט?

— גלויבסטו אין גאט?

— איך גלויב...... וואס בין איך א טאטער אדער א ליאך?

— אויב אזוי זיי זיך מתודה פאר׳ן טוידט.

דער פער׳משפט׳ער האט אנגעבויגען דעם קאפ.

— איך בין זינדיג, האט ער געענטפערט: מיטוואך און פרייטאג האב איך געגעסען פלייש.

— האסטו געמארדעט? האסטו געראבעוועט?

— אין דעם בין איך ניט זינדיג, איך האב נאר גע׳הרג׳עט דיא ליאכען, און דיא טאטערס און דיא אידען. דאס איז ניט קיין זינד.

נאכדעם וויא דער גלח האט מיט איהם געזאגט א געבעט, האט ער זיך געווענדעט צו דיא הענקערס:

— איצט געהערט ער צו אייך און צו גאט.

— נעהמט פון איהם אראב דיא קייטען, האט גאנטא געזאגט.

מען האט דיא סייטעז פון איהם אבגעשמידט.

— איצט בינדט איהם און זעצט איהם אנידער אויפ'ן פלאָקען.

דיא הענקערס זיינען צו איהם צוגעגאנגען מיט שטריק.

— אוועקט! האט ער געגעבען א געשריי, איך בין ניט קיין הונד, וואס איהר וועט מיר בינדען. איך וועל אליין געהן אויפ'ן פלאָקען.

גאָנטא האט געוואוסט, אז א קאָזאק וועט אין דעם הינזיכט האלטען וואָרט, און ער האט געהייסען דיא הענקער אָבטרעטען.

דער פער'משפט'ער האט זיך פערנייגט פאר'ן פאָ'לק און געבעטען אום פער־ציהונג, און האט גענומען מיט לאנגזאמע טריט קריכען אויפ'ן לייטער צום פלאָקען.

שטעהענדיג שוין אויפ'ן לעצטען שטאפעל, האט ער זיך ווייטער געווענדט צום פאָלק:

— זייט געזונד, גוטע מענשען, און קוקט זיך צו, וויא באַרקאָ ראָזבי־גלעק זעצט זיך רייטענדיג אויפ'ן פערד.

און ער האט זיך אנידערגעזעצט אויפ'ן שפיץ פון דעם שרעקליכען פער־שארפטען פלאָקען, פונקט וויא ער וואָלט זיך אנידערגעזעצט אויף א שטוהל. ביי דיא פרויען האט זיך ארויסגעריסען א געשריי פון שרעק.

— אָה־אָה־אָה! פערדעלע מיינס! האט ער א טויבען קרעכץ געטהאָן און האט מיט'ן פוס אָבגעשטופט דעם לייטער, וואס איהם האט נאך געקענט א ווילע פערלייכטערן זיינע שרעקליכע יסורים. ווייל איצט האט זיך זיין שווערער קערפער אלץ מעהר און מעהר אראָבגעזעצט אויפ'ן שרעקליכען פלאָקען.

דאס געזיכט אבער ביי דעם שרעקליכען מענשען איז געבליבען וויא פריהער און האט ניט ארויסגעגעבען דיא יסורים, וואס ער איז אויסגעשטאנען.

— נאָ, נאָ, פערדעלע! ריהר זיך, ריהר זיך!

לאנגזאם האט ער אריינגערוקט זיין האַנד צו זיך אין קעשענע, און האט פון דאָרט ארויסגענומען א ליולקע האט איהר אָנגעשטאָפט מיט טוטין און האָט גענומען אויסהאקען פייער און האט איהר פעררויכערט.

נאר דא איז געשעהן עטוואס אונערווארטעטעס. איינער פון דיא פיער פער־ציהעטע נאָ'דאמאקעס, דערזעהענדיג אזא ביישפיעל פון העלדעשקייט פון זיינע א קאמעראד, איז געוואָרען פערשעהמט פאר זיין מוטהלאָזיגקייט און האט אוועק־געוואָרפען זיין כלה און האט זיך געלאָזט לויפען צו א צווייטען פלאָקען.

— א חרפה, חברים, א חרפה! האט ער געשריען, ארויפקלעטערענדיג אויפ־

לייטער: אויפ'ן פלאַקען און ניט פערקייפען דיא פרייהייט צו דיא פערפלוכטע
ליאכען!

נאך איהם האבען זיך געוואָרפען דיא איבריגע דריי פערציייהעטע.

— גוט, גוט אזוי, האט בארקאַ, זיצענדיג אויפ'ן פלאַקען, געשריען און האָט
פערריכט זיין היטעל אויפ'ן קאָפּ.

דיא הענקערס אבער האבען געכאַפּט דיא איבריגע פיער און געבונדען זיי.
4טעם קאַפּיטעל.

## אונערוואַרטעטע בעגעגנים.

דער פריהמאָרגען פון דעם קומענדען טאָג איז געווען נאך א שעהנערער וויא
געכטען, און ער האט געטראָפען דעם אַלטען קאָהען מיט אפרים'ן אין וועג. א
גרינגע בריטשקע, אין וועלכע זיינען געווען געשפּאַנט צוויי זאַטע פערד, האט זיי
לאנגזאם געפיהרט איבער'ן טראַקט, וואס האט געפיהרט נאך בערדיטשעוו.

ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס ביי דעם אַלטען קאָהען איז געווען זייער
אויפ'ן הארצען, האט ער דאך ניט געקענט איינהאַלטען זיך פון צו בעוואונדערן
דעם רייצענד שעהנעם פריהמאָרגען. דיא ליעבע נאַטור האט געשיינט צו זאָגען
איהם: „קוק, וויא שטיל און וויא רוהיג איז אלעס ביי מיר, יעדעס בלעטעלע
אויפ'ן בוים, יעדעס גרעזעלע פיהלען דיא גאנצע זיסקייט פון לעבען, וואס דער
גוטער בורא האט זיי געשענקט. פאר וואס מאכט איהר מענשען זיך אליין זייער
דאס לעבען מיט אייערע אויבינגע זאָרג."

אין גראָז האבען פריילין געקוויטשעט דיא פויגלאך, זיי האבען אויף זייער
לשון געזונגען דיא פריהלינגס־ליעדער, פון דערווייטענס האט דערגרייכט דיא קוואַ־
קעריי פון דיא זשאבעס. דאס האט איהם זעהר געריהרט ביים הארצען, נאר פלוצ־
לים האבען זיך זיינע אויגען אבגעשטעלט אויף א פינטעל אין דער לופט, דאָרטען
אין דער הויך האט פערנאנדערגעשפּרייט א שפּארבער זיינע פליגלען און האט
געזוכט זיינע א רויב.

— א גאַידאמאק! א גאַידאַמאק! איז איהם דורכגעלאָפען א געדאַנק.

און דיא נאַטור האט פאר איהם פערלאָרען איהר גאַנצען חן.

דער שפּארבער בעפאַלט דאס אונשולדיגע פויגעלע, און דאס אונשולדיגע
פויגעלע קוקט אויף דיא זאָרגלאָזע שטיפענדע זומער־פויגעלע. אומעדום זיינען פאראן
גאַידאמאַקעס, וואס קוקען נאר אויס אויף א געלעגענהייט צו מאכען א בעפאַל
אויף זייער רויב — אויף דיא קינדער פון ישראל.

דאס האט איהם ארויפגעבראכט אויפ׳ן געדאנק דעם ציעל פון זייער רייזע.

— איך זאל איהם נאר טרעפען אין פאלאנאי, האט ער גערעדט מיט זיך, ועהרענד אפרים דערוואַרעמט פון דער זון, האט געדרימעלט. ער איז א הייליגער מאן, ער קען פיעלייכט העלפען צום אונגליק. אין איהם ליעגט א געוואלדיגע קראפט ער האט מיט זיין תפילה אבגעראטעוועט נעמיראָוו פון דיא טאטערס, ווען זיי זיינען געגאנגען בעפאלען דיא שטאדט. א תפילה פון א צדיק האט עפעס צו זאָ־ גען. האט יהשוע בן־נון ניט אבגעשטעלט דיא זון מיט א תפילה? האט משה ניט געשפאלטען דעם ים מיט א געבעט?

אנטגעגען זיי איז אנגעקומען א פויערש פוהרל, דער פויער האט געזונגען א פאלקס־ליעדעל, וויא דער קבר האט גערעדט אין פעלד מיט׳ן ווינד.

— אָה, וואס פאר א פיינע רעדער ביים אידען אין בריטשקע! איך זאל האבען אזעלכע רעדער!

און ער האט ווייטער גענומען זינגען זיין ליעדעל.

— ער זינגט אויך, האט קאהען געטראכט, און פאר וואס האב איך דאס קיין מאל ניט געזעהן, אז א איד זאל פאהרען זינגען? און מיין רחל איז גערעכט, אז מיר האבען קיין ליעדער ניט. דיא פויגעל זינגט, דיא זשאבע זינגט, דער איד אבער זינגט ניט, פאר׳ן אידען איז ניטא קיין פריהלינג.

— דער גאידאמאק לעבט נאך אלץ? האט אפרים געפרעגט ערוואכענד.

— וועלכער גאידאמאק? האט דער פאטער געפרעגט פערוואונדערט.

— יענער, וואס מען האט איהם אויפ׳ן פלאקען ארויפגעזעצט.

— א, יענער! וואס איז?

— נעכטען אבענד בין איך געגאנגען איבער יענעם פלאץ, האט ער נאך געלעבט.

— וואס איז דער וואונדער? צוריים א שלאנג אויף שטיקער. צאפעלט זיך יעדע שטיק בעזונדער. א גאידאמאק איז דערזעלבער שלאנג.

א ווילע זיינען זיי געזעסען שטיל.

— זאגסטו, אז פון לעבעדין האבען זיך דיא פויערים געקליבען געהן אין טשערקאסי?

— אזוי האט מיר חם געזאָ

— וועלען זיי געהן ווייטער צו בארדיטשעוו און אומאן וועלען זיי אויסמיידען.

— הלואי זאלען זיי אומאן אויסמיידען.

— יא, נאר מיט וואס איז בערדיטשעוו ערגער פון אומאן? דארטען זיינען אויך אונזערע בריעדער.

אין א זייט האט א בליץ נעטהאן דאס קלארע וואסער פון א קליין טייכעל.

— שוין צייט אפשר אנפאשען דיא פערד, האט אפרים געזאגט. זיי האבען זיך גוט פערמאטערט. דיא זון באקט.

— זאל זיין אזוי.

זיי האבען זיך אראבגענומען פון וועג אין דער ריכטונג צום טייכעל און האבען זיך אבגעשטעלט נעבען א געדיכטען בוים, וואס וואקסט ביים ברעג.

אפרים האט אויסגעשפאנט דיא פערד און געגעבען זיי עסען, דערנאך האט ער ארויסגענומען פון בריטשקע א רייזע־זעקיל מיט עסענווארג און האט איבער'ן גראז פערשפרייט א ריינעם האנד־טוך.

— איצט וועלען מיר אויך צובייסען.

אפרים האט פון טייכעל געבראכט וואסער צום וואשען זיך און זיי האבען זיך געזעצט עסען.

אויפ'ן טראקט האט זיך אין דער צייט בעוויזען א פוהר.

— עמיצער פאהרט, האט געזאגט דער אלטער קאהען.

— יא, און דאס איז א אידישע פוהר, האט אפרים געזאגט. דער בעל העגלה איז א איד.

— ער פיהרט מסתמא און ארימען שלאכציץ.

— ניין, דער פאסאזשירער איז אויך א איד.

דער וואגען איז דערווייל צוגעקומען נעהענטער.

— גאט! דאס האבען מיר גאר ניט ערווארטעט!

— וואס איז?

— ער, ער! דיין שוועסטער קינד יעקב יוסף.

אצבע אלהים הוא! האט דער פאטער געענטפערט און זיי זיינען געשווינד געגאנגען אנטגעגען דעם פאסאזשירער.

---

## 5טעס קאפיטעל.

# דעם בעל-שם-טוב׳ס תלמיד.

דאס איז ווירקליך געווען יעקב יוסף, איינער פון דיא בעסטע תלמידים פון בע״שט און א פערשפרייטער פון חסידיזמוס. בעקאנט האט ער זיך מיט׳ן בע״שט אין 1747, און ער איז דאמאלס געווען רב אין שארגאראד. ער איז באלד אוועק בשתיקה צו איהם אין מעדזשיבאזש און ער איז ביי איהם פערבליבען, ביז ער האט פאר איהם אנטפלעקט דיא אלע סודות פון דער נייער לעהרע.

ווען מען איז געוואר געווארען, אז ער איז א הייסער אנהייננער פון דעם חסידיזמוס האט מען איהם ארויסגעטריבען פון זיין שטעדטיל און אויסגעפאלען איז דאס פונקט ערב שבת.

נאכדעם איז ער געווארען רב אין ראשקאוו און דערנאך אין נעמיראוו. דא איז זיין שם געווארען זעהר גרויס און פון ארבע פנות העולם איז מען צו איהם געפאהרען.

נאכ׳ן בע״שט׳ס טוידט, ווען דיא חסידות איז אריבער פון פאדאליע אין וואלין איז יעקב יוסף אויך אריבער אהין און איז געווארען רב אין א וואלינער שטעדטיל פאלאניע און דא האט ער זיך מיט מעהר ברען גענומען צו פערשפריי־ דיא חסידות.

מיט דיזען תלמוד פון דעם בע״שט האבען זיך בעגעגענט אונזערע אומאנער בעקאנטע. דער בעל העגלה מיט וועלכען יעקב יוסף איז געפאהרען, האט זיך אויך אראבגענומען צום טייבעל, וואו זייער בריטשקע איז געשטאנען.

פון וואגען איז אראבגעקראכען א מאגערער און נערוועזער זקן, מיט א שעהנע ווייסע בארד. זיין אנגענעהמע געזיכט איז געווען זעהר עהנליך צו יצחק קאהען׳ס. אנגעטהאן איז ער געווען זעהר איינפאך זאגאר ארים. נאר וועמעס בליק האט זיך אבגעשטעלט אויף זיין געזיכט האט ער דערפיהלט א גוואלדיגען דרך ארץ צו איהם.

— וואו פאהרט איהר? האט יעקב יוסף געפרעגט. ווענען געשעפטן?

— ניין, האט יצחק קאהען געענטפערט. דיא זאך צוליעב וועלכע מיר פאה־ רען, איז וויכטיגער פון אלע געשעפטען.

— וואס איז דאס אזוינס? האט יעקב יוסף געפרעגט מיט מעהר אויפ־ מערקזאמקייט.

— מיר זיינען דאס נעפאהרען צו דיר.

— וואס איז?

— א נייע נזרה האלט ביים נעבוירען ווערען. אויף אידען. דיא האק ליגט אונטער'ן בוים און וויל איהם ארונטערהאקען.

— וועלכע האק? יענע האק, וועגען וועלכע דוא רעדסט, ליגט שוין טויזענדער יאָהרען אונטער'ן בוים און דער בוים וואקסט אלץ און איז גרין, און וועט אזוי וואקסען און גרינען עד ימות המשיח.

— דוא ווייסט בעסער פאר מיר, ברודער, און איך וועל זיך מיט דיר ניט מתוכח זיין, זאל דיא האק פעראָסטעט ווערען און דער בוים זאָל אויביג בליהען, נאר פאר אונז האט מען אָנגענרייט מעסערס, אפרים האט זיי אליין געזעהן מיט זיינע אויגען.

און ער האָט דעם שוועסטער־קינד דערצעהלט אלעס, וואס אפרים האָט געזעהן און געהערט אויפ'ן יריד.

יעקב יוסף האט אויסגעהערט דיא ערצעהלונג און האָט א וואָרט ניט ארויס־נערעדט. זיין נעזיכט האט אויסגעדריקט, אז ביי איהם אין הארצען איז ניט רוהיג; נאר זיינע אויגען האבען געקוקט ווייט, פונקט וויא ער וואָלט דאָרטען עפּעס גע־לייענט און איבערלעגט ביי זיך אין קאָפּ.

אלע האבען געשוויגען, מען האט נאר געהערט, וויא דיא פערד האבען גע־קייעט האבער און עפּעס א פויגעל האט אויף יענעם זייט געטרילערט.

— עס קען ניט זיין! האט ער פּלוצים איבערגעריסען זיין שטילקייט. דיא דיא קייזערינע פון מאָסקווע וועט אזא זאך ניט טהאָן, ניט דיא פּויערים דאַרף זיא האבען, זאנדערן דיא פּריצים, און דיא פּריצים האט זיא געשיקט ניט קיין אייזען, זאָנדערן נאָלד, דאס נאָלד איז פאר אונז אין פּויי׳ען פיעל ערגער אלס אייזען ...... באלד ווערט פון פוילען גאר ניט — דאס זעה איך ארויס, און מיר אידען וועלען באלד האבען א נייען יאָך, דעם יאָך פון מאָסקווע.

ער האט זיך ווייטער פערקלערט.

— און וואס איז מכח דיא פויערים מיט דיא מעסערס? האט יצחק נעפרענט.

יעקב יוסף האט ערוואכט פון זיין פערטראַכטקייט און האט א קוק געטהאָן אויפ'ן שוועסטער־קינד, זיינע אויגען האבען געפונקעלט פון בענייסטערונג.

— דיא פּויערים מיט זייערע מעסערס? הערט, ווער עס האט אויערען. מיך

גרויסער רבי, זכרונו לברכה, האט דאס מיר מגלה געווען פאר זיין פטירה, וואס וואס ער האט מיר געזאגט, געפינט זיך ניט אין אונזערע הייליגע ספרים און פון דעם ווייסען מעהר ניט וויא דיא ידוע חן, א מאל ווען משה רבנו האט מיט אונזער פאלק ארומגעוואנדערט איבער'ן מדבר און ער האט זיך געפר־נען מחוץ למחנה און מתפלל געווען פאר'ן פאלק ישראל, פאר זיין צוקונפט, פאר זיינע קומענדע דורות האט ער פלוצים דערהערט א לייבטע נאר א פלינקען פליהען פון א פויגעל, ער האט זיך ארומגעקוקט און האט דערזעהן, אז א ווילד טייבעלע לויפט צו איהם אין טוידט־שרעק און נאך איהר יאגט זיך א בלוט־דור־שטינער שפארבער. דאס ארימע פויגעלע האט געבעטען רחמים ביים גרויסען אי־דישען מאן, ער זאל איהר בעשיצען פון דעם שונא דעם נאכיאגער, כאטשע דאס טייבעלע האט ניט גערעדט מיט א מענשליכען קול, נאר פאר'ן געטליכען מאן איז געווען אלעס ענטפלעקט, אי דאס וואס איז אויפ'ן הימעל, און דאס וואס איז אויף דער ערד, און דאס וואס איז אין דער ערד און אין דעם אבגרונד פון ים, ער האט געוואוסט דעם לשון פון דער זון, פון דער לבנה און פון דיא שטערן, דאס מורמלען פון טייך, דער רעש'ענדען דבור פון ים, דאס איידעלע סוד'ן זיך פון דיא בלעטעלאך און גרעזעלאך און דאס קלעגליכע ברוקען פון דער טייבעלע. מיט איהם האבען גערעדט בערג און טהאלען, ער האט געפיהרט א ויכוח מיט דיא בייזע דונערען און בליצען, ער האט פערשטאנען דיא שפראך פון דער גאנצער וועלט און ער האט אויך פערשטאנען, וואס דאס טייבעלע האט פון איהם געבעטען, ער האט איהר צוגעדעקט מיט זיין בגד: ער האט געוואוסט, אז ביי איהר אין נעסט האט זיא איבערגעלאזט קליינינקע עופ'עלאך און אהן א מאמען וועלען זיי אלע געהן לאבוד, פלוצים האט זיך בעוויעזען דער שפארבער, דער בלוט־דורשטינער פויגעל האט געזעהן, אז דער הייליגער מאן האט צוגעדעקט מיט'ן בגד דאס טייבעלע און דאס טייבעלע נעהערט צו איהם צום שפארבער, און דער שפארבער האט זיך געווענדעט מיט א ריכטיגע טענה צו משה'ן:

— „דוא אויסערוועהלטער פון אלקים חיים, דוא גרויסער צדיק, דוא ווייסט, אז דער בעשעפער פון דער וועלט, וואס האט בעשאפען אויך מיך און דיך, האט מיט זיין חכמה איינגעטהיילט, אז איך און מיינע עופעלאך זאלען האבען אלס שפייז דיא שוואכערע ברואים: דאס טייבעל, דיא שוואלב און נאך אזעלכע שוואכע ברואים. דיא דאזיגע טייבעלע איז מיין רויב, מיין עסען און מיינע קינדערס עסען, אזוי וויא שעפסען אין ציגען פון דיינע סטאדעס און פון דיא סטאדעס פון דיין

פאָלק זיינען דיין שפייז און דיא שפייז פון דיין פאָלק, פאר וואס זאָלסטו פון מיר און פון מיינע הונגעריגע עופעלאך אוועקרויבען אונזער ביסען. איצט וועלען זיי אויסגעהן פאר הונגער."

— משה האט געזעהן, אז דער פליגעלדינער רויבער איז גערעכט און ער האט רחמנות געקריגען אויף דיא אונשולדיגע פויגעלאך זיינע, נאר צו דערזעלבער צייט האט איהם דאס הארץ געריסען אויף דיא בידנע טייבעלע און איהרע עופעלאך. וואס טהוט מען? וואס פאר אן עצה גיט מען זיך? איז שוין דער סדר העולם, אז איינער לעבט אויפ'ן חשבון פון דעם צווייטען, ווען ער דער גרויסער מאן וואָלט ניט גענומען דיא וואָל פון דיא שעפסען און ציגען פון זיין סטאדע, וואָלט ער ניט געהאט אפילו דעם בגד, מיט וואס צו צודעקען זיין נאקעטקייט און דאס צר שראָקענע טייבעלע. „דוא גרויסער גאָט, האט זיך משה געווענדעט צום רבונו של עולם דוא וואס דוא האסט דיין פאָלק ישראל ארויסגעצויגען פון פרעה'ם הענד, גיב מיר אריין שכל, וואס איך זאָל דא טהאָן."

יעקב יוסף איז אנטשווינגען געוואָרען, זיינע אויגען האבען געברענט מיט בע־גייסטערונג. עס האט געשיינט, אז ער איז ווירקליך מיט עטליכע קעפ אויסגע־וואקסען העכער פון דיא אַלע ארומיגע, יצחק, אפרים און דער בעל העגלה זיינען געוועזן טיעף גערירהרט.

א פויגעל האט אויף יענער זייט טייך זיך צונאסען אין זיגנען און ער האט ניט בעמערקט אז אין דער הויך דרעהט זיך ארום א רויב פויגעל. דיא פערד האבען געקייעט דעם האָבער, וואס דער אַלמעכטיגער האט זיי אָבגעטהיילט פאר זייער שפייז און מיט דיא עקען האבען זיי געטריבען דיא בייסיגע פליגען, וואס האבען אויך נאר געפאָדערט זיער שפייז — דאס ווארימע בלוט פון דיא פערד.

— נו, און וואס איז געוועזן? האט יצחק ענדליך ניט אויסגעהאלטען, זעהענ־דיג, אז זיין שוועסטער־קינד שווייגט, האט דער אויבערסטער געענטפערט זיין בקשה?

— דער אויבערסטער האט איהם געענטפערט, האט יעקב יוסף געזאָגט און איז ווייטער געבליבען שטיל.

— נו, וויא?

— אָט וויא אזוי, האט יעקב יוסף געענטפערט, ציהענדיג דיא ווערטער זעהר לאנגזאם, משה האט גענומען אין האנד דאס מעסער, וואס איז איהם געהאנגען ביי דער זייט, האט פערקאסערט דיא פאָלע פון זיין בגד און האט פון זיין רעכטען

דיך אויסגעשניטען א שטיק איינענע לייב און דערלאנגענדיג עס דעם שפארבער
האט ער געזאָגט:

נא, פוינעל, נעהם דאס פלייש און טראָג עס אוועק פאר דיינע קינדערלאך:
זאָלען זיי ניט זיין הונגעריג. און דאס טייבעלע האט ער אָבגעלאָזט, זיא זאל פלי־
הען אין איהר נעסט צו איהרע קינדערלאך.״

— און פערבינדענדיג זיין וואונד מיט א שטיקעל פון זיין אונטערהעמד, האט
זיך משה אומגעקעהרט צוריק אין דער מחנה.

6טעס קאפיטעל

## והיה באחרית הימים.

דעם רבי׳ס ערצעהלונג האט געמאכט א טיעפען איינדרוק אויף זיינע צו־
הערער. א נייע ווארהייט האט אויף זיי א שיין געטהאָן, גאר צו דערזעלבער צייט
האט זיא א שניט געטהאָן אין הארצען. דער בלוט־דורשטיגער שפארבער ווייזט
זיך ארויס גערעכט און זיינע טענות קען מען ניט אָבשלאָגען. אזוי איז שוין דער
סדר העולם, אזוי איז דער געזעץ פון לעבען — אן אונערבארעמליכער געזעץ.

— דאס איז אבער שרעקליך! האט דער אלטער קאָהען געזאָגט.

ער האט גוט פערשטאנען, אז דא ליגט א טיעפער מיין אין דער ערצעהלונג.

— ווער איז דאס טייבעלע? האט ער ווייטער געפרעגט, דא זיינען מיר, וואס
ווערען פערפאָלגט? דיא אידען?

— ניין, היינטיגעס מאָל זיינען מיר ניט דאס טייבעלע, האט יעקב יוסף
געענטפערט. דאס טייבעלע פון דעם מדבר איז היינטיגעס מאָל פוילען.

— ווער זיינען מיר, אידען? האט קאָהען געפרעגט.

— מיר זיינען עצם מעצמיו פון יענעם, וואס האט אויסגעשניטען א שטיק
פלייש פון זיין איינענעם לייב, כדי אנצוקאָרמענען דיא הונגעריגע שפארבעלאך,
האט דער רבי געענטפערט, שוין טויזענדער יאָהרען, וויא מיר קארמענען מיט
אונזער פלייש דיא הונגעריגע שפארבערס פון דער גאנצער וועלט, — און אין דעם
בעשטעהט דיא גרעסטע מיסיאָן פון דעם אידישען פאָלק אויף דער ערד.

— וואס מאכט דיין לאה?

— געזונד, גאָט צו דאנקען, נאר דיא יאהרען לאזען זיך פיהלען.

— און רחל? איהר איז שוין צייט באכד חתונה צו האבען.

— זאל זיא נאך דערווייל זיך שפּילען. נאר מיר האבען זיך אזוי פערהערט־

אז מיר האבען פערנעסען דיר מכבד צו זיין מיט עפּעס. דערלאַנג אפרים אהער, וואס דוא האָסט דאָרטען.

— אזוי זאָגסטו, אז אונז וועט אויסקומען אויסצושניידען א שטיק פלייש פון אונזער לייב, כדי צו פערשטאָפּען דעם מויל דעם רויבער, וואס יאָגט נאָך דאס טייבעלע, האָט דער אלטער קאָהען געזאָגט מיט א שמייכעל, דערלאַנגענדיג א געבראָטענע הוהן דעם שוועסטער־קינד.

— יא, מיר וועלען זיך דערפון ניט אויסקויפּען.

— דאס טייבעלע איז פוילען? האט אפרים געפרעגט.

— זיא איז אונזער צווייטע היים.

— און מיט אונזער פלייש וועלען מיר איהר אָבראַטעווען פון דעם שפּארבער? האט קאָהען פון זיין זייט געפרעגט.

— אך, איך האב מורא אז ניט: איהר בעפאַלען דריי שפּארבערס אָדער ריכטיגער געזאָגט, דריי אָדלערס און זיי וועלען ניט נעהמען דאס פלייש פון אונזער לייב, אָדלערס זיינען צו שטאָלץ, אז זיי זאָלען עסען אידישע פלייש: זיי וועלען צורייסען דאס טייבעלע אליין, האט דער רבי געענטפערט.

— דיא אָדלערס וועלען אונז ניט טשעפּען? האט אפרים געפרעגט:

— ניין, יענע גרוזאמע צייטען זיינען שוין אוועק, ווען א מלוכה איז בעפאַלען איהרע אייגענע פריעדליכע אינטערטהאנען, באַטשע דיא אונטערטהאנען זיינען אידען, איצט קענען אזעלכע זאכען טהאָן נאר האָלעדריגעס און מערדער.

— נו, מיט דיא האָלעדריגעס וועלען זיך שוין דיא קאָנפעדעראַטען ספּראַווען, האט דער אלטער קאָהען בעמערקט.

— און אונזערע קאזאקען? האט אפרים געזאָגט. איין גאַנטא וויא פיעל איז ווערט! ער קען זיי געבען פעפער שמעקען.

ווען דיא היץ איז אביסעל אראָב, האבען דיא רייזענדע אלע צוזאמען געלאָזט פאָהרען נאָך אומאַן.

7טעס קאפּיטעל.

## אין גרעקאָוו'ס וואַלד.

אין אומאַן האט דערווייל פּאסירט עפּעס, וואס האט אָנפאַנגס ניט צוגעצויגען קיינעמס אויפמערקזאמקייט, נאר שפּעטער, איז מען געוואָר געוואָרען דיא שרעקליכע בעדייטונג דערפון.

עס איז געווען א זונטאג. רחל האט בעשלאָסען צו מאכען א שפּאציר אין גרעקאָו'ס וואלד, אנצורייסען פעלד־בלומען. אין שטוב גלייך נאך אפרים'ס קומען איז געוואָרען עפּעס אומעדיג, אלע האָבען גערעדט עפּעס אין דער שטיל, און האָבען זיך געס'ד'עט. אויסער דעם איז דער פאָטער מיט אפרים'ן אוועקגעפאָהרען צום פעטער יעקב יוסף, און דיא מאמע האט ניט אויפגעהערט צו זיפצען און צו קרעכצען. געווים האט אפרים געבראכט א שלעכטע ידיעה, מסתמא האט א פריץ ניט געוואָלט אבצאָהלען א חוב, אָדער ער איז גאָר געשטאָרבען און האט קיין געלד ניט איבערגעלאָזט. איהר האבען אזעלכע זאכען ניט געאַרט.

— אלץ געלד, און געלד, האט זיא געטראכט. וויא ווערט עס ניט דערעסען! דער טאטע איז אין אומאָן רייכער פון אלע אידען, בעסער דורכגעהן זיך אין וואלד.

זיא האט בעשלאָסען צו נעהמען מיט זיך אין וואלד שרה'קען און מירלען און איצט האט מען נאך געדארפט פועל'ן ביים ברודער מאָשע, ער זאָל מיט זיי מיטגעהן, ווייל מיידלאך אליין טאָרען אין וואלד ניט געהן.

רחל איז אָרוים זוכען דעם ברודער, אויפ'ן הויף האט זיא דערזעהן, וויא שרה'קע שפּיעלט זיך מיט'ן הונד, גלית.

— וואו איז מאָשע? האם זיא איהר געפרעגט.

— ער איז אין קראָם.

— און דיא מאמע?

— אויך אין קראָם.

— אלע אין קראָם! דוא ווייסט, שרה'לע, מיר װעלען געהן אין קראָם בעטען דיא מאמען זיא זאָל לאָזען מאָשען געהן מיט אונז אין וואלד.

— דוא ביזט א חכמה, רחל'ע! מיר לויפען שוין.

— מירלען װעלען מיר אויך נעהמען מיט זיך.

— מירלען אויך, און גלית'ן אויך. גלית! קום, מיר ווע־ען געהן אין וואלד און רייסען קוועטקעס און קייקלען זיך אויפ'ן גראָז און דוא וועסט א העזיל כאפּען.

דיא שוועסטער זיינען אוועק אין קראָם, גלית איז געווען צופריעדען מיט דער איינלאדונג און איז זיי נאָכגעגאנגען.

דיא אלטע לאה איז געזעסען אין קראָם און געשטריקט א זאָק, און מאָשע איז געזעסען ביים שוועל און האט אריינגעקוקט אין א ספר.

— מאמע, האט רחל געזאָגט, אריינגעהענדיג אין קראָם, לאָז מאַשען געהן מיט אונז.

— וואוהין קלייבט איהר זיך דאס צו געהן? האט לאה געפרעגט, פאַרטזוּ־צענדיג איהר ארבייט.

— אין וואַלד אָנרייסען בלומען.

— און איך וועל דיר אָנקלויבען שוועמלאך, האט שרה׳קע פון איהר זייט צוגעגעבען.

— מוכאָמאָרעס, האט לאה געענטפערט מיט א שמייכעל, דוא האסט מיר שוין איין מאָל שיער ניט מכבד געווען מיט מוכאָמאָרעס.

— אָה, איצט ווייס איך שוין, האט זיך שרה׳קע פערענטפערט.

— איך מוז זיך דורכגעהן, דער קאָפּ טהוט מיר שוין וויה, מיר וועלען מירלען אויך געהמען מיט זיך, האט רחל ווייטער געזאָגט.

— און גלית׳ן אויך, האט שרה׳קע צוגעגעבען.

לאה האט קיין חשק געהאט צו לאָזען געהן דיא קינדער אין וואַלד, נאָר ווען רחל האט געזאָגט, אז דער קאָפּ טהוט איהר וויה, האט זיא נאכגעגעבען און געזאָגט.

— אבער בלייבט דאָרטען ניט שפּעט, דיא בהמות געהענדיג פון פעלד קען נען נאך חס ושלום ועמען א שטאָך טהאָן, אויך איז מען מיט דיא שקצים ניט זיכער.

— און וואס וועט זאָגען גלית? האט שרה׳קע געענטפערט, ער וועט שוין וויסען, וואס צו טהאָן מיט דיא פּלשתים.

— אָט איז מירעל! האט רחל אויסגעשריען פריילין, מען וואָלט דערמאָנען משיח׳ן וואָלט ער אויך געקומען.

צום קראָם איז צוגעקומען א הויכע מיידעל, אלט א יאָהר זיבעצען, מיט גאָלד־פארבינע האָר, מיט שעהנע שווארצע אויגען און געדיכטע שווארצע ברעמען.

מאָשעס רוהיגעס געזיכט איז פּלוצים ליכטיג געוואָרען. ער האט זיך אויפ־געהויבען און געשטעלט אין א ווינקעל.

— מירל, האט זיך רחל צו איהר געווענדט, מיר געהען אין וואלד, ועסט דוא מיטגעהן?

— ווער געהט? האט מירל נייפרעגט און געוואָרפען א בליק אויף מאָשען.

— איך, שרה׳קע און מאָשע, האט רחל געענטפערט.

— און נכית אויף.

— נוט, האט מירל איינגעווילינט. איך וועל נאר אריבערלויפען אהיים און זאגען דער מאמען, אז איך נעה מיט אייך.

אין דער מינוט האט זיך דערהערט א קרא־קרא פון קראָיעס און א גאנצע מחנה פוינלאך האט זיך אנגעהויבען דרייהען אין דער לופט איבער'ן ראָטויז. לאה האט מיט שרעק א קוק געטהאָן אהין.

אָה, רבונו של עולם, האט זיא א קרעכץ געטהאָן. האב אויף אונז רחמנות.

— וואָס איז מאָשע? האט שרה'קע געפרעגט.

— דיא קראָעס האָבען מסתמא געשפענט דעם נאידאמאק'ס פגר און עמי־צער האט זיי צושראָקען, דער רויבער איז ערסט נעכטען גע'פגר'ט.

— דאס איז שרעקליך! האט רחל געזאגט מיט א ציטער; איך וועל שוין מעהר קיין מאָל ניט געהן זעהן אזעלכע שרעקען.

— איך וואָלט וועלען וויסען, צו דיא ליולקע שטעקט נאך ביי איהם אין מויל, האט שרה'קע גֶעזאָגט.

— אָך, שרה'קע, רייד ניט אזעלכע ווערטער, האט דיא מוטער געזאָגט.

— אָט לאָזען זיך דיא קראָעס ווידער אראָב! האט שרה'קע געוויזען מיט'ן פיננער.

— הער אויף, זאָג איך דיר, האט דיא מוטער ווייטער געזאגט.

— וואס איז, א טוידטער איז ניט שרעקליך, האט זיך שרה'קע פערענטפערט, האב איך דען מורא פאר א טוידטע קוה, אדער פאר א געקוילעטען שעפס? פאר וואָס זאָל איך מורא האבען פאר א טוידטען מענשען?

— פאר וואס דוא ביזט א נאר, האט איהר מאָשע געענטפערט.

— און דוא ביזט א גרויסער חכם!

דערווייל איז מירל אָנגעקומען און דיא קאָמפאניע איז ארויס אין וועג. ביים ארייננאנג אין וואלד האָבען זיי געטראָפען א ים מיט בלומען. דאס גראָז איז געווען רייך, אלעס האט געבליהט און געשמעקט, און שטעהענדיג איצט דא, ווער האט עס געקענט פאראויס זעהן, אז ניט מעהר וויא א פיער אָדער פינף וואָכען, וועט דאס גאנצע גרינס ווערען פערגאָסען מיט בלוט, פערוואָרפען מיט מענשליכע קערפערס!...... ווער האט זיך געקענט ריכטען, אז דא אויף דיזען פלאץ וועט זיך אָבשפינלען א שרעקליכע הרינה, אז דאס רייכע פעלד און וואלד וועלען אין פערלויף פון עטליכע טעג פערשטויבט ווערען פון דיא פערצווייפעלטע

געשרייען פון דיא אויסגעשלאכטעטע, פון דיא קרעכצען פון דיא שטארבענדע און פון דיא קולות פון דיא מערדער?

פלוצים האט זיך דערהערט א פערצווייפעלטער געשריי פון א קינד.

— וואס איז דאס? ווער שרייט דאס? האבען דיא מיידלאך געפרעגט איינע ביי דער צווייטער מיט שרעק.

דער געשריי האט זיך דערהערט צום צווייטען מאל נאך מעהר פערצווייפעלט, גלית האט זיך א ווארף געטהאן צו יענעם פלאץ, וואו דער קול האט זיך דער־הערט, און מאשע האט זיך געלאזט לויפען נאך איהם.

— מאשע! מאשע! לויף ניט אוועק פון אונז! האבען דיא מיידלאך געשריען.

8טעס קאפיטל.

## דער בלינדער בעטלער.

אין עטליכע מינוט שפעטער האט זיך דערהערט מאשעס קול:

— האט קיין מורא ניט! קומט אהער!

גלית האט ניט אויפגעהערט צו בילען, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס מאשע האט איהם אבגעהאלטען.

דיא מיידלאך האבען זיך געלאזט געהן נאכ'ן קול און זיי האבען אונטער א נעדריכטען בוים באלד דערזעהן א בלינדען בעטלער, מיט א באנדורע אין האנד און נעבען איהם אויפ'ן גראז איז געזעסען א עלף יאהריגער איינגעל און האט גע־וויינט אין דער הויך. נעבען איהם איז געזעסען מאשע און האט בעקוקט זיין פוס.

— וואס איז געשעהן? האט רחל געפרעגט.

— אך, גוטע פאנינקע, האט דער בלינדער געזאגט מיט רחמנות'דיגע מינע, א גיפטיגע שלאנג האט א ביס געטהאן מיין איינגעל.

דיא מיידלאך זיינען צוגעקומען נעהענטער.

— פון וואנען ווייסטו, אז דאס איז געווען א גיפטיגע שלאנג? האט רחל געפרעגט.

— אך, גוטע פאנינקע, מיין איינגעל האט איהר געזעהן.

דאס איינגעל האט ניט אויפגעהערט צו קרעכצען און צו וויינען.

— נארעלע, ווארט שריי נים, האט מאשע גערעדט צום איינגעל; איך וועל דיר אויסהיילען.

מאשע האט פון קעשענע ארויסגענומען א מעסערל, נאר וויא ער האט

גענעפּענט דעם קלינגעל האט דאס אינגעל ניט מיט זיינע כחות גענומען שרייען.

— אוי, אוי, אוי! ער וויל מיך קוילען.

— האלט איהם צו, האט מאָשע געזאָגט צו רחלען. איך וועל מיט איהם טהאָן דאס זעלבע, וואס הם האט א מאָל געטהאָן מיט מיר.

רחל און מרים האבען צוגעהאלטען דעם וויינענדיגען אינגעל און מאָשע האָט מיט'ן מעסערל טיעפער איינגעשניטען דעם פלאָץ, וואו דער שלאנג האט דעם ביס געטהאָן און האט מיט'ן מויל גענומען אויסזויגען דעם גיפט און בלוט, ער האט עטליכע מאָל אויסגעשפיים, גלית האט ניט אויפגעהערט צו קוקען קרום אויפ'ן בלינדען בעטלער און האט פון צייט צו צייט א בול געטהאָן, נאר ער איז אויך פעראינטערעסירט געוואָרען אין דער אפּעראַציע און האט ניט פערשטאנען, וואס זיין בעל הבית וויים זיך ניט וויא צו בייסען.

דער בלינדער איז געשטאנען אויף איין אָרט און האט געקרעכצט:

— אָה, גאָט, גאָט!

ענדליך האט מאָשע זיין אפּעראַציע געענדיגט, ער האט דיא וואונד איבער־געבונדען מיט א טיכעל און דאס אינגעל האט זיך בערוהיגט.

— איצט, הויב זיך אויף, האט מאָשע צו איהם געזאָגט.

דאס אינגעל האט זיך אויפגעהויבען, און האט זיך אוועקגעשטעלט אויפ'ן קראַנקען פוס. ער האט א געשריי געטהאָן איז און צוריק אנידערגעפאלען אויפ'ן גראָז.

— אוי, מאמא, מאמא! עס טהוט וויה, האט דאס אינגעל געוויינט.

— וואס וועל איך איצט טהאָן? האט דער בלינדער געקלאָגט. מיר וועט דאך דא אויסקומען צו שטארבען.

— וואוהין געהט איהר? האט מאָשע געפרעגט.

— אין אומאן; גוטער פריץ'ל.

— וועלען מיר אייך פיהרען.

— און מיין אינגעל? ער קען דאך א פוס ניט שטעלען.

— איך וועל איהם טראָגען.

— אָה, פריץ'ל, פריץ'ל! וויא גוט איהר זייט! איך וועל פאר אייך אויבינ גאָט בעטען.

— פאר'ן אינגעל זאָלסטו נים זאָרגען, האט מאָשע געזאָגט. מיין מאמע האָב

אזא זאלב און זיא וועט איהם גלייך אויסהיילען, מיר האט זיא אויך אויסגעהייכט פון א ביס פון א שלאנג.

דיא זון האט זיך שוין גענומען דערוויל ארּאבלאזען און עס איז געוועזן צייט אומצוקעהרען זיך אהיים.

— איצט קינדער, בלומען האט איהר אנגעריסען און איך האב א איננעל געפונען וועלען מיר געהן אהיים, האט מאשע געזאגט. נו, איננעל, קום איך וועל דיר נעהמען אויפ'ן פלייצע.

מיט דיא ווערטער האט ער דאס איננעל ארויפגעזעצט צו זיך אויפ'ן פלייצע.

— האלט מיר שטייף ארום האלז.

דאס איננעל האט איהם געפאלגט און האט זיך געמאטערט ניט צו וויינען.

— דאס איז א הינטיש מזל, האט דער בלינדער געשאקעלט מיט'ן קאפ. פריצים טראגען איהם נאר אויף דיא הענד. אט וואס מיר האבען דערלעבט, פריצים זאלען זיך מיט אונז ארומטראגען.

ביי דיזע ווערטער האט זיך ביים בלינדען געוויזען אזא שמייכעלע, אז ווער עמיצער וואלט עס בעמערקט, וואלט ער זיך פערטראכט אויף דיא בעדייטונג פון דעם. כאטשע ער איז געוועזן איינגעוויקעלט אין טראנטעס און ארומגענומען מיט טארבעס האט ער געשיינט צו זיין ווייט ניט קיין אלטער.

— דוא האלט דיין האנד ביי מיר אויפ'ן פלייצע, און איך וועל זיין דיין פיהרער, האט מאשע געזאגט צום בלינדען.

— אה, נאט, וואס מיר האבען דערלעבט, האט דער אלטער בעטלער גע־זאגט מיט התפעלות, פריצים זיינען פיהרער ביי בעטלער.

זיי האבען זיך געלאזט געהן צו דער שטאדט; דיא מיידלאך זיינען גענאנגען פאראויס און נאך זיי מאשע מיט'ן בלינדען. גלית איז פון בעל הבית ניט אבגע־טראטען, ער האט זיך איצט ניט ארומגעיאגט נאך פויגעלאך. ער האט זיך גע־האלטען ערנסט און האט פון צייט צו צייט געווארפען א חשד־בליק אויפ'ן בלינדען.

— פון וואנען נעהט איהר? האט מאשע געפרעגט.

— פון א דערפיל ניט ווייט, פריץ'ל.

— וואס הערט מען עפעס ביי אייך?

— וואס מיינט איהר, פריץ'ל?

— וועגען דיא גאידאמאקעס הערט מען גאר ניט?

— וואס קען מען הערען פון זיי? ניט לאנג האט אייער גאַנמאַ זיי נעגעבען אזא כבוד, אז זיי וועלען האבען דאס צו געדענקען אויף לאנג.

— אמת, איינעם פון זיי האט מען נעבטען ארויפגעזעצט אויפ׳ן פלאַקען.

— טאקע ארויפגעזעצט? האט דער אלטער געפרעגט מיט א משונה׳דיג קול.

— יא.

— וועלכען האט מען ארויפגעזעצט, פריץ׳ל?

— א מאַדנעם נאָמען האט ער — ראזבי גלעק.

— ראזבי גלעק? האט דער אלטער בעטלער איבערגעפרעגט און האט א שוידער געטהאָן. און מען האט איהם ארויפגעזעצט?

— ער האט זיך אליי געזעצט.

— אכיין! אך, גאָט!

— און האט א לוקע פערדרייכערט אויפ׳ן פלאַקען.

— א יונג מיט ביינער, בארקאָ! האט זיך ארויסגעריסען ביים אלטען בעטלער.

— וואס איז, דוא האסט איהם געקענט? האט זיך מאַשע פערוואונדערט.

— ניין פריץ׳ל, האט זיך דער בלינדער פערכאפט, איך האב געהערט, מענשען האבען פון איהם גערעדט, ער איז געוועזן א שרעקליכער רויבער.

ביידע זיינען אנשווייגען געוואָרען, מאַשע האט געפיהלט, אז דעם בלינדענס האנד ציטערט, פון דערוויטענס האט זיך שוין דערזיהן דיא שטאָדט.

— דער פריץ׳ל האט זיך שוין אודאי פערמאטערט, האט דער בלינדער נעזאָגט. גיט איהם מיר איבער, דיא הענד זיינען מיר געזונדע, נאר דיא אויגען האט ביי מיר דער אויבערסטער צוגענומען.

— איך בין ניט פערמאַטערט, האט מאַשע געענטפערט.

— וואס הייסט ניט פערמאַטערט, גיט מיר פריץ׳ל מיין אינגעל און איך וועל איהם נעהמען אויף דיא הענד, עס וועט נאך זיין א שמאך און א שאנדע, מען וועט אין שטאָדט זאָגען, אז א פריץ האט זיך ארומגעטראָגען מיט א היניטיש קינד.

מאַשע האט ענדליך געמוזט נאכגעבען, נאר ווען ער האט דעם בלינדען איבערגעגעבען דאס אינגעל האט פאסירט עטוואס אונערווארטעטס.

ניט. וואס האט זיך אָבגעשטעלט גלייך מיט איעמע, האט געהאלטען זיינע אויגען ארויסגעשטעלט אויפ׳ן בלינדען און האט זיך מיט א שרעקליכען וואוט א

וואַרף געטהאָן אויף איהם און האט זיינע ציינער אריינגעלאָזט אין איהם. דער קלוגער הונד, וואס האט דיא גאנצע צייט חושד געווען, אז מיט דעם בלינדען, איז ניט קיין גלאטע מעשה, האט איצט דערזעהן, אז דער כלומר׳שדיגער בלינדער איז גאר ניט בלינד. גלית האט געכאפט דיא פאלשקייט ווען ער האט בעמערקט דעם בעטלערס ביטערען בליק, וואס ער האט אויף איהם א וואַרף געטהאָן, ווען ער האט איבערגענומען דאס אינגעל פון מאַשען. דער בעטלער האט גלייך פערשטאַנען וואס דא איז געשעהן, נאר ער האט זיך גלייך בעדענקט, אז דער הונד וועט איהם ניט ארויסגעבען — ער קען ניט ריידען. מיט מאטערנים האט מען קוים אבגעשלעפט דעם הונד פון בעטלער. נאר דעם אמת׳ן זינן פון דעם פלעצליכען אָנפאַל האט קיינער ניט געקענט פערשטעהן: דעם בלינדענס געהיימנים איז פאר זיי געבליבען א געהיימניס.

מיט א שטארקע האנד האט ער דאס אינגעל איבערגענומען צו זיך, וויא ער וואָלט א פעדערל אויפגעהויבען און האט רעטזעלהאפט א שמייכעל געטהאָן.

— דער הונד מיינט, אז איך האב דאס אינגעל פון אייך מיט גוואלד צוגענומען און וויל צורייסען דעם רויבער.

אין שטאָדט זיינען זיי אָנגעקומען, ווען עס איז שוין געוואָרען פינסטערלאך.

— וואס וועט איצט זיין מיט׳ן אינגעל? האט דער בלינדער געפרעגט. און ווער וועט מיך צופיהרען צו איגנאַטען?

— וועלכער איגנאַץ? האט משה געפרעגט.

— דער רייבער איגנאַט — ער קען מיך און וועט מיך לאָזען איבערנעכטיגען ביי זיך, האט דער בלינדער געזאָגט.

— אָה! דער רייבער איגנאַט! ער איז שוין לאנג א וואָיט.

— איהם מיין איך מאקע.—

— צום וואָיט וועל איך דיר צופיהרען, ער וואוינט ניט ווייט פון אונז.

— א דאנק דעם גוטען פריץ׳ל, און וואס וועט זיין מיט׳ן אינגעל?

— דאס אינגעל וועט ביי אונז איבערנעכטיגען: דיא מאמע וועט איהם דערוויל אויסהיילען.

— און דערפאר וועסטו אונז זינגען דעם „קלאָג פון פערשקלאפטען” דיא מאמע און מיר האבען דאס זעהר ליעב צו הערען.

גוט, ליעבע פאנענקעלע.

באלד זיינען זיי אלע אנגעקומען פאר קאהען׳ס קראם. דיא אלטע לאה איז געזעסען מיט עטליכע שכנות אויפ׳ן גאנעק.

דערזעהענדיג דיא קינדער מיט א בלינדען בעטלער, האט זיך לאה אנפאנגס דערשראקען, צו איז עפעס ניט געשעהן איהרע מיידלאך. נאר שרה׳קע איז פריי־ליך צוגעלאפען צו איהר און אויסגעשריען:

— אך, מאמע! דער בלינדער האט אונז צוגעזאגט צו זינגען א קלאג פון פערשקלאפטען.

— וואס איז דער מעהר מיט׳ן אינגעל?

— א שלאנג האט איהם א ביס געטהאן און מאשע האט איהם געזאגט, אז דוא וועסט איהם אויסהיילען.

— דער בלינדער האט זיך טיעף פערנייגט.

לאה איז געווען א גוטע פרוי און זיא האט זיך גלייך אויפגעהויבען און פון קראם ארויסגעטראגען עפעס א זאלב, וואס נאר זיא אליין האט געוואוסט וויא צו מאכען איהם, רחל׳ן האט זיא געהייסען ברענגען פון קיך ווארעמע וואסער און מיט דער היקף פון דער דיענסט האט זיא דעם אינגעל ארומגעוואשען דיא פוס, בעשמירט מיט׳ן זאלב און פערבינדען מיט א טיכעל.

— מארגען וועסטו שוין קענען געהן. האט לאה צו איהם געזאגט. האסטו א מאמע?

— ניין, ער איז א יתום, אהן א טאטען און אהן א מאמען, האט דער בלינדער געענטפערט פאר איהם.

— ער וועט ביי אונז נעכטיגען, האט שרה׳קע געזאגט, און דעם בעטלער וועט מאשע אבפיהרען צום וואלד.

— זאל זיין אזוי, האט דיא אלטע לאה איינגעשטימט.

— איצט, זיידע, זינגט אונז דאס ליעד, וואס דוא האסט אונז צוגייזאגט, האט זיך שרה׳קע צו איהם געווענדעט.

— גוט, גוט, פאנענקעלע, נאר איך דארף פריהער דורכנעצען דעם האלז.

— מיט וואס? האט שרה׳קע געפרעגט נאאיוו.

— מיט וואס, גוטע פאנענקעלע? מיט׳ן וואסער פון יענע קערנעצע, וואס שטעהט אין א פלעשיל אויף דער פאליצע.

— אה, בראנפען, מיינסטו! זאל איך ברענגען, מאמע?

— ברייננ.

אין איין אויגענבליק איז שרה'קע געווען אין קראַם און ארויסגעטראַגען א פלעשעל בראַנפען. זיא האט איהם אליין אָנגעגאָסען א גרויסע גלאַז און ער האָט גלייך אויסגעטרונקען.

— א, גוטער בראַנפען! איצט וועל איך אייך אָבצאָהלען מיט מיין באנדורע.

דער בלינדער בעטלער האט אונטערגעלעגט אונטער זיך דיא פיס אויפ'ן טערקישען אופן און גענומען זינגען דאס „ליעד פון דעם פערשקלאפטען" און בע־גלייטען זיך פון דער באַנדורע, ארום איהם האבען זיך ארומגעקליבען א מחנה ווייבער און מיידלאך און האבען פערשטעלט א האלבע גאס.

דאס ליעד איז געווען א קלאָג־ליעד און האט דערצעהלט פון דיא גרוילען, וואס דיא געפאנגענע קריסטען ליידען זיך אוים אין טירקיי. אלע צוהערער האבען געוויינט מיט ביטערע טרערען, לאה האט אויך געוויינט, נאר זיא האט געזעהען גאר אנדערע בילדער. זיא האט געזעהן, וויא דיא בני ישראל האבען געקנאַטען ליים אין מצרים, און וויא מען האט זייערע נאקעטע לייבער געשמיסען מיט בייטשען ויאנחו און זיי האבען געקרעכצט פון דער עבודת פרך:

ווערענד דער בעטלער האט געזונגען זיינען אָנגעפאהרען צווייא רייטער, א קאוואליער און א דאמע.

— זייט פאַרזיכטיג, האט דיא דאמע געזאָגט, איהר קענט נאך ווען איבערפאָהרען.

— ווער איז זיא? האט דער בעטלער געפרעגט.

— דעם גובערנאטאָר'ס טאָכטער, האבען געענטפערט דיא דערביישטע־הענדע.

## 9טעם קאפיטעל.

## דיא גאַידאַמאַקעס בושעווען.

וואס איז פאַרגעקומען נאָכדעם, ווען אפרים קאָהען איז אויפ'ן לעבעדינער יריד געוואָר געוואָרען פון הס'ען, אז עס גרייט זיך אן הריגה אויף אידען?

ווען דיא מעטערס זיינען פערטהיילט געוואָרען צווישען דיא פויערים, האבען זיך דיא פיהרער פון דעם אויפשטאנד, דיא געוועזענע זאַפּאראָזער אדער דיא פרייע גאידאמאקען מיט מאקסים זשעלעזניאק אן דער שפיצע, גענומען ברענגען אין אָרדנונג דיא באָסע־קאָמאנדע. דיא מחנה איז איינגעטהיילט געוואָרען אין מאות, און יעדע מאה האט געהאט א בעזונדער צייכען; דערנאך האט מען אָבגעטהיילט

דיא רייטער פון דיא פוס־געהער. און ווען מעסערס האבען פערפעהלט, האט מען גענומען פראָסטע פלעקער, שטעקענס און וואס נאר עס האט זיך אונטערגעדרייט אונטער דער האנד.

דיא מחנה אבער איז נאך אין וועג ניט ארויס, זשעלעזניאק האט זיך פאַר־געשטעלט, אז ער איז דער צווייטער כמעיניצקי, און איהם איז ניט אָנגעשטאנען זיין דער אָנפיהרער פון א באַסע־קאָמאנדע, פון אלערליי האָלעדרינגעס, אהן א שעהנעם פולק. גוט בעוואפענטע קאזאקען האט ער געהאט זעהר ווייניג.

— עס איז א חרפה צו געהן מיט אזעלכע האָלעדרינגעס, האט ער געזאָגט צו זיינע נאהענטע

— געווים איז א שאנדע, האבען יענע צוגעגעבען. עס איז א חרפה צו ווייזען זיך דיא ליאכעס אויף דיא אויגען.

— אויב אזוי, לאָ'מיר גלייך געהן אין מעדוועדעווקע, צום פריץ קוואסנעווסקי און דאָרטען וועלען מיר געפינען רעגעטירטע קאזאקען.

קוואסנעווסקי, דער עלסטער פון א גארניזאָן קאזאקען האָט געמאכט פלטה, ווען ער האט זיך דערוואוסט, אז מען האט צוטהיילט מעסערס צווישען דיא פויערים.

צו דיא קאזאקען, וואס זיינען געבליבען אָהן א פיהרער, איז זשעלעזניאק געקומען מיט דיא ביסעל רייטער, וואס ער האט געהאט.

— וואס ווילט איהר, ברידער, שלאָגען זיך מיט מיר אדער איבערגעהן צו זיי געווענדט זשעלעזניאק.

דיא רעגעטירטע קאזאקען האבען זיך גלייך פעראייניגט מיט איהם.

דריי טעג האט געדויערט צו מאכען אָן ארדנונג און אויפ'ן פיערטען טאָג האבען זיי זיך געלאָזט געהן אויף טשעגקאס.

פריהער פון אַלעמען איז געפאָהרען זשעלעזניאק, רייטענדיג אויף א געלבלי־כען פערד. ער איז אלט געווען א יאהר פיערציג, ער איז געווען א פולער, פון מיטעלען וואוקס, אבער געזונד געבויט, שטארק פערברענט מיט סארע אויגען. נאך איהם זיינען געפאהרען דיא רייטער, צו צוויי אין א ראָנד. הינטער דיא ריי־טער זיינען געגאנגען דיא פוס־געהער, מיט מעסער און מיט פלעקער. נאר צום רעצטען זיינען געגאנגען דיא פוהרמאנעס מיט וועגענס. צווישען דיא פראָסטע פורמאנעס איז געווען חם, וואס האט געדיענט ביי דיא קאָהענס. ער איז געגאַנ־גען נעבען זיין וואָגען מיט א מעסער אונטער'ן גארטעל און מיט א לאנגען, ביים

-פּיין פערשארפטען און צונעברענטען שטעקען. ער איז נעוועזען א הויכער נעזונטער יונג מיט שווארצע ברעמען און גוטע בלויע אויגען.

גלייך ביים ארויסגאנג האט פּאסירט א זאך, וואס האט מיט א מאל דער־הויבען דעם גוטמוטהיגען חם.

א רייטער האט אביסעל פערשפּעטיגט און איז אָבגעשטאנען פון דער מחנה. ער האט איצט געאיילט אָנצויאָגען זיינע קאמעראדען דיא רייטער, און האט זיך אָנגעשטויסען אויף חם'ן, וואס איז געגאנגען נעבען זיין וואגען.

— אראָב פון וועג, אידישער טעלער־לעקער! האט דער רייטער א געשריי געטהאָן און א קלאפּ געטהאָן איהם מיט דער נאגאיקע.

זיי ביידע האבען זיך שוין מיט עטליכע טעג פריהער צוקריגט, ווען מען האט צוטהיילט דיא מעסערס.

— אה! האט חם אויסגעשריען, דערפיהלענדיג דעם קלאפּ פון דער נאגאיקע, אזא נאר ביזטו! דוא ווילסט זיך שלאָגען! שטעה, כלב איינער! לאָ'מיר זיך שלאָגען, וויא עס פּאסט פאר קאזאקען.

און ער האט איהם פערשטעלט דעם וועג.

— קום אויף א גערץ, *) דוא הינטישער זוהן!

דער רייטער האט זיך אָבגעשטעלט און אָנגעשטעלט דעם שפּיץ פון דער פּיקע אויף זיין געגנער און האט זיך מיט'ן פערד געלאָזט לויפען גלייך איהם, מאקרענדיג, אז דער פערד זאָל איהם צוטרעטען און דיא פּיקע זאָל איהם דורכ־שטעכען. חם איז געוועזען פלינק, וויא א קאץ, און מיט איין שפּרונג איז ער שוין געוועזען אָן א זייט און אין איין אויגענבליק האט ער אריינגעשטאָכען זיין שארפען פלאָקען דעם געגנער אין דער לינקער ברוסט. דער קלאפּ איז געוועזען אזוי שטארק אז דער רייטער האט זיך ארָאבגעקייקעלט פון פערד, באדעקענדיג זיך אין בלוט, ביי דעם אונערווארטעטען געשלעג זיינען זיך אלע צונויפגעלאָפען. חם איז געשטאנען שטום, בלייך און זיינע אויגען האבען ווילד ארומגעוואנדערט.

דער רייטער איז געוועזען טויטט, זיין פערד האט זיך געלאָזט לויפען.

צום פּלאץ פון דועל איז צוגעפאהרען זשעלעזניאק מיט זיין סוויטע, חם איז דערווייל געקומען צו זיך, און האט איהם ערקלערט, אז דער געשלעג איז געוועזען א עהרליכער; אהן א שולד פון זיין זייט האט איהם דער רער'הרג'עטער אנגערופען

*) גערץ — דועל.

„אידישער־טעלער־לעקער“ או ער האט פערטהיידינט די א עהרע פון די קאזאקען; ווארים אויב אזוי קען מען אלע קאזאקען רופען „אידישע טעליר־לעקער“ ווייל אלע וואס געפינען זיך דא, האבען געדיענט ביי אידען אָדער אין ברייזער אָדער אין שיינקען.

אלע האבען געפונען, אז ער איז גערעכט, אז ער האט פערטהיידינט די עהרע פון די קאזאקען און זשעלעזניאק האט געזאָגט:

— נעהם צו זיין פערד און זיינע קליידער און זיי געבען מיר; און דער הונד איז ווערט דעם שטעקען.

די מחנה האט זיך גערירהט ווייטער און חם ריהר־מיך־ניט־אן, וויא מען האט איהם איצט גערופען, אנגעטהאָן אין די רייכע קליידער פון דעם געהרג'טען און רייטענדיג אויף זיין פערד, האט זיך איצט געפונען אין די ערסטע ציילען.

די מחנה איז צוגעקאמען נאהענט צו מעדוועדאָווקע, דארטען איז דאמאלס געווען א יריד און די פויערים פון די אלע ארומיגע דערפער זיינען זיך צונויפ־געפאָהרען די פאָהנען, וואס האבען זיך געטרייסעלט אין דער לופט איבער דער מחנה, און דער שטויב וואס די פערד מיט די רייטער און די וועגען האבען געמאכט האט אָנגעווארפען אן אימה אויף דעם עולם, וואס איז זיך צונויפגעפאָה־רען אויפ'ן יריד. אלע האבען זיך געלאָזט לויפען אין אלע זייטען. נאר זשעלעזניאק האט געהייסען בערוהיגען די צולאָפענע, און ער אליין האט זיי אויך בערוהיגט.

— האט קיין מורא ניט, גוטע מענשען. מיר וועלען אייך נים טשעפען. טהוט וואס איהר דארפט.

יעדער וואס האט נאר געקענט קריגען א מעסער, א פלאָקען, יעדער וואס האט געוואָלט לעבען א גוטען טאָג, האט זיך באהעפט צו זשעלעזניאק'ס מחנה.

נאר קיין בלוט האט זיך נאך ניט געגאָסען. נאר באלד, באלד האבען זיך שוין נעדארפט אָנהויבען די הריגות.

פון מעדוועדאווקע זיינען די גאידאמאקעס אוועק ווייטער, אויפ'ן וועג איז זיי געלעגען דאס שטעדטיל זשאבאָטין, וואס האט בעלאנגט צו די פרינצען פון לויבאמירסקים, דער גובערנאטאָר פון שטאָדט איז געווען וויטשאלקאווסקי און ער האט געהאט ביי זיך קאזאקען; נאר וויא די גאידאמאקעס האבען זיך בעוויזען נעבען די פעסטונגען, האט דער עלטעסטער פון די קאזאקען גלייך ארעסטירט דעם גובערנאטאָר און האט איהם ארויסגעפיהרט צו די גאידאמאקעס. זיי זיינען גלייך אריין אין שטאָדט און געוואָרען די בעלי הבתים פון שלאָס.

דעם גובערנאטאָר האט מען ארומגעפיהרט איבער'ן מארק, כדי דער עולם זאל איהם אין די אויגען קענען זאָגען, ווער האט פון איהם אדער אנדערע פריצים געליטען, ווער איז פון איהם געוואָרען בעליידיגט, פערשטעהט זיך, אז מסירות האבען זיך גלייך געפונען.

— פערפלוכטער ליאך! פערפלוכטער ליאך! האבען קולות פון אלע זייטען געשריען אויפ'ן גובערנאטאָר.

— נעהמט זיך צו די פערפלוכטע ליאכען! האבען איינע פון די גאידאמאקעס אויסגעשריען,

— נעהמט זיך צו די אידען! האבען אונטערגעכאפט אנדערע.

און פון דיעזען מאָמענט האט געגומען פליסען בלוט. קוים זיינען נאר ארויסגעבראכט געוואָרען די ווערטער: „ליאך" און „איד" האבען זיך די חיה'שע געפיהלען ערוועקט און חיה'שע שכרות האט קיין סוף ניט געהאט.

די ערסטע זאך זיינען די רויבער בעפאלען די שענקען, האבען ארויסגעשלעפט די פעסלאך מיט וויין און בראנפען און האבען זיך אָנגעטרונקען, ווי די בעסטיעס, און דערנאך האט זיך אָנגעהויבען די הריגה.

זיי האבען אויסגעראבעוועט, וואס זיי האבען נאר געפונען און אויסגעקוילעט פיעל פוילישע און אידען האבען זיי געכאפט, נאר דאס איז נאך ניט געווען גענוג פאר זיי, די חיות אין געשטאלט פון מענשען האבען פערברענט דאס גאנצע שטעדטיל, פון דארטען האבען זיי זיך געלאָזט געהן צו סמילע, וואס האט אויך געהערט צו ליובאָמירסקי.

סמילע האט מען אויך בעראבעוועט און פערברענט.

אין עטליכע טעג האט זיך דער פייער פון אויפשטאנד פערשפרייט איבער דער גאנצער געגענד. פרויען מיט קאָטשערעס אין די הענד האבען זיך אָנגעש־אָסען אין דער באנדע, הינד האבען אוועקגעוואָרפען זייערע הייזער און זיינען אויך נאכגעגאנגען נאך די ווענען.

אָט איז שוין טשערקאס ניט ווייט, קינדער פון שטאָדט זיינען געלאָפען אנטגעגען בעגעגנען די טהייערע געסט. זשעלעזניאק מיט א פריילכען שמייכעל האט צו זיי א געשריי געטהאָן:

— וואס מאכט איהר כלבים! איהר אקערט נאך נים?

— נאך נים.

— און מיר אקערן שוין! האט זיך זשעלעזניאק צולאכט, געבענדיג מיט דעם אָנצוהערענים, אז דיא הרינה האט זיך שוין אָנגעהויבען.

אריינפאַהרענדיג אין שטאָדט, האט זיך זשעלעזניאק געלאָזט נעהן גלייך צום שלאָס, דיא טהירען פון דעם שלאָס־טהורעם זיינען שוין גיזווען אָפען. אויפ'ן פּלאַץ פאר'ן שלאָס זיינען געווען אויסגעשטעלט דיא רייטער־גאידאַמאַקעס אין ציילען.

איהם אנטקעגען זיינען ארויסגעקומען דיא שטעדטישע קאַזאַקען. זשעלעזניאַק האט זיי בעגריסט און געפרעגט:

— וואו איז אייער עלטסטער?

דער עלטסטער איז גלייך ארויסגעלאָפען צו איהם אהן א היטעל, זשעלעזניאק האט אויך ארונטערגענומען זיין היטעל. זיי האבען זיך ביידע ארומגענומען און צר קוסט זיך.

— פערבעט אונז צו זיך, האט זשעלעזניאק געזאָגט.

דער עלטסטע האט גענומען פיהרען דיא בעאמטע פון דיא גאידאַמאַקעס אין פּאלאַץ.

— פאר וואָס נעהסטו ניט, ריהר־מיך־ניט־אָן? האט זשעלעזניאק זיך גע־ווענדט צו חם, וועלכער איז געשטאנען און איבערלעגט זיך וואס צו טהאָן.

חם איז רויט געוואָרען פון אזא אונערווארטעטען כבוד און איז נאָכגענאנגען אין פּאלאַץ.

— אָה, ווען רחל וואָלט מיך איצט געזעהן, האט ער געזאגט צו זיך און אין הארצען האט איהם שטארק געקלאפּט ...... נאר זיא וועט מיך נאך זעהן ...... איך וועל ניט דערלאָזען עמיצער זאָל איהר בעריהרען, איך וועל ניט דערלאָזען, עמיצער זאָל אויף איהר א פינגער ארויפלעגען.

וועהרענד דיא עלטסטע זיינען געווען אין פּאלאַץ, האבען דיא פּראָסטע גאי־דאַמאַקעס געטהאָן וואס זיי האבען געדארפט. דיא ערסטע זאך זיינען זיי בעפאַ־לען אויף דיא פּאָדוואלען און האבען ארויסגעשטעלט פעסער בראנפען: פון דיא פעסער האבען זיי דיא רייפען אראָבגענומען און דער בראנפען האט גענומען פליי־צען וויא א טייך.

— חברים, שטעלט זיך ראקאָם און טרינקט! האבען געשריען דיא מעה־חיצינע.

און ווירקליך זיי האבען זיך אויסגעשטעלט אויף אלע פיער וויא בהמות און האבען געטרונקען פון דעם שטראָמענדען בראנפען גלייך פון דער ערד.

— טרינקט, חברה, וויא פיעל אייער הארץ נעלוסט, האט איינער נעזאָגט, אבער זעהט טונקט ניט אָב אייערע טשובעס אין אזא גוטס.

— ביי דיר טרינקט אפילו דער טשוב, האט איינער נעלאכט פון א צווייטען, וועלכער האט נעטרונקען פון דער גוזשע מיט אזא חשק, אז דאס היטעל האט זיך ביי איהם אראָבגעקייקעלט פון קאָפּ אין דער טשוב האט זיך אין גאנצען נע־באָדען אין דער לוזשע.

דיא פרויען, וואס פערשטעהן מעהר אין בעל־ביתישקייט האבען אין זאמד אויסנעגראבען א גרוב, וואוהין דער בראנפען איז אריינגעפלאָסען און פון דאָרטען האבען זיי עס נעשעפּט מיט קרינגלאָך.

נאָכ'ן בראנפען, דער קוואל פון בענייסטערונג פאר דיא רויבער, האט זיך נענומען גיסען מענשענס בלוט.

10טעם קאפּיטעל.

## דער בלוטיגער מאַלצייט אין ליסיאַנקע.

דיא ערצעהלונג, וואס איך בעשרייב אין דיזען בוך, איז פאָרגעקומען אין אָנהויב פון דער צווייטער העלפט פון דעם אכטצעהנטען יאהרהונדערט.

צוויי פיינדליכע עלעמענטען, אוקריינע און פוילען, האבען זיך נעריסען פאר מענשליכע און פּאָליטישע רעכטע. אַ סך בלוט איז פערגאָסען געוואָרען פון ביידע זייטען, נאר דאס איז שוין דער פּועל יוצא פון יעדען קריעג. אבער סיי דיא זייט און סיי יענע זייט האבען נעהאט פאר וואס זיך צו קריעגען, פאר וואס צו פער־גיסען בלוט. נאר אויסנעלאָזט האט זיך, אז אין דעם קריעג האט מעהר פון אלע־מען געליטען נאר אַ זייטיגער עלעמענט, וועלכער האט ניט געוואוסט פון וואס צו־זאָגען. דיזער דריטער עלעמענט זיינען נעוועזן דיא אידען פון דער פּוילישער אוקריינע. זיי האבען זיך נעפונען צווישען האמער און קלאָץ, און זיי זיינען נעוואָרען אונ־מענשליך צוקלאַפּט פאר פרעמדע חטאים.

פון סמילע זיינען דיא באַנדיטען נענאנגען אויף קאָרסין, טשיגירין און קאַנעוו און האבען פון דיא דריי שטעדטלאך געמאַכט אזא חורבן וויא פון דיא ערסטע צוויי. אין קאַנעוו האבען דיא גאַידאַמאַקעס נעבושעוועט נאך מיט מעהר אכזריות, ווייל דאָרטען איז זיי ניט אָנגעקומען אזוי לייכט צו נעהמען דיא שטאָדט. קאַנעוו האט נעהאט אַ גוטען שלאָס, מיט הארמאטען און א שטארקען גארניזאָן פון פּוילישע סאָלדאטען, נאר דיא באַנדיטען האבען סוף כל סוף זיך אריינגעריסען

אין שטאדט און האבען נעשעדקעוועט מיגנשען סיי פוילישע סיי אידישע וויא קרויט, א טהייל פון דיא פוילישע האבען זיך פערשפארט אין שלאָס, וואס איז נעוועז ארומגעזעהן מיט א דרייפאכען צאם. דיא נאידאמאקען האבען אָנגעשלעפּט אהין שטרוי און האבען אונטערגעצונדען אַלע וואס האבען זיך דארטען בעהאלטען, זיינען פערברענט געוואָרען לעבעדינערהייט.

אַלעס ארום האט געברענט, בלוט האט זיך געגאָסען טייכענווייז. אין דיא דערפער האט מען מיט'ן קלינגען פון דיא גלעקער געגעבען צו וויסען פון איין דאָרף צום צווייטען פון דער מהומה.

צו דערזעלבער צייט, וואס זשעלעזניאק האט געבושעוועט מיט זיין באנדע, האבען זיך אין אנדערע ערטער אויפגעהויבען נאך פערשידענע באנדעס אונטער דיא פיהרער שוואטשקי, נעזשיוואָי און שילאָ, איבערהויפּט שילאָ האט זיך בעריהמט געמאכט מיט זיינע מערדערייען; ווענען איהם האט מען זיך אָנדערצעהלט וואונדער.

פון קאנעוו איז זשעלעזניאק מיט זיין באנדע אוועק אין באָגוסלאוו, אהין איז אויך אָנגעקומען שילאָ מיט זיין באָסע־קאָמאנדע. זשעלעזניאק און שילאָ האָבען זיך בעגעגענט, וויא צוויי אלטע גוטע בעקאנטע, און זיי האבען זיך ארומ־גענומען און צוקוסט.

— נו, וואס הערט זיך ברודער? האט זשעלעזניאק געפרעגט, ביזטו געוועז אין אומאן?

— איך בין געוועזן, האט שילאָ געענטפערט.

— וויא אזוי ביזטו אהין צוגעקומען?

— איך האב זיך פערשטעלט פאר א בלינדען בעטלער.

א רגע האט שילאָ געשוויגען, פלוצים האָט ער געזאָגט:

— אָך, ברודער מאקסים! וואס פאר א שעהנע אידישע מיידלאך האבען מיר כבוד אָבגעגעבען מיט זייערע הענטעלאך! אזעלכע שעהנהייטען האב איך נאך ניט געזעהן...... אויף זיי וועט זיך מיין האנד ניט הויבען.

— ווער זיינען זיי?

— דעם רייכען קאָהענס טעכטער, רחל און שרה'קע.

איז דאס דער זעלבע קאָהען, ביי וועלכען חם ריהר־מיך־ניט־אָן האט געדיענט?

— איך קען דעם חמ'ען נים, האט שילאָ געענטפערט.

חם איז אין דער צייט געשטאנען אן א זייט און האט געשמייכעלט מיט די נאידאמאקען, וואס שילא האט געבראכט.

— עי, חם, מיין פריינד! קום אהער! האט זשעלעזניאק צו איהם א געשריי געטהאָן.

חם איז צו איהם צוגעגאנגען.

— דוא האסט געדיענט ביי קאָהען אין אומאן? האט איהם זשעלעזניאק געפרעגט.

— יא.

— ער האט צוויי שעהנע טעכטער, רחל און שרה׳קע?

— חם איז בלייך געוואָרען, און דאס הארץ האט איהם אנגעהויבען האסטיג צוקלאפען, נאר ער האט געזעהן צו בעהאלטען זיין אויפרעגונג.

— אזוי, רחל און שרה׳קע, האט געענטפערט און זיין קול האט א ציטער געטהאָן. וואס איז דער מעהר?

— פאָן שילאָ איז געווען ביי זיי צוגאסט און זיי האבען איהם כבוד געגעבען מיט זייערע אייגענע הענד.

חם האט פערוואונדערט אָנגעקוקט דעם שרעקליכען אטאמאן (פיהרער). וויא אזוי האט ער געקענט צוקומען צו אומאן? וויא אזוי האט רחל איהם געקענט געבען כבוד. ער האט ניט געוואוסט, וואס צו קלערען און זיין הארץ איז איהם פערגאנגען.

— האט מען שוין דען גענומען אומאן, האט ער געפרעגט מיט א טויבען קול.

— דערווייל נאך ניט, נאר מיר וועלען איהר נעהמען, האט שילאָ געענטפערט.

— הייס, מען זאָל זיך קלייבען אויף אומאן, האט זשעלעזניאק איהם געגעבען א בעפעהל.

חם האט געפאָלגט און ער איז שטיל אבגעטראָטען פון זיין עלטסטען פול מיט שרעק. וואס וועט זיין? וואָס וועט זיין? האט ער געמורמעלט.

וועהרענד זשעלעזניאק האט זיך גערוקט אלץ ווייטער און ווייטער און האָט אויסגעלייגט זיין וועג מיט לייכען און פון דיא זייטען האט געשטראָמט מענשליכע בלוט טייכענווייז, האבען אלע וואס האבען מורא געהאט פאר דעם שרעקליכען אומגליק געזוכט צו בעהאלטען זיך אין מעהר בעשיצטע ערטער וואו מען האט

געהאַפּט, אז דיא נאַידאמאַקעס וועלען ניט קענען צוקומען. דיזע מעהרזיבערע ער־טער זיינען געוועזען פאָלגענדע: ליסיאַנקע, אומאַן און ביעלאַ־צערקאָוו.

ארויסגעהענדיג פון באָגוסלאוו נאָך אומאַן, האבען דיא נאַידאמאַקעס אויפ'ן וועג געדארפט פערבייגעהן ליסיאַנקע. דאס שטעדטיל האט געהערט צים פּרינץ יאבלאָנאָווסקי און דא איז געוועזען א שטיינערנער שלאָס מיט צוויי פעסטונגען, וואו עס האבען זיך געפונען הארמאטען, וואס האבען געקענט פערהיטען דיא שטאָדט פון אלע פיער זייטען, ווייל זיי האבען זיך געפונען אויף א בארג און האבען געקענט שיסען ווייט. אויסער דעם איז דער שלאָס געוועזען ארומגעצאַמט מיט א הויכען פּאַרקען. אין שלאָס האט זיך געפונען א גוטער צאָאל סאָלדאטען, צו יענער צייט איז דאָרט געוועזען דעם פּרינץ'ס קאָמיסאר ביטשעווסקי, ער איז געקומען אויפמאַכ־נען צינזען.

צוקומענדיג צו ליסיאַנקע האט זשעלעזניאַק פערשפּרייט א קלאַנג, אז דיא פּויערים וועלען בעפרייט ווערען פון זייערע הערשער און אין דער פּוילישער אוקריינע וועט זיין אזוי, וויא אויף יענער צייט דניעפּער און זיי וועלען דארפען נאָר אָבדיע־נען זייער דיענסט אלס קאַזאַקען, אזוי וויא א מאָל איז געוועזען.

דיזע קלאַנגען האבען אין ליסיאַנקע פערטריבען עטליכע הונדערט אדעליגע און אידען, וואס האבען דארטען געזוכט רעטונג.

דיא נאַידאמאַקען האבען געפונען ליסיאַנקע זעהר גוט בעוואכט און פּער־פעסטיגט און ניט האָפענדיג צו נעהמען דעם שלאָס מיט געוואַלד, האבען זיי זיך געווענדעט צו דיא איינוואוינער פון שטאָדט און איינגערעדט זיי, אז זיי זאָלען וויר־קען אויף דיא בעאמטע פון שלאָס, אז זיי זאָלען זעהן אויסמיידען בלוט־פערגיסונג. א דעפּוטאַציע פון דיא איינוואָהנער פון שטאָדט איז אוועק צום שלאָס און געבעטען אום ערלויבניס דורכצורייזען זיך מיט'ן קאָמיסאר ביטשעווסקי. דיא דעפּוטאציע האָט דעם קאָמיסאר געזאגט, אז אויב מען וועט זיך אונטערגעבען, וועט קיין בלוט פערגאָסען ווערען, אין שלאָס וועט מען קיין זאך ניט ריהרען. אויסער דעם האבען דיא דעפּוטאטען געמעלדעט, אז עס וועט גאר ניט העלפען צו שטעלען זיך געגען דיא נאַידאמאַקען, ווייל סוף כל סוף וועט דיא געגענד מוזען אננעהמען דיזעלבע רעכטע וויא עס איז געוועזען אין דער צייט פון געטמאַנשטשינע. דיא נאַידאמאַקעס אליין האבען זיך פאָרגעשטעלט ניט אלס באנדיטען, וואָס זוכען נאר אויס צו ראַ־בעווען און צו הרג'ענען, זאנדערן וויא חיל, וואס איז געשיקט געוואָרען פון זאפּאָ־ראָזשיע און טהוט וואס מען האט געהייסען. דיא רייד פון דיא דעפּוטאטען, אָדער

שרעק, אדער דיא נים זיכערהייט מיט וואס קען זיך א שיסעריי ענדיגען האט אזוי פיעל געווירקט אויפ'ן קאָמיסאר, אז ער האט געהייסען עפענען דיא טהויערען פאר דיא באנדיטען. דיא גאידאמאקעס האבען זיך אריינגעריסען אין שלאָס און האבען זיך אזוי צובושעוועט, אז עס האָט איבערגעיבטינען אלעס, וואס זיי האבען ביז איצט געטהאָן, דיא רציחות וואס זיי האבען בעוויעזען פריהער אין סמילע, אין טשערקאס, אין מעדוועדאָווקע, אין קאָנעוו, זיינען געווען א גאָר־ניט, מיט דער ווילדער הולאַניע אין ליסיאַנקע.

גערעטעוועט האבען זיך פון דאָרטען נאר עטליכע מענשען, וועלכע האבען זיך פערקליידט פאר פויערים און זיינען אנטלאָפען צוזאמען מיט דיא ארעסטאנטען וועלכע דיא גאידאמאקעס האבען גלייך בעפרייט, אויך האבען זיך געראטע־וועט איינינע, וועמען עס איז געלונגען, צו בעהאלטען זיך אונטער דיא קופעס נע'הרג'עטע.

א שרעק איז אָנגעפאלען אויף אלע פויילישע פון דער רעכטער זייט אוקריינע, נאר נאָך שרעקליכער איז געווען דיא לאגע פון דיא אידען אין דיזע פוילישע גע־גענדען, דיא ערסטע האבען געהאט וואו צו זוכען הילף, זיי האט מען אומעדום צוגענומען, אבער דיא אידען האבען ניט געהאט, וואו זיך צו קעהרען און וואו צו ווענדען. נאך זיי האט זיך יעדער געקענט יאָגען, און זיי האבען ניט געהאט, וואו צו אנטלויפען.

און אידישעס בלוט האט זיך געגאָסען פון אלע זייטען.

אין דיא פערספעקטיווע איז געווען נאָך א פינסטערערע נאָך א שועקליכערע. מען האט געקענט ערווארטען, אז דיא באנדיטען וועלען ניט איבערלאָזען איין אידען אין דעם גאנצען לאנד, וועלכעס האט זיי אזוי פריינדליך אויפגענומען.

11טעם קאפיטעל.

## אל מלא רחמים.

דיא צייט איז געגאנגען. עס איז כמעט אריבער דער מאָנאט מאי, יעדער ווער עס האט געקענט אנטלויפען איז אנטלאָפען. נאר וואו לויפט מען? וואו זוכט מען רעטונג?

איין מקום מקלט איז געבליבען, און דער איינציגער פלאץ איז געווען אומאן. דיא שטאָדט אומאן איז געווען גוט בעפעסטיגט, א שלאָס מיט ארטעלעריע, א שטארקער צאָם, טיעפע גריבער ארום דער שטאָדט און א גאנצער פאָלק טיליץ.

ארויסקוקענדיג יעדען טאָג פון פענסטער און זעהענדיג, וויא אלע ווילע קו־מען צו נייע פוהרען מיט אנטלאָפענע, וואס זוכען א בעשיצונג אין אומאַן, איז יצחק קאָהען אליין מעהר און מעהר געקומען צום שלוס, אז דיא לאַנגע ווערט אליין שלימער און שלימער, אז עס שטעהט פאַר עפּעס שרעקליכעס, אין זיין זכרון האָ־בען ערוואכט עראינערונגען וועגען כמעלניצקי, און אנדער שרעקליכע פאגראָמען אויף אידען, ווען אין דער איין שטעדטיל באַר זיינען אויסגעשאָכטען געוואָרען און אונטערגעוואָרפען געוואָרען דיא שרעקליכסטע יסורים 15.000 אידען, און אזוי פיעל אויך אין נעמיראָוו, בערדיטשעוו, פּאנרעביסטש, טולטשין, אומאַן און נאָך דרייא הונדערט אנדערע שטעדטליך פון אוקריינע, פּאָדאָליע און וואָלין.

דער טאָג ווען זשעלעזניאק און שילאָ זיינען נאָך דער הרינה אין ליסיאנקע ארויסגעגאנגען מיט זייערע אָרדערס אויף אומאַן, איז אויסגעפאלען אין ב״ סיון, וואס איז א תענית־טאָג פון כמעלניצקיס צייטען אויף דיא גזרות פון ת״ח ות״ט.

יצחק קאָהען און זיין געזינט און רבי יעקב יוסף זיינען אוועק אין שוהל. דיא גרויסע שוהל איז געווען געפּאַקט פון אויבען ביז אראָב, אויף אלע געזיכטער איז געווען אָבגעטונקט שרעק און פערצווייפלונג. נאר קאָהענס קינדער האבען זיך גע־האַלטען מוטהיג: אלע דריי זוהן האבען בעשלאָסען צו פערקויפען זייער לעבען פאר א טהייערען פּרייז. ביי רחל׳ן אין דיא אויגען האט געברענט א פייער פון ענטשלאָ־סענהייט, ביי איהר אין קאָפּ איז געווען קענטיג, האט זיך אויסגעארבייט א גע־וויסער פּלאַן, זיא איז געגאנגען צוזאמען מיט׳ן ברודער שמשון.

— זאג, איך בעט דיך, ווער איז געווען יהודית? האט זיא אין דער שטיל געפרעגט.

— דוא ווייסט דען ניט, ווער יהודית איז געוועזן? האט ער איהר פערוואונ־דערט אָנגעקוקט.

— איך ווייס, אָבער זאָג, איז זיא געווען א שטארקע? האט זיא ווייטער געפרעגט.

— וואהרשיינליך א שטארקע, אז זיא האט געקענט אראָבהאקען דעם קאָפּ ביי אליפערנוס.

— פאר וואס האט זיא איהם ניט גלאט דערשטאָכען?

— וויל זיא האָט געדארפט האבען דעם קאָפּ; נאר וואס געהט דיר אָן יהודית, האט שמשון געפרעגט.

— גלאט אזוי ...... זיא איז מיר ארויף אויפ'ן זינען ...... ווען איצט וואָלט זיך געפונען אזא אידיש מיידעל ......

— וואס וואָלט געווען?

— זיא וואָלט זשעלעזניאק דעם קאָפּ אראָבגענומען.

דער שוועסטערס תמימות האבען ביי איהם ארויסגערופען א שמייכעל.

— ווילסטו אפשר זיין דיא צווייטע יהודית, האט ער א קלעהר געטהאָן, אבער ער האט גאר ניט געזאָגט.

רבי יעקב יוסף און דיא קאָהענס זיינען צוגעקומען צום שוהל. דער עולם האט געזעהן צו מאכען א ווארע פאר רבי יעקב יוסף, נאר דאך איז איהם און דיא קאָהענס אנגעקומען זעהר שווער דורכצושטופּען זיך אויבען אָן.

לאה, רחל און שרה'קע זיינען אריין אין עזרת נשים, דארטען איז אויך אזוי געווען געפּאקט וויא ביי דיא מאנסבילען.

נאך דיא געוואוינליכע תפילות האט זיך אָנגעהויבען הזכרת נשמות.

„אל מלא רחמים, שוכן במרומים!" האט געיאָמערט דער חזן מיט א הערצ־רייסענדען קול; בארעמהערציגער גאָט בערוהיג דיא ריינע נשמות פון דיא, וואס זיינען געשטאָרבען פאר קדוש השם אין נעמיראָוו, בערדיטשעוו, פאגרעביסטש, טולטשין, פוילען, באר, אומאן.

ביים וואָרט „אומאן" איז דער יאָמער געוואָרען אין שוהל און אין עזרת נשים געוואָרען אזוי שטארק, אז ער האט פערטויבט דעם חזן'ס קול.

באלד אבער האט זיך זיין קול געשטארקט:

„מענער, ווייבער, קינדער און אונשולדיגע עופ'עלאך — קיינעם האבען דיא מערדער ניט געשאנעוועט, זייער בלוט האט גערונען טייכענווייז, נאר דיין אמונה האבען זיי ניט פערלאָזט ......"

— און מיר ווען אויך ניט פערלאָזען! האבען זיך דערהערט קולות פון אלע זייטען ...... זאלען דיא מערדער דערטרונקען ווערען אין אונזער בלוט.

אין עזרת נשים איז געוואָרען א גערודער.

— לאה'ן איז ניט גוט געוואָרען ...... קאָהענס ווייב חלש'ט!

רחל האט דיא מוטער ארויסגעפיהרט אויף דיא טרעפּ, זיא זאָל כאפּען אביסעל פרייע לופט.

נאך „הזכרת נשמות" האבען אלע אויגען גענומען קוקען אין איין ריכטונג, אהין וויא רבי יעקב יוסף איז געשטאנען.

רבי יעקב יוסף וועט זאָגען ...... רבי יעקב יוסף וועט זאָגען, איז דורכגעלאָפען א מורמעל צווישען דעם עולם.

יעקב יוסף האט זיך דורכגעשטופּט צום ארון קדש, האט אָנגעטהאָן א טלית און אָנגעהויבען צו זאָגען פריהער מיט א שוואַבען קול, אז געהערט האבען נאָר דיא, וואָס זיינען געשטאַנען פון פאָרענט נאר באלד האט ער זיך דערוואַרעמט און האט אָנגעהויבען מיט א שטאַרקע בעגייסטערונג.

— שמועה רעה שמענו, שלעכטע בשורות גרייכען אונז פון דיא מקומות, וואו אחינו בני ישראל געפינען זיך. אידישעס בלוט גיסט זיך, וויא וואסער, נאר ווען האט זיך עס ניט געגאָסען. מיר האבען געמוזט מיט אונזער פלייש אָנשטאָפּען דיא מיילער פון פיעלע רויבער, נאר אין דעם ליעגט דער סוד פון אונזער נצחון און עתיד איבער דער גאנצער וועלט, איבער אלע פעלקער פון דער ערד.

— בעטראכט, פון אלע אלטע פעלקער איז ניט געבליבען קיין געדעכעניס — זיי זיינען אלע אראָבגעבלאָזען געוואָרען פון דער ערד, אזוי וויא דער ווינד פערבלאָזט דעם שטויב, וואס האט זיך אָנגעקליבען אויף איין אָרט. וואס איז געוואָרען פון דער גרויסער מלוכה פון דיא פרעה׳ס, וועלכע האבען געהערשט איבער דער גאַנצער וועלט און אונטער וועמעס יאָך אידען האבען געקרעכצט עטליכע יאהרהונדערטע? וואס איז געוואָרען פון דעם פורכטבארען מצרים פון זיינע טעמפּלען, פון זיינע אוצרות? א תל עולם. עס איז פערבליבען דער איין טייך נילוס, וואס ניט וואסער פאר דיא קינדער פון דיא געוועזענע הערשער פון דיא פרעה׳ס. און וואס זיינען איצט מאוסע קנעכט ביים פאדישאך. און זיינען דאס געווען ניט מיר, וואס האבען מיט אונזער לייב געקאָרמעט דיא רויבערדיא פרעהס? און וואס האט זיך אויסגעלאָזט פון דעם קעניגרייך פון בבל, אויף דיא טייכען פון וועלכע מיר זיינען געזעסען און געוויינט? וואו האבען זיך היינגעטהאָן זיינע רייכע פאלאצען, טעמפּלען, סעמיראמיד׳ס הענגענדע גערטנער? בבל איז פערשאָטען געוואָרען מיט זאמד און אויף יענעם פלאץ וואַקסען דערנער, און נאר דיא טייכען זיינען פערבליבען, אויף דיא ברעגעס פון וועלכע מיר זיינען געזעסען און געוויינט, ווען מיר האָבען מיט אונזער פלייש געדארפט קאָרמענען דיא בלוט־דורשטיגע בבלנים. וואס איז געוואָרען פון צור, פון חירם׳ס מעכטיגע קעניגרייך. וואו האט זיך היינגעטהאָן זיין פורפורוואל, ליינען. גאָלד און דיא פיעלע שיפען? וואו זיינען צור און צידון? עס איז נאָך פערבליבען דער ברעג ים פון צור, דער איינזאמער ברעג, אויף וועלכען דער ים טרייבט מיט א יאָמער זינע הינדען, און בעוויינט זיינע אמאָליגע

גרויסקייט. וואס איז געוואָרען דער סוף פון דיא גרעקען דיא איינקלאַך פון דיא אריסטאָטעלעסען, פון סאָקראַטוס'ן, פון אפלטנ'ען? זיי זיינען קלענליכע קנעכט ביים טערקישען פאשא און זייער גאנצע רייכקייט בעשטעהט אין גובקע, מיט וועלכע דיא פוילישע פריצים און זייערע ווייבער רייבען זיך איין זייערע קערפערס. און וואס איז דער מעהר מיט'ן אייזערנעם רוים מיט זיינע אייזערנע פאָלקען מיט זיינע צעזארס, טיטוסעס, נירונס מיט זייערע צירקען, וואו ליבען האבען גערייסען דיא לייבער פון אונזערע אידען, כדי צו פערשאַפען פערגניגען דעם צובושעוועטען רוימער?

— זאָגט מיר, ווער, ווער איז פערבליעבען? האט רבי יעקב יוסף פלוצים זיך אליין איבערגעריסען און געווענדט זיך צו זיינע צוהערער. זיינע אויגען זיינען געוואָרען גרויס, זיין געזיכט בלייך און דיא הענד האבען איהם געציטערט.

— קיינער ניט, האט ער אליין געענטפערט. קיינער ניט! מיר אליין זיינען נאר פערבליבען נאך פיעל מלוכות וועלען פערניכטעט ווערען, פערניכטעט וועלען ווערען פיעלע מלוכות, פיעלע פעלקער וועלען אבגעמעקט ווערען פון דער ערד, און מיר וועלען בלייבען לעולם ועד, מיר וועלען זיין דיא הערשער פון דער גאנצער וועלט.

ער האט זיך אויסגעגלייכט און אָנגעכאַפט מיט איין האנד פאר'ן הארצען און מיט דער צווייטער אָנגעשפארט אן שטענדער.

— איך מוז זיך אביסעל אָברוהען, האט ער ווייטער גערעדט, שווער אטהע־מענדיג. געדענקט, אז מיר זיינען אלע מאָל געווען פערפאָלגט, נאר מיר זיינען קיין מאָל ניט געווען קיין קנעכט. דאס הייסט, אונזער גייסט, האט מען קיין מאָל ניט געקענט פערשקלאפען. פרעה האט אויף אונז אָנגעוואָרפען שווערע ארבייט, האט פערשקלאפט אונזער קערפער, אבער אונזער גייסט איז געבליבען פריי, אונזער גייסט האט זיך ארויסגעוויעזען שטארקער, וויא ביי אונזערע דריקער. געפיהרט פון אונזער גייסט, פון אונזער גאָט האבען מיר זיך פון מצרים ארויסגעריסען, ווען זיי האבען געוואָלט אונזער גייסט פערשקלאפען, און דיא שטארקע דיא גרויסע מצריים, וואס האבען אונזער לייב געפרעסען הונדערטער יאָהרען, האָבען געפונען זייער טוידט אין דעם אָבגרונד פון ים. דיא מעכטיגע הערשער פון בבל האבען אונז פון אונזער לאנד פערטריבען און בעזעצט אונז ארום זייערע טייכען; נאר אונזער גייסט האבען זיי ניט געקענט בעהערשען; מיר האבען נאר גע־וויינט אויף דיא טייכען פון בבל, אבער קיין ליעדער האבען מיר דעם שונא ניט

נעזונגען, מיר האבען בעסער אונזערע הענד צושניטען און ניט געשפּיעלט אין א פרעמדען לאנד פון ציונס נגונים. ׳מיר האבען זיך אומגעקעהרט פון גלות פרייט מענשען. מיר האבען בעהערשט אונזערע הערשער: זיי זיינען פערשוואונדען געוואָרען פון דער ערד, און מיר זיינען געבליבען. שפּעטער האט אונז א נייער דונער נעטראָפען, אויף דיא װענד פון דעם היילינען ירושלים האבען זיך בעוויזען דיא גאָלדענע אָדלערס פון דיא רוימישע פּוֹלקען, דיא רוימישע אָדלעס האבען געפּיקט אונזער קערפּער נאר אויספּיקען אונזער גייסט איז זיי ניט געראָטען. וואו איז איצט דער אלטער רוים? מיר אליין זיינען פערבליבען, כאָטשע מיר זיינען צושפּרייעט און צוזייעט געוואָרען איבער דער גאַנצער ערד, נאר מיר טראָגען מיט זיך אונזער גייסט, אונזער גאָט......

— אונז האט מען אומעדום גע׳רודפ׳ט, מען האט זיך נאך אונז נאכגעיאָגט וויא נאך ווילדע חיות. וויא קרעציגע האט מען א.נז פערשפּארט אין בעזונדערע געהעטאס, אונז האט מען געברענט, געבראָטען...... נאר מיר זיינען געבליבען; דיא פייערן פון דער אינקוויזיציאָן האט אונז ניט געשאדעט, אונזער גייסט איז דאָרט אויך געבליבען ניט פערשקלאפּט. אונז האט געטריבען פון אומעדום......

פּלוצים האט ער זיך אָבגעשטעלט און מיט אַן ענטציקטען בליק האט ער א קוק געטהאָן ארום זיך.

— איהר האט מורא פאר רדיפות, פאר א נייע הרינה, האט ער רוהיג פּאָרטגעזעצט. נאר שפּיעלען דען ביי אונז א ראָלע אַזעלכע רדיפות? ווען אַן אנדער פאָלק זאָל זיין אויף אונזער פּלאַץ, וואָלט שוין פון איהם קיין שריד ופליט ניט געבליבען, נאר מיר וואָלטען ניט געהאט קיין רעכט צו זאָגען „אתה בחרתנו" ווען מיט אונז וואָלט אויסגעגאנגען אזא סוף. איהר האט מורא במעלניצקים צייטען זאָלען זיך ניט אומקעהרען, נאר יענע צייט וועט שוין מעהר ניט קומען, דאמאלס איז גאַנץ אוקריינע אויף אונז געגאנגען מיט אלע איהרע פיהרער, איצטער געהן נאר דיא האָלאָדרינגעס. איך זעה פאָראויס, אז דיא רדיפות אויף אונז האט זיך נאך ניט אויסגענומען, נאר זיי וועלען אויביג ניט געדויערען, לשפך ד׳ רוח על כל בשר און גאָט וועט זיין גייסט אויסגיסען אויף אלע פעלקער און דיא שטיינערנע הערצער וועלען ווייך ווערען, דיא אבזריות וועט פערשוואונדען ווערען און דיא שנאה וועט זיך אויסגעהמען.

— אמן, האבען אלע געענטפערט, און דערפיהלט א ווילע אן ערלייכ־

טערונג.

נאך דער דרשה האבען זיך אלע נעפיהלט א סך גרינגער, נאר דאך האט מען בעשלאָסען צו שיקען א דעפוטאַציע פון דריי אידען צום גובערנאַטאָר, אויס־צובעטען פון איהם, צו אומאַן איז פערזיכערט פון דיא גאידאמאַקעס. צווישען דיא דריי דעפוטאַטען איז אויך געווען יצחק קאָהען.

ווי זיי זיינען צוגעקומען צום גובערנאַטאָרס הויז, האבען זיי איהם דערזעהן זיצען אויפ'ן גאַנעק. ער האט זיך צוגעקוקט, ווי זיין טאָכטער ווערענקא, האט זיך געזעצט רייטענדיג אויף א פערד און איז אין דער בעגלייטונג פון א קאַוואַליער אָבגעפאָהרען.

— שפרינג נאר ניט, וויא א טאָטער, האט איהר דער פאָטער נאָכגעשריען.

— איך וועל, טאַטעל. איך וועל צופאָהרען גלייך צו דייא גאידאמאַקעס, און וועל דיר זשעלעזניאק'ן ברענגען א געפאַנגענעם, און מיט דיא ווערטער איז זיא מיט איהר קאַוואַליער אבגעפאָהרען.

— א שטיפערקע! האט דער גובערנאַטאָר געזאָגט, און א מאַך געטהאָן מיט דער האנד.

דיא דריי אידען האבען זיך פאר איהם פערנייגט.

— א! אונזער געעהרטער קאָהען מיט דיא זקנים פון זיין פאָלק! האט דער גובערנאַטאָר א שמייכעל געטאָן. וואס גוטס וועט איהר זאָגען?

— מיר האבען גאר קיין גוטס ניט צו זאָגען, גרויסער, וויכטיגער פריץ'ל, האָט קאָהען געענטפערט.

— וואס איז דאס אזוינס? קומט ארויף אויפ'ן גאַנעק.

דיא זקנים זיינען ארויף אויפ'ן גאַנעק, וואס איז געווען ארומגעשטעלט מיט קוויטען און טעפ און קייליעלאך.

— זעצט זיך אנידער, געעהרטע מעננער, יעדער אונטער זיין פיינענבוים, האט געפלאפעלט דער זאַרגלאָזער פריץ.

קאָהען און זיינע חברים האבען זיך געזעצט.

— מיר קומען איצט פון שוהל, האט קאָהען געזאָגט. מיר האבען געבעטען פאר דיא ערמאָרדעטע.

— פאר וועלכע ערמאָרדעטע? האט דער גובערנאַטאָר געפרעגט און האט א פאטש געטהאָן מיט דיא הענד.

אויף דעם צייכען האט זיך אויפ'ן שוועל בעוויזען א דיענער.

— יאס, א ליולקע!

און ווענדענדיג זיך צו דיא געסט, האט ער ווידערהאָלט זיין פראגע:

— פאר וועלכע ערמאָרדעטע?

— פאר דיא ערמאָרדעטע, וואס זיינען געפאַלען פון דיא באנדיטען פאר כמעלניצקי'ס צייטען און פאר דיא, וואס זיינען געמאַטערט געוואָרען פון דעם ראזבויניק זשעלעזניאק און זיין באנדע.

— מיר האבען געבעטען פאר אונזער שטאָדט, אז דער אלמעכטיגער זאל קיין צרה ניט דערלאָזען אויף אומאַן, האט ערקלערט א צווייטער.

— אָה, איהר האט אומזיסט מטריח געווען אייער גאָט, האט דער גובערנא־מאָר געענטפערט מיט א שמייכעל. מיר וועלען זיך בעגעהן אָהן זיין הילף.

דער ענטפער האט געמאכט א מאוס'ן איינדרוק אויף זיינע בעזוכער. דער דיענער האט דערווייל געבראכט א ליולקע. דער גובערנאטאָר האט גענומען בלאָ־זען דעם רויך.

— אָט אזוי וועל איך מיט זיי טהאָן! האט ער בעוויעזען מיט דער האנד אויפ'ן רויך. איך וועל דיא האָלאָדריגעס צוטרייבען אזוי וויא דעם רויך.

— נאר פיעלייכט ווייס נאָך ניט אלעס דער ליכטיגער און גרויסער פריץ? האט אריינגעשטעלט א ווארט קאָהען.

— איך ווייס אלעס, אלעס! איך ווייס, וואס איז געשעהן אין טשערקאס, אין סמילע, אין ליסיאנקע ...... א שאנדע און א חרפה. ביטשעווסקי האט אליין דיא טהויערען געעפענט! גאנץ פוילען וועט זיך פון דעם פלעק ניט אָבוואשען. ער האט געהאט מיט וואָס זיך צו פערטהיידיגען, און וויא א באָביצע האט ער זיך דערשראָקען. ער האט כשר פערדיענט זיין טהייל.

— און אונזער פריץ האָפט בייצוקומען דיא באנדע רויבער, האט דער עלטס־טער פון דיא דריי געפרעגט ניט זיכער.

— האָפט! מיין איין גאָנטא מיט דיא הונדערט קאזאקען מאכט פון זיי יע־דען יאָהר א תל, האט דער גובערנאטאָר געענטפערט מיט ווארימקייט.

— אבער איצטער געהן זיי טויזענדער, זיי האבען הארמאטען, האט קאָהען געענטפערט.

— טויזענדער! ......זיי זיינען אלע חזרים־פיהטערער מיט שטעקענס......אבער ביי מיר, גיט א קוק (דער גובערנאטאָר האט מיט דער האנד בעוויזען אויף דער שטאָדט) מיר זיינען ארומגעצאמט מיט א געזונטען פלאנקען. איבער'ן צאם שטעהן צוויי טהורעמס, וואס וועלען קיין שונא ניט דערלאָזען צו דער שטאָדט און זיינען

ארומגעזעהן מיט גוטע הארמאטען, זאלען דיא פּאָדלע פויערים פערזוכען דעם טעם פון טשוגונעם ארבעס, חא, חא, חא! זייערע מאָגענס וועלען דאס ניט פערדייען. יאס, דערלאנג א ליולקע.

דער דיענער איז ווייטער צוגעשפרונגען צום גאנעק.

— גיעב א ריינעם טשיבעק. פערגעס ניט, איהר ווערטהע אייניקלאַך פון יהשוע בן נון, אז איך האב אין א קעשענע א פּאָלק רייטער פון צוויי טויזענד מאַן, און מיין חיל וועט ארוים בענגענען דיא חזרים־פיהטערער צעהן ווערסט אונטער'ן שטאָדט און זיי וועלען מיר ברענגען זשעלעזניאק'ן א געשימדטען און מיר וועלען איהם אוועקזעצען אויפ'ן פלאָקען, מיר וועלען זעהן אדרבא, צו ער וועט אויך פערדריכען א ליולקע אויף דעם שפּיציגען טהראָן, וויא זיין חבר האט ניט לאנג געטהאָן... יאס! א נייע ליולק! דיא רויבערט שלעכט......

פערדרויבענדיג א נייע ליולקע האט ער פּאָרטגעזעצט.

— אויסער דעם האב איך א הונדערט אויסגעקליבענע סאָלדאַטען אונ־טער דיא פיהרערשאפט פון דעם העלדישען קאפּיטאַן לענארד; און צוויי הונדערט מוטהיגע קאָנפעדעראַטען, דיא בעסטע סאָלדאַטען פון פוילען. אין מיינע „ליזנעס"? זיי זיינען אזעלכע שיסער, וואס האבען ניט זייער גלייכען. אויף מיינע האָנאָר, זיי דערשיסען א שוואַלב, ווען זיא האַלט אין לויפען; ניט א ווארף א היהנערישע איי אין דער לופט און יעדער פון זיי וועט אין איהר טרעפען מיט א קויל, ניט ציעלעוועגדיג זיך.

— און אָט געהט טאַקי אונזער גבור אליין! האט דער גובערנאַטאָר אויס־געשריען.

צום גאנעק איז צוגעקומען דער פּאָלקאָווניק נאָנטאַ.

12טעס קאפּיטעל.

## אַ וואונדערבאַרעס פּאָלק.

ווראָניקאָ מיט איהר קאוואַליער האבען געריטען אונטער דער שטאָדט; זיי אנטגעגען זיינען אלע ווילע אנגעקומען נייע פוהרען מיט אנטלאָפענע אידען, וואס האבען געזוכט רעטונג אין אומאַן.

— אך, וואס פאר א שטויב אידען מאכען, האט דער קאוואַליער געזאָגט און האט זיך אָבגעקעהרט אין א זייט. מע קען פון זיי ערגעץ ניט פּטור ווערען.

— וויא שעמט איהר זיך דאס ניט צו זאָגען! האט ווערא‏ָניקא געענטפערט בייז, זיי אנטלויפען פון טוידט, זיי האבען איבערגעראָזט אלעס, וואס זיי האבען פערמאָגט, פאר דיא רויבער, און זיי זיינען קוים מיט'ן לעבען אנטלאָפען און אונז ליידינגעהער און זאָגט נעפעלט ניט, וואס זיי מאכען א שטויב! מיר וואונדערט, וויא דיא מאנסבילען זיינע אזעלכע הארט־הערציגע, און זיי ווילען נאך איינשמוסען, אז זיי האָבען צארטע געפיהלען און ליעבען, וויא קען מען ליעבען, אז אין הארצען איז ניטאָ קיין רחמנות צו אונגליקליכע?

— נאר איהר ווייסט דאך, אז דיא אידען זיינען ניט אלע מאָל דיא אונגליקליכע, וויא נאר זיי ווערט גוט פערדייסען זיי דיא נעזער, האט זיך דער קאוואליער פערענטפערט.

— אנטקעגען אייך?

— נאר דאס געהט זיי אָן! איך מיין מיט דיא פויערים.

— דיא פויערים טהוען נאך ערגער וויא צו פערדייסען דיא נעזער. זייערע אכזריות האט דאך קיין גרונד ניט.

מיט דיא ווערטער איז זיא צוגעפאָהרען צו א וואָגען, וואו עס איז געוועזען אנגעלעגט אביסעל ארימקייט פון א אידישע פאמיליע. פון וואָגען האבען ארויסגעקוקט עטליכע קליינע קינדערלאך, מאן און ווייב זיינען געגאנגען צו פוס צוזאמען מיט'ן בעל העגלה.

— פון וואנען פאָהרט איהר? האט זיא געפרעגט.

— פון זוועניגאָראָדאָק, גוטע פאנענקע, האט געענטפערט דער איד און האט ארונטערגענומען זיין היטעל.

— וואס הערט זיך וועגען דיא ראזבויניקעס? האט דער קאוואליער געפרעגט.

— אך, זיי קוילען אוים, וועמען זיי כאפען נאר, אוי וויה, וויא פיעל בלוט זיי האבען שוין פערגאָסען. אין ליסיאנקע האבען זיי קיין שריד ופליט ניט איבערגעלאָזט.

— וואו זיינען זיי איצט? האט ווערא‏ָניקא געפרעגט.

— מען זאָגט, אז זיי געהען אהער..... זיי בעריהמען זיך, אז זיי וועלען אומאַן אויך איינגעהמען, אל תפתח פה לשטן.

— האט קיין מורא ניט, גוטע מענישען, מיין פאָטער וועט אייך אלעמען בעשיצען. א הר זעהט, מיר האבען קיין מורא ניט, האט אויך קיין מורא ניט. מיר האבען א פעסטונג און שטארקע חיל.

— מען זאָגט אבער, גוטע פאַנענקע, אז ער, זשעלעזניאַק האט אהער אונ־טערגעשיקט זיין אטאמאן שילאָ צו אייערע קאזאקען און אז נאַנטא האט געמאכט יד אחת מיט דיא גאידאמאקעס האט דער איד געזאָגט אזוי שטיל, אז מען האָט קוים געקענט הערען.

— נאַנטא יד אחת! נארישקייטען! האט וועראָניקא אויסגעשריען, ער האט מיך אויף דיא הענד געטראָגען, ווען איך בין נאך געווען א קליינינקע.

— הלואי זאָל דאס זיין א ליגען, האט דיא אידענע געענטפערט און האט אויפגעהויבען דיא אויגען צום הימעל. אויפ'ן מארק האבען דיא פויערים אזוי גע־רעדט ...... מען האט אונז נאך בעוויזען דאס איננעל, וואס האט אריינגעפיהרט שילאָ אין אומאן. שילאָ, הייסט עס, האט זיך פערשטעלט פאר א בלינדען בעטלער און דאס איננעל איז געווען זיין פיהרער.

ווערוניקא האט זיך דערמאָנט, אז מיט א חדש צוריק, ווען זיא האט זיך איין אָבענד אומגעקעהרט פון שפאציר מיט איהר קאוואליער, האט זיא געזעהען נעבען קאָהענס קראָם א בלינדען בעטלער, וואס האט געזונגען קאזאצקע לידער. איז דאס געווען שילאָ? אבער קען דאס זיין אז נאַנטא זאָל זיין אונטריי? ניין, עס איז אונמעגליך.

— גלויבט ניט אזעלכע נארישקייטען, האט זיא געענטפערט, עס קען זיין, אז דער האָלעדריגע שילאָ איז געווען אין אומאן אלס א פערשטעלטער בעטלער, נאר אז נאַנטא זאל מיט איהם זיין יד אחת איז אונמעגליך, איך וועל דאס קיין מאָל ניט גלויבען. איך פערלאָז זיך אזוי פיעל אויף נאַנטא, וויא אויף מיין פאָטער און זיא האט זיך געלאָזט לויפען מיט איהר פערד ווייטער.

אומקעהרענדיג זיך נאך א לאנגען שפאציר אהיים, האבען זיי אָנגעטראָפען אויפ'ן וועג דיא קאָהענס שמשון און רחל, וועראָניקא האט איהר פערד אָב־געשטעלט.

— וואס מאכט איהר? האט זיא זיי בעגריסט, איך האב היינט אייער פאָ־טער געזעהן ביי אונז. זייט איהר אלע געזונד?

שמשון און רחל האבען זיך פערנייגט.

— איך דאנק אייך, האט רחל געענטפערט. מיר זיינען אלע געזונד, נאר דאס אלגעמיינע אונגליק לאָזט אונז ......

זאָרגט ניט, ליעבע רחל; מיר דארפען פאר זיי קיין מורא ניט האבען, מיר וועלען נאך אנדערע אויף בעשיצען. נאר זאָגט מיר, איך בעט אייך, איז מיט א

חדש צוריק געווען ביי איין א בלינדער בעטלער? האט וועראָניקא געפרעגט. מיר האבען איהם געזעהן נעבען אייער קראָם.

— יא, מיר האבען איהם בעגעגענט אונטער דער שטאָדט, און רחל האָט דערצעהלט דיא גאנצע געשיכטע פון יענער בעגעגנים.

— איצט זאָגט מען, אז דאס איז ניט געווען א בלינדער בעטלער, זאָנדערן א פערשטעלטער פיהרער פון דיא גאידאמאַקעס און זיין נאָמען איז שילאָ, און אז ער איז געקומען אהער איבערריידען גאָנטא, ער זאָל איבערגעהן צו דיא גאידאמאַקעס. נאר איך גלויב דאס ניט, גאָנטא וועט אונז קיין מאָל ניט זיין אונטריי; נאר איהר האט מעהר דעם בלינדען שוין ניט בעגעגענט?

— מיר האבען איהם שוין מעהר ניט געזעהן. נאר אפרים האט איהם אויף מאָרגען געזעהן ביים וואַרט, ווען ער האט אהין אָבגעפיהרט דאס אינגעל. און וואו דער בלינדער איז הינגעקומען ווייסען מיר ניט.

— מיר קענען זיך אויף גאָנטא פערלאָזען, האט וועראָניקא געזאָגט, ער איז ניט אזא מענש, וואס זאָל זיך לאָזען איבערריידען. זייט געזונד!

און זיא האט דיא שפּאָרען צוגעדרירט צום פערד און זיא איז אוועקגעשפּרונגען, נאך איהר האט זיך געלאָזט לויפען איהר קאוואליער.

— ניט אמת, רחל איז א שעהנהייט? האט וועראָניקא געזאָגט צו איהר קאוואליער?

— אויב איהר געפינט אזוי, בין איך מסכים, האט דער קאוואליער געענטפערט. נאר אז שמשון איז א שעהנער, דא איז קיין שום פראגע ניט: ער איז דער אמת'ער שמשון הגבור פון דער ביבעל.

— א וואונדערבארע פאָלק! עס פערליערט ניט זיין פארב אונטער קיין זון און בייט זיך ניט אום אונטער קיינע קלעפּ. ווען איך וואָלט ניט געווען א פּוילישע וואָלט איך זיך געקלעמט, וואס איך בין ניט א אידיש קינד. א וואונדערבארעס פאָלק!

וועראָניקא האט פּלוצים אָבגעשטעלט איהר פערד.

— זייט פאָרזיכטיג, האט זיא געזאָגט צו איהר קאוואליער. איהר קענט נאך איבערפאָהרען א קינד.

אויף דער גאַס האבען זיך געשפּיעלט קינדער; דא זיינען געווען אידישע קינדער, פּוילישע און אוקריינער.

— האט איהר בעמערקט? האט זיא נעפרעגט איהר קאוואליער, ווען זיי זיינען נעפאהרען ווייטער.

— וואס?

— וויא ריין עס איז פערבליבען אויף דיא פנימער פון דיא אידישע קינדער דער שטעמפעל פון זייער ראסע! זיי זיינען דאך געבארען. געווארען דא, וואו עס זיינען אויך געבארען געווארען דיא שקצים אינטער דערזעלבער זון, וואס איז ווייט ניט קיין פאלעסטינישע; אויפגעהאדעוועט האבען זיי זיך אין ארימקייט אויף ברויט און קנאבעל, ניט געוואשען ניט געקאמט, און דאך וואס פאר א אויגען האבען זיי, וואס פאר א בליץ, וואס פאר א קלארע בליק! און דיא ריינע מאטע הויט — עס זעהט דאך אויס וויא אן אלטער מראמאר, וואס איז דונקעל געווארען פון דער צייט. און דער ברוינער קאליר איז דאך אן אנטיק, א נחת צו קוקען און דיא שקצים האבען דוכט זיך מעהר הרחבה, קיינער בעליידינט זיי ניט, דיא אוקריינער זון האט פונקט געקוקט אויף זיי, וויא אויף דיא אידישע קינדער און דאך איז דיא הויט ניט קיין ריינע האלט זיך שטענדיג אין איין שיילען, דיא נעזער וויא קארטאפעל, דיא אויגען וויא קעלבערנע, אהן א בליץ, אהן אן אויסדרוק. מיט וואס קענט איהר דאס ערקלערען?

איהר קאוואליער האט נאר מאך געטהאן מיט דער האנד און האט נאר ניט געענטפערט, וויא איינער זאגט: וויים איך, וואס זיא פאנטאזירט!

## 13טעס קאפיטעל.

## גאנטאס שבועה.

דערווייל איז אנגעקומען חדש סיון, כאטשע דער גובערנאטאר מלאדאנאוויץ איז געוועזען זיכער, אז זיין שטאדט איז אויסער געפאהר, נאר זעהענדיג יעדען טאג נייע מחנות אנטלאפענע, וואס האבען געזוכט רעטונג אונטער זיינע פליגעל, האט ער זיך פערטראכט וועגען דער לאגע פון אומאן. פאר דער שטאדט, ופא האט ער קיין מורא ניט געהאט; נאר וואס טהוט מען מיט דיא אנגעלאפענע, וועלכע האבען שוין אין שטאדט מעהר קיין פלאץ ניט געקענט געפינען, און זיי זיינען געוועזען אויסגעשטעלט מיט זייערע וועגען אונטער דער שטאדט? אלע אנגעלאפענע זיינען געקומען זוכען הילף ביי איהם און זיין פוילישע עהרע האט געפאדערט, אז ער זאל זיי בעשיצען מיט זיין פאנצער. נאר וויא בעשיצט מען זיי אונטער דער שטאדט?

ווענען דעם, דארף מען זיך גוט בעראטהען, נאר מיט וועמען? פערשטעהט זיך, אז מיט גאָנטא. ער קען געבען א גוטע עצה.

— העי, יאס, א ליולקע!

דער דיענער איז צוגעשפרונגען מיט א פארטיגע ליולקע.

— היים שיקען נאכ׳ן פאָלקאָוויס גאָנטא.

— דער פאָלקאָוניק גאָנטא זיצט ביי אונזער פריטצע, האט דער דיענער געענטפערט.

— היים איהם אריינקומען צו מיר, אויך זאָלסטו הייסען אריינטראָגען וויין און צוויי קיילישאָקעס.

אין א פאָר מינוט ארום האט זיך אויפ׳ן גאנעק בעוויעזען גאָנטא, און נאך איהם האט דער דיענער אריינגעבראכט וויין און גלעזלאך.

— אה, פון גאָנטא! דוא מאכסט דעם האָף מיינע דאמען? האט דער נר בערנאטאָר געזאָגט מיט א שמייכעל.

— איך בין אריין צו דער פאָנע גובערנאטאָרשי, צו בעראטהען זיך וועגען אונזערע אָרימע שעפעלאך האט גאָנטא געענטפערט און פערנייגט זיך.

— וועגען וועלכע אָרימע שעפעלאך?

— וועגען יענע שעפעלאך, וואס זיינען פון ושעלעזניאק׳ס רדיפות געקומען זוכען הילף אונטער דיין מעכטיגען פליגעל.

— אָהע, דוא האסט געטראָפען, וואס איך דענק, איך האב טאקע צוליעב דעם נאך דיר געשיקט און געוואָלט פרעגען דיין ראטה.

גאָנטא האט זיך ווידער פערנייגט.

— איך בין שוין געוואוינט שטענדיג צו טראכטען דאס זעלבע, וואס מיין הערשער דענקט.

— וואָס דענקסטו, דארף מען טהאָן?

— איך דענק, אז פאר אונז איז מאוס צו ווארטען, אז דיא גאַידאמאקעס זאלען קומען צו אונז צו גאסט.

— ריכטיג, ריכטיג.

— און נאך מאוסער איז צו דערלאָזען, אז דיא ליידאקעס זאָלען בעליידיגען דיא אונגליקליכע, וואָס זיינען געקומען צו דיר צו לויפען בעטען הילף.

— זעהר ריכטיג, נאר וואס קען מען טהאָן?

— איך דענק, אז ווען איהר זאָלט נעבען א בעפעהל אונזער פאָלק ארויס־נעהן אין פעלד, ווייט פון אומאַן און בעגעגענען דיא ליידאקעס דאָרטען......

— און קומען צוריק אַלס זיעגער, חא, חא, חא! א גוטער פלאַן.

— זיעגען און אויפ'ן פלאַקען ארויפזועצען, האט גאָנטא צוגעגעבען.

— חא, חא, חא! איך בין דיר מקנא, פאן גאָנטא און ווינש צו זיין אויף דיין פלאַן.

— פאר אייך וואָלט אזא זאך געווען נידריג.

— פאר וואָס?

— פאר אייך וואָלט ניט פאססען צו שטעלען זיך געגען אזעלכע חזרים־פיהטערער.

— פיעלייכט ביזטו גערעכט, האט דער גובערנאטאָר נאכגעגעבען.

— ווען דאס זאָל זיין א סואוואראָוו, אָ, דאמאלס איז עפעס אנדערס! סואוואראָווס נאמען איז שוין דאמאלס געווען בעוואוסט אין פוילען און דער לוסטיגער גאָנטא האט געוואוסט מיט וואס צו חנפ'נען זיין אייטעלען הערשער.

— אָה, דוא חנפ'עסט שוין! האט דער גובערנאטאָר געזאָגט צופריעדען. אלזאָ דענקסטו ארויסגעהן אנטקעגען דיא גאידאמאַקעס אין פעלד?

— וויא איהר וועט בעפעהלען.

— אנדערס טאָר איך ניט האנדלען, איך מוז בעשיצען דיא, וואס זיינען צו מיר געקומען זוכען הילף. האט דער גובערנאטאָר געענטפערט און איז צוגעגאנגען צום טישל, וואו עס איז געשטאנען דער וויין און האט אָנגעגאָסען ביידע גלעזלאך. איין גלאָז האט ער דערלאַנגט גאָנטאַ.

— פאר דעם ערפאָלג פון דער עקספעדיציע געגען דיא גאידאמאַקעס! האָט דער גובערנאטאָר געזאָגט און אויפגעהויבען זיין גלאָז.

פאר'ן געזונד פון דעם יאסנאָוועלמאָזשנעם פאן ראפאאיל דעספאָט מלאָ־דאנאוויטץ, האט גאָנטא פון זיין זייט געזאָגט.

זיי האבען אָנגעקלאפט דיא גלעזער. ביי גאָנטא אין דיא אויגען האט א בליץ געטהאָן א פייער, וואס האט ניט געוויעזען אויף גוטס.

— וואס דארף מען איצט טהאָן? האט דער גובערנאטאָר געפרעגט.

— איצט וועט איהר געבען א בעפעהל, אז אונזער גאנצע פאָלק זאל זיך פערזאמלען, עס זאל הייסען, אז איהר ווילט דעם פאָלק בעקוקען. דערנאך וועט איהר ערקלערען, אז מיר דארפען ארויסגעהן אנטקעגען דיא גאידאמאַקעס. דער

עלטסטער פון פאָלק און מיר אלע סאָטניקעס וועלען געהן אין קלויסטער, אויסהערען א געבעט און דער פּאָפּ וועט אונז געבען זיין ברכה און איהר וועט אונז מאכען-מוטהינגער מיט א רעדע......

— אָה, געוויס, געוויס; איך וועל אונבעדינגט ריידען. דאס ניט צו מוטה. יאס, דיא ליולקע.

וויא דער פאָלק איז ארויס, האבען אין אומאן גענומען לויפען נייע מחנות פוילישע און אידען. מען איז געלאָפען פון אלע שטעדט, וואו מען האט ערוואַר־טעט דיא נאַידאַמאַקעס, און געהאָפט דא צו בעהאלטען זיך פון שונא.

דיא שרעקליכע בשורות זיינען געוואַקסען מיט יעדער שעה, און דיא וואס זיינען געזעסען אין דער אומאן גופא אונטער דיא שטאַרקע טהורעמס האבען זיך אויך דערפיהלט ניט זיכער, דיא מורא איז געוואַקסען, דער גובערנאַטאָר האט גע־געבען א בעפעהל, אז מען זאָל דיא שטאָדט פערשפּארען, כאָטשע דיא שטאָדט האט קיין וואסער ניט געהאט און מען האט געדארפט נאך דעם געהן א פּאָר ווערסט אונטער דער שטאָדט צום טייך קאמונקע. מען האט געפּרופּט אויסגראָ־בען אין שטאָדט א ברונען, צוויי הונדערט קלאפטער טיעף, אבער מען האט קיין וואסער ניט געפונען.

דערווייל איז אנגעקומען נאך א שרעקליכערע בשורה, אז נאָנטא האט זיך פעראייניגט מיט זשעלעזניאק. דיא לעצטע האפנונג, וואס דיא אַנגעלאָפענע אונ־טער דער שטאדט, האבען געהאט, איז אויך פערשוואונדען געוואָרען. איינע אנ־געזעהענע לייטע פון דיא, וואס זיינען געשטאנען מיט זייערע וועגע אונטער דער שטאָדט, זיינען אוועק צום גובערנאַטאָר און האבען איהם איבערגעגעבע דיא שרעק־ליכע נאכריכט און האבען איהם געזאָגט, אז זיי האבען דאס ערפאהרען פון א ריכ־טיגע קוועלע. זיי האבען איהם געבעטען, אז ער זאל נאָנטא צוריקרופען פון פאָלק און זאל איהם גלייך היגריכטען און דערמיט ראטעווען דיא שטאָדט און דיא וואס װארטען אויף הילף אונטער דער שטאָדט. ער האט געשיקט נאך נאָנטא און נאך אנדערע סאָטניקעס. זיי זיינען באלד געקומען, דער גובערנאטאָר מיט א גרויסע צאָהל איינוואָהנער, איז זיי ארויס אנטקעגען און האט זיך געווענדט צו נאָנטא מיט פאָלגענדע ווערטער:

— פאן נאָנטא, מען האט מיר איבערגעגעבען, אז דוא האסט געמאכט יד אחת מיט זשעלעזניאק. איך וויל דאס ניט גלויבען, איך זעה ניט איין, פאר וואָס דוא זאָלסט דאס טהאָן.

— איך קען שוין נאר ניט ריידען, אז מיך זאָל מען בעשולדיגען אין אזא פעררעטהע. נאָט אין הימעל וויים, וויא טריי און עהרליך איך האָב געדיענט אונזער גראף פאָטאָצקי, און האב מיין לעבען ניט געשאָנעוועט אום צו פערדיענען דיא חסדים וואס ער האט מיט מיר געטהאן. א דאנק אונזער גראף און איך, איך האב זיך פון א פראָסטען פויער דערדיענט צו אזא הויכען אמט, וואס איהר האט מיר ביז איצט אנפערטרויט, און ביז'ן קבר וועל איך טראגען מיין דאנקבארקייט פאר אזא נגאדע.

ער האט נאך לאנג גערעדט מיט ווארימקייט וועגען זיין דאנקבארקייט צום גראף פאָטאָצקי און צום גובערנאטאָר מלאדאָנאוויטץ און האט זיך ענדליך צר ווינט, וואס אויף איהם האט מען אויסגעטראכט אזא שרעקליכען בלבול. זיין רייד־ען, שווערען און וויינען האבען געמאכט א גוטען איינדרוק אויפ'ן שוואבען גובער־נאטאָר, און ער האט געהייסען אָנשרייבען פאר איהם נאר א בעזונדערע שבועה און מען האט איהם געהייסען שווערען. ער האט אבער געפאָדערט, אז דיא שבועה זאָל זיין א פייערליכע און דיא גאנצע שטאָדט זאל זיין אנוועזענד. פון דריי קלויסטערס זיינען ארויסגענאנגען דיא גלחים מיט צלמים און בילדער אין דיא הענד און ער האט געשוואָרען, אז ער וועט בלייבען טריי זיין גראף און דער שטאָדט.

נאך דער שבועה איז ער אוועק צו זיינע קאזאקען.

### 14טעס קאפיטעל.

## גאָנטאַ אַ פעררעטהער

א טאָג איז אריבער און פון גאָנטא און פון דיא קאזאקען האט מען נאָך ניט געהערט. דערפאר אבער האבען זיך דיא גאידאמאקען געלאָזט הערען און דיא נאכריכטען וועגען זיי זיינען געוועזען איינע פון דער צווייטער, שרעקליכער.

וואס איז מיט גאָנטא? וואס איז מיט'ן פאלקאווניק אבוך אליין? וואו זיינען דיא איברינע סאָטניקעס און קאזאקען? א שרעקליכע חשד האט זיך גענומען פער'גנב'ענען ביי דעם און ביי יענעם אין הארצען. דער פערדאכט איז איבער־געגאנגען פון איינצעלנע פערזאָנען צו דער גאנצער מאסע. פון אונטער דער שטאָדט אין שטאָדט.

— וואָס טהוט מען? וואס מאכט מען? מען דארף זיך גרייטען צום טוידט! נאר דיא האפנונג פערלאָזט ניט דעם מענשען אפילו ווען דער טוידט ליעגט שוין

אויף דער נאַז. דיזע האפנונג האט נעצוואונגען דיא רייכע איינוואָהנער פון אומאַן צו פערגראָבען אין דער ערד געלד און חפצים. פאר וואס? פאר ווען? פיעלייכט, אז דאס זאָל ניט אריינפאלען אין דיא הענד צו דיא באנדיטען; און פיעלייכט... ווער ווייס......

דערווייל איז פערבליבען נאר איין טרייסט דאס איז צו בעטען גאָט.

דער שרעק איז געוואקסען מיט יעדען טאָג, מיט יעדער שעה, דרייא טאָג זיינען אריבער אין א שרעקליכע ערווארטונג. דיא היטץ איז געווען אונערטרעגליך און אין שטאָדט איז אויסגעגאנגען דאס וואסער.

דאן האט דיא שטאָדט געשיקט א דעפוטאציע צום גובערנאטאָר און גע־בעטען איהם, ער זאָל דיא פרויען און קינדער אָבשיקען אין טארגאָוויץ, וואס איז געלעגען אויף דער סאמע רוסישער גרענעץ.

— זאלען כאָטש דיא פרויען און קינדער פערבלייבען פון דער פארשטעהענ־דער הרינה און זאלען געפינען א בעשיצונג אונטער דער רוסישער מאכט.

דיא לעצטע טעג האבען שטארק געענדערט דעם גובערנאטאָר. ער האט פערלאָרען דעם קאָפּ און האט ניט געוואוסט וואס צו טהאָן.

— אז איהר ווילט, האט ער געענטפערט מיט א דערשלאָגענעם קול, שיקט אוועק אייערע פרויען און קינדער...... זאלען מיינע קינדער אויך מיטפאָהרען. איך אליין וועל פערבלייבען אויף מיין פאָסטען.

מען האט אין דער גיך נעשפאנט פערד און פערפאקט דיא סאמע טהייערע חפצים. קאָהען האט אויך בעשלאָסען אוועקצושיקען זיין ווייב, רחל׳ן און ישרה׳קען. נאר רחל האט געענטפערט, אז זיא וועט פערבלייבען אין שטאָדט.

— אויב אונז איז בעשערט צו שטארבען, וועל איך שטארבען צוזאמען מיט׳ן פאָטער, האט זיא זיך איינגע׳עקשנ׳עט.

— נאר דוא וועסט מיט דיין זיין אונז קיין שום טובה ניט טהאָן, און דוא וועסט אונז נאך שטערען האט שמשון מיט איהר גע׳טענה׳ט.

— איך וועל אייך ניט שטערען.

— מיר וועלען זיין פערנומען מיט׳ן בעשיצען דיא שטאָדט און ביז׳ן לעצטען טראָפּען בלוט וועלען מיר דיא געווער פון דיא הענד ניט ארויסלאָזען, האט איהר אפרים געזאָגט.

— און וואס בין איך ניט קיין אידיש קינד? איך וועל אויך עפּעס קענען טהאָן.

— נאר דוא ביזט א שוואכע פרויענצימער, האט מאַשע געזאָגט.

— וועל איך טהאָן פיעל מיינע כוחות וועלען ערלויבען.

און זיא איז געבליבען ביי דאס איהרינגע.

ווען אין שטאָדט איז מען געוואָר געוואָרען, אז דיא רייכע פרויען און קינ־דער זיינען אנטלאָפען פון אומאַן, האט מען זיך פון דער גאנצער שטאָדט א שאָט געטהאָן צום שלאָס מיט א געוויין:

— דיא רייכע אנטלויפען, און וואו ווען מיר אָרימע זיך הינטהאָן? מיר האבען ניט קיין פערד און קיין וועגען ..... וואס וועט ווערען פון אונזערע קינדער?

און דער גובערנאטאָר האט צוריקגעצויגען זיין ערלויבניס. ער האט א מאך געטהאָן מיט דער האנד, וויא איינער זאָגט: „אז שטארבען, זאלען מיר שטאר־בען אלע“.

דאך האבען זיך אין שטאָדט געפונען אזעלכע, וואס זיינען ניט געוואָרען אזוי אָבהענגיג, וויא דער גובערנאטאָר, צוויי מענשען האבען זיך דאָרטען געפונען, וואס האבען געקענט אָבראטעווען אומאַן, ווען מען וואָלט זיי געפאָלגט אדער ווען מען וואָלט אָנגענומען זייערע עצות. דיא צוויי זיינען געווען: קסאווערי שאפראנסקי און שמשון קאָהען.

שאפראנסקי איז געווען אן אינזשעניר און איז געווען געשיקט פון פאָטאָצקי אין אומאַן־אויכצומעסטען דיא ערד. אין דיא יונגע יאָהרען האט ער געדיענט ביי פריעדריך דעם גרויסען און געהמענדיג אנטהייל אין דיא אָפטע מלחמות, וואס פריעדריך האט געפיהרט, האט ער גוט געלערנט דיא קונסט פון קריעג.

ווען קיינער האט ניט געוואוסט, וואס צו טהאָן, האט דיזער שאפראנסקי ניט פערלאָרען דעם קאָפּ.

אויב שמשון קאָהען איז ניט געבליבען אָבהענגיג פון דיא אלע שרעקליכע נאכריכטען, ווען דיא נאכריכט וועגען נאָנטאס פעראטה האט איהם דערגרייכט, איז איהם ארויף אויפ'ן זינען, אז מען קען דיא חזרים־פיהטערער בייקומען אָהן נאָנטאס הילף. ער און זיינע צוויי ברידער האבען אויפ'ן שוהל־הויף פערזאמעלט אלע יינגע לייט פון אומאַן, וואס האבען נאר געקענט טראָגען געווער און האט זיך צו זיי געווענדט מיט אן אויפפלאמענדע רעדע:

מיר געפינען זיך אין שטאָדט, מיר זיינען בעשיצט מיט שטארקע פארקענס און טהורעמס, מיר האבען הארמאטען, ביקסען און אלערליי געווער, פאר וואס זאָלען מיר ניט קענען בעשיצען אונזער שטאָדט. צו דען אין דיא טויזענדער יאהרען

פון אונזער גלות, איז אין אונז אבגעשטארבען דער גייסט פון א יהושע בן נון פון א יהודא המכבי? לא'מיר דערווייזען דיא באנדיטען, אז דער גלות האט אונז ניט אבגעטוידט אונזער עהרע און אונזער מוטה. לא'מיר דערווייזען, אז דער אידישער מיטהיגער גייסט לעבט נאך אין אונז, וויא אין דיא גוטע אלטע צייטען. לא'מיר געהן אין ציטאדער און בעטען, מען זאל אונז אנטהיילען מיט געוועהר. לא'מיר מאכען אן איינגענעם אידישען פאלק און בעטען שאפראנסקי, ער זאל אונז אויס־לערנען דיא תכסיסי מלחמה און זיין גרייט צו בעשיצען אונזערע טאטעס, מאמעס און שוועסטער!

— קומט, ברידער, קומט צום ציטאדעל! האבען אלע געענטפערט אין איין קול.

און דיא גאנצע אידישע מחנה האט זיך געלאזט געהן צום ציטאדעל, צו יענעם טהורעם, וואו שאפראנסקי האט זיך געפונען און דורך א טעלעסקאפ גע־קוקט אין דיא סטעפעס, פון וואנען מען האט ערווארטעט דיא גאידאמאקעס.

באלד זיינען צו דיא אידישע יונגע לייט צוגעקומען עלטערע אידען, און צו־זאמען האבען זיי פארמירט א פאלק, וואס האט געקענט ראטעווען אומאן, ווען דיא קאנפעדעראטען און דיא איבריגע פוילישע, וואס האבען זיך געפונען אין שטאדט וואלטען זיי אונטערגעשטיצט, און ווען זיי וואלטען אזוי העלדיש געשטיצט שאפראנסקי, וויא דיא אידען האבען דאס געטהאן. *)

און אויף אזא אופן, ווען אין דיא לעצטע טעג איז דער פחד אנגעפאלען אויף דיא, וואס האבען זיך געפונען אין אומאן, און דיא פוילישע גרויבינע האבען געזוכט א טרייסטונג אין „סוועטא קשיזש", האבען דיא אידען אונטער דער פיהרער־שאפט פון שאפראנסקי זיך צוגעגרייט, וויא צו בעשיצען דיא שטאדט און האבען זיך פון אין דער פריה געלערנט שיסען און דיא אלע אנדערע תכסיסי מלחמה.

דעם 8טען יון אין דער פריה, ווען דאס לערנען שיסען האט זיך געענדיגט, האט זיך שאפראנסקי און שמשון קאהען אויפגעהויבען אויף דיא טרעפ אין טהורעם און האבען איינער נאכ'ן צווייטען געקוקט אין טעלעסקאפ. פלוצים האט זיך אויפ'ן טראקט, וואס פיהרט צו זוועניגאראד, אונטער'ן וואלד בעוויזען א וואלקען שטויב.

*) דיא פוילישע שרייבער, וואס האבען געלעבט אין יענער צייט, לויבען זעהר שטארק דעם קליינעם פאלק אידען.

— איך זעה דארטען שטויב, נאר איך ווייס ניט, פון וואנען עס קומט: קיין ווינד איז איצט ניטאָ, האט שאפּראנסקי געזאָגט פאַן סאמסאָן, גיב דוא א קוק ביי דיר זיינען דיא אויגען פיעל פרישער פון מיינע.

שמשון האט גענומען קוקען.

— איך זעה, אז דאָרט ריהרט זיך עפּעס, האט ער געזאָגט.

— אפשר קומען אן נייע מענשען זוכען הילף? ציהען זיך דארטען וועגען? האט שאפּראנסקי געפרעגט.

— ניין, דוכט זיך, רייטער...... יא, איך זעה רייטער.

— זעהן זיך ניט דאָרטען פאָהענס, צייכענס?

— איך זעה פאָהענס, צייכענס.

— וואס פאר א קאָליר?

— עס איז שווער צו זעהן.

שאפּראנסקי איז צוגעגאנגען צום טעלעסקאָפּ.

— איך זעה, איך זעה, — דאס זיינען אונזערע קאזאקען, האט ער געזאָגט מיט שמחה.

— זיי געהן אהער?

— ניין, דוכט זיך...... זיי האבען זיך אָבגעשטעלט...... איך זעה נאָנטאס פערד — א ווייסער. מכתמא, האבען זיי פון דיא באנדיטען געמאכט א תל.

— נאר פאר וואס האבען זיי זיך אָבגעשטעלט? האט שמשון געפרעגט.

— זיי האבען זיך אָבגעשטעלט פּונקט נעבען דיא וועגען פון דיא אנגלעאָ־פּענע, וואהרשיינליך דערצעהלען זיי פון זייער זיעג איבער דיא באנדיטען.

— הלואי, האט שמשון זיך אָבגעזיפצעט מיט ערלייכטערונג.

— איצט זעה איך וויא זיי שטעלען זיך אויס מיט'ן פראָנט צום זווענניגאָ־ראָדער וועג, האט שאפּראנסקי ווייטער מיטגעטהיילט זיינע בעאָבאכטונגען.

שמשון האט אנגעשטרענגט זיינע אויגען און האט געזעהן כמעט דאס זעלבע אבער ניט דייטליך.

— יא, זיי שטעלען זיך איצט אויס מיט'ן פליגעל צום שטאָדט.

— נאר וואס איז דאס? האט שאפּראנסקי אויסגעשריען. איך זעה, עס הויבט זיך אויף נאך א וואָלקען שטויב.

— אָט דאס מוזען זיין דיא גאידאמאקעס: דיא קאזאקען ווארטען אויף זיי, און דיא געשיכטע וועט נעהן אויף פּיקעס, האט בעמערקט דער יונגער קאָהען.

— יא, דאס זיינען זיי, דאס זיינען די גאידאמאקעס; זיי טראָגען ניט קיין
ניפאָרם האט שאפראנסקי צוגעגעבען.

— דארטען קומען אן פוס־געהער, ניט ריכטיג?

— יא, דאָרטען זיינען פוס־געהער...... אָט האבען זיך די רייטער אָבגע־
שטעלט פנים לפנים מיט די קאָזאקען...... וואס איז דאס? ניט די ניט יענע
ט מאכען קיין אָנפאל? ...... דאס מוז זיין זשעלעזניאק, וואס איז ארויסגעטראָ־
ען פאָראוים פון פראָנט פון די גאידאמאקעס.

— רייטענדיג, דוכט זיך? האט שמשון נעפרעגט.

— יא, און אויף א ווייסען פערד...... נאר וואס איז דאס?

— וואס איז?

— זיי זיינען ביידע אראָב פון די פערד, זיי געהן איינער צום אנדערן......
יין גאָט! וואס זעה איך?

— וואס איז? וואס איז? איך זעה אויך.

— זיי נעהמען זיך ארום — זיי קושען זיך — א פערראטה! א פערראטה!

דער טעלעסקאָפ איז ארויסגעפאלען ביי שאפראנסקי פון די הענד. דער
נגער קאָהען האט איהם אונטערגעכאפט.

— יא, זיי ריידען — פאָכען מיט די הענד — זיי ווייזען אויף די פוהרען
יט די אָנגעלאָפענע — האט שמשון פיעבערהאפט איבערגעגעבען זיינע בע־
ערקונגען.

— לאָז מיר, ליעבער צו.

שאפראנסקי האט גענומען קוקען.

— נו, וואס? האט שמשון נעפרעגט אונגעדולדיג.

— איך זעה, איך זעה...... דער באנדיט האט ארויסגעצויגען דעם שווערד.

— ווער? גאָנטא? זשעלעזניאק?

זשעלעזניאק! אָט האט ער מיט'ן שווערד א פאָך געטהאָן איבער א וואָ־
ן...... די באנדיטען האבען זיך א וואָרף געטהאָן אויף די פוהרען......

— שמע ישראל! דאָרטען זיינען מעהר אונזערע — אידען.

— א הרינה...... א הרינה......איך זעה, וויא מען קוילעט אוים מענשען, וויא
עפסען...... מען שאנעוועט ניט קיינעם......

— גאָט! גאָט! האט שטיל געקרעכצט דער יונגער קאָהען.

— אַן אויסשלאַכטונג! אַן אויסשלאַכטונג! אַלעס גײענדיגט. קום, מען דאַרף זעהן בעשיצען דיא שטאָדט, האט שאַפּראַנסקי געזאגט מיט אַ פּלעצליכע ענערגיע.

— קומט! האט שמשון ווידערהאָלט. אָה, פערפלוכט זאָל זיין דער פערראַטהער!

— מאַך פערטיג דיין פּאָלק צום שלאַכט...... איהר וועט פערהיטען דעם צאם... דיא „ליזנעס" וועלען זיין מיט אייך...... איך וועל זיין ביי דיא הארמאטען.

ביידע האבען זיך געשווינד אַ וואָרף געטהאָן פון טהורעם.

— אידען! קומט זיך פערטהיידיגען! קומט זיך פערטהיידיגען! האט דער יונגער קאָהען געשריען, לויפענדיג געשווינד איבער'ן מארק, וואס איז געווען פול מיט מענשען.

15טעס קאפּיטעל.

## רחל דיא צווייטע יהודית.

אונטער דער שטאָדט האבען דיא גאַידאַמאַקעס אויסגעקווילעט ביז איינעם. זעקס טויזענד מענשען און כמעט דורכאויס אידען.

נאך דער הריגה זיינען דיא גאַידאַמאַקעס צוגעטראָטען צו דער שטאדט. א טהייל פון זיי האבען זיך גלייך אַ וואָרף געטהאָן אויף דיא טהויערען פון שטאָדט, צום בריק וואס איז געווען אויפגעהויבען.

שאַפּראַנסקי איז געשטאַנען נעבען דיא הארמאטען אויפ'ן טהורעם איבער'ן טהויער, און האט מיט אַ שאַרפען אויג נאָכגעקוקט דיא מחנה, וואס האט זיך געוואָרפען צום טהויער, כדי אריינצורייסען זיך מיט גוואַלד, פריהער פון אלע איז געצוהרען שלאָ רייטענדיג און האט געפאָכט מיט זיין שווערד. דיא אידען און דיא „ליזנעס" זיינען געלעגען אונטער'ן צאם מיט אָנגעלאָדענע ביקסען און האבען נאכגעקוקט, וויא דיא גאַידאַמאַקעס טרעטען צו.

— אָה, אפרים! — דאס איז ער! האט אויסגעשריען קאהענס איינגערער זוהן, וועלכער האט צוזאמען מיט שמשון און אפרים נאכגעקוקט דיא אָנפאַלער דורך דיא שפּאַלטען פון דעם צאם.

— ווער ער? האבען געפרעגט שמשון און אפרים מיט אַ מאָל.

— דער וואס פאָהרט פריהער פון אלעמען אויפ'ן פערד.... דאס איז דאך דער בלינדער בעטלער וואס האט ביי אונז געזונגען....

— יא, דאס איז ער.

— ער! ער! אָה, דוא מערדער!

אויפ'ן טהורעם האט זיך דערהערט שאפראנסקי'ס שניידענדע שטימע, ער האט געגעבען א בעפעהל. א ווייסער שנירעל רויך האט זיך א דרייה געטהאָן און עס האט געגעבען א קלאפּ פון דיא הארמאטען. איינינע גאידאמאקעס זיינען אנידערגעפאלען.

— לעבעדינער, חברה! האט דער בלומערשדינער בלינדער אויסגעשריען אדיזר אריין אדער גאר ניט זיין!

עס האט געגעבען א צווייטער קלאפּ און דיא אָנפאלענדע האבען א ציטער געטהאָן. אונטער שילא האט זיך דאס פערד א הויב געטהאָן אין דער לופטען. פיעלע האבען גענומען לויפען צוריק.

— נעהמט צו דיא געפאלענע! האט שילא א געשריי געטהאָן.

דיא פערוואונדעטע און דער'הרג'עטע האט מען געשווינד צוגענומען.

פערפלוכטע ליאכעס, האט זיך שילא פערמאָסטען מיט'ן שווערד געגען שאפראנסקי אין דיא וואס זיינען געשטאנען נעבען דיא הארמאטען. מיר וועלען באלד צוריק קומען, און נעהמען זיך צו אייך.

דיא בעלאגערטע האבען זיך צוגעגרייט צו בעגעגנען ווארעם דיא אונגערופענע געסט. שאפראנסקי איז געשטאנען ביי דיא ניי־אָנגעלאָדענע הארמאטען, און דיא אידען מיט דיא „ליזנעס", ארויסרוקענדיג דיא ביקסען דורך דיא שפאלטען פון פארקאן, האבען געווארט אויף זייער רייהע.

— האָט ווראָניקא געזאָגט טאקי ריכטיג, אז דער זעלבינער גאידאמאק איז דאמאלס געוועזען ביי אונז אלס א פערשטעלטער בעטלער, האט ישמעון געזאָגט.

וויא נאר מען האט זיך אין שטאָדט דערוואוסט, אז גאָנטא איז איבערגעגאנגען צו דיא גאידאמאקעס, זיינען פון אלע קלויסטערס ארויסגעגאנגען דיא גלחים אנגעטהאָן אין זייערע קירכענקליידער, מיט צלמים און בילדער אין דיא הענד און האבען גענומען געהן איבער דער שטאָדט. נאך זיי זיינען נאכגעגאנגען דיא קריסט־ליכע איינוואָהנער פון שטאָדט און דיא לופט איז פול געוואָרען מיט יאָמער און געוויין.

דיא אלטע אידען, ווייבער און קינדער זיינען אוועק אין שוהל און האבען אויפגעריסען דעם הימעל מיט זייער וויינען און בעטען.

דערווייל האבען זיך דיא גאידאמאקעס ווייטער צוגערוקט צו דער שטאָדט, מיט דיא גאידאמאקעס זיינען צוגעקומען דיא אומאנער קאזאקען.

— גרייט זיך, ברידער! האט שמשון קאַהען צונעגעבען מוטה, נעהענדיג ארו דעם פּארקען. איצט איז אונזער רייהע ..... צילעוועט זיך גוט און דיא באנדיטען - זאל יעדע קויל ברעננען א טוידט אויף זיי.

— צילעוועט זיך גוט, איהר איינקלאך פון יהושע בן נון, האט ווידערהאָל שמשון'ס ווערטער ליבע דער מלמד און האט געטרייסעלט מיט זיינע פּייערדיג פּאות'ן.

— זיי נעהען! זיי געהען! אָה, יהודא המכבי, גיס א'יס דיין גייסט אויף דיינ קינדער! האט אויסגעשריען דער שטארקער מאָשע מאָכער.

דיא נאַידאמאקעס האבען זיך איינגעטהיילט אין צוויי טהייל: איין טהי האט זיך נערוקט צו דיא טהויערען פון טהורעם, און דיא צווייטע האט זיך א לאָ געטהאן צום פּארקאן אריבערקריכענדיג דורך דיא גריבער.

שאפּראנסקי האט ווייטער מיט דיא הארמאטען בעגעגענט דעם טהייל, וואָ איז געגאנגען צום טהויער און דער צווייטער טהייל איז בעגעגענט געוואָרען מי דער שיסעריי פון ביקסען. דאס מאָל זיינען געפאלען פיעל מעהר נאַידאמאקע דיא הארמאטען האבען אויסגעלייגט א גאנצע גאס הרוגים צווישען דיא אונג לומפּערטע מחנה נאידאמאקעס, און דיא אידישע קוילען האבען שארף געטראָפ דיא אָנפאלער און דער'הרג'עט אויפ'ן פּלאץ און פערוואונדעט א כך, און אבג וואָרפען זיי אהינטער צוריק אין דיא גריבער.

דאס איז געווען יענער בעריהמטער ווידערשטאנד געגען דיא נאַידאמאקע וועגען וועלכע דיא בעטלער זינגען נאך עד היום אין אוקריינע:

„אוי, איז זשעלעזניאָק געקומען צום טהויער
און האט געבאפּט א גוטען ברוך הבא ...“

— איך דאנק אייך, איך דאנק אייך, מיינע ליעבע תלמידים! האט שאַ ראנסקי מיט שמחה געשריען פון טהורעם צו דיא אידען, וועלכע האבען וויערע אָנגעלאָדען דיא ביקסען, וואס האָבען נאך געראויכערט.

דער צווייטער און דער דריטער אָנפאל איז אויך אזוי אָבגעשלאָגען געוואָרי דיא צוקאָכטע נאידאמאקען האבען זיך וויא משוגעים געוואָרפען פון שלאָס א האבען זייער כעס אויסגעלאָזט אויף דיא אונשולדיגע איינוואָהנער פון דיא פּאָו שטעדלאך. בלוט האט זיך געגאָסען טייכענווייז.

דענאך האבען זיי זיך ווידער אומגעקעהרט מיט א פערדאפּעלטען און דרי בּאָבּען וואוט און האבען זייער אָנפאל פערשטארקט מיט א שיסעריי פון הארמאט

און ביקסען. די קוילען זיינען געפלויגען איבער די קעפּ פון די שטעדטישע איינוואהנער, וועלכע זיינען פאר שרעק ארומגעלאָפען וויא וואהנזיניגע און האבען פערטריבט די שטאָדט מיט זייער וויינען און קלאָגען. נאר מיט וואס פאר א וואוט דער אָנפאַל איז געמאכט געוואָרען, אזוי ענערגיש איז געווען די בעשיצונג. די אונערמיעדליכקייט פון די אידען איז געווען צו בעוואונדערן. די מוטערס און שוועסטערס האבען זיי געבראכט עסען, נאר זיי האבען זיך דערפון כמעט וויא אָבגעזאָגט.

— אביסעל וואסער! א שלוק וואסער! האט זיך געהערט צווישען די, וואָס האבען פערטהיידיגט די שטאָדט.

נאר קיין וואסער איז אין אומאן ניט געווען.

עס איז געוואָרען אבענד. דער אָנפאל איז געוואָרען שוואכער, שאפראנסקי האט פון בהורעם געזעהן, אז די גאידאמאקעס מאכען ביי זיך א לאגער געצעלטען. איבערהויפט האט זיך געוואָרפען אין די אויגען א גרויסער געצעלט מיט אן אויס־געהאנגענער איבער איהם פאהנע פון רויטען קאָליער, מיט א שווארצען צלם.

און דיעזע געצעלט און דיעזע בלוטיגע פאָהנע האט מען געזעהן אפילו פון שטאָדט.

באלד האט מען דאָרטען אין לאגער גענומען מאכען פייערן.

די נאכט איז אָנגעקומען, די זיעדליכע נאכט, א פינסטערע, שטילע און הייסע. די בעלאגערטע האבען ניט געשלאָפען: די קריסטליכע אלטע לייט וויי־בער און קינדער האבען געהאלטען אין איין ארומגעהן איבער דער שטאָדט אין א קרייץ־צוג אין וויינען און קלאָגען; די אידען די אלטע, די וויבער און קינדער זיינען געשטאנען אין שוהל און האבען געבעטען. די יונגע, די בעשיצער פון שטאָדט זיינען געשטאנען נעבען די אָנגעלאָדענע הארמאטען אין די טהורעמס, און איבער׳ן טהויער, אדער זיי זיינען געלעגען בעהאלטען אונטער דעם פּלאנקען מיט די ביקסען אין די הענד. אין דעם לאגער פון די גאידאמאַקעס האבען די פייערען געלויכטען און שאָטענס האבען זיך ארומגעדרייט אין אלע זייטען: איינינע האבען בעגראָבען די געה׳רג׳עטע חברים; אנדערע האבען געקאָכט צום עסען; און נאך אנדערע האבען געטרונקען און געהולעט.

נאר אין איין פּיאץ פון שלאָס, ווייט פון טהויער האט זיך א שאָטען שטיל אריבערגעגנב׳עט איבער׳ן הויכען פּארקען און קיינער האט דאס ניט בעמערקט. וויא א רעשיל האט ער זיך אראָבגעקייקעלט אין גרוב, און דערנאך

ווייטער ארויפגעקראָכען אויפ'ן ערדוואַל און האט זיך געלאָזט נעהן אין דער ריכ־טונג צום לאַגער פון דיא גאידאַמאַקעס און געהאלטען זיך אין דער פינסטער. דער שאָטען האט זיך דא אָבגעשטעלט, דא אנידערגעלייגט זיך אין דער ערד און געקראָכען אויף אלע פיער, דערנאָך ווייטער אויפגעהויבען זיך און ווייטער געגאַנ־גען. מען האט געקענט בעמערקען, אז דער שטן האט זיך גערוקט צו יענעם פלאַץ וואו עס איז געשטאַנען דער גרויסער געצעלט מיט דער בלוטיגער פאָהנע און שווארצען צלם. דער שטן האט זיך אלץ נעהענטער און נעהענטער צוגערוקט צו דעם געצעלט. פלוצים האט ער זיך ווייטער אָבגעשטעלט און אנידערגעלייגט זיך אויף דער ערד. א שטונדע לאנג האט זיך דער שאָטען ניט גערירט. דיא פער־נאַנדערגעלענטע פייערן האבען גענומען אויסגעהן. דיא בעוועגונג און דער גערויש אין לאַגער האבען גענומען אָבשטאַרבען; אלץ טונקעלער און טונקלער איז געוואָרען דער פלאַץ, וואס האט בעלויכטען דעם גרויסען געצעלט מיט דער בלוטיגער פאָהנע. אט געהט דאס פייער אין גאַנצען אויס.

דער שאָטען אויף דער ערד האט זיך גענומען ריהרען און בעוועגען זיך ווייטער און ווייטער, אלץ נעהנטער צום גרויסען געצעלט. אָט איז ער שוין גאר נאָהענט פון דאָרטען.

פלוצים איז אזוי וויא פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסען א צווייטער שאָ־טען און איז צוגעלאָפען צום ערסטען און אָנגעכאַפּט איהם מיט ביידע הענד.

— ווער ביזטו? ווער גנב'עט זיך דאס ביי נאַכט, וויא א ניט־גוטער? שטיל. דער ערשטער שאָטען מאַטערט זיך ארויסצורייסען.

— חם, גוטער חם, לאָז מיך, מורמעלט דער ערשטער שאָטען.

— ווער ביזטו? זאָג!

דאס אויסגעהענדע פייער האט זיך אויף א סעקונדע א הויב געטהאָן און האט בעלויכטען א שעהנע געזיכט פון א יונג מיידעל.

— פאַנעקלע! דאס זייט איהר? האט דערשראָקען און נאָך שטילער א מורמעל געטהאָן יענער, וועלכען מען האט גערופען חם.

— איך .... חם ...... אָה, לאָז מיך לאָז מיך!

— רהל'ע! פאַנענקעלע! פישעלע! וואס איז אייך געשעהן? וויא קומט איהר אהער, אין דיעזען גהינום?

— חאָמאָ! טייבעלע! לאז מיך! — איך בין געקומען הרג'ענען דעם באנדיט!

— ועמען פאַנענקעלע?

— זשעלעזניאק׳ן.

חם האט געשווינד פערשטאָפּט רחל׳ען דאס מויל. דאס איז נעווען רחל.

— פּאַנענקעלע! פּישעלע! קומט אוועק פון דאנען! האט נאך שטילער געמורמעלט חם. דא שלאָפט מען און מען וועט אייך דער׳הרג׳ענען.

ער האט איהר אָבגעפיהרט אן א זייט.

— פּאַנענקעלע! פּישעלע! לויבטעלע! האט דער גאידאמאק געמורמעלט, קוסענדיג איהר דיא הענד. איהם קען מען ניט הרג׳ענען — איהם נעהמט קיין קויל ניט.

— איך וועל איהם קוילענען, האט זיך רחל געבעטען,

— באַמשבי קוילען וועט ניט העלפען. וועט ניט זיין זשעלעזניאק, וועט בלייבען גאָנטא, שילאָ, נעזשיווי, שוואַמשקא — אומאן וועט אלץ איינס געהן קאַפּוט נאר אייך וועט זיין נאך ערגער. אייך וועט מען הרג׳ענען און קיין גוטס וועט ניט ארויסקומען. איך האָב מורא פאר אייך, לויבטעלע!

— אָה, נאָט! האט זיך ביי איהר פון הארצען ארויסגעריסען א קרעכץ.

— וויינט ניט, לויבטעלע, פּישעלע! וויינט ניט! האט שיער אליין ניט געוויינט דער גאידאמאק, נעהט אין שטאָדט, איך וועל אייך אָבפיהרען...... ניין, דאָרטען וועט מען אייך דער׳הרג׳ענען ...... איך וועל אייך בעסער דא בעהאלטען אין דיא קוסטעס אונטער׳ן בארג.

— ניין, איך וויל בעסער שטארבען מיט מיינע. איך בין גרייט צום טוידט, האט רחל געענטפּעו׳ט.

דער גוטמוטהיגער אבער נארעשעוואטער גאידאמאק האט ניט געוואוסט, וואס צו טהאָן.

— וויא ק־ע־ע־ען מען דאס? פּאַנענקעלע! לויבטעלע! איך וועל געהן מיט אייך.

און ציטערענדיג מיט׳ן גאנצען קערפּער, וויא אין פיעבער, האט ער רחל׳ען געפיהרט פאר דער האנד.

— איך וועל שטארבען צוזאמען מיט אייך ...... איך וויל אָהן אייך ניט לעבען ...... איהר זייט אזוי גוט ...... האט ער געמורמעלט.

— פאר וואס־זשע ביזטו אזא גוטער אוועק צו זיי, האט רחל געפרעגט.

— פּאַנענקעלע, מען האט ניט געקענט ניט געהן — אלע זיינען געגאנגען בין איך אויך געגאנגען. אך, פּאַנענקעלע מיינע! זוגעלע פיינע!

נאר אָט איז דיא שטאָדט — דער ערדוואל, דיא גרוב, דער צאַם.

חם האט פּאָרזיכטיג אונטערגעהויבען רחל'ען אויפ'ן פלאנקען און ווען א
האט גענומען אראָבשפּרינגען האָט זיך דערהערט א שאָס און חם האט א
קיין געשריי ניט ארויסגעלאָזט און איז אנידערגעפאלען א טוידטער.

אין דער פריה האט מען אין גרוב דערזעהן זיין טוידטען קערפּער.

רחל איז אין דער פריה צוגעקומען צום פלאַנקען און האט א קוק געטא
אין גרוב.

אָרימער חם! האט זיא שטיל געמורמעלט און האט אויסגעווישט דיא טר
רען, וואס האבען זיך בעוויעזען אויף איהרע אויגען. איך, נארעשע מיידעל, בין ע
דיג אן דיין טוידט. מיט דיין לעבען האסטו בעצאהלט פאר'ן נארישען נעדא
וואס מיר איז ארויפגעקומען, אז איך בין דיא צווייטע יהודית.

16טעם קאפּיטעל.

## אומאַן איינגענומען.

אין דער פריה האבען דיא גאַידאַמאַקען גענומען ווידער שטורמען דיא שטאָ
מיט מעהר תקיפות. נאר בעגעגענדיג נאך א שטאַרקערען ווידערשטאנד פון א
בעלאַגערטע און איבערהויפּט זעהענדיג אז דיא גאַידאַמאַקען פאלען וויא פליג
געבען דעם פאַרקאָן. פון וואַנען דיא אירען האבען געשאסען, האט זשעלעזנ
געהייסען צונויפשרייבען אין אומאַן דיא פויערים פון דיא ארומיגע דערפער,
יונג סיי אלט און ער האט זיי געגעבען א בעפעהל, אז זיי זאָלען אונטערהאַ
דעם פאַרקען, ניט קוקענדיג אויף דיא הייסע שיסעריי.

פלוצים האט זיך דערהערט א געשריי פון א פרויענצימער און באלד קו
פון אלע זייטען.

— דיא „ליזנעס" האבען פערראַטהען! דיא ליזנעס זיינען איבערגעגאנגען
דיא ... ידאַמאַקען.

דער געשריי איז געווען רחל'ס. זיא האט דערזעהן, אז דער פלאַנקען איז
איין פּלאַץ איינגעבראָכען, דורך וואַנען דיא ליזנעס זיינען אויפ'ן בענינען אנט
פען צו דיא גאַידאַמאַקעס. איצט זיינען דיא ליזנעס געגאַנגען צוזאמען מיט
צונויפגעטריבענע פויערים פון דיא ארומיגע דערפער איינהאַקען דעם צאַם.

אין דערזעלבער צייט איז אפרים געקומען צולויפען אהן אן אטהעם און
קאַנט געמאַכט פון א ני'ען אונגליק.

אלע ארעסטאנטען זיינען זיך צולאָפען, האט ער געמעלדעט.

— וויא אזוי? האבען אלע געפרעגט אין איין קול.

— דיא וועכטער דיא ליגעס זיינען זיך צולאָפען. דיא ארעסטאנטען זיינען געבליעבען אהן שומרים. זיי האבען אויסגעריסען דיא טהירען, איינגעבראָכען דעם טהויער. ....

— אָט זיינען זיי שוין אונטער דיא גריבער, האט איינער בעמערקט.

— ברידער! האט שמשון אויסגעשריען און דיא אויגען האבען געבליצט מיט כעס, פערליערט נאר ניט דעם מוטה, און אלעס וועט נאך זיין גוט, מיר וועלע נאך דיא פלשתים געבען גענוג פעפער שמעקען.

און אלע האבען זיך גענומען לעבעדיגער אבצוטרייבען דיא שטורמענדי פויערים.

— איך שטארב פאר א קאפ וואסער? האט ליבע דער מלמד געזאָגט. איי שלוק און איך וואלט נאר אן אנדער מענש געוואָרען.

— וואס טרינקען זיי דאָרטען האט משה מנקר געפרעגט, וועזענדיג צו דע שטאָדט.

— דוכט זיך, וויין, האט א דריטער בעמערקט.

אום צו לעשען דעם דאָרשט, האט מען פון דיא סקלעפעס ארויסגענומו וויין און מען האט עס געטרונקען אנשטאָט וואסער. אויך האט מען בעקומען פ דיא סקלעפעס פערשיעדענע מעדען, גאליוקעס, מיט וועלכע דיא אידען פון אומז האבען געהאנדעלט און מען האט מיט דעם אָבגעפרישט דיא פערברענטע פ דאָרשט העלזער. וואסער איז ניט געוועזן קיין טראָפען.

— איך וואָלט א געגעזעגטער געוואָרען פון א גלעזעל וויין, האט ליבע דע מלמד געזאָגט.

— וויין טאָר מען איצט ניט טרינקען, האט שמשון געזאָגט, מיר וועלען גאָ ניט וויסען אויף וואָסער וועלט מיר זיינען.

— אך, איך ווער פער'שרפ'עט!

— אוי, איך ווער א פערברענטער!

— דיא צונג רייסט זיך מיר אָב!

— בעסער זעקס טעג הונגערן איידער איין טאָג ניט טרינקען.

— ניט אבטונג! זיי קויפען ווייטער שטורמען! האט זיך דערהערט שמשונ' קול.

אלע האבען פערגעסען זייער דורשט און צולענענדיג זיך צו דיא ביקסען, האבען זיי זיך גענומען צילעווען.

— הורראו הורראו האט זיך געהערט א ווילדער געשריי פון יענער זייט שטאדט.

— פוףו פוףו פוףו

און א נייער צייל הרוגים האט זיך אויסגעליינט אונטער'ן צאם.

— איהר בעמערקט, אז גאנטא ווייזט זיך ניט, אומעדום קאמאנדעוועט נאר זשעלעזניאק. האט שמשון געזאגט.

— ער איז צו לוסטיג, האט אפרים געענטפערט. ער ווארט, וואס וועט דא זיין. אויב דיא גאידאמאקען וועלען צוק־אפט ווערען, וועט ער נאכדעם האבען אן אויסרייד, אז ער האט קיינעם מיט קיין פינגער ניט אנגעריהרט. ער האט קיין שום אנטהייל ניט גענומען אין דעם אויפשטאנד. ער האט ניט געקענט געהן העלפען דער שטאדט, ווייל ער איז געוועזען א געפאנגענער ביי זשעלעזניאק'ען, אדער דיא קאזאקען האבען איהם פערראטהען, מאלע וואס פאר א תרוצים ער וועט געפינען.

— אבער שמשון האט דאך געזעהן, וויא ער האט זיך געקוסט מיט זשעלעזניאק? האט מאשע בעמערקט.

— דאס וויים גאנטא ניט, האט שמשון געענטפערט.

ביז נאך האלבען טאג האט דיא שיסעריי פון הארמאטען און ביקסען שטארק אנגעהאלטען פוןביידע זייטען. ענדליך האט שאפראנסקי ניט געהאט מיט וואס צו שיסען, און ער האט געהייסען דער ארטילעריע שטיל ווערען. דיא אידען האַבען אויך געמוזט אנשווייגען ווערען, ביי זיי איז אויך אויסגעגאנגען דער פולווער.

ווען גאנטא האט בעמערקט, אז דיא הארמאטען זיינען שטיל געוואָרען, איז ער צוגעפאהרען צו זשעלעזניאק.

— עס האט שוין אויסגעברענט! האט ער צו איהם געזאגט.

— וואס האט אויסגעברענט? האט זשעלעזניאק געפרעגט.

— מיר האבען געוואונען; מעהר וועט מען אויף אונז שוין ניט שפייען מיט טשוגון און בליי.

— פאר וואס?

— זיי האבען ניט מיט וואס, זיי האבען ניט קיין פולווער און ניט קיין וואַסער. זיי וועלען זיך באלד אונטערגעבען.

א ווײלע האט זיך גאָנטא פערטראכט.

— וואס וועט איצט זיין מיט אונז? האט גאָנטא געפרעגט ביי זיין קאַמעראַד.

— דוא וועסט זיין דער הערךפיהרער, אזוי וויא פאטאָצקי איז געווען. פאַ־טאָצקין וועלען מיר געבען אין האלז און אין נאקען.

— גוט, איך וועל זיין דער הערךפיהרער; און איהר, פאן מאקסים, וואס וואס וועט איהר זיין א פּאָלקאָווניק?

— נאר! איך וועל זיין דער געטמאַן פון ביידע זייטען, פון דער פּוילישער און רוסישער אוקריינע, אזוי וויא דער טאטע כמעלניצקי איז געווען.

גאָנטא איז אָבגעטראָטען פון זשעלעזניאק און האט צוגערופען צו זיך עטליכע אלטע קאזאקען מיט א פּאָר עלטסטע, און איז מיט זיי צוגעפאָהרען צום טהויער פון שלאָס אזוי אז מלאדאַנאָוויץ און שאפּראַנסקי, וואס זיינען געשטאנען אויפ'ן טהורעם נעבען דיא קאלטע הארמאטען, זאלען זיי זעהן; ער האט געהייסען געבען זיך א פּיקע און האט צום שפּיץ צוגעבונדען א ווייסע טיכעל, דערנאך האט ער גענומען א צווייטע פּיקע און האט צו איהר אויך צוגעבונדען א ווייסע טיכעל. און האט עס איבערגעגעבען דעם עלטסטען און געזאָגט צו איהם.

— געה מיט דער פּיקע אין שטאָדט צום גובערנאטאָר און זאָג איהם, אזוי וויא איך האב געשוואָרען טרייהייט צו גראף פּאטאָצקי און צו דער שטאָדט, וועל איך זיי איצט אויך ניט טהאָן קיין שלעכטס, אויב זיי וועלען מיך מיט דיא קאַ־זאקען אריינלאָזען אין שטאָדט מיט גוטען; אויב אבער זיי וועלען אונז ניט אריינ־לאָזען — וועט מען קיינעם ניט שאנעווען.

גאָנטא האט אויפגעהויבען זיין פּיקע מיט'ן טיכעל און האט דעם שליח אוועקגעשיקט.

דער טהויער פון שלאָס האט זיך געעפענט, און דער שליח איז אריין אין שטאָדט.

אויסהערענדיג דעם פאָרשלאג, האט דער גובערנאטאָר געענטפערט, אז ער איז צופריעדען אריינצולאָזען אין שטאָדט דיא קאזאקען און ער געהט גלייך מאכען א בעפעהל.

— איך וועל הייסען צונויפרופען א דעפּוטאציע, וואס זאָל ארויסגעהן בעגע־גענען מיינע טרייע קאזאקען מיט עהרע — מיט ברויט און זאלץ און מיט טהייערע מתנות.

דער גובערנאטאָר האט געשווינד צונויפגערופען עטליכע פון דיא פּני פון

שטאדט אָן האט נעהייסען אויך איינלאדען שאפראנסקי צום ראטה. ווען דער גובערנאטאָר האט איבערגעגעבען גאָנטא'ס פאָרשלאג, זיינען אלע געקומען צום שלום, אז מען מוז זיך אונטערגעבען. אייך שאפראנסקי האט ניט אייננעשטימט אויף דעם.

— דיא באנדיטען וועלען אונז זא וויא זא ניט שאנעווען, אזוי וויא זיי האָבען קיינעם ניט נעשאנעוועט אין סמילע און אין ליסיאנקע, האט ער געזאָגט.

— נאר זשעלעזניאק האט דאמאלס ניט נעהאט גאָנטאָ, האט דער גובערנאטאָר געענטפערט. אונז מאכט דעם פאָרשלאג גאָנטא און ניט יענער באנדיט.

— וויא אזוי אבער וואגט ער צו מאכען אונז א פאָרשלאג, ווען ער האט אונז שוין פערראטהען, האט שאפראנסקי געענטפערט.

— אפשר האט ער חרטה ..... ער איז עהרגייציג, מיר וועלען זעהן קלאפען אויף דער סטרונע...... דיזע ווירדיגע לייט (ער האט געוויזען אויף דיא דעפוטאטען) וועלען איהם ארוים אנטקעגען מיט ברויט און זאלץ. דאס וועט ווירקען אויף דעם עהרגייציגען פויער.

— מיר וועלען איהם פערבלענדען מיט געשאנקען, האט געזאָגט איינער פון דיא דעפוטאטען.

— איצט איז שוין צו שפעט צו פערבלענדען איהם מיט געשאנקען, ווען ער קען אלץ אליין צונעהמען, האט שאפראנסקי געענטפערט.

— אמת, האט דער גובערנאטאָר צוגעגעבען. נאר אונזער אונטערגעבענהייט וועט איהם הנפ'ענען און ער וועט שאנעווען אונזער לעבען אזוי נוט, וויא דאס לעבען פון אונזערע ליעבע קינדערלאך.

— אויב אזוי האב איך נאר ניט וואס צו זאָגען, האט ענדליך שאפראנסקי נאָכגעגעבען. נאר מיך וועט ער געוויס ניט שאנעווען.

— פאר וואס דענקט איהר אזוי?

— ער האט שוין לאנג אויף מיר א הארץ פאר וואס איך האב איהם געזאָגט, אז אין פרייסען וואָלט ער מיט זיינע קאזאקען נאר געטויגט צו פיטערען גענז.

— נאר ער האט שוין געקענט פערגעסען דיא בעליידיגונג, האט געזאָגט איינער פון דיא דעפוטאטען.

— ער וואָלט פיעלייכט פערגעסען, ווען איך וואלט איהם געבעטען און הייגט ניט דערמאָנט, האט שאפראנסקי געזאָגט.

— מיט וואס? האט דער גובערנאטאָר געפרעגט.

— מיט מיין שיסען, פון וועלכע ער האט זיך בעהאלטען, וויא א באָק פון א וואָלף. נאר איך וועל טהאָן עפּעס, וואס זאל דעם פויער גאָנטא מעהר וויי מאכען צום פאָן גובערנאטאָר, האט שאפּראנסקי געזאָגט, ווענדענדיג זיך צום גובערנאטאָר.

— וואס אזוינס?

— מיר וועלען מאכען אזא קונץ, האט שאפּראנסקי געזאָגט: ווען דיא דעפּו־טאטען וועלען ארויס פון שטאָדט צו בענגענען דעם פויער מיט ברויט און זאַלץ, וועל איך שטעהן אויפ'ן טהורעם איבער'ן טהויער נעבען דיא הארמאטען מיט אן אנגעצונדענעם קנייט, און וועל מאכען א מינע, אזוי וויא איך וויל עס ארייגלעגען אין הארמאט. דער פאָן גובערנאטאָר וועט שטעהן גלייך מיט מיר און דערזעהענ־דיג, אז איך קלייב זיך צו שיסען, וועט ער מיט אונצופריעדענהייט און א בייזער ארויסרייסען פון מיינע הענד דעם אָנגעצונדענעם קנייט און אראָבשליידערען עס פון טהורעם.

דעם גובערנאטאָר'ס געזיכט איז ליכטיג געוואָרען פון דיזען פאָרשלאָג.

— דאס איז א געניאלער פּלאן! דאס וואלט אפילו צעזאר אליין ניט אויס־געקלערט. יא, יא! איך וועל מיט א בייזער אראבשליידערען דעם קנייט צו דיא פיס פון דעם פויער, וואס דענקט, אז גאָט ווייס ווער ער איז. א געניאלער פּלאן.

— שאפּראנסקי האט געקוקט מיט מיטלייד אויף דעם עובר־בטל'דיגען גובערנאטאָר.

דיא דעפּוטאטען זיינען גלייך אוועק פערטיג מאכען זיך צו דער בעגעגנים פון דיא טהייערע געסט.

דיא נייעס, אז מען נעהט עפענען דיא טהויערען פאר דיא גאידאמאקעס, האט זיך וויא א בליץ פערשפּרייט איבער דער שטאָדט, און דיא בעלאגערטע האבען אויפגעגעבען יעדע האָפנונג נצול צו ווערען פון דיא באנדיטען. דיא קריס־טען זיינען אוועק אין דיא קלויסטערס, מען זאָל זיי אָבלאָזען זייערע זינד, וויא פאר'ן טוידט, און אזוי וויא דיא קלויסטערס זיינען געווען געפּאקט, זיינען זיי גע־שטאנען אין דרויסען. דיא עלטסטע אידען האבען גענומען זאָגען ווידוי, ווער עס איז געווען ווערמען א מאל בעגאנגען אן עולה, איז געגאנגען בעטען מחילה. איינער

מיט'ן צווייטען האבען זיך געזעגענט, וויא זיי וואָלטען זיך געשיידעט אויף אויביג, וויא עס האט זיך אין דער ווירקליכקייט אויסגעלאָזט.

נאר שאפּראנסקי און דיא אידען האבען זיך בעשלאָסען צו בעגעגענען דעם טוידט מיט געווער אין דיא הענד. נאר ביי זיי איז נאר פערבליעבען קאלטע גע־ווער־מעסערס.

— ווען דיא אדעלינגע זאלען ניט זיין אזוי טוידט שכור, וואלטען דיא גאידא־מאקעס ניט אזוי גיך גענומען אומאן, האט שאפּראנסקי געזאָגט צו שמשון.

— און ווען דיא אלע פּוילישע זאָלען נעהמען פלעקער אַנשטאט צו פערגלאָ־צען דיא אויגען אין קירכע, וואָלטען מיר נאך דיא גאידאמאקעס בעוויזען, אז מיר זיינען ניט קיין גרינגער ביסען אראָבצושלינגען, האט שמשון געענטפערט.

— מיר זיינען איצט א צו קליינער הייפעל, אז מיר זאָלען זיך קענען שטעלען געגען דיא באנדיטען אין דיא גאסען, האט שאפּראנסקי געזאָגט. און דארום איז בעסער צו זיין אין א פערמאכטען פּלאץ.

שאפּראנסקי האט אלעמען געדריקט דיא הענד און בעדאנקט פאר'ן העל־דענמוטה, וואָס זיי האבען ארויסגעוויזען.

— איצט קומט אין שוהל! האט שמשון געזאָגט. דאָרטען האבען זיך אונ־זערע פערזאמעלט איבער דרייא טויזענד און דיא באנדיטען וועלען דאס גלייך דערשמעסען.

— אלע אידען האבען זיך געלאָזט געהן צו דער גרויסער שוהל.

שאפּראנסקי איז ארויף אויבען אויפ'ן טהורעם.

ווען דער שליח האט זיך אומגעקעהרט אין לאגער צו דיא גאידאמאקעס און האט געמעלדעט, אז אומאן ניט זיך אונטער און שיקט ארויס א דעפּוטאציע צו בעגעגענען דיא זיגער, האבען זיי דערזעהן, אז דער אויפגעהויבענער בריק, וועלכע האט געפיהרט צו דיא הויפּט טהויערען פון שטאָדט, לאזט זיך ארונטער אויף דיא קייטע, עס האט זיך געהערט דער קלאנג פון פעראסטעטען אייזען.

זשעלעזניאק גאָנטא און נאך אייניגע אטאמאנעס האבען זיך געלאָזט געהן צום ברעק. הינטער זיי זיינען געגאנגען דיא קאזאקען אויף פערד, דיא גאידאמא־קעס־רייטער און פוסגעהער.

דער טהויער האט זיך געעפענט. דיא דעפּוטאציע האט זיך בעוויזען.

— עהע! האט גאָנטא געזאָגט מיט א שמייכעל צו זשעלעזניאק. דאס טיידעל אליין שיקט צו אונז שדכנים.

— עס איז שוין לאנג צייט געווען ווארום זיא האט זיך לאנג געבלאָזען, האט געענטפערט זשעלעזניאַק.

— זיא האט דיא הרובע קאלופעט *)

— זיא האט אונזערע גענוג אָנגעקאלופעט.

דיא דעפוטאציע איז צוגעקומען געהענטער, גאָנטא און זשעלעזניאַק האבען זיך אויך צוגערוקט. פלוצים האט זשעלעזניאַק אויפגעהויבען דיא אויגען אויפ׳ן טהורעם און איז געבליבען שטעהן, ער האט ביים הארמאט דערזעהן שאפראנסקי מיט א ברענענדען קנייט.

— קוק, פאן גאָנטא, וואס איז דאס דאָרטען אזוינס?

אין דיעזען אויגענבליק האט דער גובערנאטאָר ארויסגעריסען ביי שאפראנסקי פון דיא הענד דעם קנייט און עס אראָבגעשליידערט פון טהורעם.

דיא דעפוטאציע איז צוגעגאנגען צו גאָנטא. ער האט זיך מיט כעס אבגעקעהרט פון דעם ברויט און זאלץ.

— דאס וואס איז אויסגעמישט מיט בלוט אָנשטאט וואסער, נעהם איך ניט אָן, האט ער געזאָגט אויף פויליש. ניט דאס בעסער איבער יענעם, ווער עס האט אזוי לאנג געזויגען דאס בלוט ביים פאָלק.

דיא דעפוטאטען זיינען געבליבען שטעהן פערציטערטע. גאָנטא איז דורכגעפאָהרען פערביי זיי.

צום טהויער איז איהם ארויס בעגעגענען דער גובערנאטאָר.

— פאן גאָנטא! האט ער זיך צו איהם געווענדעט: לעש אויס דאס פייער פון דעם אויפשטאנד, אזוי וויא איך האב אויסגעלאָשען יענעם ברענענדען קנייט.

— גוט מיין הערר, האט גאָנטא געענטפערט. איהר האט לאנג מיט דיא פאנעס־ליאכעס און דיא קסענדזשעס געלאָשען דיא נשמה ביי דיא פויערים און געטרונקען אונזער בלוט; איצט איז אייער יום הדין.

דאס פוילישע בלוט האט אין איהם פון דעם ענטפער אויפגעקאָכט, ער, מלאדאנאָוויין, האט זיך אזוי מאוס ערניעדריגט פאר א פויער, האט זיך פאר איהם געבויגען און דרייען און יענער האט איהם א שפיי געטהאָן אין געזיכט. נאר עס איז

---

*) קאלופען דיא הרובע (אויוועץ) — ווען אַ שדכן קומט ריידען א מיידעל א שידוך און זיא האט א ישוב הדעת הייסט זיא קאלופעט הרובע.

שוין געווען פערפאלען, דיא באנדיטען זיינען שוין אין שטאדט און זיי וועלען טהו
וואס זיי וועלען וועלען......

נאנטא איז אבגעפאהרען ווייטער. נאך איהם זיינען געפאהרען זשעלעזניא
יסילא, נעזשיווי, שוואטשקא. הינטער זיי האבען זיך געצויגען דיא רייטער אין ד
פוס־געהער. עס האט זיך וואס געהערט דיא קלאפעריי פון דיא קאפיטעס
דער קלאנג פון געווער. דיא גאסען זיינען געווען כמעט ליידיג.

שילא האט זיך מיט זיין פערד אומגעדרייט און האט מיט דיא אויגען ג
נומען זוכען צווישען דיא נאידאטאקעס פון זיינע איינענע באנדע. זיין בליק
געפאלען אויף עטליכע גבורים־נאיראמאקען, און ער האט זיי צוגערופען צו זיך.

— קומט מיט מיר, האט ער געזאגט, און איז געשווינד מיט זיי אבגעפא
רען צו קאהענס הויז.

## 17טעס קאפיטעל.

## דער געשלעג אין שוהל.

אונזערע אידישע העלדען האבען שוין געפונען דיא שוהל געפאקט, ווען
זיינען אהין אנגעקומען. פיעלע אלטע לייט זיינען שוין געווען אנגעטהאן אין די
קיטלען און געווארט רוהיג אויפ׳ן טוידט. דער חזן איז געשטאנען ביים עמוד א
האט געזאגט מיט א הערצרייסענדען קול תהילים. ביי יעדען זיינען געווען די
בגדים דורכגעווייקט מיט טרעהרען.

דיא יונגע אידישע העלדען זיינען געבליבען שטעהן אין דיא פאלעש א
אויפ׳ן שול־הויף און האבען געהאלטען אן עצה, וויא מען זאל זיך האלטען.

— ווען מיר וועלען אלע זיין אין שוהל, האבען מיר אין פאל פון נויטה נא
איין דורכגאנג, דיא איינציגע טהיר און דאן זיינען מיר קאפוט, ווייל דיא טהי
קענען זיא גוט בעוואכען און מיר וועלען קיינע ארויסגאנגע ניט האבען, און דארו
איז דיא ערסטע זאך, וואס מיר דארפען טהאן מאכען א פאר דורכגאנגען צו די
ווייבערישע שוהלען.

— זעהר גוט, און לא׳מיר זיך שוין נעהמען צו דער ארבייט, האט לייב
געענטפערט.

— אבער פיעלע פון אונז זיינען מיט ליידיגע הענד און אויף אזא אופן פיה
רען א געשלעג קען מען ניט, האט שמשון געזאגט.

— און וואס וועט זיין דיא פעולה פון ביקסען, אז מיר האבען קיין קויל
ניט? האט איינער פון דיא ביישטעהענדע געזאגט.

— יעדע זאך איז גוט, מיט וואס מען קען נאר א קלאפּ טהאָן, האט שמשון געזאָגט. א האק, א מעסער, א שווערד, א ביקס.

— קיין שהיות דארף מען ניט מאכען, האט משה מנקר געזאָגט. ווער עס האט נים, זאל זעהען גלייך פערשאפען, ווייל שפעטער, קען זיין, וועט זיין צו שפעט. און מיר וועלען דערווייל געהן אויסהאקען א פּאָר טהירען צו דער ווייבערשער עזרה.

א טהייל פון דעם אידישען פאָלק איז אוועק זוכען קאלטע געווער, און בריינגען דיא ווייבער און קינדער אין שוהל און א טהייל האט זיך גענומען צו דער ארבייט אין שוהל מאכען א וועג פון וואנען צו אנטלויפען, ווען עס וועט זיין נויטהיג.

אפרים האט זיך א פּאָר מאָל אָבגעריסען פון דער ארבייט און געגאנגען זוכען צו דער פאָטער, מוטער שוועסטער זיינען דא. ער האט זיי ניט געקענט געפינען, ער האט ביי עטליכע געפרעגט, צו האט מען זיי דא ניט געזען, נאר ער האָט קיין בעשטימטען ענטפער ניט בעקומען.

און דיא שוהל איז געוואָרען אלץ פולער און פולער.

מאָשע האט זיך אויך א פּאָר מאָל אָבגעריסען פון דער ארבייט אוף געוואָלט אויסגעפינען, צו מירעל געפינט זיך דאָ, אבער ער האט איהר אויך ניט געקענט געפינען.

אין שוהל איז דערווייל געוואָרען אונמעגליך א ריהר צו טהאָן זיך, אזוי גע פּאקט איז דאָרטען געווען.

— מאָשע לויף אראָב א היים און זעה, צו אונזערע זיינען דאָרטען, האט זי שמשון צו איהם געווענדט.

— אויף איין פוס אבער, האט אפרים נאכגעשריען, ווען ער האט זיך גענ מען דורכשטופען א וועג אין דער ענגשאפט.

איבער דער גאַס איז מאָשע געלאָפען, וויא א פייל פון בוינען, ער האט ני הערט, וויא מען קאָזט אראָב דעם בריק.

אין שטוב האט ער געטראָפען דעם פאטער, דיא מוטער אוןביידע שוועס טער, דער פאָטער איז געווען בערנומען מיט'ן פערגראָבען דאס ביסעל גאלד זילבער, וואס ער האט געהאט.

— קומט אין שוהל! האט ער געזאָגט צו דיא עלטערן און שוועסטער. ו האט קוים אבגעכאפּט דעם אטהעם.

— וואָס איז געשעהן? האט דער אלטער קאָהען געפרעגט צושראָקען.

— זיי קומען באלד אריין, און אין שוהל זיינען מיר אלע.

— מיט וואס איז אין שוהל זיכערער?

— דארטען זיינען מיר אלע.

— אויב דיא באנדיטען זאלען אל תפתח פה לשטן, מאכען אן אנפאל ווע־לען זיי פריהער בעפאלען דיא שוהל, וויא זייער שטיינער איז, האט דער אלטער קאהען געזאגט.

— רוף דיא קינדער אהער, האט לאה געזאגט.

מאשע האט א סעקונדע געקלערט און האט ניט געוואוסט, וואס צו טהאן. באלד אבער האט ער זיך דערמאנט, און איז געשווינד ארויסגעלאפען פון שטוב.

ער איז אבער ניט געלאפען אין שוהל, אהן אן אטהעם איז ער צוגעלאפען צו מירעל'ס הויז. דיא טהיר איז געווען פערשפארט, ער האט געקלאפט אין פענ־סטער, אבער קיינער האט זיך ניט אנגערופען.

— דאס בין איך, מאשע! האט ער געשריען.

שטיל. קיינער ענטפערט ניט.

— זיי זיינען מכתמא אין שוהל, האט ער געזאגט צו זיך, און איז געשווינד אוועק אין שוהל.

דערהוויל האט מען שוין דיא טהויערען פון שטאדט געעפענט און דיא באנ־דיטען האבען שוין גענומען אריינפאהרען אין שטאדט.

דיא גאסען, וואס זיינען ביז מיט עטליכע שעה צוריק, געווען אזוי פול זיינען איצט געווארען ליידיג, א טוידטע שטילקייט האט געהערשט און איז נאר איבער־געריסען געווארען פון דעם קלאפען פון דיא קאפיטעס פון דיא פערד און פון דעם קלאנג פון דיא געווער.

מאשע האט געבראכט אין שוהל דיא בשורה, אז דיא היידאמאקעס צוזא־מען מיט דיא קאזאקען זיינען אריין אין שטאדט.

— שטופט זיך בעסער אריין אין שוהל און זאל אין דיא פאליש זיין געראם, האט שמשון געזאגט.

לייבע איז געשטאנען מיט א שווערד, משה דער מנקר האט געהאלטען א גרויסען חלף. שמשון און אפרים זיינען אויך געווען אנגעגורט מיט שווערדען. דער וואס איז נאר געשטאנען אין דיא פאליש האט געהאט עפעס אין דיא הענד.

קיינער האט מעהר קייןווארט ניט גערעדט. מען איז געשטאנען און גע־ווארט, א שרעקליכע ערווארטונג. יעדער האט געוואוסט, אז פריהער אדער

שפעטער וועט מען זיך פון טוידט ניט אויסקויפען, קלאפט שוין טאקע דיא לעצטע שטונדע? אין טשערקאס, אין סמילע, אין ליסיאַנקע איז קיין שריד ופליט ניט געבליבען. זיי וועלען געוויס דא אויך קיינעם ניט שאַנעווען...... פיעלע, וואס האַבען נאך נעכטען אזוי מוטהיג געשאָסען אויף דיא באַנדיטען און אזוי העלדיש אָבגעטריבען פון דער פעסטונג, האבען איצט אראָבגעלאָזען דיא הענד.

דיא טוידטע שטילקייט אין דיא ליידיגע גאָסען האט נאך אלץ אָנגעהאלטען.

דעם חזנ'ס נגון אין שוהל האט אָנגעהויבען צו קלינגען מיט האפנונגען.

„מן המצר קראתי יה ענני במרחב יה", האט זיך געהערט זיין שטימע און א שטראהל פון האָפנונג האט אריינגעשיינט אין דיא פערטרויערטע הערצער. „וואס קען מיר דער מענש טהאָן, ווען גאָט איז מיט מיר? ווען גאט איז מיט מיר, וועל איך נאך דערלעבען נקמה אין מיינע פיינד דיא גוים ריגנלען זיך ארום, איך שווער ביי גאָט, אז איך וועל פון זיי מאכען א תל".

דיא ווערטער זיינען, וויא א טרייסט געפאלען אויף אלעמען. און זיי האבען אריינגעבלאָזען א נייען גייסט אין יעדען. שטייפער האבען זיך דיא פויסטען צוזאַמענגעדריקט און דאס האלב־אויסגעלאָשענע פייערל האט ווידער אויפגעפלאקערט אין דיא אויגען.

— דיא היידאמאקעס! דיא היידאמאקעס! האט זיך פלוצים דערהערט א געשריי און אין דיא פאַליש זיינען אריינגעלאָפען עטליכע יונגע לייט, וואס זיינען געשטאנען אין דרויסען און געקוקט, וואס דא וועט ווערען.

א ווילדע שרעק איז בעפאלען אויף דיא פערזאמעלטע אין שוהל. דעם חזנ'ס קול האט זיך פלוצים איבערגעהאקט און דיא ווערטער זיינען איהם פערשטאָרבען אין האלז. עס האט זיך דערהערט א משונה'דיג ריהרען, און היסטעריש קוויטשען פון פרויען. קינדער האבען זיך צוויינט און אין שוהל איז געוואָרען א מהומה.

— א טוידט אויף דיא פארכאַטע זשידעס! א טוידט! האבען זיך דערהערט קולות פון א גרויסע מחנה היידאמאקעס, וואס זיינען צוגעקומען צום שוהל.

פון דיא פריהערדיגע הריגות האבען שוין דיא היידאמאקעס געוואוסט, אז אין דיא שוהלען דארף מען קומען מיט גרייטע מעסערס פארטיג צו דער שחיטה. דיא צאן קדשים האלטען שוין דיא העלזער אויסגעשטרעקט און מען דארף נאר שניידען, שניידען. זיי האבע דאריבער קיין ווידערשטאנד ניט ערווארטעט און

האבען קיינע הכנות געמאכט און גלייך געלאָזט זיך לויפען אין שוהל אריין מיט א ווילדען געשריי פון צורייצטע חיות.

— בשם ד' כי אמילם! האט שמשון א געשריי געטהאָן און זיינע אויגען האבען זיך אָנגעגאָסען מיט בלוט, און האט מיט'ן שווערט בענגענט דעם שונא.

— אנא ד' הושיעה נא! האט לייבע אויסגעשריען און האט גענומען פאָכען מיט'ן שווערד.

משה דער מנקר מיט'ן ישארפען חלף האט בעוויזען וואונדער. אין נאר א קירצע ווילע האט ער צוואנציג היידאמאקישע קעפ ארונטערגעהאקט. שמשון און לייבע זיינען געווען פון קאָפּ ביז דיא פיס בעשפּריצט מיט בלוט. דער געשלעג האט לאנג ניט אָנגעהאלטען דיא מחנה היידאמאקעס איז געבליבען שטעהן פאר דער שוהל א ווילע אונבעשראָסען און האט ניט געוואוסט וואס צו טהאָן.

— איצט איז דיא צייט! קומט! האט שמשון א געשריי געטהאָן און איז ארויסגעלאָפען פון דיא פאָליש און גלייך נאך איהם דער גאנצער אידישער פאָלק מיט א געשריי „טוידט צו דיא פלשתים!"

עס האט זיך אָנגעהויבען א שרעקליכער געשלעג, דיא שול-הויף איז אויס-געלעגט געוואָרען מיט הרוגים. משה דער מנקר האט געקריגען א שטאך אין זייט און איז אנידערגעפאלען און פיעלע אידישע העלדען האבען דאס לעצטע מאל גע-זעהן דיא שיין פון דער וועלט און האבען מוטהיג אוועקגעלייגט זייערע קעפ. ענד-ליך זיינען דיא הייהאמאקעס אנטלאָפען.

שמשון, לייבע, אפרים, מאָשע און נאך פיעלע האבען גענומען זוכען צווי-שען דיא הרוגים זייערע בריעדער און האבען דיא פערוואונדעטע אריינגעטראָגען אין שוהל.

— וואס וועט איצט זיין? האט יעדער געקלערט פאר זיך, און האט בעסער געוואָלט ניט טראכטען ועגען דעם. קיינער האט ניט געצווייפעלט, אז זיי וועלען זיך באלד אומקעהרען צוריק און מיט א פיעל גרעסערער מחנה, און דער אידי-שער פאָלק ווערט דערוויל שיטערער און ביז ווילאנג וועט מען קענען אָנהאלטען דעם ווידערשטאנד.

א שטונדע, א גאנצע שטונדע פון שרעקליכער ערווארטונג איז אריבער, און דיא היידאמאקעס זיינען ניטאָ.

— האָבען זיי זיך טאקע דערשראָקען?

א שטראהל פון האָפנונג האט ווידער אריינגעשיינט אין אלעמענס הערצער.

ביי נאַט איז אַלעס מעגליך. האָט ער דען ניט אַראָבגעשיקט אַ מלאך פון הימעל וועלכער האָט אין איין נאַכט אויסגעהרג'עט אַ מחנה פון אַכציג טויזענד מאַן ביי סנחירב מלך אשור, ווען ער האָט בעלאַגערט ארץ ישראל? האָט יהודה המכבי ניט בעוויזען גוואַלדיגע גבורות?

נאָך אַ שטונדע איז אַריבער. פאַר די וואָס האָבען זיך געפונען אין שוהל איז דאָס געווען ניט קיין שטונדע, נאָר משתח'ס יאָהרען. די האָפנונג האָט גענומען ווערען שטאַרקער און שטאַרקער. גאָט האָט געוויס דערהערט זייער תפילה זייער וויינען. די טהירען פון טרערען זיינען ניט פערשלאָסען.

נאָר וואָס פאַר אַ גערויש הערט זיך דאָס? דער גערויש ווערט אַלץ שטאַר־קער און שטאַרקער, דער ליאַרם פון די צובושעוועטע היידאַמאַקעס העכער און העכער. ער קומט אַלץ נעהענטער צום שוהל.

זיי זיינען ווידער דאַ.

נאָר איצט זיינען געקומען ניט די פוס־געהער אַליין מיט נאַלע מיזערס. איצט איז פאַראַן גאַנטאַ מיט זיינע קאַזאַקען, איצט קוקט אויפ'ן שוהל דער אָפע־נער מויל פון אַן האַרמאַט. איצט קען מען שוין מיט קאַלטען געוועהר ניט אַרויס נעגען דעם שונא.

— מיר זיינען פערלאָרען, האָט שמשון אויסגעקרעכצט.

אין דער מינוט האָט זיך דערהערט אַ שאָס פון אַן האַרמאַט.

און די וואָס האָבען זיך געפונען אין שוהל האָט אָנגעכאַפּט אַ טוידט־שרעק. די יללות, קולות געשרייען פון די פערזאַמעלטע אין שוהל האָבען געקענט אויפ־רייסען דעם הימעל.

דאָס שיסען פון האַרמאַט האָט אָנגעהאַלטען: די טהירען, פענסטער זיינען אויפגעריסען.

— ווער עס קען זאָל זיך ראַטעווען און אַנטלויפען!

די אַלטע לייט, ווייבער מיידלאך, קינדער — זיי האָבען שוין פון אַנטלויפען ניט געקענט דענקען; די ווייבער און קינדער האָבען ניט אויפגעהערט צו שרייען און קלאָגען, די עלטסטע מאַנסבילען האָבען געזאָגט וידוי און געקאַפּט זיך אין האַרצען. די איבעריגע האָבען נאָר געזוכט צו אַנטלויפען דורך די אויסגעהאַקטע טהירען אין דער ווייבערישער שוהל.

— די שוהל ברענט! די שוהל ברענט!

און די אַלטע לייט, און די ווייבער, און די מיידלאך און די קינדער

זיינען נעבליבען אויף איין אָרט. דא ערוואַרט איין טוידט פערברענט צו ווערען און אין דרויסען ווילען דיא פערד מיט דיא פיס טרעטען, דיא קאזאקען ווילען מיט דיא פיקעס שטעכען, דיא איידאמאקעס מיט מעסערס, העק. דיא ווייבער האבען געוויס קיין בעסערס ניט צו ערוואַרטען אין דרויסען, דאָרטען קען מען נאך געפּייניגט און געשענדעט און דערנאך געטוידט ווערען. בעסער שוין פטור צו ווערען מיט איין טוידט.

— שמע ישראל! הערט זיך פון אלע זייטען.

שמשון, אפרים, לייבע און דיא אלע פון דעם אידישען פאָלק, וואס זיינען נעבליבען לעבען נאך דעם פריהערדיגען געשלעג האבען געזוכט זיך צו ראטעווען דורך דיא טהירען, וואס זיי האבען פריהער אויסגעהאקט פיעלע איז געלונגען פון שוהל צו אנטלויפען און פיעלע זיינען איבערגעכאפּט געוואָרען פון דיא היידאמא־קעס און געטוידטעט געוואָרען.

שמשון און אפרים'ן איז געלונגען צו אנטלויפען פון שוהל, נאר וויא פער־וואונדערט און דערשראָקען זיינען זיי געוואָרען, ווען זיי זיינען צוגעקומען צום שטיב און געפונען איהר שטארק בעוואכט. נאר איידער זיי זיינען געקומען צו זיך פון פערוואונדערונג, איז רחל, וועלכע האט אויף זיי שעהנ־לאנג אויסגעקוקט דיא אויגען! און האט זיי דערזעהן פון פענסטער, ארויסגעפלויגען פון שטוב, און האט געוואָלט לויפען צו זיי, נאר דער היידאמאק, וואס איז געשטאנען ביי דער טהיר, האט איהר אָבגעהאלטען. דערוויל זיינען געשווינד צוגעלאָפען איהרע ברידער און איי־דער דער היידאמאק האט צייט געהאט א טראכט צו טהאָן, זיינען זיי שוין מיט רחל'ען געוועזען אינערוויינינ.

— וואס בעדייט דיא בעוואכונג? האבעןביידע ברידער געפרעגט פער־וואונדערט.

— וואו איז מאָשע? האט געפרעגט לאה.

— מאָשע?

דיא בריעדער האבען זיך ערסט ארומגעזעהן, אז מאָשע איז ניט מיט זיי.

— וויה צו מיר! א בראך צו מיר! זאָגט מיר, וואָס איז מיט מאָשען גע־שעהן? האבען איהם דיא ראזבויניקעס דער'הרג'עט? זאגט מיר! וואו איז ער מיין זוהן, מיין מאָשע?

ביז דער לעצטער מינוט איז ער געוועזען מיט אונז אין שוהל, האט אפרים

נעגטפערט. נאר מיר דוכט, אז ער איז גאר ניט מיטגעגאנגען מיט אונז......
קום, שמשון!

אפרים און שמשון האבען זיך געשווינד א ווארף געטהאן צו דער טהיר, נאר כאה, ניט קוקענדיג אויף איהר עלטער, האט זיך א ווארף געטהאן גלייך נאך זיי און האט אנגעכאפט אפרים׳ן ביים קלייד.

— געהט ניט איצט אוועק פון דאנען! ...... אוי, מיין מאשע, מיין מאשע, מיין טהייערער זוהן! געהט ניט אוועק פון דאנען! איך וועל דא אויסגעהן מיט מיינע כוחות ..... מיין טהייערער זוהן, מיין טהייערער זוהן!

— מאמע, זיי רוהיג! מיר ברענגען דיר גלייך מאשע׳ן, האט שמשון געזאגט, האב פאר אונז קיין מורא ניט.

— אוי! אוי! אוי! רעדט גאר ניט. געהט ניט אוועק איצט פון דאנען. מאשע! מאשע! און זיא האט זיך צואויינט.

— איהר קענט סיי וויא סיי פון דאנען ניט ארויס, האט דער אלטער קאהען געזאגט און ווידער וועט איהר נאר אומזיסט איינשטעלען איצט אייער לעבען.

— פאר וואס קען מען ניט ארויסגעהן פון דאנען? האט אפרים געפרעגט.

— מיר זיינען בעוואכט און דיא שומרים זיינען אנגעזאגט, זיי זאלען קיינעם ניט ארויסלאזען.

— ווער האט אונז בעוואכט? האט שמשון געפרעגט.

— שילא, דער בלינדער בעטלער, האט געזאגט רהל. גלייך וויא דיא הייד־דאמאקעס זיינען אריין אין שטאדט, איז ער, וויא א רוח צוגעפלויגען אהער מיט דיא היידאמאקעס וואס שטעהען ארום שטוב און ער האט זיי אנגעזאגט, אז זיי זאלען היטען, דאס קיינער זאל פון שטוב ניט ארויס און אז קיין האר זאל קיינעם פון אונז ניט געמינערט ווערען.

— וואס מיינט דער ראזבויניק מיט דעם? האט אפרים געפרעגט פערקלערט.

ביי שמשון און אפרים איז וויא א בליץ דורכגעלאפען א געדאנק.

— דיא „ליזנעס" האבען מסתמא דערצעהלט, אז שמשון איז געוועזען דער גאנצער אנפיהרער ביי דעם שיסען פון דער פעסטונג, און וויל פאר זיי אויסזוכען א טוידט פון מאטערנים. נאר דעם געדאנק האבען זיי ניט ארויסגעזאגט.

— מסתמא איז ער דאנקבאר, וואס דיא מאמע האט זיין אינגעל אויסגע־היילט פון דעם ביס פון דער שלאנג, האט רחל געזאגט.

ביי שמשון אויפ'ן געזיכט האט זיך בעוויזען א ביטערער שמייכעל: דער מערדער וויס פון דאנקבארקייט! פון דיא גרוילען וואס ער האט אָבגעטהאָן שטע־לען זיך פשוט דיא האָר קאפויר.

— איז ער דא געוועזען אין שטוב? האט אפרים געפרעגט.

— ניין, אין שטוב איז ער ניט אריין, ער האט נאר צוגעפיהרט דיא היידא־מאקעס, האט זיי געגעבען זיין בעפעהל, ער האט צו אונז פון פענסטער א שמיי־כעל געטהאָן, וויא אן אלטער בעקאנטער און איז גלייך אָבגעפאָהרען צוריק.

לאזה איז דיא גאנצע צייט געזעסען מיט פערבראָכענע הענד, דער קאָפ אן א זייט, מיט א פערצווייפעלטען בליק אויף דער ערד און שטיל געַ'טענה'ט: מיין מאָשע! מיין מאָשע!

## 18טעס קאפיטעל.

# הנאהבים להנעימים.

מאָשע קאָהען איז פטרבליבען אין שוהל, ווען דיא ברידער און דער גאנצער אידישער פאָלק האט זיך געוואָרפען צו דיא טהירען, אום צו אנטלויפען. ער האט ניט געקענט לויפען, וויל ער האט געוואוסט, אז מירעל געפינט זיך אין שוהל, און וואס טויג איהם דאס לעבען, אז זיא וועט דא אומקומען. און אומקומען וועט געווים יעדער, וואס געפינט זיך דא אין שוהל.

מאָשע האט קיין מאָל זיינע געפיהלען ניט אויסגעזאָגט פאר מירלען, ער האט מיט איהר כמעט וויא גאָר ניט גערעדט. ווען זיא פלעגט קומען צו רחל'ען, פלעגט ער זיך שטעלען אן א זייט און ווארפען אויף איהר גע'גנב'עטע בליקען. מירעל האט איהם אויך קיין מאָל קיין איבריג וואָרט ניט געזאָגט, נאר דאך האבען זיי ביידע גוט געוואוסט, וואס פאר א געפיהלען איינער טראָגט אין הארצען צום צווייטען. זיי האבען ניט גערעדט, אבער דיא אויגען, דיא פער'גנב'עטע בליקען האָ־בען דערצעהלט א סך מעהר, פיעל מען קען מיט ווערטער אויסדריקען.

נאך דעם אנטלויפען פון דעם אידישען פאָלק איז אין שוהל געוואָרען נערא־מער, און מאָשע האט גענומען זוכען מירלען אין אלע ווינקעלאך. ענדליך האט ער איהר אָבגעזוכט זיא איז געזעסען מיט איהרע עלטערן אונטער דער בימה. ער האט זיך געשווינד צו איהר דורכגעשפּארט און האט איהר דאס ערסטע מאל אין זיין לעבען אָנגענומען פאר דער האנד.

— מירעל! קום, לאָ'מיר אנטלויפען!

— מירעל האט אויף איהם אויפגעהויבען איהרע שווארצע אויגען.

— און וואס וועט זיין מיט דער מאמען? מיט'ן טאטען?

— לא'מיר לויפען אלע! עס איז נאך איצט ציים. דיא שוהל ברענט פון ן זייטען און מיר וועלען דא באלד דערשטיקט ווערען פון רויך.

מירעל האט א קוק געטהאן פריהער אויף דער מוטער דערנאך אויף דען טער.

— וואס איז דיא פעולה, וואס מיר וועלען אנטלויפען פון דאנען, מען וועט ז אין גאס דער'הרג'ענען, האט מירעל'ס פאטער געזאגט און א מאך געטהאן ט דער האנד. וואס איז בעשערט וועט מען ניט אויסמיידען.

— קומט! האט זיך מאשע געבעטען. קומט, און גאט וועט העלפען און מיר לען נצול ווערען.

— ערגער וויא דער טוידט קען דאך ניט זיין, האט מירעל געזאגט צו דער טער. וואס מאכט דאס אויס, שטארבען דא אדער שטארבען אין גאס, נאר ושר ......

דיא פערצווייפעלטע עלטערן האבען ענדליך איינגעוויליגט צו מאכען א פער־ ארויסצוראטעווען זיך פון פייער. זייער ביישפיעל האבען נאכגעטהאן נאך פיעלע, ס זיינען געזעסען ארום: טאמער, וועט זיך דער אייבערסטער טאקע מרחם זיין.

זיי זיינען צוגענאנגען צו דיא אויסגעהאקטע טהירען וואס האבען געפיהרט ן דער ווייבערשער שוהל. מאשע האט ארויסגעקוקט, צו דיא היידאמאקעס שטע־ ן דא ארום. אויף דרויסען איז שוין געווען פינסטערלאך און דער שול־הויף איז ז נאר בעלויכטען געווארען פון דיא לאנגע פייערדיגע צונגען, וואס האבען גע־ קט דיא וועגד פון שוהל.

דיא היידאמאקעס זיינען געשטאנען אין פראנט פון שוהל נאר א טהייל פון האט זיך ארומגעדרייט ארום און ארום.

— וואס הערט זיך? מען קען אנטלויפען? האבען געפרעגט פיעלע דערשרא־ נע קולות ביי מאשען.

— אזוי וועט זיין שווער צו אנטלויפען, וויא מען וועט אונז נאר בעמערקען, ט מען אונז צוטרעטען מיט דיא פיס, דיא מחנה איז צו גרויס, אז מען זאל קענען שטעלען געגען איהר, האט מאשע געזאגט. מען דארף זוכען עפעס עצה.

א רגע האט ער געטראכט, לאנג קלערען האט מען ניט געקענט. דיא שוהל

האט זיך אָנגעהויבען אָנצופילען מיט רויך. וויא א בליץ איז איהם דורכגעלאָפען א געדאנק.

— פאראן נאך א מיטעל! קומט אין דיא פאָליש! האט ער געזאגט און איז געשווינד דורכגעלאָפען דיא שוהל.

אין דיא פאָליש איז דער רויך געווען געדיכט. צווישען דיא היידאמאקעס, וואס זיינען געשטאנען אין פראָנט האט זיך געהערט א חוכא וטלולא. א ריעזיגע מחנה איז געווען פערזאמעלט ארום, ווערליג מען האט געקענט ריכטען נאך דיא קולות, וואס האבען זיך געהערט פון דאָרטען. געזעהען האט מען שוין קיין זאך צוליעב דעם געדיכטען, ביטערען רויך.

— רייסט אראָב דיא קליידער פון דיא געפאלענע היידאמאקעס, וואס ליגען דא אין דיא פאָליש, האט מאָשע געזאָגט און האט גלייך גענומען ארונטעררייסען א סערמינקע פון א טוידטען היידאמאק. מיר וועלען פון דאנען אנטלויפען אלס פערשטעלטע היידאמאקעס.

אין דער פינסטער וואָלט קיינער ניט געקענט דערקענען דעם שטילען מאָשען אין דער סערמינקע ארומגעגארטעלט מיט א רימען און אין דער סמוישקענער היטעל, מיט א גרויסען היידאמאקישען מעסער אין האנד און א שווערד ביי דער זייט. מירעלס פאָטער האט זיך אויך אָנגעטהאָן אין היידאמאקישע קליידער, נאר דיא לאנגע פאות'ן האבען איהם גלייך אויסגעגעבען. נאר דאס האט קיינער אין רויך און אין איילעניס ניט געקענט זעהן.

דיא פייערדיגע צינגער האבען גענומען אריינקוקען אין שוהל, און דער רויך האט זיך גענומען פערשפרייטען אומעדום, ווער עס האט געקענט האט זיך איצט געוואָרפען לויפען פון דעם ערשטיקענדען רויך. מען האט איצט ניט געקוקט, וואס ערוואָרטעט אין דרויסען.

אין דער מהומה איז מאָשען מיט דער קליינער קאָמפּאניע געלונגען ארויס־צורוקען זיך פון דער אויסגעהאקטער טהיר אין שוהל.

אין פראָנט פון שוהל איז אָנגעגאנגען א שרעקליכע הריגה, ווער עס איז נאר ארויסגעלאָפען פון דיא פאָליש האבען גלייך בעגעגענט זייער טוידט פון דיא הענד פון דיא היידאמאקעס ווער עס איז אנטלאָפען פון מעסער, איז געפאלען אונטער'ן שווערד. און ווער עס איז אנטרונען פון שווערד איז אויפגעהויבען גע־וואָרען פון א קאזאקישע פיקע אדער צוטראָטען געוואָרען פון דיא פערד. דער

יאָמער, דער געשריי, דער געוויין, דיא קרעכצען פון איין זייט און חוכא וטלולא פון דיא היידאמאקעס פון דער צווייטער האבען פול געמאכט דיא לופט.

מאָשע און זיין קאָמפּאניע האבען זיך געלאָזט לויפען איבער'ן שוהל־הויף. ווען פּגוּצים האבען איינינע היידאמאקעס בעמערקט דיא פרויען אין זייער קאָמ־פּאניע, און האבען זיך אויך געלאָזט יאָגען נאך זיי. זיי האבען זיך גענומען דריי־הען אין דיא פערוואָרפענערע געסלאך, אום ניט אָנצוקומען אויף אן אנדער באנ־דע היידאמאקעס און דיא נאָכיעגער זיינען געלאָפען נאך זיי מיט ווילדע געשרייען. מירעלס מוטער האט אָבער באלד פערלאָרען דיא כוחות און א ווילדער היידאמאק מיט רויטע צושויבערטע האָר האט איהר אָנגעיאָגט.

— אָה, איך האב געמיינט עפּעס רעכטס! האט ער מיט כעס אויס־געשריען.

— שמע ישראל! האט זיך דערהערט איהר געשריי און זיא איז אנידער־געפאלען.

דער היידאמאק האט איהר א מעסער ארייגעשטאָכען אין הארצען.

מירעל און איהר פאטער האבען זיך אָבגעשטעלט און זיינען צוגעלאָפען צו דיא ערמארדעטע מאָשע איז אויך מיט זיי צוגעלאָפען אהין.

— מאַמע! מאמע! מאמע! האט מירעל געיאָמערט, צופאלענדיג צו איהר.

דיא אנגעלאָפענע היידאמאקען האבען גלייך אין מירעל'ס פאטער דערקענט א אידען און איינער האט איהם מיט א שווערד א זעץ געטהאָן איבער'ן האלז, אז ער איז גלייך אויפ'ן שטעל געפאלען א טוידטער.

דיא היידאמאקען האבען זיך ווייטער געלאָזט לויפען נאך דער קאָמפּאניע, וואס איז ארויס פון שוהל גלייך מיט מאָשען.

דער רויטער היידאמאק האט מירלען אויפגעהויבען, וויא א פעדערל און האט איהר אויף דיא הענד געוואָלט אוועקטראָגען.

— מיין פּארשוין! מיין ליאלקע!

מירעל האט זיך געריסען, געוואָרפען, נאר ער האט איהר מיט זיינע אייזערנע הענד אזוי פעסט ארומגענומען, אז זיא האט זיך קיין ריהר ניט געקענט טהאָן.

אין דער מינוט האט מאָשע פון הינטען מיט'ן מעסער א זעץ געטהאָן דעם היידאמאק אין פּלייצע. א געשריי וויא פון א ווילדע חיה האט זיך פון איהם ארויס־

געריסען. ער האט זיך מיט דער האנד א כאפ געטהאָן פאר דער פּליצע דערווי
האט ער זיין מאסע אָבגעלאָזט.

— אנטלויף! האט מאָשע צו איהר א געשריי געטהאָן.

און זיא האט גענומען לויפען, מאָשע נאך איהר און דער היידאמאק מי
א טיעפע וואונד אין פּלייצע נאך זיי ביידע.

דער היידאמאק מיט קולות אין מויל מיט פערקריצטע צייהנער, מיט
אויסגעשטרעקטען מעסער, מיט ווילדע אויגען האט געשריען:

— איך וועל אייך, פּארכאטע!

מירעל האט אליין ניט געוואוסט וואו צו לויפען. זיא איז געלאָפען, וואו ד
אויגען האבען איהר געטראָגען. דער שרעק האט איהר געגעבען כוחות און געטר
בען איהר פאָרווערטס און פאָרווערטס, זיא האט געהערט מאָשעס טריט הינטע
זיך און פון צייט צו צייט האט ער איהר צוגעגעבען מוטה מיט דיא ווערטע
„איך בין דא!" אָט איז זיא ביים טהויער פון שטאָדט, וואס מען האט היינ
געעפענט פאר דיא באנדיטען. דיא שטאָדט האט זיך געענדיגט. וואס טהוט מ
איצט? דער היידאמאק יאָגט זיך נאך. ער איז ניט ווייט. פון וואנען געהמען ז
ביי איהם אזוי פיעל כוחות, ווען ער געהט אָב מיט בלוט? נאר ער לויפט
הערט ניט אויף זיין פּזמון: „איך וועל אייך, פּארכאטע!" קלערען איז ניטאָ ק
צייט. זיא איז ארויסגעלאָפען פון טהויער און מאָשע נאך איהר.

מאָשען האט פּלוצים אויסגעוויזען, אז דיא טריט הינטער איהם זיינ
שטילער געוואָרען, ער האט זיך אומגעקוקט:

— איך וועל אייך, פּארכאטע!

— מאָשע האט דערזעהן אז דער ווילדער היידאמאק באטשע ער יאָגט נא
איז ער אביסעל אָבגעשטאַנען. זאל זיא נאר האבען כוחות, איהר געלאף ווער
שוין שוואכער. אונטער דער שטאָדט זיינען קיין היידאמאקעס ניטאָ, דא איז דא
פעלד נאר אויסגעזיימט מיט הרוגים, וואס מאכען שווער דאס לויפען.

זיי זיינען שוין ווייט אונטער דער שטאָדט, נאר דיא כוחות לאָזען איהר אָ
עס הערט זיך שטארקער זיין שילטען:

— איך וועל אייך, פּארכאטע.

אויסגעמאטערט פון דעם לויפען, פון דיא שרעקען, פון דאָרשט האט ז
זיך פּלוצים אָבגעשטעלט.

— איך קען שוין מעהר ניט, האט מירעל געזאָגט און האט זיך צוואויינט.

מאַשע האט איהר גענומען אויף דיא הענד און האט געפּרופּט מיט איהר לויפען, נאר באלד האט ער אויסגעפונען, אז דאס איז אן אומזיסטע ארבייט.

— איך וועל אייך, פּארבאטע!

באלד, באלד, יאָגט זיי דער היידאמאַק אָן. פאר זיך וואָלט מאַשע קיין מורא ניט געהאט, ערגער וויא שטערבען קען ניט זיין, און עס קען נאך מעגליך זיין, אז ער וואָלט דעם גלית דער'הרג'עט. נאר זיא? און דער געדאנק, וואס איהר ער־ווארטעט, אויב ער ווערט געטוידט, האט ביי איהם אָבגענומען דיא הענד.

דער היידאמאק איז שוין נאָהענט, פיעלייכט נאך א פּאָר מינוט און......

מאַשע האט גאר מורא געהאט צו טראַכטען, וואס וועט זיין נאכדעם, וויא דער היידאמאק וועט זיי אָניאָגען.

נעהענטער, נעהנעטער קומט צו דער היידאמאק.

— איך וועל אייך, פּארבאטע!

זיי זיינען שוין געווען אָט וזייט פון דעם טייך. זיי זיינען שוין דריי ווערסט אבגעלאָפען פון שטאָוט.

פערפאלען! דער גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב האט זיין געזיכט פון זיי אבגעטהאן און ער וויל זיי זיין הילף ניט שיקען. מירעל האט אויפגעהויבען דיא אויגען צום הימעל און מיט א געשריי „שמע ישראל“ האט זיא מיט נייע קרעפטען געלאָזט לויפען צום טייך.

— קום, מאַשע! דערבען וועט אונז שוין קיינער ניט שיידען!

און מיט דיא ווערטער איז זיא אריינגעשפּרונגען און טייך.

מאַשע האט אראבגעוואָרפען געשווינד דיא סערמינקע און האט א שפּרונג געטהאן נאך איהר.

ביידע זיינען אראָבגעזונקען, נאָר אין א ווייל ארום האבען זיי זיך ביידע בע־וויזען אויפ'ן וואסער, ער האט איהר געהאלטען פעסט ארומגענומען, און זיי האבען זיך ווייטער ארונטער געטונקט, אום באלד צוריק צואווייזען זיך.

אין דער מינוט האט דער ווילדער היידאמאק דערגרייכט דעם ברעג.

— איך וועל אייך, פּארבאטע!

נור מעהר האט ער זיי שוין ניט געזעהן. פון וואסער זיינען ארויסגעשפּרונגען בלעזלאך — איינער, א צווייטער, א דריטער — דאס וואסער האט זיך צו־וויס אויסגעגלייכט און האט אָנגענומען צוריק איהר שפּיעגעלדיגע גלאַטקייט, אזוי וויא עס וואָלט קיין זאך פּאסירט.

### 19טעס קאפיטעל.

## רחל׳ס שפרוך.

ביז שפעט אין דער נאכט וואס איז אויסגעפאלען אין דעם פינפטען טאג תמוז אין יאהר תק״כח האבען דיא היידאמאקעס געבוישעוועט. פון שוהל האט זיך קיינער ניט געראטעוועט און דיא דריי טויזענד אידישע קינדער וואס האבען זיך דארטען געפונען, זיינען אדער פערברענט געווארען אדער דער הרג׳עט געווארען. דיא שוהל האט אבגעברענט ביז׳ן גרונט.

דאן האט גאנטא געהייסען טרומייטערען און האט ארויסגעלאזט א בעפעהל אז קיינער זאל זיך ניט דערבארעמען אויף א אידען, און ווער עס וועט דעם בעפעהל ניט פאלגען און וועט בעהאלטען ביי זיך א אידען וועט בעצאהלען מיט׳ן לעבען.

נאך דער הרינה אין שוהל האבען זיך דיא היידאמאקען גענומען צום שכור׳ען און ביז שפעט אין דער נאכט האבען זיך געהערט זייערע שכור׳ע געזאנגען און דיא ארגיעס.

פאר טאג איז שילא מיט נאך עטליכע היידאמאקעס געקומען אין קאהענס הויז.

— איך האב ניט פערגעסען, וויא גוט איהר זייט געוועהן צו מיר, ווען איך בין אין אומאן אריינגעקומען אלס א בלינדער בעטלער; איך האב דערפאר היינט אוועקגעשטעלט א וואך ארום אייער הויז און איך וועל זעהן, אז אייך זאל קיין שלעכטס ניט געשעהן. א טובה פאר א טובה, איך וועל ראטעווען אייער לעבען און דערפאר וועל איך רחל׳ן נעהמען פאר א ווייב.

— רחל׳ן פאר א ווייב, האט דער אלטער קאהען אויסגעקרעכצעט.

— הכזונה נעשה את אחותני! האט שמשון אויסגעשריען.

רחל האט שוין געקענט שמשונ׳ס קול און האט געוואוסט, אז ער וועט ערמארדען שילא און זייער גאנצע פאמיליע וועט דארפען אויסשטעהן גרויסע פיינינונגען, ווייל דיא באנדיטען וועלען זיך נוקם זיין פאר שילא׳ס טוידט און דאריבער האט זיא געאיילט צו ענטפערן:

— דוא וועסט אונז געבען א טאג צייט צו בעטראכטען זיך. דוא געפעלסט מיר זעהר, נאר איך מוז זיך בערענקען.

— גוט מיין שעהנהייט, האט שילא געענטפערט. איך גיעב דיר א מעת לעת

צייט צו בערענקען זיך איך האָף, אז דוא ווערסט האבען שכל און דוא ווערסט פארשטעהן, וואס הייסט אזא מאן וויא איך.

דער נאָך האט ער זיך געווענדט מיט א שמייכעל צו שמשון, מאַכענדיג צו איהם א פּאַנאָק.

— איך האב געהערט, באנדיט, וואס דוא האסט צומעסירט. דוא האסט אונז געענבען פיינעם פולווער שמעקען. איך האב ליעב אזעלכע כוואטעס. ביי אונז וואָלסטו געוואָרען אן אטאמאן.

מיט דיא ווערטער, האט ער רחל'ן א קוס געטהאן אין האנד און ער מיט זיינע היידאמאקעס זיינען ארויס פון שטוב.

אין דרויסען האט ער נאָך א מאָל אָנגעזאָגט דער וואך, אז זיא זאָל אכ־טונג געבען, אז פון שטוב זאל קיינער ארויס און אז קיינער זאל ניט וואגען זיי אָנצוריהרען, און האט זיי געזאָגט, אז ער ווערט באלד שיקען אנדערע יונגען אָב־צובייטען זיי.

— וואס מיינסטו, רחל, מיט דעם בערענקען זיך? האט דער אלטער קאָהען געפרעגט.

— האב קיין מורא, פאָטער, איך ווייס, אז איך בין א אידישער טאָכטער און וועל קענען וויא א אידישע טאָכטער שטארבען פאר אונזער הייליגער אמונה. נאר לאָז מיר האנדלען, וויא איך פערשטעה און שטער מיר ניט.

לאה איז איהר ארויפגעפאלען אויפ'ן האלז און האט לאנגע צייט, איינגראָבענדיג זיך מיט'ן געזיכט אין איהר האלז, געוויינט.

— קענען מיר ניט וויסען, וואס אזוינס דוא האסט בדעה צו טהאָן? האט שמשון געפרעגט. דוא ביזט נאָך יונג און דוא דארפסט נאָך אן עצה.

— און דוא ביזט אלט! האט רחל געענטפערט סארקאסטיש. איך ווייס מיין זאך אזוי גוט וויא דוא און דארף קיין עצות ניט.

— דוא קענסט זיינע קיין ווייב ניט ווערען...... האט שמשון ווידער אָנגעהוי־בען, נאר רחל האט איהם איבערגעשלאָגען.

— איך ווייס, האט רחל געזאָגט.

— דוא קענסט זיינע קיין ווייב ניט ווערען און אויב ער שאנעוועט איצט אונזער לעבען צוליעב דיר, וועט ער אבער אונז ניט שאנעווען ווען דוא ווערסט איהם מאַרנען ערקלערען, אז דוא קענסט זיינע קיין ווייב ניט ווערען און דאריבער......

— מיש זיך ניט, בעט איך דיר, איך ווייס, וואס איך דארף טהאָן.

— און איך דענק, האט שמשון ווייטער געזאָגט, אז דוא דארפסט אונז יא זאגען, וואס ביי דיר פלאָנטעט זיך אין קאָפּ. דאס איז נוגע אונזער אלע־מענס לעבען. איך דענק, אז דיא בעסטע זאך איז אדער ריכטיגער געזאָגט, גע־ווען שילאָן ארונטערצוהאקען דעם קאָפּ און דערנאך וואס גאָט וואלט וועלען וואָלט געווען. אלענפאלס וואלט איך געוואוסט, אז מיר האבען געלאָזט טהייער בעצאה־לען פאר אונזער לעבען.

— איך בעט דיך, נאך א מאל, שמשון, האט רחל געזאָגט, צוגעהענדיג צו איהם און אנידערלייגענדיג איהר האנד אויף זיין אקסעל; מיש זיך ניט אין דעם, קוק און שוויינ. דוא קענסט זיך אויף מיך פערלאָזען?

— אבער דוא ביזט נאך א קינד.

— קענסטו זיך אבער פערלאָזען, אז דיא אמונה פון מיינע עלטערען וועל איך ניט פערבייטען?

— אָה, אין דעם בין איך זיכער!

— אויב אזוי, מיש זיך ניט.

— וואס שטעהסטו אזוי צו איהר צו? האט זיך שרה'קע, וואס איז דיא גאנצע צייט געזעסען שטיל, אריינגעמישט. רחל ווייסט, וואס זיא רעדט.

— דוא ביזט דאך נאך גאר א קינד!

— שמשון! האבען מיר דען עפּעס אנדערע עצות? האט אפרים געזאָגט. מיר וועלען זעהן, און שילאָ אנטלויפט נאָך ניט.

זיי זיינען אלע געבליבען זיצען אויף זייערע פּלעצער און יעדער האט פאר זיך געטראכט. אלע האבען געהאט וועגען וואס צו טראכטען. לאה האט אין הארצען שוין בעוויינט מאָשען, כאָטשע זיא האט ניט געוואוסט, וואס מיט איהם איז געשעהן, נאר איהר הארץ, איהר מוטער־הארץ, האט איהר געזאָגט, אז ער איז שוין טויט. שמשון האט געטראכט וועגען א נייען פּלאן, וויא אזוי צו פער־לאָזען מיט דיא פאמיליע דיא הויז און ארויס'גנב'ענען זיך פון שטאָדט.

— דיא באנדיטען וועלען ביי נאכט פּאָפּען, האט ער געטראכט מיט זיך, און אפילו דיא וועכטער, וואס שטעהען ארום זייער הויז וועלען אויך איינדרימלען אויף זייערע פּאָסטען. אלענפאלס דיא וועכטער קען מען בייקומען. מען קען דיא הויז פערלאָזען, און אויב אפילו דער טהויער איז פערשלאָסען, וועלען זיי געפינען א וועג דורכ'ן צאָם.

ער האט אָבגערופען אפרים'ן אן א זייט און דערצעהלט איהם זיין פּלאן.

— מען קען טהאָן נאָך א זאַך, האט שמשון געזאָגט. דיא וועכטער ויינען געווים דורשטיג און מיר קענען זיי אָנ'שכר'ן מיט בראָנפען.

— דער פּלאַן איז זעהר א גוטער, האט אפרים געענטפערט. אונטער דער שטאָדט איז איצט זיכער, דיא הײדאַמאַקעס זיינען אלע אין שטאָדט. נאָר......

— נאָר וואס? האט שמשון געפרעגט פערוואונדערט.

— נאָר...... נאָר וואס וועט זיין, אז מאָשע וועט קומען אין שטוב און וועט קיינעם ניט טרעפען? האט אפרים געזאָגט. ער וועט שוין בעצאהלען מיט זיין לעבען פאר אונזער אנטלויפען.

— מאָשע? מאַ'טע? האט שמשון א פּאָר מאָל איבערגעפרעגט. וואס קען דאס מיט איהם זיין? וואו האט ער זיך געקענט הינטהאָן?

שמשון האט א ווײלע געטראַכט.

— דוא ביזט גערעכט, מיר קענען פון דאנען ניט אוועק. מיר מוזען ווארטען אויף מאָשען. אבער דער פּלאַן איז זעהר א גוטער.

און זיי זיינען ווידער געבליבען זיצען שטום.

וועגען שלאָפען האט קיינער ניט געטראַכט. ווּעמען קען דער שלאָף קריכען אין קאָפּ, ווען דא אונטער דיא פלייצעס קומען פאַר אזעלכע שרעקליכע גרוילען. אין שטאָדט, אויסער דיא הײדאַמאַקעס, איז קיינער ניט געשלאָפען. גאָנטא האט האט ארויסגעשיקט א הונדערט קאַזאַקען מיט פערד איבער דער שטאָדט, זיי זאָלען אכטונג געבען, אז קיינער זאל פון שטאָדט ניט אנטלויפען. יעדער איז געזעסען ביי זיך אין שטוב און געוואַרט אויפ'ן טוידט.

אין דיא הייזער איז געוועזען פינסטער, קיינער האט קיין פייער ניט געוואָלט אָנצינדען, אום א ניט געבעטענע אויג זאָל אין שטוב ניט אריינקוקען.

דיא נאַכט איז אריבער אין איינע שרעקען.

דער פּויליִשער קלויסטער איז געוועזען פול געפּאַקט, מיט פּוילישע. דאָרטען האט מען זיך אויך געגרויט צום טוידט, כאָטשע היינטיגען טאָג זיינען זיי אריבער בשלום.

מיט'ן פריהמאָרגען האבען זיך דיא גרוילען אומגעקעהרט.

גלייך אין דער פריה איז גאָנטא מיט זיינע קאַזאַקען און דיא פוס־געהער בעפאַלען דיא בתי מדרשים, האבען דיא ספר־תורה'ס ארויסגעשלעפט און אויס־געשפּרייט זיי אין דיא גאַסען און ארום געפאָהרען איבער זיי מיט דיא פערד.

דערנאך האבען זיי דיא ספרים צוריסען און געמאכט א תל פון אלעס, וואס איז אונטער דיא הענד געקומען.

דערנאך האבען זיי זיך געלאָזט געהן צום קלויסטער, דארטען האט זיך געפונען דער גובערנאטאָר מיט דיא אדעלינע. גאַנטא האט איהם אָנגעטהאָן שטיין אויפ׳ן האלז האט פון איהם דיא קליידער אראָבגעריסען און איבערגעלאָזט אין איין העמדיל און ארויסגעפיהרט איהם אין גאס. ער האט איהם אזוי ארום געפיהרט איבער אלע גאסען, ביז ער איז מיט איהם צוגעקומען צו זיין שלאָס. און פיעלע הײדאמאקעס זיינען אריין מיט׳ן גובערנאטאָר צו איהם אין שלאָס.

— יאס! דערלאנג וויין און צוויי גלעזער! האט גאַנטא געזאָגט.

יאס האט באלד אריינגעבראכט וויין און גלעזער.

— טרינקט, מיין פריץ! האט גאַנטא געזאגט צום גובערנאטאָר, אנגיסענדיג צוויי גלעזער וויין.

— דוא האסט מיר געשוואָרען טריהייט, האט דער גובערנאטאָר געזאָגט.

— טרינקט, מיין פריץ! איהר זייט שטענדיג געווען גוט צו מיר און איך וויל אייך וויזען, אז איך קען זיין דאנקבאר, האט גאַנטא געזאָגט. טרינקט, אבער מאכט דאס גיכער. מיין שבועה וועל איך האלטען, איך וועל אייך בלייבען טרייא.

און אויף זיין וואונק האט אַן הײדאמאק פון הינטען אריינגעשטאָכען דעם גובערנאטאָר א מעסער אין זייט.

— איהר זעהט? האט גאַנטא געזאָגט מיט א שמייכעל, איך האב אייך ניט גערירט.

פון גובערנאטאָר זיינען זיי אוועק צוריק אין קלויסטער, און דאָרטען האט זיך אָנגעהויבען דיא הריגה.

— טוידט צו דיא ליאכעס! טוידט צו דיא ליאכעס!

א גאנצען טאָג האט דיא הריגה אָנגעהאלטען און ווייטער איז דיא לופט פול געוואָרען מיט יללות, קלאָגען, קרעכצען, פון איין זייט און חרומות קללות פון דער צווייטער.

— טוידט צו דיא ליאכעס! טוידט צו דיא אידען!

דיא ווילדע הײדאמאקעס זיינען געגאנגען פון הויז צו הויז און געשלעפט יונג און אלט, ווייב און מאן און זיי געפייניגט, געוואָרגען, געשטאָכען געברענט, געריסען, געפליקט, זיי האבען קיינעם ניט געשאָנעוועט, ווייבער האט מען אויסגעטהאָן

אין דיא גאסען נאקעטע און מיט זיי זיך בעגאנגען נאך ערגער, וויא אין סדום. פיעלע וויבער האט מען דיא בייכער אויפגעשניטען, ארויסגענומען דיא גידערים און דערנאך לעבעדיגע קעץ אהין פערנייט. אויפ'ן מיטען מארק האט זיך אן היי־דאמאק געשטעלט נעבען א יאטקעווע קלאָץ מיט א האק אין האנד און האט עט־ליכע הונדערט מענשען דיא קעפ אראָבגעהאקט, דיא גאסען זיינען פול געוואָרען מיט הרוגים, אזוי, אז מען האט שוין ניט געקענט געהן, און גאַנטא האט געגע־בען א בעפעהל, אז מען זאָל דיא טוידטע קערפערס ארויספיהרען אונטער דער שטאָדט און ארויסוואַרפען פאר דיא הינד און חזרים.

נעגען אבענד האט גאָנטא געהייסען ברייננען איינעם פון דיא אדעלינע, א קאטוויר־ישען גייסטליכען, א אידען און א הונד. אויפ'ן פלאַץ, וואו דיא תליות זיינען געשטאנען, האט ער געהייסען מען זאָל אויפהעננען דעם אדעליגען נעגען דעם גלח און דעם אידען געגען דעם הונד, און איבער אלעמען האט ער געלאָזט אויפהענ־גען א גרויסע שילד מיט'ן אויפשריפט: „זיי אלע זיינען גלייך“.

ווייט, ווייט ארום אומאן האט זיך געהערט דיא חוכא וטלולא, דיא ווילדע שכור'ע געשרייען פון דיא היידאמאקעס און דאס קרעכצען און וויינען, יאָמער און קלאָג פון דיא געפייניגטע.

אזוי איז אריבערגעגאנגען דער צווייטער טאָג פון דער הריגה, דער זעקסטער טאָג אין חדש תמוז.

ביי נאכט אנגעטרונקען צו זאט מיט מענשליכע בלוט, איז שילאָ וויעדער־געקומען צו דיא קאָהענס.

— וואס זאָגסטו היינט, מיין שעהנהייט? האט ער איהר געפרעגט האסטו זיך שוין בעטראכט? געפעלט דיר שיי א פאר א מאן?

— יא, איך האב זיך שוין בעטראכט, האט רחל געענטפערט שטייף.

— און וואס?

— איך וועל פאר דיר חתונה האבען נאר ......

— נאר וואס? זאָג מיין שעהנהייט, וואס דוא פערלאנגסט, וועט געטהאָן ווערען.

— נאר דוא דארפסט מיר שווערען, אז מיין טאַטען, מאמען, מיינע ברידער און מיין שוועסטער, וועט קיינער ניט אָנריהרען.

— אָה, דוא נארעלע! און אָהן א שבועה וואָלט איך דערלאָזט, אז עמיצער זאל זיי אָנריהרען אדער בעליידיגען. האט שילאָ געענטפערט און געכאפט זיך פאר'ן

שווערד. יענער וועט דעם קאָפּ פערלירען, ווער עס וועט א וואָרט זאָגען נעגען דיינע.

— אבער איך וויל זיין זיכער.

— איך שווער דיר,

— ווערסטו דיין שבועה ניט ענדערן? דוא דארפסט אויף מיר קיין פערדרוס ניט האבען, איך וועל זיי איצט אָנטהאָן גרויסע קלעמענים, וואס איך וועל דארפען צוליעב דיר אומבייטען מיין אמונה און איך וויל זיי דערפאר בעפריעדינען און וויל זיין זיכער.

— מיין קאָפּ זאל אויף מיר ניט זיין, אויב א האָר וועט פון זיי געמינערט ווערען.

— און קיינער וועט זיי ניט נויטען צום שמד?

— קיינער ניט.

— איך גלויב דיר, האט רחל געזאָגט און געגעבען איהם איהר האנד, וועל־כע ער האט א קוש געטהאָן.

— איך וועל דיר מאכען פאר א גראַפינע, דוא וועסט זיין ביי מיר אזוי וויא פּאָטאָצקי'ס וויב איז, איך וועל דיר געבען אוצרות גאָלד און זילבער, איך האב זיי גאנצע זעק, האט ער גערעדט צו איהר ליידענשאפטליך, און האט איהר גע־וואָלט ארומנעהמען.

— נאָך א זאַך האָב איך דיך צו בעטען, האט רחל געזאָגט, און אויסגע־דרייט זיך פון זיין אומאַרמונג.

— וואס נאָך?

— דוא זאָלסט מיך ניט אָנריהרען, כל זמן איך בין ניט איבערגענאנגען צו אייער רעליגיאָן.

— פאר וואס? האט שילא נעפרעגט פערוואונדערט.

— דאס איז א סוד זאַך.

— קענסטו מיר ניט פערטרויען?

— ניט איצטער.

— ווען?

— מאָרגען.

— גוט, האט שילא געזאָגט, מאָרגען פיהר איך דיך אין קלויסטער.

— זעהר גוט, האט רחל געענטפערט. ווערסטו דיין שבועה געדענקען?

— וועלכע שבועה?

— אז דוא וועסט קיינעם ניט דערלאָזען אָנצוריהרען אָדער בעליידיגען מיינע עלטערן, ברידער, און שוועסטער.

— מיין נאָמען זאל ניט זיין שילאָ, אויב איך וועל מיין שבועה פערגעסען.

— און ניט ברעכען דיא שבועה.

— שילאָ וועט זיין שבועה ניט ברעכען.

— איצט וועסטו אונז לאָזען אליין? האט רחל געזאָגט. יא? דוא וועסט מיך לאָזען צוגרויטען זיך צו דעם מאָרגעדיגען טאָג.

שילאָ איז אוועק.

— א שעלמע א מיידעל! האט ער צו זיך גערעדט, מיט א גליקליכען שמייכעל ארויסגעהענדיג פון דיא קאָהענס. זיא נעהמט מיך שוין אריין צו זיך אין דיא הענד.

— וואס אזוינס קומט דא פאָר? האט דער אלטער געפרעגט, דיא שרעקען פון דיא לעצטע טעג האבען מיך גאָר אראָבגעפיהרט פון זינען. איך הויב ניט אָן צו בענעהמען, וואס דא טהוט זיך מיט דיר?

— איך האָב אייך שוין געכטען געבעטען, איהר זאָלט מיך גאר ניט פרעגען האט רחל געענטפערט; פערלאָזט זיך אויף מיך.

דיא שטובינגע האבען איהר שוין מעהר ניט געפרעגט. זיי האבען גאר גע־קוועטשט מיט דיא פלייצעס און ניט פערשטאנען, וואס האט זיא בדעה צו טהאָן. כאה נאר מיט איהר מוטערס הארץ האט דערפיהלט, אז נאך אן אונגליק וועט זייער הויז טרעפען, און זיא איז ארומגעגאנגען וויא א שאָטען.

היינטיגע נאכט, דאס הייסט דיא צווייטע נאכט פון דער הרינה איז אריבער פונקט אזוי וויא נעכטיגע. וועגען שלאָפען האט קיינער ניט געטראכט, נאר ווער עס איז פערטאטערט געווארען פון דעם לאנגען וואכען, האט איינגעדרעמילט, זיצענדיג, אום באלד אויפצוכאפען זיך מיט א צאפעל.

דער דריטער טאָג פון דער הרינה דאס הייסט דער זיבעטער טאָג אין תמוז איז אָנגעקומען. דיא הרינה איז אָנגעגאנגען וויא נעכטען און וויא אייער־נעכטען, און ביז ביי טאָג איז פון אומאנער פוילישע און אידישע איינוואָהנער קיין שריד ופליט ניט געבליבען. דרייסיג טויזענד אידען זיינען געפאלען טויטע אין דיא דריי טעג אונטער דעם חלף פון דיא היידאמאקעס.

נאך האלבען טאג איז שילא געקומען אין קאהענס הויז פארטינ צו נעהמען רחל'ן אין קלויסטער.

— געדענקסטו דיין שבועה? האט רחל געפרעגט.

— דיא שבועה, וואס איך האב דיר געגעבען, מיין שעהנהייט, וועל איך ניט פערגעסען, האט שילא געענטפערט. ביזטו גרויט?

— יא.

— קום!

— נאר איידער מיר וועלען געהן, קום מיט מיר אריין אין מיין צימער, איך האב דיר א סוד צו פערטרויען.

זיא האט איהם אריינגעפיהרט צו זיך אין צימער.

— איך אב דיר א גרויסע געהיימניס צו פערטרויען. דאס וועט דיר מאכען פאר. דעם גרעסטען מאן אין דער וועלט. מיר האבען בקבלה אזא שפרוך, אז ווען א מענש וויים איהם, וועט איהם קיין קויל ניט נעהמען.

— ריכטיג? און דוא ווייסט דעם שפרוך? האט שילא אויסגעשריען דער פרייט.

— יא, אבער איך מוז דיר איהם אנטפלעקען, איידער איך נעהם אן אייער אמונה, ווייל נאכדעם קען זיין, וועט דער שפרוך פערלירען זיין קראפט, און דוא קענסט עס פרובען אויף מיר.

דער אבערגלויבישער און בלוטדורשטיגער היידאמאק האט זיך א ווילע פערקלעהרט. דער שפרוך קען איהם מאכען פאר דעם גרעסטען מאן, ווער וועט זיין זיין גלייכען ווען קיין קויל וועט איהם ניט נעהמען. נאר טאמער וועט דער שפרוך ניט העלפען און ער קען נאך דערווייל דערשיסען זיין קינפטיגע פרוי, דיא שעהנע רחל. נאר זעהענדיג וויא רחל איז פערטיג צו פרובען אויף זיך דיא קראפט פון דעם שפרוך, האט ער איינגעווילינגט צו שיסען אויף איהר.

— איך געה אויף א ווילע ארויס מיט איהם, האט רחל געזאגט צו איהרע עלטערן, און קום באלד אריין צוריק.

זיא איז מיט שילא ארויסגעגאנגען אין דרויסען, וואו זיינע חברים האבען שוין געווארט אויף איהם, כדי צו פיהרען זיין כלה אין קלויסטער, שילא האט זיי ערקלערט, ווענען וואס דא האנדעלט זיך, דיא היידאמאקעס האבען זיך צוגעקלי־בען צו זעהן אן אונגעוועהנליכע ערשיינונג.

שילאָ איז געשטאנען נעבען זיין כלה, זיא איז געווען בלייך אבער גאנץ רוהיג.

ער האט אָנגעלאָדען זיין ביקס און איז אָבגעטראָטען פון רחל'ן אויף א געוויסען שטח.

— שטעל זיך געהענטער, האט רחל געזאָגט. דוא קענסט דאך א מאל ניט טרעפען.

— האב קיין מורא ניט. מיר האט נאך ניט פאסירט, אז איך זאָל שיסען אין עפּעס און ניט טרעפען.

— ציקעווע זיך גלייך אין הערצען, האט זיא געזאָגט שטיל.

— גוט.

שילאָ האט אָבגעשטעלט דעם ביקס און א שאָס געטהאָן, וויא א אונטער־געהאַקטער בלום איז רחל אנידערגעפאלען. דער קויל האט איהר גלייך אויפ'ן שטעל דער'הרג'עט.

## 20טעס קאפיטעל.

# גאָנטאֶ'ס קרוין.

ווען דיא הריגה אין אומאן האט זיך ג ענדיגט און עס איז שוין ניט געווען צו הרג'ענען, און דיא גאָלד, זילבער, חפצים, זיינע צורויבט געוואָרען, זיינען דיא היידאמאקעס ארויס פון שטאָדט און האבען איהר אונטערגעצונדען.

פון דאנען זיינען זיי אוועק ווייטער מאָרדען און רויבען.

נאר דא האט זיך אריינגעמישט רוסלאנד און זיא האט ארויסגעשיקט געגע דיא באנדיטען סאָלדאטען אונטער דעם פיהרער קרעטשעטניקעוו.

איהם איז געלונגען צו פערנעהמען אין פּלען דיא הויפּט אנפיהרער און ג גרויסע מאסע היידאמאקעס.

זשעלעזניאק'ן האט רוסלאנד פערשיקט אין סיביר, נאר גאָנטאָ'ן מיט נא פיער הונדערט קאזאקען האט זיא איבערגעגעבען אין דיא הענד פון פוילען.

און פויקען האט זיך מיט דיא באנדיטען אָבגערעכענט פאר דיא אלע זייער גרויל'ען. זיא האט זיי שרעקליך געפּייניגט, איידער זיא האט זיי איבערגעגעבי צום טוידט.

פאר גאָנטא'ן האט מען אויך אויסגעפונען א שטראָף, וואס איז אין א קלי געווען פּאָרמאט געוועזן א שפּיגעל פון יענע ענוים און יסורים, וואס ער הא

פעראורזאכט אנדערע. פיערצעהן טעג נאך אנאנד האט מען איהם ניט אויפגע־הערט צו פייניגען, זיין לייב האט מען געקאמט מיט אייזערנע קאמען און די הויט האט מען פון איהם אויף אזא אופן אראבגעשונדען לעבעדיגערהייט. אויסער דעם, האט מען פאר איהם געמאכט א קרוין געגאסען פון אייזען, און די קרוין האט מען אנגעברענט ביז רויט און מען האט איהר ארויפגעזעצט איהם אויפ'ן קאפ *)



*) ה. ו. גורלאנד מאכט אויפמערקזאם אין זיין ספר „לקורות הגזרות", אז די מעשה מיט דער קרוין ווערט פון אייניגע געלייקענט, אבער פיעלע ווילען האבען, אז עס איז ניט קיין אויסגעקלערטע זאך.

**ענדע.**

# קאטאלאג

## אונד פרייז־קוראנט

| | |
|---|---|
| אויפ'ן פידעל שלום עליכם | 5 |
| אונגליקליכע אמאליע | 2.00 |
| אוריאל אקאסטא | .10 |
| איבער געלד און עהרע | .75 |
| אידישע ביהנע 1טע טהייל, טהעאטער קריטיק | .25 |
| אידישע ביהנע 2טע טהייל, טהעאטער לידער | .40 |
| אידישע געשיכטע פון פ. וויערניק | .75 |
| אידישע קרבנות | .15 |
| אידישער קאנגרעס אין באזעל | .03 |
| אייז־מעער | .20 |
| אינדיאנער פירסט | .40 |
| אין שטראם פון רעוואלוציאן | .05 |
| אלט-ניילאנד, דר. הערצל | .50 |
| אמעריקאנישע הגדה | .03 |
| אשמדאי | .05 |
| ביטערע נקבה | .25 |
| ביים טהיר פון גן־עדן | .05 |
| בלאנדער יונגער מאנטשיג | .25 |
| בעטלער גרעפין | .40 |
| בערויבטער קבר | .10 |
| ברוך שפינאזא | .20 |
| גאטטהייט | .10 |
| גאלד גרובען פון קאליפארני | .60 |
| א גאסט פון יענער וועלט | .05 |
| גוטער טייפעל, שמ"ר | .35 |
| גלות מאסקווא | 1.50 |
| געבילדעטער מערדער | 1.50 |
| געהיימער מארד | .05 |
| געהיימע יודען | .15 |
| געזוכט און געפונען | .60 |
| גערויבטע קינד, | 2.00 |
| געריהמטער טרעפער, | .05 |
| געשיכטע פון אמעריקא, | .15 |
| גראספירסט קאנסטאנטין, | 1.25 |
| גראף מאנטא קריסטא | .40 |
| גראף עסטערהאזי, | .40 |
| גראף פאטאצקי, | .05 |
| גרעסטער דעטעקטיוו | .10 |
| דאן קיכאט, פון א. הארקאווי, | 75 |
| דאקטאר און צויבערער, | .10 |
| דור הולך ודור בא, א. גאלדפאדען | .25 |
| דער משוגענער פילאזאף, א. גאלדפאדען | .25 |
| דריי פארשוינען, | .05 |
| דרייפוס, פון יאהאן פאליו נויארק, | 1.50 |
| הגדה פיר בארדער, | .03 |
| הייראטה פון ד. מ. הערמאלין, | .25 |
| הימעל און וואסער. | .45 |
| היפנאטיזמוס, | .03 |
| המן'ס מפלה, | .03 |
| הערשעלע, דינענזאהן, | .15 |
| וואשינגטאן, (ערשטער פרעזידענט אין אמעריקא) | .10 |
| וויכנא דוואשא פאהרט אין אמעריקא | .02 |
| וויכנא דוואשע פאהרט פון אמעריקא | .05 |
| וויכנא דוואשע דיא שדכנ'טע | .10 |
| ווילדע מענשען, | .10 |
| אין ווילדען אפריקא | .10 |
| וויעדער אין דער היים, 2טע טהייל פון א רייזע אין אונבעקאנטע געגענדען | .10 |
| א וועלט אהן טרעהרען, | .03 |
| וועלט באנדיטען, | .45 |
| זילבערנע האכצייט | .10 |
| חאדישי סטאווראס, | .10 |
| חכמת היד, | .03 |
| חרם דרבנו גרשם, | .10 |
| טיראן, | 1.25 |
| טיראנישע מוטער, | 2.00 |
| טערקישער משית | .05 |
| טרילבי, | .10 |
| יאסעלע, דינענזאהן | .15 |
| יאקום בעטבע, | .03 |
| יודקע שמערקעס פאהרט נאך אמעריקא | .05 |
| יודקע שמערקעס גליקען אין אמעריקא | .10 |
| יונגער שיפסקאפיטאן, 2טער טהייל, פון אין ווילדען אפריקא | .10 |

| | |
|---|---|
| ישוע הנוצרי, ד. מ. הערמאלין, | .10 |
| ישוע הנוצרי אָדער יוסף פאנדרי, | .10 |
| לא תרצח פון פרענקעל 1טער טהייל, | .10 |
| לא תרצח " " 2טער טהייל, | .15 |
| לא תרצח " " 3טער טהייל, | .15 |
| לא תרצח " " 4טער טהייל, | .15 |
| ליטווישער קעניג פון דיא שנאָרערס, | .25 |
| ליעבע פון ד. מ. הערמאלין, | .10 |
| ליעבע און מיליאָנען, | .45 |
| ליעבע און ראכע, | .75 |
| ליעדער אלבום | .20 |
| לעצטער בלוט שטורץ, | .10 |
| מאדאם באבעטא, | .10 |
| מאדאם יצר הרע, | .15 |
| מאריא מאגדעלענא | .03 |
| מגילת דרייפוס, | .03 |
| מזיקים, פון ב. גארין, | .10 |
| מחמד, | .05 |
| מסתרי פאריז, | .60 |
| מעשי בראשית, | .15 |
| משוגענער פילאָזאָף, גאָלדפאדען | .25 |
| נקמה פון א בר־מנן, | .15 |
| נתן דער חכם, | .10 |
| סאפהאָ פון אלפאָנז דאָדע, | .15 |
| סטעמפעניו, פון שלום עליכם, | .15 |
| סיבירישער אייזענבאהן, | .25 |
| עדעלשפאטס געדיכטע, | .15 |
| פאוסט פון געהטע, | .10 |
| פאפקארעלא, | .10 |
| פליה מאשין, | .10 |
| פלעוונא, | .25 |
| פסח מאגאזין 100 וויטען, | .10 |
| פעדלער, שמ"ר, | .15 |
| פעטער שמואל, יאפפע | .10 |
| פערלאָרענע שיף, | .50 |
| פראנצויזישע רעוואָלוציאָן, | .25 |
| פרוכט פון זינד, | .10 |
| פרייע ליעבע, | .15 |
| פרינצעסין צולייקא, | .10 |
| פרינץ אלס דעטעקטיוו, | .45 |
| פרץ'ס מעשה'לאך, | .05 |

| | |
|---|---|
| פרץ'ס שריפטען, | 10 |
| פתרון חלומות, | 5 |
| צוואנציג אידישע פאָלקס ליעדער פון אליקום צונזער, | 5 |
| צוואנציגסטער יאהר־הונדערט | 0 |
| צווייא פאָרלאָך, | 0 |
| קאָלומבוס, | 3 |
| קאמעליענדאמע, פון דיומא, | 0 |
| קארמען דעם טייוועלס טאָכטער, | 5 |
| קיובא, | 10 |
| קין'ס צואה, א. טאנענבוים, | 5 |
| קליינע מענשעלאך, | 0 |
| קלעאָפאטרע, | |
| קעטען און קראָנען, | 0 |
| ראָטהשילדס ביאָגראפיע, | 0 |
| ראָמאנען אלבום, | 5 |
| רוסישע געהיימניסע, | 10 |
| ריעזען, | 0 |
| א רייזע אין אונבעקאנטע געגענדען, | 0 |
| א רייזע ארום דער וועלט אין 80 טעג, | 5 |
| א רייזע אין הימעל, | 0 |
| א רייזע צו ויד פאָל, | 5 |
| רעגינע, | 5 |
| רמבם"ס לעבענס בעשרייבונג, | 3 |
| שאילאָק, שעקספיער | 5 |
| שווארצע דיאמענטען, | 5 |
| שווארצע האנד, | 5 |
| שווארצע חברה, | 5 |
| שווארצע קונסט, | 0 |
| שווינדלער, | 0 |
| שטאָדט מסור, | 5 |
| שטארקער פון אייזען, | 5 |
| שטומער בעטלער, | 15 |
| שטיינערנער מענש, שמ"ר, | 0 |
| שעהנע העלענא, | 5 |
| שפאניש־אמעריקאנישער קריעג, | 0 |
| א שפאציער אין גיהנום, | 3 |
| א שפיצעל פון א פורים שפיעלער, | 3 |
| שרעקליכע געהיימנים, שמ"ר, | 5 |
| תחית המתים, פון נאָרדוי, | 8 |

## נראף טאלסטאי'ס ביכער.

יוואן איליטש'עס טויט, .10
יוואן דער נאר, .03
יך און מיין מאן, .10
ננא קארענינא, .25
אלסטאי'ס ביאגראפיע, .03
יין ווידוי, .10
יין פריינד'ס פרויא, .10
ער נסיון, .10
אליקושקא, .10
יא פערפיהרונג, .10
ווייא דורות, .10
יעג און פריעדען, .50
ייצער סאנאטא, .10
חית המתים, .15

## עמיל זאלא'ס ביכער.

לוטיגע תתונת .10
גלח'ס ווינד, .10
יא דארפס מיידעל, .10
ייבערשער גן־עדן, .25
ערמינאל, .40
ער טויט שלעגער, .30
יעבעס נאכט, .10
עבען און טויט, .10
וענשליכע בעסטיעס .15
אנא, .35
אנטאס אדער דער געקויפטער מאן, .10
ערגיפטעטער קוס .25
אריזער דאמען, .10
און חופה צום קבר, .10
רוויעך־ליעבע, .10

## אבראמאוויטש'ס ווערקע.

לטע מעשה, .10
יאס ווינש פינגעריל, .15
יא טאקסע, .15
ודעל, .15
ישראליק דער משוגענער, .10
ישקע דער קרומער, .15
דער פריזיוו, .15
דיא קליאטשע. .15

קליין מענשלע, .15
רייזע בעשרייבונג פון בנימין דעם דריטען .10
שלמה ר' חיים'ס, .10

## גאלדפאדענ'ס טהעאטערשטיקע (פיעסען.)

אחשורוש, .10
באבע מיט'ן אייניקעל, .10
ביידע קוני לעמעל'ס, .10
בר כוכבא, .10
דאקטאר אלמאסארא, .10
כשוף מאכערין, .10
מליץ יושר אדער ר' יאזעלמאן, .10
קבצנזאהן און הונגערמאן, .10
שולמית, .10

## שייקעוויטש'ס טהעאטערשטיקע,

דיא קאקעטע דאמען, .10
דיא שפאנישע אינקוויזיציאן, .10

## וויטצען ביכער.

אמעריקאנישער וויטצלינג, .05
אנעקדאטען בוך, .05
הערשעלע אסטראפאליער, .10
וויטצען אלבום, .15
וויטצען פון קארט, .03
חייקיל דער לץ, .05
מאטקע חב"ד, .05
שייקע פייפער, .05

## מעטהאדעס צו לערנען ענגליש,

אלענדארף'ס מעטהאדע מיט'ן שליסעל, 1.25
אמעריקאנישער לעהרער, בראשירט אין טאשען פא־מאט, .20
אמעריקאנישער לעהרער, געבונדען אין טאשען פארמאט, .25
דייטש פיר אנפאנגער, 05
יודיש־אמעריקאנישע שוהלע, געבונדען, .25
ענגלישער אלף־בית .05
נייעסטע ענגלישע מעטהאדע בראשירט .25
נייעסטע ענגלישע מעטהאדע, געבונדען, .35
ענגלישער לעהר־בוך, .15
ענגלישער לעהרער, בראשירט, .30

חארקאווים ענגלישער לעהרער, געבונדען, .40
ענגליש רוסיש מעטהאָדע, געבונדען, .35
נוראק'ס ענגליש־רוסיש מעטהאָדע, .65
קראנין'ס מעטהאָדע, .75
תורת לשון אנגלי, א ענגליש־העברע־אישע מעטהאָדע, .25

## בריעפענשטעלער.

הארקאווים ענגליש־יודישער בריעפענשטעלער און ספעלער, .30
הארקאווי'ס בריעפענשטעלער געבונדען, .40
ווארן'ס ענגליש־יודישער בריעפענשטעלער, .75
בריינקעל'ס ענגליש־יודישער בריעפענשטעלער, .25
הארקאווי'ס ענגליש־יודישער בריעפענשטעלער, פאָלשטענדיג, 1.00

## ווערטער ביכער.

ענגליש־יודישעס און יודיש־ענגלישעס טאשען ווערטער־בוך, קלאָט באנד, .65
דיטאָ לעדער באנד, .90
ענגליש־יודישעס האנד ווערטער־בוך געבונדען, 1.00
פאָלשטענדיגעס ענגליש־יודישעס ווערטערבוך, געבונדען, 2.25

## מעטהאדעס.

דער סטיזען נאכ'ן נייעם געזעץ, .05
אריטהמעטיק, אָדער רעכנען לעהרער, .10
בוכהאלטונג און געשעפטס־פיהרונג, .25
דאָקטאָר בוך, פון דר. לאנדעס, .25
דער לאָיער, לאנדעס געזעצע, 10

קאָך בוך וויא צו קאָכען און באקען, .25
קאָנסטיטוציאָן פון דיא פעראייניגטע שטאאטען, און דער סיטיזען נאכ'ן נייען געזעץ פון א. הארקאווי, .10
דער עמיגראנט דיא געזעצע פון איינוואנדערונג, .10
קאשינגס האנד בוך, מיטינגס געזעצע .25
קאשינגס האנד בוך געבונדען, .30
שוואנגערשאפט און קינדער ערציהונג, .15

## מעטהאדעס פיר קינדער צו לערנען פון אנפאנג אלף־בית.

אלף־בית באותיות גדולות מאד, .03
וואַט אלף־בית, פיר חדרים אויף ליינוואנד, סייז 44x28 .50
המכין מיט אידישער און ענגלישער איבערזעצונג .15
בית הספר, מיט אידישער און ענגלישער איבערזעצונג, שניידער .35
דברי הימים לעם בני ישראל, געבונדען, 15
שלחן ערוך לבני הנעורים, .15
ההתחלה, הלל מאלאכאָווסקי .10
המתחיל מיט 150 בילדער, געבונדען, .15
הפדגוג העברי מיט ענגלישע איבערזעצונג, געבונדען, .15
למדו היטב פון מ. פיק, .05
למודי הקריאה מיט ענגלישע איבערזעצ. .10
מורה לשון עבר, הלל מאלאכאָווסקי .25
ראשית דעת שפת עבר, קרינסקי .15
שפה חיה מיט 200 בילדער, געבונדען, .15
שפה חיה חלק שני, .25
תולדות ישרון מיט ענגלישע איבערזעצונג, געבונדען, .15

דיעזע אללע ביכער, בראָשורען, מעטהאָדעס און ווערטער ביכער זיינען פאָלשטענדיג גאראנטירט אז עס פעהלט ניט איין בלאט, דיא פרייזען זיינען נור פיר יחידים (איינצעלנע קויפער'ס) בוכהענדלער בעקומען א גרויסען ראבאט (דיסקאונט).

דיא אללע ראמאנען און העפטען זיינען ניט געבונדען, ווען יעמאנד וויל זיי האבען געבונדען בערעכנען מיר 5 סענט פיר יעדען בונד פון 10 העפטען און 6 סענט פיר יעדען בונד פון 15 העפטען.

צו בעקומען בייא אללע בוכהענדלער וויא אויך בייא

HEBREW PUBLISHING CO., 83-85 Canal St New York.

# פָארְרֶעדֶע.

אֵין כֹּחַ בָּעט, עֶס אִיז נִישְׁט דָא קֵיין קְרַאפְט אִין דֶער פֶעדֶער, צוּ פָארְשְׁטֶעלֶען רִיכְטִיג דִיא גְרוֹיסֶע שִׂמְחָה אוּנ פֶערְגֶעניגֶען, וָואס דֶער שְׁטַארְקֶער לִיבְּהָאבֶּער, פוּן גֶעשִׁיכְטֶע, הָאט בְּשַׁעַת עֶר גֶעפִינְט דִיא גְרוֹיסֶע מְצִיאָה, וָואס זִיא אִיז בַּייא אִיהְם טַייעֶרֶער פוּן כָּל סְגֻלַּת מְלָכִים, וָואס אִיז דָאס? נָאר אֵיין אַלְטֶער מַאנוּסְקְרִיפְּט (כְּתַב יַד), אִין וֶועלְכֶען עֶס זֶענֶען בֶּעשְׁרִיבֶּען דִיא מִדּוֹת, אוּנ דָאס לֶעבֶּענְסַארְט, חֻקִּים וּמִשְׁפָּטִים, מִנְהָגִים וּסְדָרִים, פוּן דִיא פָארִיגֶע דוֹרוֹת, דָאס אִיז גוּט בַּאקָאנְט דֶער גֶעלֶערְנְטֶער וֶועלְט, מֶען בַּארְף אִין דֶעם נִיט פִיעֶל מַאֲרִיךְ זַיין.

דֶערִיבֶּער לִיבֶּע לֶעזֶער! וִויא מֶען זֶעהְט אַרוֹיס גָאר דַייטְלֶעךְ אוּנ קְלָאהְר, אַז אוּנְזֶערֶע יוּדֶען אִין רוּסְלַאנְד וֶוערֶען נִשְׁתַּנֶּה פוּן טָאג צוּ טָאג, טְרֶעטֶען אָפּ מִיט רִיזֶען שְׁרִיט, פוּן דֶעם אַלְטֶען וֶועג, רֶעפָארְמִירֶען זִיךְ אִין פִיעֶל הִינְזִיכְטֶען, קָאן מֶען זִיךְ לַייכְט פָארְשְׁטֶעלִין וִויא דִיא שְׁפֶּעטִיגֶע דוֹרוֹת וֶועלֶען זִיךְ גֶעוִויס קֵיין בֶּעגְרִיף נִיט קָאנֶען מַאכֶען פוּן דִיא יֶעצְטִיגֶע פָארְמֶען אוּנ פַארַאדֶקֶעס פוּן דִיא יוּדֶען, זֵייא וֶועלִין גָאר נִיט וִויסֶען דָאס לֶעבֶּען וָואס זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערֶען הָאבִּין נֶעבִּיךְ· פַאר בְּרַאכְט גָאר זֵייעֶרֶע יָאהְרֶען אִין צָרוֹת, אוּנ אִין דַחֲקוֹת.

פְרֶעגְט אִיךְ בֶּעט אַייךְ, אִיבֶּער וָואס? נָאר אִיבֶּער דוּמְהֵייט אוּנ שְׁטוּתִים, פוּן נַארִישֶׁע אוּנ שֶׁעדְלִיכֶע מִנְהָגִים, וָואס קֵיין יוּד וֵוייסְט נִיט, וֶוער עֶס אִיז גִיוֶועהְן דֶער עֶרְשְׁטֶער מְשׁוּגָע, וָואס הָאט גֶעוִויס גִיהַאט אַ בִּלְבּוּל הַמּוֹחַ, אוּנ הָאט אַזֶעלְכֶע שְׁטוּתִים אַרַיינְגֶעבְּרַאכְט אִין דֶער יוּדִישֶׁער גֶעמֵיינְדֶע, — כִּמְעַט נִיט אֲפִילוּ אֵיינֶעם פוּן טוֹיזֶענְד, אִיז גָאר פָאר גֶעקוּמֶען אוֹיפְן מוֹחַ אַ קְלֶעהְר צוּ טָאהְן „הַא? גֶעוַואלְד גֶעשְׁרִיגֶען!" אֶפְשַׁר זֶענֶען מִיר גָאר נַארְרָאנִים? נָאךְ וָואס זָאלֶען מִיר הַאלְטֶען אַזֶעלְכֶע פּוּסְטֶע צֶערֶעמָאנִיֶעס פַאר דִינִים הֲלָכָה לְמֹשֶׁה מִסִּינַי? אֶפְשַׁר אִיז גָאר אַ סְבָרָא, אַז מִיר וֶוערֶען פַאר שְׁוַוארְצְט אוּנ פַאר פִינְסְטֶערְט אוּמְזִיסְט? חְלֶעבֶּען עֶס וָואלְט אֶפְשַׁר גָאר נִיט קָרִים גֶעוֶועהְן אַבִּיסֶעל מְבַטֵּל זַיין אַזֶעלְכֶע קִינְדֶערְשֶׁע

שפילעכלך

שפּילעכלך, גענוג זיך שוין נאָך שלעפּען וויא דיא שעפּעלעך נאָך דעם בלינדען פּאַסטוך.

נאָר חס ושלום אַזעלכע חקירות ודרישות, האָט קיינער קיין העזה ניהאַט זיך פאַרנעמען, דער ניט בעקלערטער זאָץ „מנהג ישראל תורה" האָט פאַר זיגעלט מיט אַ הייליגער חתימה, אַלע שטותים, הבלים און פּוסטע זאַכען, און האָט זייא געשטעלט אויף איין מדרגה מיט דיא דינים וואָס „יהרג ואל יעבור" — נאָ לאָמיר באמת פאַרשטעהן דיא ווערטער „אַיודישער מנהג איז אַ תורה": וואָס איז דאָס אַ מנהג? דער עלטער זיידע אָדער יענער אַלטער מאַן האָט אַזוי געטאָהן, נאָ דאָס איז דער פּשט פון דעם וואָרט „מנהג" נאָ לאָמיר קלעהרען וואָס איז געוועהן דער אַלטער מאַן? אפשר אַ נביא, אָדער אַ חכם, וואָס איז חשובער פון אַ נביא? דאַרפט זיך גיין, נאָ, קאָן דאָך זיין אַז ער איז אפשר אַ שוטה. ופתי און אַ מאמין לכל דבר? אַי וואָס? ער האָט דאָך דאָס אויך בקבלה געהאַט פון זיינע עלטערין, אַט דאָס איז טאַקי אַ קלאָץ קשיא, איך האָב פיינד צו זאָגען, איהר מיינט בוודאַי אַז אַ זיידע איז שוין גאָר אַ גרויסער תקיף, אָבער גאָר לאַ, דער גאַנץ עלטערער מאַן האָט אויך גיקענט זיין אַ גרויסער נאַרר, און איין עם הארץ אויך דער צו, עס איז נאָר שווער גיוועהן, און אפשר גאָר גרינג דעם ערשטען נאַרר צו פאַלען אויף אַ רעכטען נאַרישקייט, דער נאָך איז דאָס שוין איבער גינאַנגען וויא אַ מזמור, פון איין נאַרר צום אַנדערען, פון שוטה לשוטה, ביז עס איז גיוואָרין אַ מנהג ישראל, און אגב אורחא גאָר אַ תורה.

איך וויים אַז אַ פרימער יוד וועט זיך ניט קאָנען אויפהאַלטען, און וועט גענווים אַ פרעג טאָהן, נאָך דער שיטה, זענען מיר דאָך גיט זיכער מיט אַלע דינים, וואָס מיר האָבין זייא אויך נאָר בקבלה איינער פון דעם אַנדערען? אָבער אויף דער שטאַרקער קשיא, וועל איך איהם ענטפערען קורץ און שאַרף, אַ מנהג איז ניט קיין דין, אַ דין האָט דאָך אַ מקור און אַ שורש אין דער תורה, אָבער צום ווייניגסטען אין דער גמרא, אָבער אַ מנהג, איז דאָך דער פּשט: דער עולם פיהרט זיך אַזויא, דאָס איז אפילו מע ווייסט ניט קיין שום מקור דער צו, קאָן דאָך זיין אַז דאָס איז אפשר גאָר אַ שטות, וואָס האָט זיין גלייכען גישט.

אַ מופת דער צו, איז דער „מנהג פון כפרות שלאָגען", וואָס עקסעסטירט ביא אַלע יודען גאַנץ שטאַרק פון אַ לאַנגער צייט, און האָט שוין גאָר אַ פּנים ביא אונז וויא אַ דין תורה ממש, מע פרעגט שוין דאָך גאָר שאלות, וואָס זאָל טאָהן אַ אשה מעוברת? וויא אַזויא זאָל זיא שלאָגען כפרות?, פיללייכט טראָגט זיא אַ צווילינג, אָדער אפשר גאָר דרייא נפשות? אַ קשיא אויף אַ מעשה!

נָא דִיא פּוֹסְקִים אַחֲרוֹנִים הָאבֶּען זִיךְ אֶפְשַׁר קֵיין צַייט נִיט גֶענוּמֶען, אֲפִילוּ אִין אַזֶעלְכֶע פַארְשִׁימֶעלְטֶע גֶעשֶׁעפְטֶען אוֹיךְ גֶעבֶּען גֶעזֶעצֶע ? אוּנ טַאלֶקְעוֶוען אַזוֹיא שְׁטַארְק, אַשְׁטֶעהֶגֶער וִויא דִיא כַּפָּרוֹת שְׁלָאגֶען וָואלְט בֶּאֱמֶת גֶעוֶועהְן אַ פָּסוּק מְפוֹרָשׁ אִין דֶער תּוֹרָה הַקְּדוֹשָׁה, – פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט דֶער בֵּית יוֹסֵף בְּפֵירוּשׁ גֶעזָאגְט אִין שֻׁלְחָן עָרוּךְ: (אִין דִיא יֶעצְטִיגֶע דְרוּקֶען, הָאט מֶען שׁוֹין דָאס אַרוֹיס גֶעוָוארְפֶען, עֶס לוֹינְט נִיט פַאר דֶער טַאקְסֶע) „אַז דָאס אִיז אַ מִנְהָג שְׁטוּת" דֶער פוּן קָאן מֶען שׁוֹין גוּט אַרוֹיס זֶעהְן אַז אַ מִנְהָג וָואס עֶר אִיז אֲפִילוּ גַאנְץ אַלְט, קָאן דָאס אוֹיךְ זַיין פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אַ מִנְהָג שְׁטוּת וְהֶבֶל, וָואס הָאט גָאר קֵיין שׁוּם מַמָשׁוּת נִיט.

אִיךְ וֵוייס אַז אוּנְזֶערֶע לַייט קָאנֶנֶען זִיךְ אֵיין עֵצָה גֶעבִּין (דָאס קֶעפִּיל אִיז חָרִיף) אוּנ זָאגֶען אַז הִיטֶען דִיא מִנְהָגִים, אִיז אֵיין אַרְט „כִּבּוּד אָב" מִילָא נָאךְ דֶעם גַאנְג, מוּז מֶען נָאךְ טָאהְן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערֶען, טָאטְשׁ אוֹיבּ טָאטְשׁ, הָא ? אַ סְבָרָא ? וִויא זָאגְט אִיהְר ? חָלֶעבֶּען אַ גוּטֶער פְּלַאן, זַיין אַ טִיפֶּשׁ, אַ חָסֵר דֵעת, אוּנ גְלוֹיבֶּען אַז יֶעדֶער מֶענְשׁ מוּז נָאךְ טָאהְן אַלֶע צֶערֶעמָאנְיֶעס וָואס זַיינֶע עֶלְטֶערֶען הָאבִּין גֶעטָאהְן, חָאטְשׁ עֶר זֶעהְט אוּנ פַארְשְׁטֶעהְט, אַז דָאס אִיז תּוֹהוּ וָבוֹהוּ, אוּנ גָאלֶע שְׁטוּתִים, „כִּבּוּד אָב" אִיז נָאר אִין וֶועלְט גֶעשֶׁעפְטֶען, אָבֶּער נִיט אִין רֶעלִיגְיָאנְס זַאכֶען.

קוּמְט נָאר אַהֶער, אִיהְר נַארִישֶׁע פְרוּמֶע לַייט ! אִיךְ וֶועל אַייךְ יָא פְרֶעגֶען אַ קְלָאטְץ קַשְׁיָא, זָאגְט מִיר, אִיהְר זֶענְט אֶפְשַׁר פְרִיהְמֶער פוּן אַבְרָהָם אָבִינוּ ? אַ קַשְׁיָא אוֹיף אַייךְ, נָאר מִיר דַאכְט אַז אִיהְר אַלֵיין וֶועט אוֹיךְ מוֹדֶה זַיין, אַז מִיר זֶענֶען אַקֶעגֶען אִיהְם, אִי אִין שֵׂכֶל, אִי אִין מוּסָר, וִויא אַ פְּלִיג גֶעגֶען אַ הֶעלְפַאנְד, – נָא וָואס אִיז גֶעוֶועהְן דִיא מַעֲשֶׂה מִיט אִיהְם ? פַאר וָואס הָאט אַבְרָהָם אָבִינוּ גֶעטְרֶעטִין פוּן זַיין דוֹר'ס וֶועג ? פַאר וָואס הָאט עֶר אַוֶועק גֶעוָוארְפֶען אַלֶע מִנְהָגִים, אַלֶע צֶערֶעמָאנְיֶעס פוּן זַיינֶע עֶלְטֶערֶען ?

אִיהְר מֵיינְט אֶפְשַׁר אַז תֶּרַח הָאט גָאר קֵיין צַעַר גֶעהַאט פוּן זַיין זוּהְן אַבְרָהָם, וָואס אִין זַיינֶע אוֹיגֶען אִיז עֶר נֶחְשָׁב גֶעוֶועהְן גֶעוִוים פַאר אַ בֵּן סוֹרֵר וּמוֹרֶה ? גַאנְץ גֶעוִוים הָאט נָאךְ דֶער תֶּרַח טַאג טֶעגְלִיךְ גֶעשְׁטְרָאפְט זַיין טַייֶערֶען זוּהְן מִיט אַזֶעלְכֶע וֶוערְטֶער: „זֶעה אַבְרָמִיל, קוּק זִיךְ אַרוּם, וַוארְף אַוֶועק דַיינֶע שְׁטוּתִים, דוּא גֶעהְסְט נִיט בְּדֶרֶךְ הַיָּשָׁר, דוּא וִוילְסְט זַיין קְלִיגֶער וִויא דַיין טַאטֶע אוּנ דַיין זֵיידֶע אוּנ דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט, דוּא מֵיינְסְט אִין אֱמֶת אַז דוּא בִּיסְט שׁוֹין גָאר אַ גְרוֹיסֶער פִילוֹסוֹף, דוּא מַאכְסְט חוֹזֶק פוּן דֶער גַאנְצֶער אֱמוּנָה, פְרֶעגְסְט אַלֶעס קַשְׁיוֹת, דוּא וִוילְסְט אַלֶעס פַארְשְׁטֶעהְן מִיט דַיין קִינְדֶערְשֶׁען שֵׂכֶל, פְרֶעגְסְט וִויא קָאן דָאס זַיין ?, דוּא הָאסְט אַ שְׁטָאלְץ צוּ פְרֶעגְן פוּן וַואנֶנֶען וֵוייסְט מֶען דָאס אַלֶעס ?, אַי גֶעוַואלְד אַבְרָמִיל ! זֶעה וָואס פַאר אַ שְׁלֶעכְטֶען שֵׁם דוּא הָאסְט גֶעקְרִיגֶען אִין

שטעטיל, אלע דייטשן דאך אויף דיר מיט דיא פינגער „אט געהט אברמיל תרח'ס, אט געהט דער אפיקורס” ווער וועט וועלען זיך מיט דיר משדך זיין? עס איז מיר פשוט א חרפה אופן גאס ארויס צו געהן, גאטט ווייסט צו וואס דוא קאנסט קומען” 1).

נא אדרבה פרעג איך אייך: וואס איז באמת געוועהן דיא געשיכטע מיט אברהם אבינו? וויא איז מען דאס אזוי מורד געגען אזוי פיעל עלטערע מענשען, געגען אלטע מנהגים, אונ געגען דער גאנצער אמונה? פאר וואס האט ער ניט געלעגט כבוד אויף זיינע עלטערען? נאר דיא מעשה איז גאר פשוט, מען בארף דער צו גאר קיין גרויסע פילוסופיא האבין, דאס שטיקעל שכל הישר איז פיעל וויכטיגער וויא דער אלטער מאן.

איינער א קליגער תלמודיסט ר' אביהו, האט זיך אין איין ארט זעהר גוט אויסגעדרוקט, בשעת אז ר' ירמיה האט איהם געזאגט: „פשיטא דהלכתא כוותין” עס איז זעכער דער דין וויא מיר זאגען, „דקשישנא מינייכו” ווארום מיר זענען עלטער פאר אייך, „ולאו הלכתא כוותייכו” אונ דער דין וועט ניט זיין וויא איהר, „דרדקי אתון” ווארום איהר זענט נאך יונגע מענשען, נא אויף דעם האט איהם ר' אביהו גיגעבען א קליגע תשובה בזה הלשון: „מידי בקשישותא תליא מלתא? בטעמא תליא מלתא! (ב"ב קמ"ב) עס הייסט: יעדער זאך איז נאר דאמאלס וויכטיג, ווען דיא סברא איז דער צו מסכים, אבער ניט אז יענער אלטער מאן איז דער צו מסכים.

על כן אז אונזער פאטער אברהם דער ערשטער וואס האט דערקענט דעם אמתין איינציגען גאטט, וואס אחוץ דעם אלעמען איז ער געוועהן דער שטארקער בעל שכל, אונ דער גלייכער בעל סברא, דער גרויסער קריטיקער מיט א געזינדען מענשען פארשטאנד, האט בעטראכט דיא גאנצע געצינ־דינעבייא פון זיין דור, וויא זיא איז דורך הבל הבלים, איין שטות גרעסער פון דעם אנדערען, גאללע שקרים וכזבים, פון חלומות, מתים, לחשים אונ קמיעות, פון שדים, רוחות, לצים אונ מזיקים, מכשפים אונ מכשפות, — האט ער א קלעהר געטאהן, בייא אזוינע וויכטיגע ענינים גיבט מען ניט קיין כבוד דיא אלטע לייט מיט זייערע נארישע איינבילדיגען, איך טוו געבען כבוד מיין אייגענעם שכל וואס דאס איז א מתנה פון גאטט.

אי וואס וועט איהר זאגען, דיא גאנצע וועלט איז דאך ניט משוגע,

דער

---

1) אזויא וויא עס האט זיך טאקי אוים געלאזט דער סוף, אז נמרוד האט איהם טאקי געוואלט ממש אומברענגען פון דער וועלט, אונ פאר וואס? ניט חס ושלום פאר קיין שום פאר ברעכען, נאר איבער רעליגיעזע ענינים, נאר איבער דיא אלע זייערע נארישע מנהגים.

דער גאַנצער כְּלַל קאָן דאָך קיין נאַרר ניט זיין ? נייַן דאָס איז אַ נאַרישע חֲקִירָה, לאָמיר גוט פאַרשטעהן, פון וואָס בעשטעהט אַ כְּלַל ? וועֶר איז דיא גאַנצע וועלט ?? נאָר פון אַסך איינציגע מענשען ווערט אַ כְּלַל, פאַרשטעהט מען דאָך אַז אויב יעדערער איינציגער מענש קאָן זיין אַ נאַרר קאָן דאָך שוין אַ כְּלַל אַפִילוּ פון טויזענדער מענשען אויך זיין דורך נאַרנים, וואָרום בְּאֱמֶת איז דאָך „אֵין בִּכְלַל אֶלָּא מַה שֶׁבִּפְרַט“ דער כְּלַל בעשטעהט דאָך נאָר פון דיא פְּרָטִים, נאָ איז פון פיעל איינצעלע טִפְּשִׁים געוואָרין אַ כְּלַל דורך אויס פון שׁוֹטִים וּפְתָאִים, דער פָּסוּק זאָגט אויך דאָס זעלבע „לֹא רַבִּים יֶחְכָּמוּ“ מיינט ניט אַ סך מענשען אין איינעם טוען זיין קלוג, איין קליגער מענש איז פיעל וויכטיגער וויא דיא גרעסטע געמיינדע נאַרנים — מע זעהט דאָך אַז אַללע סיסטעמען אין דער וועלט, זענען דאָך נאָר אַרויס פון איינצעלע מענשען, דער כְּלַל ווייסט גאָר ניט, ער טראַכט גאָר ניט — אָט מיט אַזאַ קליגען גאַנג האָט אַבְרָהָם אָבִינוּ אָפּגעטרעטען פון דעם נאַרישען רעליגיאָן פון זיין דור, חָאטש זיינע עלטערין זענען אויך געוועהן פון דער סעקטע.

בֶּאֱמֶת, האָבען בעדאַרפט אונזערע יודען נאָך געהן נאָך אונזער טייערען פאָטער אַבְרָהָם, יעדע זאַך בעקלעהרען מיטין שֵׂכֶל הַיָּשָׁר, זעהן בעטראַכטען יעדער מִנְהָג, יעדער פאַראַדאָק, צו האָט ער עפּים אַ מַמָּשׁ, אָדער נייַן ?, צו איז ער בֶּאֱמֶת אַ דִין תּוֹרָה, אָדער גלאַט אַ שטיקעל חוּמְרָא פון אַ פּוֹסֵק אַ פאַנאַטיגער, וואָס האָט קיין חַס ניט אויף יודעש געלד ווייעהרע מיהע און מאַטערניש, ער מיינט אַז דיא גאַנצע קונסט פון אַ פּוֹסֵק איז נאָר אַלעם מַחְמִיר צו זיין, ער פאַרגעסט אַז „כֹּחָא דְהֶיתֵּרָא עָדִיף“ (קידושין דף ס׳) דער קונסט און קבאַפּט פון מַתִּיר זיין, איז פיעל בעסער און פיעל גייטיגער, מע באַרף אַ מאָהל גאָר אַ קלעהר טאָהן, אֶפְשַׁר איז דאָס גאָר אַ מִנְהָג פון אַלטע נאַרישע ווייבער ? נאָ ! נאָ ! פון אַזעלכע שִׁגְעוֹנוֹת איז אויך כְּדַאי אֶפְשַׁר פאַר שוואַרצט צו ווערען ? דער פאַר וועט מען אויך האָבען עוֹלָם הַבָּא ? וויא קלעהרט איהר יודען ? אַ מענש וואָס האָט נאָר אַ שטיקעל קלעפּקע אין מוֹחַ, וואָס ער איז נאָך ניט גוט מְשׁוּגע געוואָרען, קאָן גלויבען אַז פאַר כַּפָּרוֹת שלאָגען, געהן צו תַּשְׁלִיךְ, שמייסען דיא סטענדערעס מיט דיע הוֹשַׁעְנוֹת, שלאָגען זיך מַלְקוֹת כּלומערשט פון שַׁמָּשׁ עֶרֶב יוֹם כִּפּוּר, (וואָס דאָס איז שוין גאָר אַ כָּבוֹד געוואָרען, און דער געשמיסענער האָט גאָר דער פון נַחַת ניט קיין צַער חָלִילָה), פאַר קויפען חָמֵץ דעם באָר גוי עֶרֶב פֶּסַח אויף געלעכטער, פון אַזעלכע מַצּוֹת זאָל מען אויך האָבען עוֹלָם הַבָּא ? — נאָר אויף אַזעלכע שְׁטוּתִים און הֲבָלִים וואָס מאַכען דעם יודען קיין ענגשאַפט אין לעבען, קאָן נאָך דער עַקְשָׁן דער שׁוֹטֶה זאָגען: וואָס מאַך איך דאָ קאַליע ? לאָז זיך מיר באַכטען אַז דאָס איז גלאַט

א שפילכען

צו שפילען, איז ווייניג נארישקייטען פאר ברענגט מען דען א מאהל דיא פאריערע צייט ?

נא זאלל שוין זיין אזויא, דוא ביסט גערעכט, אבער וואס זאגסטו צו דיא שטותים וואס מאכען געבאך אונגליקליך דעם יודען ?, באכט זיך אז עס וואלט שוין צייט געוועהן זיך ארומקוקען, אונ מבטל זיין אזוינע געפעהרליכע פאראדקעס כעפרא דארעא, – וויא פיעל איז דער שיעור זיין א נארר ? וואס פאר גליקען האבען מיר דער לעבט פון אונזערע נארישע גענג ? זעהט איהר, דאס האבען מיר יא דער לעבט: צרות, דחקות, ניט עסען, ניט טרינקען, קריג, שלעק, חרפות אונ בישות.

נא וואס שוואגען מיר ?, דער יוד וויל זיך ניט ריהרען פון דעם ארט, ער איז אונטער גענדריקט אונטער דער משא פון דיא אללע פארמעס, אונ ער קאן זייא פון זיך ניט אראפ ווארפען, פאר וואס ? ווער האט דאס אויף אונז ארויף געלעגט ? ווער לאזט אונז ניט זיך לויז מאכען פון דיא דאזיגע הבלים ?

ווייסט איהר ליבע לעזער, וואס פאר א פנים דאס האט ? דאס איז אקוראט וויא מען לייגט ארויף אויף איין הינדיק (וואס אין דער נאטור געשיכטע האלט מען איהם געבאך פאר א גרויסען שוטה) א שטרויא אופן קעפיל, זיצט ער אונ ריהרט זיך ניט פון דעם ארט, איהם דאכט זיך אז אויף איהם ליגט א משא פון ככה פיד, אז דיא פתי טיהע זיך נאר א ריהר וועסטו זעהן ? גיין ער האט מורא, אז וואס וועסטו אנווערען, דיא מענסט דאך מאכען א פראבע, אפשר וועט דאס דיר אפגילטען, אונ דיא משא וועט אראפ פאלען דורך דיין בעוועגונג ? גיין ! ער איז אבער במחילה אזויא א נארר אז ער טראכט גאר אז אפילו פריווען זיך איז אויך איין עבירה.

אט אזוי ריכטיג זענען אונזערע יודען להבדיל, מיר רעכינען דיא אלע שטותים וועלכע זענען גרינג וויא שטרויא פאר וויכטיגע ענינים, אונ באריבער ליגען זייא אויף אונזער קאפ וויא גרויסע משאות, אבער אין גרונד ווען מיר וואלטען זיך נאר איין טרעססע געגעבען, וואלטען זייא אללע פון אונז אוועק געפלויגען כמוץ לפני רוח, וויא א פאלאווע פארען ווינד.

אבל לכל עת, אויף אלעם קומט א צייט, דער הינדיק מיטן שטרויא אופן קעפיל זיצט אויך ניט שטענדיג אויף זיין ארט, ווען ער אליין האט טאקי קיין שכל ניט זיך צו העלפען, קומט א פרעמדער אונ טרייבט איהם אוועק פון זיין ארט, דער ווייל פליהעט אראפ דער שטרויא פון דעם קעפיל, – אונ אזויא קלעהר איך וועט זיין מיט אונז: ווען מיר אליין האבען זיך מורא א ריהר צו טאהן, וועלען אנדערע סבות אויף העבען אונז, ביז מיר וועלען פון זיך אפ טרעססען דיא שטרויענע מנהגים, אונ מיר וועלען אויפהערען זיין בבחינת „הינדיק“.

עֶס וַייזְט אוֹיס (אֶפְשַׁר הָאבּ אִיךְ אַ טָעוּת הַא ?) אַז מִיר רִיהְרֶען זִיךְ שׁוֹין עֶטְוָואס, מִיר פִיהְלֶען שׁוֹין אַז אוֹיף אוּנְזֶער קָאפּ לִיגְט נִיט אַזֶעלְכֶע שְׁוֶוערֶע מַשָׂאוֹת, וָואס אִיז נִיט בְּכֹחַ לוֹיז צוּ וֶוערֶען פוּן זַייא, מֶע בַּארְף זִיךְ נָאר שְׁטַארְק רִיהְרֶען, אוּנד מַאכֶען בֶּעוֶועגוּנְג, וֶועלֶען דִיא אַלֶע שְׁטְרוֹיֶענֶע דִינִים וּמִנְהָגִים, אַוֶועק פְלִיהֶען פוּן אוּנְז וִויא דִיא רוּחוֹת.

אֲשֶׁר עַל כֵּן קוֹרְאִים יְקָרִים ! זֶעה אִיךְ דָאס פַאר אַ חוֹב, צוּ לָאזֶען לְמַזְכֶּרֶת עוֹלָם, דֶעם גַאנְצֶען פַּארַאדָאק פוּן פּוּרִים בִּיז פֶּסַח, וִויא עֶס הָאט זִיךְ גֶעפַּאסִירְט בַּייא אוּנְזֶערֶע יוּדֶען, וּבְיוֹתֵר אִין דֶער לִיטָא. אִיךְ בִּין זֶעכֶער אַז דִיא שְׁפֶּעטִיגֶע דוֹרוֹת וֶועלֶען מוֹיל אוּנ אוֹיעֶרֶען אוֹיף שְׁטֶעלֶען, צוּ הֶערֶען דִיא צָרוֹת אוּנ דֶעם שְׁוֶוערֶען שִׁעְבּוּד, וָואס זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערֶען הָאבִּין גֶעלִיטֶען אִין דֶער דָאזִיגֶער צַייט, אַ סַךְ פִיעֶל עֶרְגֶער אוּנ שְׁוֶוערֶער וִויא דִיא יוּדֶען אִין מִצְרַיִם, וָוארוּם דַאמָאלְס אִיז דָאךְ לְכָל הַפָּחוֹת גֶעוֶועהְן וָואס צוּ עֶסֶען, וִויא מֶען זֶעהְט אַרוֹיס פוּן דֶעם וָואס דִיא יוּדֶען הָאבֶּען גֶעזָאגְט אִין דֶער מִדְבָּר: „זָכַרְנוּ אֶת הַדָּגָה, בְּשִׁבְתֵּנוּ עַל סִיר הַבָּשָׂר (במדבר י״א ה׳) בְּאָכְלֵנוּ לֶחֶם לָשׂוֹבַע (שמות י״ז ג׳)" נָא זֶעהְט מֶען דָאךְ אַז לְכָל הַפָּחוֹת עֶסֶען אִיז גֶעוֶועהְן פְלֵייש אוּנד פִישׁ, אֲפִילוּ צִיבָּאלִים, קְנָאבֶּעל, אוּנ קַאווָאנֶעם אוֹיךְ, אָבֶּער יֶעצְט אִיז דָאךְ ב״ה פוּן פְלֵייש קֵיין רֶעדֶע נִיט, אֲפִילוּ דֶער פַאר פְלוּכְטֶער קְרוּפְּנִיק אִיז אוֹיךְ נִישְׁט דָא אִין דֶער צַייט, אַזוֹי וִויא אִיהְר וֶועט דָא הֶערֶען.

שְׁרֶעקְלִיךְ אוּנ שׁוֹידֶערְהַאפְט וֶועט זַיין צוּ הֶערֶען, וִויא מֶענְשֶׁען פְלֶעגֶען זִיךְ סָארְדִיוֶוען אַ גַאנְצֶען חוֹדֶשׁ אִין קַאטֶערְזְשְׁנֶע אַרְבֵּייט, אוּנ זַייט אַדְּרַבֶּה אַ בַּעְלָן צוּ פְרֶעגֶען פַאר וָואס ? צוּ לִיעֶב וָואס ? וֶוער הָאט אַזוֹי אוֹיפְגֶעהַאנְגֶען אַזַא גְרוֹיסֶען לִינְג אוּנ לֶעבֶּער אוֹיף דֶער נָאז ?, נָאר וֶוער וֶועט אַייךְ עֶנְטְפֶערֶען ? וֶוער וֵוייסְט ? אוּנ וֶוער וִויל גָאר וִויסֶען ? אָט אַזוֹי הָאבֶּען דִיא פַאר פְלוּכְטֶע נַארִישֶׁע מִנְהָגִים אוּנְז נִידֶער גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנ פַאר שְׁטָאפְּט דִיא מוֹחוֹת, דִיא אוֹיגֶען גוּט פַאר קְלֵייבְּט, בִּיז עֶס הָאט זִיךְ אוֹיס גֶעבַּאכְט אַז אַזַא לִיבֶּער סֵדֶר, אוּנ אַזַא פַּארַאדָאק עֶקְסֶעסְטִירְט בַּייא יוּדֶען נָאךְ פוּן מַתַּן תּוֹרָה אָן עַד הַיּוֹם הַזֶּה. —

אֲפִילוּ אִין יֶעצְטִיגֶער צַייט, אִיז נָאךְ אֶפְשַׁר דֶער סִפּוּר נִיט אַזוֹי נֵייטִיג, וָוארוּם אִין דִיא קְלֵיינֶע שְׁטֶעדְטְלֶעךְ, זִיצְט נָאךְ דֶער עוֹלָם, גַאנְץ רוּהִיג וִויא דִיא הִינְדֶערְקֶעס מִיט דִיא שְׁטְרוֹיֶענֶע מִנְהָגִים אוֹיף דִיא קֶעפְּלֶעךְ, אוּנ רִיהְרֶען זִיךְ נִיט פוּן דַאנֶען אַהִין, זֵייא רֶעכֶענֶען גַאנְץ שְׁטַארְק אַז זֵייא זֶענֶען בֶּעשְׁוֶוערְט מִיט גְרוֹיסֶע מַשָׂאוֹת, וָואס מֶע קֶען פוּן זֵייא בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט פָּטוּר וֶוערֶען, אוּנ אֲפִילוּ אִין דִיא גְרֶעסֶערֶע שְׁטֶעדְט, וִויא פִיעֶל מֶענְשֶׁען רִיהְרֶען זִיךְ שׁוֹין יָא אַבִּיסֶעל, אוּנ פִיהְלֶען שׁוֹין אַז מֶע קֶען טַאקִי אַ שָׁאקֶעל טָאהְן מִיט דֶעם קָאפּ, אוּנ דִיא שְׁטְרוֹיא וֶועט אַוֶועק פְלִיהֶען אִין אַלֶדֶע רוּחוֹת, אָבֶּער אִין דִיא אוּנְטֶער גַאסֶען, זֶענֶען נָאךְ אַלֶע אֶמֶתֶע הִינְדֶערְקֶעס, וּמִיינֶע בֵּייד זָאל זֵייא

נִיט צוּ שְׁווֶער זַיין) , נָא וָואלְט דָאךְ אֶפְשֶׁר אַ פְּלַאן גֶעוֶועהְן נָאר נִיט דְרוּקֶען יָעצְט , בֶּעסֶער לָאזֶען דֶעם סֵפֶר אִין אַ מַאנוּסְקְרִיפְּט , אוּנ דִיא שְׁפֶּעטֶעגֶע חוֹקְרֵי קַדְמוֹנִיוֹת , זָאלֶען דָאס גֶעפִינֶען , אוּנ מַאכֶען דֶער פוּן אַ גַאנְצֶען וָועזֶען .

נָאר אִיךְ קְלֶעהֶר אָבֶּער , אֶפְשַׁר וֶועט דָאס יֶעצְט אוֹיךְ הֶעלְפֶען אֶחָד מִן אֶלֶף , אוּנ עֶר וֶועט אַבִּיסֶעל דוּרְךְ דֶעם סֵפֶר קְלִיגֶער וֶוערֶען , אוּנ וֶוערֶען אוֹיס הִינְדִיק , אָפּ שַׁאפֶען אַבִּיסֶעל אַרְבֵּייט אִין זַיין שְׁטוּב , אוּנ וֶועט מִיט עֶטְלִיכֶע טוֹיזִינְד קְלָלוֹת וֵוייניגֶער הֶערֶען , פוּן זַיין לִיטְוַואטְשְׁקֶע אִיבֶּער דֶעם חוֹדֶשׁ , נָא דַאכְט מִיר אַז עֶס אִיז פָארְט כְּדַאי דָאס אָפּ צוּ דְרוּקֶען , הַא ? וָואס זָאגְט אִיהְר , חְלֶעבֶּען אִיךְ וִויל זִיךְ טַאקִי מִיט אַייךְ מְיַשֵּׁב זַיין , הַיינְטִיגֶע צֵייטֶען אִיז דָאס קֶערְבִּיל זֶעהְר שְׁוֶועהְר , אַ קוּנְץ זִיךְ אַבַּיין רִיקֶען מִיט עֶטְלִיכֶע גִילְדִין אִין דְרוּק ? אוּנ דֶער נָאךְ שְׁרַייא חַי וְקַיָּם .

אִיךְ קְלֶעהֶר אֲפִילוּ , אַז דָאס בֶּעדַארְף אַ סַךְ מֶעהְר נוּטְצֶען בְּרֶענְגֶען , וִויא לְמָשָׁל סִפְרֵי פִּלְפּוּל , וָואס דְרֵייעֶהְן אַ מוֹחַ אוֹיף אֲזֶעלְכֶע פְּרֶערְמֶעטֶען , וָואס אִיז גָאר בֶּאֱמֶת קֵיין מֶענְשֶׁען נִיט נוֹגֵעַ , צוּם בֵּייא שְׁפִּיעל : אֵיינֶער אַ גְרוֹיסֶער גֶעוִויסֶער גָאוֹן , פִּיהְרְט אַ גַאנְצֶען פִּלְפּוּל , נָאר אוֹיס וַוייזֶען , אַז דֶער (מְעִיל) רָאק פִּינֶ"ם כֹּהֵן גָּדוֹל אִיז גֶעוֶועזִין נָאר דַוְקָא מִיט אֵיין אַרְבִּיל , אַ קוּק אִיז דָאס , אִיךְ הָאבּ פַּיינְד צוּ זָאגֶען , קֵיינֶער הָאט נָאךְ נִיט בֶּעמֶערְקְט , נָאר זָאלל שׁוֹין זַיין אַז עֶר אִיז גִירֶעכְט , בְּלַייבְּט דָאךְ גְלַאט דִיא קַשְׁיָא פוּן דֶער גְמָרָא , „מַאי דַהֲוָה הֲוָה" וָואס עֶס אִיז גֶעוֶועהְן אִיז גֶעוֶועהְן , וִויא אֵיינֶער רֶעדְט : וֶועמֶעס בַּאבֶּעס דְאַגָה אִיז דָאס ? אוּנ וִוידֶער וָואס אִיז דֶער תַּכְלִית פוּן אַזַא פִּלְפּוּל ? דֶער פוּן וֶועט אֶפְשֶׁר וֶוערֶען פְלֵייש בִּילִלֶעגֶער ? דִיא עֶרְצִיעֶהוּנְג אֶפְשֶׁר וֶועט זִיךְ דֶער פוּן פַאר בֶּעסֶערְן ? אֶפְשֶׁר מְבַטֵּל זַיין אֵיינִיגֶע חוּמְרוֹת , וָואס דִיא פּוֹסְקִים אַחֲרוֹנִים הָאבֶּען גוֹזֵר גֶעוֶועהְן מִיט זֶעהְרֶע פַאנַאטִיזְמוּס ? דַאכְט זִיךְ גֶעווִיס נֵיין , וְהָא רְאָיָה , דֶער סֵפֶר אִיז שׁוֹין אַרוֹיס פוּן דְרוּק כַּמָּה יָאהְרֶען , אוּנ וִויא עֶס וַוייזְט אוֹיס , הָאבִּין אַלֶע גְדוֹלִים בְּאֵין בְּרֵירָה מַסְכִּים גֶעוֶועהְן אַז דֶער כֹּהֵן גָּדוֹל הָאט טַאקִי גֶעטְרָאגֶען אַ רָאק מִיט אֵיין אַרְבִּיל (חְלֶעבֶּען נִיט מִיאוּס ? ) , אוּנ פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט זִיךְ נָאךְ אִין דֶער לִיטָא קֵיין שׁוּם פֶערְבֶּעסֶערוּנְג נִישְׁט גֶמַאכְט פוּן דַאנֶען אַ הִיעֶן .

שְׁוַאגְט נָאר ! פוּן וָואס דֶען קָאן מֶען פָארְט גֶעהָאלְפֶען וֶוערֶען ? , אֶפְשַׁר פוּן סִפְרֵי שְׁאֵלוֹת וּתְשׁוּבוֹת ? אַ קַשְׁיָא אוֹיף אַ מַעֲשֶׂה , עֶס קָאן זַיין אִין אֱמֶת , וָואס טוֹיהְט מֶען פָארְט אַז עֶס פֶעהְלְט אַ מָאהְל אֵיינֶער צוּם מִנְיָן ? , הַא ? בַּארְף מֶען דָאךְ וִויסֶען דֶעם דִין , צוּ מְצָרֵף זַיין אַ גוֹלֶם — אָדֶער אַשְׁטֵייגֶער : עֶרֶב תִּשְׁעָה בְּאָב צוּ דֶער סְעוּדָה הַמַּפְסֶקֶת , צוּ מֶעג מֶען עֶסֶען לָאקְשֶׁען מִיט מִילִיךְ ? אֶפְשַׁר הֵייסְט דָאס חַס וְשָׁלוֹם שְׁנֵי תַּבְשִׁילִין ? , — צוּ מֶעג מֶען לֵיינֶען קְרִיאַת שְׁמַע , פַּאר דִיא (צוֹאָה) אוּנְצִיכְט , פוּן אַ גֵר ? אֶפְשַׁר וַוייל אַ גֵר הָאט דָאךְ אַ דִין וִויא אַ קָטָן וָואס אִיז עֶרְשְׁט גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען ,

אִיז

אִיז זַיין אוּנְצִיכְט עַל פִּי דִין נִיט מַסְרִיחַ, חָאטְשׁ דֶער גֵר אִיז שׁוֹין ב״ה אַ בֶּן שִׁשִּׁים׃ מֵהֵיכָא תֵּיתֵי, דָאס אִיז שׁוֹין אַבִּיסֶ׳ל נוּטְצְלִיכֶער וְוִיא דִיא חֲקִירָה מִכֹּחַ דֶעם דָאק פִּינָ׳ס כֹּהֵן גָּדוֹל — נָאר פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען, אִיז דָאס אוֹיךְ נִיט שְׁטַארְק נֵייהְטִיג, ווָארוּם ווֶען טְרֶעפְט זִיךְ דָאס אַז מֶען זָאל דַארְפֶען לֵיינֶען קְרִיאַת שְׁמַע דַוְוקָא גֶעגֶען דֶעם גֵר׳ס צַוָּאָה, דָאס קָאן אֶפְשַׁר טְרֶעפֶען אֵיין מָאהְל אִין טוֹיזִינְד יָאהְר, אָדֶער אַשְׁטֵייגֶער וְוִיא קְרִיגְט מֶען אַ גוֹלֶם מְצָרֵף זַיין אִיהְם צוּם מִנְיָן׃ לָאמִיר זֶעהְן. אַז פוּן דֶעם אַמוֹרָא רָבָא ווָאס דִיא גְמָרָא דֶער צֶעהְלְט אוֹיף אִיהְם, אַז עֶר הָאט בַּאשַׁאפֶען אַ מֶענְשֶׁען, הָאט זִיךְ שׁוֹין נִיט גֶעטְרָאפֶען קֵיין גוֹלֶם, בִּיז דֶעם מהר״ל מִפְּרָאג, אוּנ דֶער נָאךְ בִּיז דֶ׳ם ווִילְנֶער גָאוֹן, אוּנ אוֹיף דִיא דְרַייא גוֹלָמִ׳ים אִיז אוֹיךְ דָא אַ סַךְ חֲקִירוֹת וּדְרִישׁוֹת, אַנְדֶערֶע ווִילֶען זַייא גָאר אָן פַּייפֶען, זַייא זָאגֶען אַז דָאס אִיז גָאר אַ מָשָׁל, נָא אַ מָשָׁל קֶען מֶען אוֹיךְ מְצָרֵף זַיין צוּם מִנְיָן׃.

נָא אַדְרַבָּה, ווָאס דֶען פַארְט פַאר אַ סְפָרִים קָאנֶען בְּרֶענְגֶען נוּטְצֶען דֶעם עוֹלָם׃ אֶפְשַׁר דְרוּשׁ סְפָרִים׃ מוּסָר סְפָרִים׃ אַ שְׁפַּאס, מֶע זֶעהְט נִיט דָאס פְּרוּמְקַייט אִין אַלֶע זַאכֶען ווָאס דִיא מוּסָר סְפָרִים הָאבִּין גֶעמַאכְט׃ נָא, נָא, ווָאלְט נָאר גֶעווֶעהְן ווִיא עֶפֶּעס צוּ קְרִיגֶען דִיא רֶעכְטֶע צַפּוֹתִיקָא, חָאטְשׁ דוּרְךְ גְנֵיבָה, גְזֵלָה, הַשָּׂגַת גְּבוּל, מִרְמָה וְשֶׁקֶר, הֶערְט מֶען אַזוֹי דִיא אַלֶע דְרוּשִׁים מִיט דִיא מוּסָר סְפָרִים, ווִיא דֶעם שְׁוַוארְצִין קָאטְטֶער.

בַּארִיבֶּער ווַייזְט עֶס אוֹיס אַז דֶער סֵפֶר „עֶרֶב פֶּסַח מֵאֶרֶץ יִשְׂרָאֵל״ קָאן דָאךְ אֶפְשַׁר פַארְשַׁאפֶען אַבִּיסֶעל נוּטְצֶען, נָא בְּלַייבְּט מֶעהְר נִיט נָאר דִיא פְּרַאגֶע, צוּ ווֶעל אִיךְ קָאנֶען אַרוֹיס גֶעמֶען דִיא הוֹצָאוֹת הַדְפּוּס׃ צוּ ווֶעט דָאס דֶער עוֹלָם שְׁטַארְק קוֹיפֶען, מֵילָא אַז אִיךְ זָאל אִיהְם קָאנֶען דְרוּקֶען אִין דֶעם פָארְמַאט פוּן אַ הַאלְבֶּען בּוֹיגֶען, אָדֶער לְכָל הַפָּחוֹת אוֹיף 2 פֶערְטִיל, ווָאלְט אִיךְ גֶעווִיס גֶעלַייזְט שְׁטִיקֶער גֶעלְד, כַּחֲמַת דֶער עוֹלָם גֶעמְט נִיט אָן פַאר ווִיכְטִיג נָאר אוֹיף אַזֶעלְכֶע פָארְמַאטֶען, ווָאס בֶּעדַארְפְט אִיהְר מֶעהְר, אֲפִילוּ אַ גְמָרָא אַז זִיא אִיז נָאר אַ פֶערְטִילְדִיגֶע הָאט זִיא שׁוֹין נִיט אַזַא חֵן, עֶס אִיז דָאךְ גְמָרָא׃ אָבֶּער פָארְט נִיט דָאס, נָאר עֶס אִיז אָבֶּער זֵייעֶהְר שְׁלֶעכְט צוּ דְרוּקֶען אוֹיף אַזַא גְרוֹיסֶען פָארְמַאט, עֶס ווֶעט זַיין דֶער סֵפֶר טְשָׁאהָאטֶעטְשְׁנֶע, דִין, אוּנ דַאר ווִיא גְרוֹגֶרֶת דר׳ צָדוֹק, אִיךְ הָאבּ גָאר נִיט אַזוֹיא פִּיעֶל שְׁרַייבֶּעבַאיי אַז עֶס זָאל קָאנֶען אַרוֹיס קוּמֶען אַ דִיק סֵפֶר אוּנ אַ לַאנְגְס, עֶס זָאל זַיין אוֹיף ווָאס צוּ קוּקֶען, אוּנ ווִידֶער אִיז עֶפִּיס נָאךְ כִּמְעַט נִיט דָא אִין דֶעם וְושַׁארְגָאן אַזֶעלְכֶע פָארְמַאטֶען, חוּץ דֶער נַחֲלַ׳ת צְבִי הָאט גֶעהַאט אַ זְכִיָה, אוּנ אִיז גֶעדְרוּקְט גֶעווָארֶען גָאר מַעֲשֶׂה גְמָרָא, אוּנ דֶער שִׁבְחֵי בעש״ט, מַעֲשֶׂה מִשְׁנִיּוֹת, אוּנ ווַייטֶער זֶענֶען אַלֶע פֶערְטִילְדִיגֶע, אָדֶער נָאךְ קְלֶענֶערֶע.

נָא ווָאס טוּהְט מֶען פָארְט׃ דְרוּקֶען׃ קָאן זַיין דֶער פוּן אַ שְׁטַארְקֶער חִסָרוֹן כִּיס, דְרוּק נִיט׃ שְׁפַּארְט דֶער נַארר, אִיךְ זָאג אַייךְ מֶע קָאן מְשׁוּגָע

ווערען

װערען טראכטענדיג, באמת: ראיים איך אויף מיר די האָרר, צו װאָס האָב איך נאָר דאָס אויף געשריבען: עס איז עפּים אַ בּשוּף אויף די מחבּרים, װיא זייא שרייבען עטװאָס אויף, אַהאַ, זייא קאָנען שוין ניט שװאַנגען אין דעם, זייא מוּזען שוין אָפּ דרוּקען, האָטש זייא װייסען דאָך די צרות װאָס זייא װעלען האָבּין אײדער זייא װעלען אַרוֹיס קריגען דאָס בּיכעל מינץ, אוּנ װער בּעט זייא אין אמת צו דרוּקען זייערע נאַרישע געננ, אוּנ האָבּין דער נאָך אַ טַענה צו דער װעלט, פאַר װאָס געדהט מען ניט אַרוֹיס אַנקעגען מקבּל פּנים זיין דעם מחבּר: פאַר װאָס זאָל יעדערער ניט נעמען אַ ספר:.

איי װערשזע נייט אַיך?, צו װאָס האָט איהר אין אמת פאַר בּראַכט די צייט מאַכען אַ ספר: – נאָר דער אמת איז, דער נאַרר שפּאַרט צו שרייבען, דער נאָך ניט ער־קיין רוּה אוּנ שרייעט: נאָר דרוּקען.

אוּנ מחמת מיין גרויסע תּשוּקה צו זעהן מיין שרייבעראיי אין געדרוּקטע בּוּכשטאַבּען, האָבּ איך זיך בּאַטראַכט, איך װעל דרוּקען מיין ספר מיט דעם „כּמה נפשך״ װאָס איינער אַ געװיסער נאַשער פוּן מיליך, האָט געקויפט אַ בּהמה, ער האָט אויך פריהער גוּט געטראַכט, צו זאָל ער קויפען, צו ניין: דער נאָך האָט ער זיך מישב געװעהן ער מעג זיא קויפען נאָר מיט אַ „מכּה נפשך״ נאָר מיט קאָפּ צו געהערט, עס איז זייער טיף אוּנ שפּיציג, ער האָט גוּט פאַר בּויגען דעם גראָבּען פינגער, אוּנ האָט אַזויא אָנגעהויבּען פירען דעם „כּמה נפשך״: „װעט זיא געבּין מיליך איז בּװדאַי גוּט, אלא װאָס: (הערט אַ שכל) אפשר װעט זיא חס ושלום ניט געבען? ניין, עס קאָן ניט זיין, זיא װעט געװיס געבען״.

אָט מיט דעם איינענעם „מכּה נפשך״ װעל איך דרוּקען מיין ספר, איך פאַרשטעה אפילוּ אַז אַ גרויסער כּפלפּוּל, קאָן מיט זיין גרויסען פּלפּוּל, צו שלאָגען אַזאַ „כּמה נפשך״ נאָר אויך די איינענע מעשה, אַז עס װיל זיך זיין אַ נאַרר אוּנ דרוּקען, איז אַזאַ „מכּה נפשך״ אויך גוּט, הלװאַי איך זאָל קיין חרטה ניט האָבּין – בּקיצוּר דער פאַלשער „מכּה נפשך״ האָט מיך געשטאַרקט איך זאָל דאָס אָפּ דרוּקען אוּנטער דעם נאָמען „דער יוּדישער פאַר פּסח״, הערט נאָר גוּט מיט קאָפּ, עס איז דאָ חלעבען װאָס צו הערען.

---

# דֶער אִינְהַאלְט פוּן דִיא קַאפִּיטְלֶען.

---



---

**1.**

## א ליטווישע הויז אין דיא פארינגע צייטען

א נידעריגע שטיעב, דיא פאדוואלעס איינגעגראבען אין דער ערד, אלע פענסטער פאר שמירט מיט לעהם, גאנצע לאדענס וועדליג דיא גרויס פון דעם פענסטער, א פריזבע פון ערד ארום דער שטיעב, בעוואקסען מיט גראז, איין אלטער דאך א צערבראכענער פאר וואקסען מיט מאך, דיא פענסטער א ביסעל מיט גלאז, אנדערע מיט ברייטלעך, איינינע מיט שמאטעס פאר שטעקט — דאס איז דאס געזיכט פון דעם הויז אויסענווייניג, ניט מיאוס חלעבען, קוקט דאס גוט ארום, אונ לאמיר זיך ניט פוילען אונ אריין געהן אינעווענינ אויך — א גרויסע שטיעב מיט עטליכע קליינע חדרים, אין יעדען חדר וואהנט א שכן: א מאן מיט א ווייב, מיט עטליכע קינדערליך, איין אלטע מוטער, אדער א שוויגער, א צו גאב, מיט היהנער אונ העהנער.

אין דער גרויסער שטיעב זיצט דער בעל הבית אליין, אויך ניט קיין בעוזדיעטניק חלילה, ניט צו פאר זינדיגען, מיט היבשע עטליכע קינדערליך, אונ מיט פארשידינע עופות, א בהמה מיט א קעלביל אויך ב״ה, אין איין ווינקעל פון דעם שטיעב שטעהט דעם בעל הבית׳ס צווייא בעטען מיט א וויג בעטעל, א קאסטען אויף ריידלעך, א שלאף באנק, — אין צווייטען ווינקעל געגען איבער שטעהט א גאנץ לאנגער טיש ניט קיין געפארבטער, ארום מיט לאנגע אונ שמאהלע בענקלעך, ביא דעם טיש קנעלט א בר דקיר מלמד, א חומשניק, מיט א היבש ביסעל תלמידים, אין דעם איינענעם ווינקעל, העננט אופן וואנט א ראניצע פון א סאלדאט, וועלעכער שטעהט דארטען קוואטיער, — אין ווינקעל נעבען דער טיהר שטעהט דרוקא נאר איין בעט, דאס איז פאר א מיטעלע יודענע, וואס מע רופט זיא „שרות״ דאס הייסט: זיא צאהלט ניט קיין דירה געלד, נאר דער פאר וואס זיא טוהט א מאהל א שטיקעל מלאכה אין שטיעב — איהר טייערע לעזער קאנט גאר לייכט א טעות האבין אונ רעכענען אז דיא שרות איז גאר א פנויה, אהן א מאן אונ אהן קינדער, אונ דערום איז מעהר ניט דא וויא איין בעט, ניין דאס געהט ניט, זיא האט דייקא א מאן אונ קינדער אפילו נאך מעהר וויא

א האלבען

אַ האַלְבֶּען כְּנְיָן, נָאר דֶער מַאן פַאר שְׁטֶעהְט אִיהְר מִיךְ, אִיז בִּמְחִילָה אַ (שׁוֹמֵר) קְטָארְזְשׁ, קוּמְט עֶר נָאר אָפּ עֶסֶען, שְׁלָאפֶען קוּמְט עֶר נָאר מִשַׁבָּת לְשַׁבָּת, עוֹפוֹת פַארְקָאגְט זִיא אוֹיךְ אוֹיף אִיהְר אֵייגֶענֶעם חֶשְׁבּוֹן, אַ צִיג זָאל נִיט אוֹיס־גֶערֶעדְט זַיין, כּוּז זִיא זִיךְ הָאבִּין — אִין דֶעם אַנְדֶערֶען וִוינְקֶעל שְׁטֶעהְט אַ גְרוֹיסֶער אוֹיוֶוען מִיט אַ שְׁוַוארְצֶען לָאךְ צוּם קָאכֶען, דֶער בַּייא שְׁטֶעהְט אַ הִיפְּשֶׁע פָּאמִינִיצֶע וְוִיא דֶער יַם שֶׁל שְׁלֹמֹה, וָואס אַלֶע שְׁכֵנִים גִיסֶען אִין אִיהְר אַ גַאנְצֶע וָואךְ, אוּנ דִיא קִינְדֶערְלֶעךְ בִּמְחִילָה קָאן מֶען דָאךְ נִיט אַרוֹיס לָאזֶען אוֹפֶן נַאס בַּייא דֶער נַאכְט אוֹיךְ. . . . — דֶער בַּייא שְׁטֶעהְט פַאר־שִׁידֶענֶע וֶועשְׁטְשֶׁעס: וִוילְקֶעס, קָאטְשֶׁערֶעס, לָאפֶּעטֶעס, הֶעק, זַאכְטוּפֶּעס, בֶּעזִימֶער, אַ לַאנְגֶע בַּאנְק אַ בְּרֵייטֶע שְׁטֶעהְט אַרוּם דֶעם אוֹיוֶוען, פַאר שְׁטֶעלְט מִיט כָּל הַסָּארְטֶען טֶעפְּלֶעךְ, אוֹיךְ מִיט טֶעפּ פֶּעדֶערִין, וָואס אַלֶע שְׁכֵנִים פְלִיקֶען בַּייא נַאכְט, וָוארוּם קֵיין שָׁכֵן בְּרֶענְט נִיט קֵיין לִיכְט אִין זַיין חֶדֶר, אַלֶע זִיצֶען אִין שְׁטִיבֶּעל, דָאס אִיז אֵיין אַלְטֶער מִנְהָג, — אוּנְטֶער דִיא בַּאלְקֶענְס פוּן דֶער סְטֶעלְיֶע, וָואס לִיגֶען אִין דֶער לֶענְג פוּן שְׁטִיבֶּעל, לִיגְט אַ גְרָאבֶּער בַּאלְקֶען אִיבֶּער דֶער בְּרֵייט פוּן דֶער סְטֶעלְיֶע, צְווִישֶׁען דֶעם בַּאלְקֶען אוּנ דֶער סְטֶעלְיֶע, גֶעפִינְט זִיךְ טַאקִי מַמָּשׁ פוּן פוֹיגֶעל מִילִיךְ, אַ רֶעכְטֶע בִּיבְּלִיָאטֶעקֶע פוּן סְפָרִים, הַיְינוּ: מַחֲזוֹרִים, סְלִיחוֹת, קִינוֹת, נַחֲלַת צְבִי, צְאֶינָה וּרְאֶינָה, אַ הִיפְּשׁ פֶּעקִיל תְּחִנּוֹת, אַלְטֶע לוּחוֹת, בָּבָא מַעֲשֶׂה, צֶענְטוּרֶע וֶוענְטוּרֶע, שְׁבָחֵי בעש״ט, אַ אַלְטֶער קָרְבַּן מִנְחָה, גַם הַארְטֶען זִיךְ דָארְטֶען אוֹיף זוּמֶערְדִיגֶע קָאפֶּעלִישֶׁען, לוּלָבִים, אַ זֶעקִיל מִיט קֶמַח שְׁמוּרָה, טְרִיקֶענֶע קְעזְלִיךְ, — אַלֶע עוֹפוֹת פוּן אַלֶע שְׁכֵנִים אֲפִילוּ פוּן דֶער שָׂרוֹת, מַאכֶען דָארְטֶען זֵייעֶרֶע סְיֶעדֶעלֶעם, — אַלֶע טִיהֶערֶען אוּנ פֶּענְכְטֶער פוּן שְׁטִיבּ, זֶענֶען אַרוּם גֶעשְׁלָאגֶען מִיט פַארְשִׁידֶענֶע שִׁיר הַמַּעֲלוֹת׳ן, פוּן זְכָרִים אוּנ פוּן נְקֵבוֹת, מַחֲמַת קִינְפֶּעטָארִינְס גֶעהֶן ב״ה נִיט אוֹיס, אֵיין שְׁכֵנָה שְׁטֶעהְט אוֹיף דִיא אַנְדֶערֶע לֵייגְט זִיךְ, כְּהֵיכָא תֵּיתֵי יֶעדֶעם קִינְד מִיט זַיין מַזָּל, צוּ גָאט דֶער לֵייגְט מֶען נִיט, — דָאס מִיסְט פוּן אוּנְטֶער דִיא בֶּעטֶען אוּנ דִיא שַׁאפֶּעס מִיט דִיא קוֹפֶּערְטֶען, וֶוערְט אַ גַאנְץ יָאהְר נִיט אוֹיס גִיקֶעהְרְט, דִיא אַרְבֵּייט גֶעהֶער צוּ עֶרֶב פֶּסַח, פַאר בְּדִיקוֹת חָמֵץ.

אַ גַאנְצֶע וָואךְ אִיז נָאךְ סְיַאק טַאק, גֶעווִיס קְרִיגְט מֶען זִיךְ בַּמָה מָאהְל יֶעדֶער טָאג, אוּנ אָפְּט שְׁלָאגְט מֶען זִיךְ אוֹיךְ אַבִּיסֶעל, דִיא שְׁטִיבֶּע אִיז שְׁטֶענְדִיק פִיל פוּן קוֹלוֹת אוּנ קְלָלוֹת, גֶעווֵיינֶען פוּן דִיא חֶדֶר יוּנְגְלֶעךְ, וָואס שְׁטֶעהֶן מִיט דִיא הוֹילֶע אָחוֹר׳ס אַרוּם דֶעם טִישׁ, אוּנ דֶער מְלַמֵּד דֶער פֶּעלְד גַזְלָן פִיצְקֶעט מִיט אַ רִיט גָאר אָן אַ חֶשְׁבּוֹן, דָאס מְשׁוּגֶעגֶע קֶעלְבִּיל טַאנְצְט, דִיא צִיג מֶעקִיט, דִיא עוֹפוֹת פְּלִיהֶען, דִיא שְׁכֵנוֹת שְׁלָאגֶען אוּנ שֶׁעלְטֶען דִיא קִינְדֶער, דֶער סַאלְדַאט זִידֶעלְט אוֹיף רוּסִישׁ, זָאגְט דֶעם רֶעכְטֶען פָּסוּק, אוּנ שְׁרֵייעְט עֶסֶען.

הא ? וויא מיינט איהר, א רוהיגע דירה ? מע דארף גאר ניט בעסער, נאר דער גרעסטער טוהמעל אונ ליארעם איז ערב שבת, אלע באקען חלה, מע דארף ריקען טשאלענט, מע דארף אויך קאכען אויף פרייטוג צו נאכט לכבוד שבת, אט דא עקט זיך דיא וועלט — עס איז געוואלדען איבער געוואלדען, אין שטיעב איז חושך ואפילה, אנגעגאסען אונ אנגעפאצקעט אויף וואס דיא וועלט שטעהט, דיא פאמיניצע גיסט זיך אריבער, אלע קינדער וועלכע זענען דאמאלס פריא פון חדר, קעהרין אום דיא שטיעב קאפויער, אלע ווייבער שעלטען אונ קאראניען איינס דאס אנדערע, אונ מע רופט זיך אויס וואס אין קארט שטעהט ניט, „א קלאג א בראך „מיינע חלות זענען גאר פארברענט" קוויטשעט א שכנה מיט דיא לעצטע קרעפטען", איך בין דא עפעס איין איינגעבעטענע ? הא ?" — דיא מאכט געשרייען „מיין יויך האט מען אויסגיקעהרט" — א בעש א געפילדער „דיא קאטץ האט צרויס געהאפט דאס בעסטע שטיקעל פיש פון דער פאן" — „עס איז שוין נאכט, ריקט שוין דעם טשאלענט, איהר ווילט נאך מחלל שבת זיין ? איך וועל האבין דעם טויט פון דיא שכנים, א צייט אהן א צייט וועט מיר זיין" שרייעט דיא בעל הביתטע", — „א גריב האט זיך איהם געוואלט, בעגראבען זאל ער ווערען, וויא ער האט מיר בעגראבען" — ווער האט דאס דיא בהמה אריין געלאזט אין שטיעב ? זיא וועט דאך דיא פאמיניצע אויס קעהרען, געוואלד וויא ווערט מען שוין פטור פון מיין לעבען.

אט אזויא קאכט וויא אין א קעסעל א גאנצע טאג, קולות וברקים פון אלע זייטען, קללות וחרמות, געזידעלט אונ געוואשען איינער דעם אנדערען — נא עס איז שוין נאכט, מע ווערט שוין ב"ה שלום, אלע שכנים מיט דער שרות נעמען זיך אויס גיסען דיא גרויסע פאמיניצע, ווייטער וויא איבער דער שוועל, איז מען ניט אונשטאנד זיא אריבער טראנספארטירען, דארטען קעהרט מען זיא תיכף אויס מיטען דנא ארויף, א גרויסע לוזשע מיט א ריח רע לעבין טיהער, פיל חזירים קלויבען זיך ארום, אונ שטעהן אזוי לאנג ביז זייא חאפען ארויס וואס פאר זייא איז וויכטיג, — אין שטיעב שיט מען אוים דעם פאל, דאס הייסט: דיא הוילע ערד מיט זאמד, אונ עס ווערט צו מזל שבת, אט אין אזא טוהמעל לעבט מען אפ דאס גאנצע יאהר, הא ? ניט שלעכט ? וויא זאגט איהר ליבע לעזער ?.

אונזערע חכמים האבין גערעכענט דרייא זאכען ; וואס מאכען דעם מענשען ער זאל אויפגעלעגט זיין : א דירה נאה, א אשה נאה, אונ כלים נאים, אונ דיא אלע זאכען איז מען אין דער ליטא דווקא ניט זשעדנע, וואס ניט וואס ? דאס איז דא, אבער דער פאר דיא אבילה אין דער ליטא איז גרויס ארטיג, איהר ווילט געווים וויסען דעם ארט עסען, דארף איך קיין סאך ני־ שרייבען, איין געריכט איז דא אין דער ליטא מע רופט איהם „קרופניק" גע־

קאכט

קאכט אַ גאַנְצֶע וָואךְ אִין אַלֶע הַיוֶער וִויא דֶער סַמְבַּטְיוֹן, דְרַייא מָאהל אִין טָאג וֶוערְט עֶר גֶעקָאכְט נָאר אָהְן אֵיין אוֹיפְהֶערוּנְג, אֶפְשַׁר וַוייסְט אִיהְר נִיט וָואלִינֶער אוּנ גַאלִיצְיַאנֶער יוּדֶען, וָואס דֶער קְרוּפְּנִיק אִיז פַאר אַ מִין מַאֲכָל? וֶועל אִיךְ אַייךְ דֶער צֶעהְלֶען, דָאס אִיז נָאר אָהְן חֶרְפָּה, גָאלֶע וַואסֶער מִיט גְרַאפֶּען, אַ מָאהְל מִיט קַארְטָאפֶעל, אוּנ אַ מָאהְל אִיז אָהְן דֶעם אוֹיךְ נִיטְט קַשֶׁה, מֶען טָאהְר זִיךְ נִיט גֶעוָואהְנֶען נָאךְ גֶעבֶּען דֶעם הַאלְז — דִיזֶער קְרוּפְּנִיק וֶוערְט גֶעקָאכְט אָהְן פְלֵייש, דֶען וֶוער פַאר מָאגְט דָאס צוּ קוֹיפֶען פְלֵייש פַאר 15 אָדֶער 16 קָאפִּיקֶעס אַ פוּנְט? דֶער פַאר אָבֶּער, טוּהְט מֶען אַריין אִין גַאנְצֶען טָאפּ פַאר אַ גְרָאשֶׁען שְׁמַאלְץ אָדֶער פוּטֶער, אוּנ אָט דָאס עֶסְט מֶען דִיא גַאנְצֶע וָואךְ. הַא? מֶע קֶען הָאבְּין כֹּחַ דִיא פִּיס צוּ שְׁלֶעפֶּען פוּן צָזֶעלְכֶע אֲכִילוֹת?

אָבֶּער דֶער פַאר שַׁבָּת עֶסְט מֶען שׁוֹין צוּ זָעטְטֶערְהֵייט, אִין דֶעם יוֹיךְ פְרֵייטָאג צוּ נַאכְט, גֶעפִינְט זִיךְ גֶעוִוים אַ גוּטֶער הַאלְבּ פוּנְט פְלֵייש, אֶמֶת נִיט קֵיין פֶעטֶע, נָא מֵילָא וָואס? דִיא יוֹיךְ אִיז טַאקִי נִיט אַזוֹיא פֶעט, עֶס פַאר־שְׁטֶעהְט זִיךְ, דָאס בִּיסֶעלֶע שְׁמַאלְץ וָואס עֶס אִיז גֶעוֶועהְן אוֹיף דֶעם פְלֵייש הָאט דִיא לִיטְוֶועטְשְׁקֶע אַרָאפּ גֶעגַנְבֶתְ אוֹיפֶען קִיגֶעל, דָאס אִיבֶּרִיגֶע פֶעטְקֵייט אִיז אוֹיס גֶעלָאפֶען אִין דֶעם גְרוֹיסֶען רַעש אוּנ מְהוּמָה, נָא וָואס אִיז? דָאךְ פְלֵיישֶׁעקְס, חָלֶעבֶּען פָארְט נִיט קֵיין קְרוּפְּנִיק — דֶער פַאר אִין טְשָׁאלֶענְט זָעהְט אִיהְר, אִיז שׁוֹין קֵיין פְלֵייש גָאר נִיט דָא, נָאר גָאלֶע בֵּיינֶער, וָואס דֶער פוּן בַּארְף עַל פִּי יוֹשֶׁר דֶער טְשָׁאלֶענְט אָן זִידֶען, נָאר בְּאוֹפֶן אַז עֶס בְּרֶענְט נִיט אוֹיס, אַ רֶעכְטֶער טְשָׁאלֶענְט טְרֶעפְט נִיט שְׁטֶענְדִיג, וָוארוּם דֶעם רֶעכְטֶען סוֹד פוּן טְשָׁאלֶענְט זֶענֶען נָאךְ דִיא לִיטְוֶועטְשְׁקֶעס נִיט דֶער גַאנְגֶען עַד הַיוֹם הַזֶה, אַלֶע שַׁבָּת אִיז אַנַאנְדֶערֶע סִבָּה, נָאר וָואס מַאכְט דָאס אוֹיס? וָועמֶענְס דַאֲגָה אִיז דָאס? אַבִּי עֶס אִיז ב״ה נִישְׁט דָא וָואס צוּ עֶסֶען.

אִיהְר וִוילְט אֶפְשַׁר קָאנֶען דִיא מוּטֶער וָואס הָאט גֶעבּוֹירֶען אוּנְז דֶעם קְרוּפְּנִיק? דָאס אִיז דִיא צָרוּרָה דִיא טַאקְסֶע. גֶעוַואלְד בְּרִידֶער! פַאר וָואס קוּמְט קֵיינֶער נִיט צוּרִיק פוּן יֶענֶער וֶועלְט אוּנְז דֶער צֶעהלֶען וָואס מֶען טוּהְט דָארְט דֶעם עֶרְשְׁטֶען רוֹצֵחַ וָואס הָאט אוֹיס גֶעקְלֶעהְרְט דִיא בִּיטֶערֶע טַאקְסֶע פוּן פְלֵייש? מִיט וָואס אִיז מֶען אִיהְם דַן? אִיךְ וָואלְט אַ בַּעְלָן גֶעוֶועהְן אֲפִילוּ צוּ גְלוֹיבֶּען אִין גִלְגוּל, אוּנ אַבִּי דֶעם גַזְלָן מְגַלְגֵל זַיין אִין אַ לִיטְוָואק אוּנ קָארְמֶעוֶוען אִיהְם חָאטְשׁ אַ יָאהר פוּפְצִיג מִיט גָאלֶע קְרוּפְּנִיק דְרַייא מָאהְל אִין טָאג.

נָא נָא עֶר יִמַח שְׁמוֹ הָאט דָאס אַבִּיסֶעל אַוֶועק גֶעקוֹילֶעט אַלֶע יוּדֶען אָהְן אַ מֶעסֶער, מֶע פְרֶעהְט זִיךְ אַלֶע פוּרִים אוֹיף דֶעם נֵס וָואס מֶען אִיז נִצָּל גֶעוָוארֶען פוּן הָמָן הַצוֹרֵר, וָואס אִיז? עֶר הָאט גֶעוָואלְט קוֹילֶען יוּדֶען, אָבֶּער עֶר הָאט דָאךְ נִיט גֶעקוֹילֶעט? נָא אַז דֶער הָמָן דֶער בַּעַל טַאקְסֶע וִדיא עָרְד

זָאל אִיהְם אַרוֹיס וַוארְפֶען) הָאט דָאךְ יָא אוֹיס גֶעפִיהְרְט אוּנ הָאט טַאקִי אוֹיס גֶעקוֹילֶעט, זַיין גְזֵירָה וֶוערְט אַלֶע יָאהְר שְׁטַארְקֶער אוּנ עֶרְגֶער, דִיא דֵעָה אִין קָהָל הָאבֶּען גָאר אַזֶעלְכֶע וָואס עֶסֶען גָאר נִיט קֵיין כָּשֵׁר פְלֵייש, וָואזְשֶׁע הַארְט זֵייא אַז אַ אָרִימֶער מַאן דֶער יוּד, וֶוערְט אוֹיס גֶעדַארְט אוּנ עֶסְט גֶעבַּאךְ בֵּיינֶער? אָט הָאבֶּען זֵייא זִיךְ אַ טַאקְסֶע, אוּנ שַׁאפֶען מִיזָאל גָאךְ אַוֶועק גֶעבִּין עֶפֶּעס אַ רוּחַ אַ שֵׁד, (אַבִּי זֵייעֶר גְלַייכֶען) עֶטְלִיכֶע טוֹיזִינְד רוּבֶּל פוּן דֶער טַאקְסֶע, צוּ אַזֶעלְכֶע זַאכֶען וַואקְסֶען זֵייא אוֹיס, פַארְשְׁטֶעלֶען זִיךְ אוּנ וֶוערֶען כְּלוֹמֶערְשְׁט יוֹדֶען.

נָא וָואס שְׁווייגְט מֶען אִין דֶעם? גֶעוַואלְד גֶעשְׁרִיגֶען! מֶע דַארְט אוּנ מֶע קְוַוארְט גֶעבַּאךְ אִין דֶער לִיטָא (אוּנ דֶעסְטְגְלַייכֶען אִין אַלֶע עָרְטֶער וְויא דִיא טַאקְסֶע עֶקְסֶעסְטִירְט) גָאר אוֹיף אַנַאנְדֶער אוֹפֶן, מֶע הָאט שׁוֹין גָאר קֵיין כֹּחַ נִיט עֶפֶּענֶען דֶעם מוֹחַ קְלֶעהֶרֶען מִכֹּחַ דֶעם, אַ שְׁפַּאס אַז מֶע עֶסְט נִיט?

גוּט הָאט גֶעגֶעבֶּען אַ תְּשׁוּבָה אֵיינֶער פוּן אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים (אִין יְרוּשַׁלְמִי) אַז מֶע הָאט בַּייא אִיהְם גֶעפְרֶעגְט עֶפֶּעס אַ שַׁאֲלָה וֶועגֶען אַ דִין, הָאט עֶר זִיךְ אוֹיס גֶעדְרִיקְט מִיט דִיא וֶוערְטֶער „אִיךְ בִּין יֶעצְט נִיט בַּייא מַיין רֶעכְטֶען פַארְשְׁטַאנְד, אִיךְ הָאבּ נָאךְ הַיינְט קֵיין אָקְסֶען פְלֵייש גֶעגֶעסֶען", אִיהְר פַאר שְׁטֶעהְט דִיא תְּשׁוּבָה? נָאךְ אֵיינֶער פוּן זֵייא הָאט גֶעזָאגְט: „אוֹי לוֹ לְבַיִת שֶׁהַלֶּפֶת עוֹבֵר בְּתוֹכוֹ" שְׁלֶעכְט אִיז דֶעם בּוֹיךְ וָואס עֶר אִיז פוּל מִיט קְרוֹיט.

שְׁווייגְט! וָואס בֶּעדַארְפְט אִיהְר מֶעהְרֶער, דֶער דוֹר הַמִדְבָּר וָואס עֶר אִיז גֶעוֶועהְן אַ דוֹר דֵעָה (וֶועדְלִיג דִיא דַרְשָׁנִים בֶּערִימֶען זִיךְ אוּנ טוּמְלֶען אַ קָאפּ) נָא הָאבֶּען זֵייא אוֹיךְ אֶפְשָׁר גֶעבֶּעטֶען קְרוּפְּנִיק מִיט שְׁמַאלְץ? נֵיין זֵייא הָאבֶּען גֶעשְׁרִיגֶען „גֶעוַואלְד גִיבּ אוּנְז פְלֵייש, דֶער מַן אִיז אוּנְז שׁוֹין נִמְאָס גֶעוָוארֶען" – נָאךְ מֶעהְר פַארְדְרוּס, דֶער מַן הָאט דָאךְ אַ טַעַם גֶעהַאט פוּן אַלֶע מַאֲכָלִים (וֶועדְלִיג דִיא דַרְשָׁנִים דֶער צֶעהְלֶען, מִן הַכְּתָּם וַוייסֶען זֵייא דָאךְ דָאס קְלָאהְר צוּ וָואס זָאלֶען זֵייא פַאר פִיהְרֶען אֵיין עוֹלָם? עֶס שְׁטֵייט זֵייא עֶפֶּעס דֶער פוּן רֵייךְ צוּ וֶוערֶען?) הָאבֶּען זֵייא דָאךְ דֶעם טַעַם פוּן פְלֵייש אוֹיךְ גֶעפִיהְלְט 1) פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאבֶּען זֵייא גֶעזָאגְט: וָואס טוֹיג אוּנְז דֶער טַעַם פוּן

---

1) אִיךְ וָואלְט אַ בַּעְלָן גֶעוֶועזֶען זִיךְ אַריין לָאזֶען טִיף אִין אַ שְׁטַארְקֶען פִּלְפּוּל אוּנ עֶרְקִינְדִיגֶען זִיךְ דוּרְךְ פִיל חֲרִיפוּת, וָואס אִיז דַאמָאלְס אִין דֶער מִדְבָּר גֶעוֶועזֶען דֶער דִין פוּן דֶעם טַעַם פוּן פְלֵייש וָואס מֶען הָאט גֶעפִיהְלְט אִין דֶעם מַן? צוּ הָאט מֶען פַאר דֶעם טַעַם אוֹיךְ גֶעצָאהְלְט טַאקְסֶע? נָא דָאס וֶוענְדֶעט זִיךְ שׁוֹין אִין דֶעם: „צוּ טַעַם אִיז בְּעִיקָר" אוּנ אוֹיבּ עֶס בְּלַייבְּט בַּייא דִיא חֲרִיפִים אַז דֶער טַעַם אִיז אַקְאַרַאט וְויא דֶער עִיקָר אַלֵיין, נָא הָאט דָאךְ

דער

פוּן פְלֵייש, מִיר ווִילֶען זִיךְ בֶּעסֶער זֶעהֶן מִיט דֶעם פֶערְטֶעל גַאנְז אַלֵיין, אָט דֶער פוּן נָאר אַלֵיין זֶענֶען דִיא דַרְשָׁנִים גֶערֶעכְט, אַז דֶער דוֹר הַמִדְבָּר אִיז גֶעוֶועהְן אַ דוֹר דֵעָה, וָואס דֶען? זַיין אַזֶעלְכֶע טִפְּשִׁים ווִיא דִיא לִיטְוַואקֶעס אוּנְד עֶסֶען קְרוּפְּנִיק? וֶוען אַז דִיא אַלֶע 12 שְׁבָטִים וָואלְטֶען גִיגֶעסִין קְרוּפְּנִיקֶען דִיא גַאנְצֶע פֶערְצִיג יָאהְר אִין דֶער מִדְבָּר, וָואלְטֶען טַאקִי גִיקָאנְט
מיט

---

דֶער טַעַם פוּן פְלֵייש גֶעהַאט דִיא אייגֶענֶע זַנאטְשֶׁענְיֶע ווִיא פְלֵייש אַלֵיין, הָאט מֶען דָאךְ בֶּעדַארְפְט צָאהְלֶען טַאקְסֶע דֶער פִּין, הַיינְט פַאר שְׁטֶעה אִיךְ נִיט פוּן וַואנֶען הָאט אָבֶער דֶער בַּעַל טַאקְסֶע גֶעהַאט אַ יְדִיעָה אַז יֶענֶער בַּעַל הַבַּיִת הָאט יֶעצְט גֶעפִיהְלְט אִין מָן אַ טַעַם פוּן פְלֵייש? עֶס קָאן אֶפְשֶׁר זַיין אַז דָאס אִיז גֶעוֶועהְן גֶעמַאכְט מִיט אַ חֵרֶם, נָא וֶוער ווִיל זִיךְ דָאס זַאטְשֶׁעפֶּען מִיט אַ חֵרֶם, מִן הַסְתָּם הָאט יֶעדֶער גֶעהַאט בַּייא זִיךְ אִין שְׁטִיעֶב אַ פִּישְׁקֶע אוּנ ווִיא בַּאלְד אַז עֶר הָאט גֶעוָואלְט פִיהְלֶען אִין מָן אַ טַעַם בָּשָׂר הָאט עֶר תֵּיכֶף בֶּעצָאהְלְט טַאקְסֶע גֶעלְד.

אָבֶער דָאס אִיז מִיר גָאר אַ פֶּלֶא, ווִיא פִיל לְמָשָׁל הָאט מֶען גִיקָאנְט עִטְלֶען דֶעם מֶקַח פוּן דֶעם פִיהְלֶען אַ טַעַם? אֵיינֶער עֶסְט לְמָשָׁל אַ פֶערְטִיל שָׁעָה מָן אוּנ פִיהְלְט דֶעם טַעַם פוּן פְלֵייש, אוּנ דֶער צְווֵייטֶער עֶסְט מָן צְווֵייא גַאנְצֶע שָׁעוֹת אוּנ אִיז אוֹיךְ מַרְגִישׁ דֶעם טַעַם בָּשָׂר, קָאן דֶען זַיין דֶער מֶקַח פוּן דִיא בֵּיידֶע גָאר גְלַייךְ? נָאר וָואס קָאנֶען מִיר יֶעצְט קְלֶערֶען, עֶס אִיז אַוַודַאי גֶעוֶועהְן אִין הִלְכוֹת טַאקְסֶע כַּמָּה מֵאוֹת הֲלָכוֹת, נָאר זֵייא זֶענֶען דֶער נָאךְ פַאר גֶעסֶען גֶעוָוארֶען — נָאר בֶּאֱמֶת יַ־ייזְט אוֹיס, אַז אִין דֶער מִדְבָּר אִיז נָאךְ דִיא טַאקְסֶע נִיט גֶעוֶועהְן אוּנ דֶערִיבֶּער הָאבִּין דִיא יוּדֶען גֶעשְׁרִיגֶען „מִי יַאֲכִילֵנוּ בָּשָׂר?" וָוארוּם ווִיא בַּאלְד אַז עֶס אִיז דָא אַ טַאקְסֶע עֶסְט מֶען שׁוֹין בֵּיינֶער נִיט קֵיין פְלֵייש — אַיי וָואס הָאבֶען זֵייא בֶּאֱמֶת גֶעשְׁרִיגֶען? זֵייא הָאבֶען דָאךְ גִיקָאנְט פִיהְלֶען אִין מָן אַ טַעַם בָּשָׂר? גֵיין פַארְשְׁטֶעהְט אִיהְר, אִין דֶער מִדְבָּר אִיז נָאךְ נִיט גֶעוֶועהְן דֶער מִנְהָג פוּן דַרְשָׁנִים אַיינְגֶעפִיהְרְט, נָא פוּן וַואנֶען הָאבֶען נֶעבַּאךְ דִיא מִדְבָּר בַּעֲלֵי בָּתִּים גִיקָאנְט ווִיסֶען דֶעם סוֹד אַז מֶע קָאן פִיהְלֶען אִין מָן דֶעם טַעַם פוּן פְלֵייש.

אוּנ דֶערִיבֶּער הָאבֶען זֵייא גֶעזָאגְט: „זָכַרְנוּ אֶת הַדָּגָה אֲשֶׁר נֹאכַל בְּמִצְרַיִם חִנָּם, אֵת הַקִּשֻּׁאִים וְאֵת הָאֲבַטִּחִים וְאֶת הֶחָצִיר וְאֶת הַבְּצָלִים וְאֶת הַשּׁוּמִים, וְעַתָּה נַפְשֵׁנוּ יְבֵשָׁה אֵין כֹּל, בִּלְתִּי אֶל הַמָּן עֵינֵינוּ" (במדבר י״א ה׳ ו׳) זֶעהְט מֶען דָאךְ דֶער פוּן, אַז זֵייא הָאבֶען נִיט גֶעפִיהְלְט אִין מָן קֵיין שׁוּם טַעַם פוּן דִיא אַלֶע מִינִים וָואס זֵייא הָאבֶען דָא אוֹיס גֶערֶעכִינְט — עֶס קָאן זַיין וֶוען זֵייא וָואלְטֶען אִין דֶער מִדְבָּר גֶעהֶערְט מַגִּידִים ווִיא אִין דֶער לִיטָא אוּנ וָואלְטֶען זִיךְ עֶרְקִינְדִיגְט דֶעם סוֹד פוּן מָן, וָואלְטֶען זֵייא גָאר נִיט גֶעשְׁרִיגֶען
אונ

מיט זייא געהן זיך שלאגען אין ארץ כנען ? איך וויים אז א בעל טאקסע וועט לעזען דיא ווערטער וועט ער זאגען מיט געלעכטער: ווער מעג לאבען מיט בלוט, „דער שרייבער איז א פנים גוט אין בעס" עס איז איהם א פנים

שוין

---

אונ וואלטען נאר פאר שפארט צו עסען דיא שלוים (פערעפיאלקעס) פון דעם ים, אונ שטארבען דער פון אן א צייט.

וואס דען מיינט איהר ? מע נארט זיך מיט דעם מגיד ? פון איהם דער געהט מען פון אלעם וואס עס איז געוועהן אונ וואס עס וועט זיין, אין אמת געשמועסט אז דער יוד וואס האט געגעסין מן נאר על דרך הפשט אונ ער האט געפיהלט נאר דעם טעם פון גוטען בוימאייל, אדער לשד השמן, חלעבען אויך ניט שלעכט, אין דער ליטא וואלט מען דער פון דיא פינגער געלעקט, אבער דער מגיד אז ער האט געגעסען מן על דרך הדרש, נא נא, איז שוין אין מן געוועזען טאקי פון פויגעל מילך, האט ער געוואלט פיש איז דאס געווארען דורך א רמז, פלייש דורך א סוד, ציבעלעס אונ קנאבל נאר דורך א גימטריא, קשאים אונ אבטיחים קאן מען נאר א מאהל אז מע וויל נאר, דורך א"ת ב"ש אויך ארוים בעקומען פון דעם ווארט מן, נאר מיט פשט איז שלעכט, דער גראבער פשטן מיינט אז עס איז מעהר ניט דא נאר וואס ער זעהט, אבער פאר א דרשן איז טאקי ניט צו לייגען אונ ניט צו שטעהלען, ער דער געהט אייך וואס איז פאר גראבען אין אלע שפאלטען, ער קריכט אייך אין אזוינע ערטער וואס דעם פשטן לייגט זיך גאר ניט אופן מוח דארטען אפילו א שמעק צו טאהן.

דער כלל איז, איך זאל אייך וועלען דער צעהלען וואס זייא זענען געווארען וואלט איהר משוגע געווארען, בקיצור זייא דער געהען וואס אונטער דער ערד טוהט זיך, זייא האבען ידיעות (איך וויים ניט דורך וועמען) פון גיהנם אונ פון גן עדן, אפשר מיינט איהר גלאט א ידיעה בדרך כלל, ניין מיט אלע פאדראבנאסטען, פינקט וויא זייא וואלטען דארטען גיוועהן הויז מענשען, פאר זייא איז גאר קיין פאר בארגענע זאך ניט דא.

מיט איין ווארט זייא זענען קינסטלער, נישקשה ליטא פאר שטעהט איין עסק, אונ דארום פאר ברענגען זייא כמעט דיא יאהרען מיט דיא מעג נאר מיט דיא מגידים, מע ווערט פון זייא אבער טאקי א מענש טאקי שטארק ענטוויקעלט, חלעבען מע ווערט געניטה כמעט אין אלע חכמות, עס קימט דאך פאר אפט אונ אפט אין זייערע דרשות פארשידענע געגענשטענדע פון וויסענשאפט פון געלד געשעפטען, א מענש איז דאך ניט קיין בהמה, חלעבען עס קלייבט זיך צו צו ביכלעך ווייס, אט קאן מען שוין ניט פארפאלען ווערען הא ? וויא זאגט איהר ? דער אמת איז דאך אזויא. —

שוין גוט נִמְאָס גֶעוָוארֶען דֶער קְרוּפְּנִ'ק ז נָאר וֶוער הֶערְט אִיהְם זֶעהְט אִיהְר ז דָאס אִיז עֶר גֶערֶעכְט, עֶר ווייסְט מִיט וֶועמֶען עֶר הָאט צוּ טָאהְן, עֶר הָאט אַיין עֵסֶק מִיט הִינְדִיקֶעס, דִיא שְׁטְרוּיֶענֶע טַאקְסֶע הָאט מֶען אַרוֹיף גֶעלֵייגְט אוֹיף זֵייעֶרֶע קֶעפְּלִיךְ אוּנ זֵייא הָאבֶּען זִיךְ מוֹרָא אַ רִיהְר צוּ טָאהְן פוּן דֶעם אָרְט אֶפְשֶׁר וֶועט חַס וְשָׁלוֹם אַרָאפּ פְלִיהֶען דִיא שְׁטְרוּיא, פוּן דֶעסְטְ־ וֶוענֶען הֶערְט צוּ יוֹרְען, אִיהְר וֶועט זִיךְ שוין רִיהְרֶען עֶס גֶעהְט שוין דֶער צוּ, דִיא צַייט וֶועט אַייךְ מַאכֶען אוֹיס הִינְדִיקֶעס, נָאר מֶען מוּז נָאךְ אַבִּיסֶעל גֶעדוּלְד הָאבֶּען, עֶכְט דֶער וַוייל מִיט חֵשֶׁק דֶעם קְרוּפְּנִיק מִיט דֶער הָאפֶענוּנְג אַז אִיהְר וֶועט אַ כָּאהְל אוֹיס גֶעלֵייזְט וֶוערֶען אוּנ זִיךְ קָאנֶען נוֹקֵם זַיין אָן דֶעם בַּעַל טַאקְסֶע, וִויא אִין הָמָן דֶעם צוֹרֵר.

נָא טְהַייעֶרֶע לֶעזֶער ז הָאט אִיהְר שוין אַ שְׁטִיקֶעל בֶּעגְרִיף פוּן אַ לִיטְוִוּעשֶׁען הוֹיז ז יֶעצְט וֶועט אִיהְר שוין גוט קָאנֶען זִיךְ פָארְשְׁטֶעלֶען דִיא שְׁרֶעקְלִיכֶע סְצֶענֶע וָואס עֶס הָאט זִיךְ פַּאסִירְט לְמָשָׁל אִין אַזַא הוֹיז פוּן פוּרִים בִּיז נָאךְ פֶּסַח, לֶעגְט צוּ גוּט דֶעם מוֹחַ וֶועט אִיהְר עֶרְשְׁטוֹינְט וֶוערֶען.

---

2.

## דֶער עֶרְשְׁטֶער שַׁבָּת נָאךְ פוּרִים תֵּיכֶף נָאךְ שָׁלֹשׁ סְעוּדוֹת ז

נָאךְ שָׁלֹשׁ סְעוּדוֹת, עֶס אִיז גַאנְץ רוּהִיג אוּנ שְׁטִיל, אִין שְׁטִיבּ אִיז פִינְסְטֶער, דִיא קִינְדֶערְלֶעךְ שְׁפִּילֶען זִיךְ אוֹפֶּן אוֹיוֶוען, אִין קַאשֶׁקֶע מַאמְקֶע אוּנ שְׁלֶעפֶע בַּאבֶּע, דִיא עוֹפוֹת שְׁלָאפֶען זִיךְ אוֹיף דֶער סִידֶעלְיֶע, אַלֶע מַאנֶען זֶענֶען אַוֶועק גִינַאנְגֶען דַאוֶונֶען מַעֲרִיב, דָא הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבִּין אַ זְמוּעֶס נָאר אַ שְׁטַארְקֶער אוּנ אַ טִיפֶער צְווִישֶׁען דִיא וַוייבֶּער, וֶוענֶען דֶעם פֶּסַח וָואס רִיקְט זִיךְ צוּ אַלֶע מָאהל גֶעהְנְטֶער.

אֵיינֶע אַ שְׁכֵנָה אַ פִּיסֶקְעוַואטֶע אוּנ אַשְׁטִיקֶעל זָאגֶערֶען, מִיטֶען נָאמֶען „גֶעלֶע דִיא גְלַאטְשֶׁערְקֶע" הָאט אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּ הַאלְטֶען אַיין רֶעדֶע בְּזֶה הַלָּשׁוֹן: „הֶערְט נָאר צוּ אִיהְר וַוייבֶּערְלִיךְ, אִיךְ ווייס גָאר נִיט עֶס זָאל מִיךְ אַזוֹיא קֵיין שְׁלֶעכְטְץ נִיט וִויסֶען אוּנ אַייךְ אוֹיךְ אוּנ אַלֶע יוֹרֶען, וִויא אִיךְ ווייס נִיט וִויא עֶס וֶועט דָא אִין שְׁטִיבּ וֶוערֶען פֶּסַח ז אָהְן עַיִן הָרָע יוּדִישֶׁע קִינְדֶער זָאלֶען גִימֶעהְרְט וֶוערִין, פִינִיף גֶעזִינְדֶעלֶעךְ, חְלֶעבֶּען דִיא שְׂרוֹת אִיז אוֹיךְ אַ גֶעזִינְדֶעל וִויא זָאגְט מֶען עֶפֶּעס אַיין אוֹיג דַארְף אוֹיךְ שְׁלָאפֶען אוּנ בִּכְּלָל וָואס זָאל מֶען זִיךְ דָא גַארֶען טַאקִי עֶטְלִיכֶע מֶענְשִׁין, זָאל מִיךְ אַזוֹיא וִויסֶען בַּייז אוּנ שְׁלֶעכְטְץ וִויא אִיךְ ווייס פוּן וַואנֶען אָנְצִיהוֹיבֶּען, נִישְׁטָא דִיא כּוֹחוֹת,

אַז אִיךְ בִּין אַ בִּיסֶעל יוּנְגֶער גִיוֶועזֶען אִיז תֵּיכֶּף נָאךְ פּוּרִים טַאקִי אוֹיף מָארְגֶע
הָאבּ אִיךְ שׁוֹין דִיא שְׁפַּייז שַׁאפְּפֶע אוֹיס גֶעוַואשֶׁען אוּנ כָּשֵׁר גִימַאכְט, אוּנ יֶעצְט
אִיז שׁוֹין בַּאנְקֶען דֶעם וָואס לֶעבְּט עֶווִיג, וָואס אִיךְ בִּין נִיט וֶוערְט אִיהְם צוּ
דֶער מָאנֶען, אַוֶועק גִיגַאנְגֶען נָאךְ פּוּרִים עֶטְלִיכֶע טֶעג אוּנ עֶס הֵייבְּט זִיךְ מִיר
גָאר נִיט דִיא הֶענְט. אִיךְ זָאג אַייךְ דֶעם אֱמֶת, אִיךְ שְׁרֶעק זִיךְ אַבִּיסֶעל פַאר
הַאנְטִיגֶען פֶּסַח, נַא הַלְוַאי זָאל אִיךְ בֶּעסֶער לִיגֶען זָאגֶען, אִיךְ וֵוייס נִיט וָואס
מֶען מַאכְט דָא מִיט כָּארְגֶענְדִיגֶען מַארְק, מֶע בְּרוֹיכְט אוֹיס גֶעבִּין שֵׁיינֶע
עֶטְלִיכֶע גִילְדֶען, אַ שְׁטִיקֶעל הִינְדִיטְשְׁקֶע מוּז מֶען דָאךְ אַוַודַאי קוֹיפֶען, אִיךְ
בִּין זִיךְ אַזוֹיא נוֹהֵג אַלֶע יָאהְר, וָואס דֶען? פוּן דֶעם שְׁטִיקֶעל גָאוְויַאדֶענֶע
גָאט זָאל מִיךְ נִיט שְׁטְרָאפֶען פַאר דִיא רֵייד, קָאן עֶפֶּעס אַ טַעַם הָאבֶּען דִיא
יוֹיךְ? הַיינְט פַארְגֶעסְט נִיט, דָאס בִּיסֶעל שְׁמַאלְץ פוּן אִיהְר, מֶע מֶעג זִיךְ
לַאבֶען, אִיךְ הָאבּ פַיינְד צוּ קוֹיפֶען פְרֶעמְדֶע שְׁמַאלְץ אוֹיף פֶּסַח, אִ הֶר מֵיינְט
אֶפְשַׁר אַז אִיךְ בִּין אַזוֹיא פְּרִים? נֵיין אָסוּר, זָאל דָאס מִיר צוּ קוּמֶען וָואס מִיר
פֶּעהְלְט, נָאר גְלַאט אַגַאנְץ יָאהְר וִויא אַגַאנְץ יָאהְר, פֶּסַח הָאבּ אִיךְ לִיעבּ צוּ
מַאכֶען בְּכַשְׁרוּת, נָא הַיינְט קַארְטְאפְלֶעס, אֵייעֶר, צִיבָּאלֶעס, חְרֵיין? דָאס
אַלֶעס מוּז מֶען אַיינְקוֹיפֶען דֶעם עֶרְשְׁטֶען מַארְק, אִיךְ הָאבּ אַ מָאהְל שׁוֹין
גִיצָאהְלְט רֶבִּי גֶעלְד דֶער פַאר, אִיךְ בִּין שׁוֹין פְרַאקְטֶעשׁ אִין דֶעם.— נָא הוֹיבְּט
זִיךְ אָן אֵיין עֵסֶק, בֶּעטֶען גֶעלְד בַּייא מַיין טַייֶערֶען מַאן, זָאל אִיהְם אַזוֹי לִיעבּ
זַיין דָאס לֶעבִּין וִויא מִיר אִיז לִיעבּ בַּייא אִיהְם גֶעלְד צוּ נֶעמֶען, פַאר גֶעלְט אוּנ
פַאר גְרִינְט זָאל עֶר וֶוערֶען. — מֵיינְט אִיהְר אֶפְשַׁר אַז עֶר וִויל נִיט פְרֶעסֶען?
וָואלְט אִיהְר נָאר זֶעהְן וִויא עֶר בֶּעטְרַאכְט אַייךְ דָאס שְׁטִיקֶעל פְלֵייש, דָאס
פְלֵייש זָאל נָאר פוּן אִיהְם פַאלֶען לֶעבֶּענְדִיגֶערְהֵייט, קֵיין זַאךְ גֶעשְׁוֶועלְט אִיהְם
נִיט, צְווִישֶׁען זִיךְ רֵיידֶענְדִיג אִיז עֶר נִיט שְׁטַארְק אוּנְגֶערֶעכְט, וָוארוּם וָואס
פַאר אַ טַעַם קָאן דָא זַיין פוּן אַזַא שְׁטִיקֶעל הִינְדִיטְשְׁקֶע? נָאר פַאר מִיר אִיז
אַלֶעס גוּט, אָט מֶע טוּהְט אַרַיין אַ צִיבָּאלֶע אַ קַארְטָאפֶעל, נִיט פַאר זִינְדִיקֶען
אַבִּי גֶעזִינְדֶערְהֵייט עֶסֶען, קָארְפַאטְקֶעס דַארְף אִיךְ נִיט, פוּן מַיינֶעט וֶועגֶען
וָואלְט אִיךְ מָארְגֶען אַז גָאט וֶועט שֶׁענְקֶען דָאס לֶעבֶּען, גָאר נִיט גִיקָאכְט.
חְלֶעבֶּען דֶער מַארְק וֶועט בַּייא מִיר אַוֶועק נֶעמֶען דֶעם גַאנְצֶען טָאג, אִיךְ וֵוייס
גָאר נִיט, אַנְדֶערֶע מַאכֶען דָאס עֶפֶּעס טָאץ מָאץ, גֶעגַאנְגֶען אוּנ גֶעקוּמֶען, מִן
הַסְתָּם אִיז בַּייא זֵייא דָא גְרִינְגֶע גֶעלְד אָהְן עַיִן הָרָע, הֶערְט אִיהְר, אִיךְ זָאג
מַיינְס, אַכָּשֶׁרֶער גְרָאשֶׁען גֶעהְט נִיט אַזוֹי גְרִינְג פוּן דֶער הַאנְד, אָט דֶערִיבֶּער
בִּין אִיךְ טַאקִי נִיט קֵיין בְּרְיָה, גֶעשְׁווִינְד קָאן אִיךְ נִיט קוֹיפֶען, אִיךְ קוּם אַייךְ
פוּן דֶעם מַארְק לֹא עֲלֵיכֶם גָאר קְרַאנְק, צוּ גְרֵיזֶעט, אִיבֶּער גֶעפְרוֹירֶען, אָהְן
גֶעלְד אוּנ טַאקִי בִּמְחִילָה אָהְן סְחוֹרָה אוֹיךְ, עֶס אִיז ב"ה גִיוָוארֶען אַ וֶועלְט מֶע
טָאהְר נִיט זִינְדִיגֶען, נָאר מַיין צָרָה אַז עֶס וֶועט חַס וְשָׁלוֹם אִיהְם נִיט דֶער
גֶעהְן זַיין גֶעשְׁמַאדְטֶער הַאלְז וֶועט זַיין אָדוֹם אוֹיף, בַּייא אִיהְם אִיז אַלֶעס גְלַייךְ,

צו אין מִיטען יָאהְר, צו עֶרֶב פֶּסַח, עֶר מוז פְרֶעסֶען, צו אִיהְם הָאט דָאס גָאר נִיט, אִיךְ הָאבּ הֲנָאָה אַז דֶער אַנְדֶערֶער זָאגְט: עֶר הָארִיוֶועט גֶעבַּאךְ" פְּרֶעגְט אוֹיף וֶועמֶען? אוֹיךְ זִיךְ אַלֵיין מִיט זַיינֶע מַמְזֵרִים, אַזוֹיא אֵין עוֹלָם הַבָּא זָאל עֶר הָאבִּין וָואס פַאר אֵיין עוֹלָם הַזֶה אִיךְ הָאבּ בַּייא אִיהְם. —

אָט אִין אַזֶעלִיכֶע שְׁמוּעֶסֶען הָאט מֶען פַארְבְּרַאכְט בִּיז דִיא מֶענֶער זֶענֶען גֶעקוּמֶען פוּן דֶעם דַאוֶוענֶען, „אַ גוּטֶע וָואךְ! אַ גוּטֶע וָואךְ!" פַאר וָואס צִינְדֶט מֶען שׁוֹין נִיט אָן אַ לִיכְט? נָא עֶס אִיז נָאר שְׁטִיל גִיוֶועהְן בִּיז נָאךְ הַבְדָלָה, תֵּיכֶף דֶער נָאךְ הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ שְׁטוּעֶס יֶעדֶער לִיטְוַואטְשְׁקֶע מִיט אִיהְר מַאן וֶועגֶען גֶעלְד צוּם מַארְק. — „וָואס אִיז אוֹיף אַייךְ דִיא בֵּייזֶע הַיילֶענִישׁ?" הָאבִּין זִיךְ אָן גֶערוּפֶען דִיא מַאנֶען, עֶס אִיז נָאךְ נִיט עֶרֶב פֶּסַח" מֶע וֶועט נָאךְ קְרִיגֶען דִיא מְצִיאוֹת, נָא, נָא, דָא אִיז גֶעוָוארֶען שְׁרֶעקְלִיכֶע קוֹלוֹת, קְלָלוֹת פוּן כָּל הַסָארְטֶען אִיז גֶעפְלוֹיגֶען פוּן אַלֶע זַייטְען, „אִיךְ בִּין גָאר אַ נַאר" הָאט זִיךְ אֵיינֶע אָן גֶערוּפֶען „אִיךְ בַּאדַארְף אַוַודַאי מִיט אִיהְם טַעֲנֶען, שֵׁדִים זָאלֶען מִיט אִיהְם רֵיידֶען, אִיךְ וֶועל אִיהְם גָאר אָפּ טְרֶעטֶען, זָאל עֶר זִיךְ שְׁלָאגֶען קָאפּ אָן דֶער וַואנְט מִיט זַיינֶע מַמְזֵרִים, וֵוייסְט אִיהְר אֶפְשַׁר נִיט, אִיךְ וֶועל זִיךְ אַוַודַאי אִיבֶּער עֶסֶען פוּן אַלֶעמֶען? אִין וֶועמֶעס הַאלְז וֶועט דָאס אַלֶעס אַרַיין קְרִיכֶען, אַז נִיט אִין אִיהְם? נָא בֶּעדַארְף אִיךְ נָאךְ דָאס בַּייא אִיהְם בֶּעטֶען, אוֹיס בֶּעטֶען זָאל מֶען אִיהְם שׁוֹין אִין גִיכֶען זַיין קֶבֶר, אַז אִיךְ וֶועל אֵיין אַלְמָנָה בְּלַייבֶּען וֶועט מִיר אֶפְשַׁר אֶרְגֶער זַיין? אַ קַאטָאוֶועס אַ שַׁארְפֶער פַארְצֶערִינְגֶער? מֶען זֶעהְט נִיט זַיינֶע פַארְדִינְסְטֶען? מֶע קָאן טַאקִי לֶעבִּין אִין פְרֵיידֶען מִיט דִ"א 10 גְרִילֶען וָואס עֶר גִיט מִיר אַ וָואךְ? גְרִילֶען זָאל אִיהְם אִין מוֹחַ וִויא עֶר פַארְגְרִילְט מִיר דִיא טֶעג מִיט דִיא יָאהְרֶען, עֶר הָאט שְׁטֶענְדִיג צַייט, פְרֶעסְט אוּנ זוֹיפְט דָאס שֶׁענְסְטֶע אוּנ דָאס בֶּעסְטֶע, אוּנ גֶעהְט אוּם שְׁלִינְג אוּנ שְׁלַאנְג אִיבֶּער דִיא גַאסֶען, אוּנ וֶועט קוּמֶען „נִיט דֶער לֶעבֶּען זָאל עֶר" צוּ אַגְרֵייטֶען פֶּסַח — עֶר פַאר גֶעסְט גָאר אַז עֶס אִיז שׁוֹין קַארְגֶע פִיעֶר וָואכֶען צוּ פֶּסַח, אַרְבֵּייט אִיז דָא וִויא פִיעֶל הָאר אוֹיפֶען קָאפּ, מֶען אִיז דָאךְ אוֹיף צָרוֹת אַ שְׁטִיקֶעל בַּעַל הַבַּיִת'טֶע, אַלֶעס צוּ וַואשֶׁען, אָפּ וַואשֶׁען זָאל מֶען אִיהְם טוֹיטֶערְהֵייט, אַלֶעס צוּ שַׁאיֶערֶען, קַאלִיכֶען, וֵוייץ מָאהְלֶען אוּנ בַּאקֶען מַצָה, אַ נַארִישְׁקֵייט אוֹיף גֵייעֶהְן אַזֶעקֶעל אוֹיף דִיא וֵוייץ, גֵייעֶהְן זָאל מֶען אִיהְם שׁוֹין תַּכְרִיכִים אִין גִיכֶע צַייטֶען — נָא וָואס זָאגְט אִיהְר צוּ אַזַא טְרֵיפָה בַּיין? אֵיין אַנְדֶערֶער וָואלְט דָאךְ גֶעשְׁטוּמְט, נָאר וָואס רֶעדְט מֶען? צוּ זַיינֶע אַלֶע מַעֲלוֹת אִיז עֶר נָאךְ אֵיין אָפְּגֶערִיסֶענֶער נַאר, עֶר מֵיינְט אִין אֱמֶת אַז אִיךְ וֶועל אִיהְם קָאכֶען? קְרֶענְק פוּן אַלֶע יוֹרְעֶן וֶועסְטוּ בַּייא מִיר עֶסֶען, נִישְׁקְשֶׁה פַאר פֶּסַח קָאנְסְטוּ אַבִּיסֶעל דַארֶען, דוּא בִּיסְט גַאנְץ גֶעזִינְד, אִיךְ בִּין גִיוֶועהְן אַ נַאר בִּיז אַהֶער, שְׁטֶענְדִיג זִיךְ שְׁלָאגֶען קָאפּ אִין דֶער וַואנְט, מִיט אִיטְלִיכֶען גֶעקְרִינְט זִיךְ, וָואס אִיז? מַיינֶער זָאל הֲנָאָה הָאבִּין פוּן דֶעם קְרוּפְּנִיק, עֶר זָאל

נִיט

גִיט אוֹיסְלוֹיפֶען, נִיט פַאר בֵּייכֶערְט וֶוערֶען, זָאל זַיין גֶעדִיכְט מִיט קַארְטָאפֶע פַארְבְּרָאקְט, אָט אִיז אִיהְם אָפּ גִינַאנְגֶען דִיא בֵּיינֶער, אָט בִּישֶׁעוֶועט עֶר. —

אִין אַזֶעלְכֶע קוֹלוֹת אוּנ קְלָלוֹת הָאט מֶען פַארְבְּרַאכְט בִּיז הַאלְבֶּע נַאכְט, דִיא שֵׁרוּת מִיטֶע וֶועכְטֶער הָאבֶּען אוֹיךְ נִיט גֶעשְׁוִויגֶען, הַגַם זֵייא צָאהְלְט נִיט קֵיין דִירָה גֶעלְד הָאט זֵיא נִיט אַזוֹיא אַ הֶעָזָה צוּ מַאכֶען שְׁטַארְקֶע גֶעפִּילְדֶערְם וִויא דִיא שְׁכֵנוֹת, נָאר אִין אַזַא צַייט וָואס עֶס אִיז נוֹגֵעַ אִין יוֹדִישְׁקַייט, קָאן מֶען אוֹיךְ דֶער שֵׁרוּת אוֹיךְ קֵיין שְׁטַארְקֶען פַארְאִיבֶּעל הָאבִּין, חָלֶעבֶּען עֶס גֶעהְמְט אָן בַּייא דֶעם הַארְצֶען, חָאטְשׁ אֲפִילוּ דִיא שֵׁרוּת הָאט דָאךְ גָאר וֶוענִיג כְּלֵי בַּיִת (מֶעבִּיל), נָא אִיז דָאךְ בֶּאֱמֶת אַ קַשְׁיָא, וָואס וִויל זִיא? נָאר פַארְקֶעהְרְט רֵיידֶענְדִיג, אַלֵיין טוּהְט זִיךְ נִיט, אֵיין בֶּעט בֶּעדַארְף מֶען אוֹיךְ אוֹים בְּרִיהֶען אוּנ כָּשֵׁר מַאכֶען, מַצָה דַארְף מֶען בַּאקֶען? אַזֶעקֶעל מוּז מֶען צוּ גְרֵייטֶען? אַהִין אוּנ אַהֶער עֶס גֶעפִינְט זִיךְ אַרְבַּייט, עֶפֶּעס אַ שְׁפַּאס פֶּסַח? וֶוער וִויל דָאס הָאבִּין כָּרוֹת יָאהְרֶען?

בְּקִיצוּר נָאךְ דִיא אַלֶע קוֹלוֹת וּבְרָקִים וֶוערְט אַבִּיסֶעל שְׁטִילֶער, יֶעדֶער מַאן גִיט זַיין וַוייבּ עֶטְלִיכֶע גִילְדֶען אוֹיף מָארְגֶען צוּם מַארְק, אוּנ מֶען לֵייגְט זִיךְ שְׁלָאפֶען — אָט הָאט מֶען שׁוֹין גֶעהַאט אַ גוּטֶען פָּאטְשִׁין אוֹיף דֶער פִּילֶער וָואךְ. —

גַאנְץ פְרִיה זֶענֶען אַלֶע לִיטְוַואטְשְׁקֶעס אוֹיף גֶעשְׁטַאנֶען אוּנ אַוֶועק מַארְשׁ אוֹפֶּן מַארְק, יֶעדֶער יוֹדֶענֶע אִיז גֶעוָוארֶען טְרִיקֶען אִין הַאלְז, דִינְגֶען זִיךְ מִיט דִיא גוֹיִם, גֶענִיג קְלָלוֹת הָאט גִיגֶעבֶּען אֵיינֶע דֶער אַנְדֶערֶער בַּייא יֶעדֶען אֵיינְקוֹיף, בִּיז נַאכְט הָאט זִיךְ עֶרְשְׁט גִיקָאנְטְשֶׁעט דֶער מַארְק, צְבֶער דֶער פַאר זֶענֶען זֵייא אַהֵיים גֶעקוּמֶען מִיט כָּל טוּב, מִיט אַ הִינְדִיטְשְׁקֶע בְּשׁוּתָּפוּת מִיט דֶער אַנְדֶערֶער שְׁכֵנָה, אַ זֶעקֶעל קַארְטָאפְלֶעס, אַ קְרֶענְצִיל צִיבָּאלֶעס, אַ בִּינְדֶעל חְרֵיין, אוּנ אַ פֶּענְדִיל אוֹיף קַאלִיכֶען דִיא שְׁטִיעבּ אוֹיךְ. —

דֶער מַאן הָאט אוֹיךְ שֵׂכֶל אִין קוֹטְשְׁמֶלֶע אוּנ וֵוייסְט דֶרֶךְ אֶרֶץ, עֶר הָאט אַבִּיסֶעל גֶעהַארְט בִּיז זַיין וַוייבּ הָאט זִיךְ גוּט אָפּ גֶערוּהְט, אַ שְׁפַּאס אַזַא פַּאקוֹפְּקֶע? דֶער נָאךְ הָאט עֶר אַ פְרֶעג גֶעטָאהְן מִיט אַ גַאנְץ שְׁטִילֶען טָאנְן, „אֶפְשַׁר אִיז דָא עֶפֶּעס וָואס צוּ עֶסֶען? אִיךְ הָאבּ אַגַאנְצֶען טָאג אִין מַיין מוֹיל נִיט גֶעהַאט“ — אָט דָא הָאט עֶר שׁוֹין גֶעהַאט זַיין פְּסַק וִויא הָמָן, „מַיין כֹּחַ זָאלְסְטוּ הָאבִּין, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם“, הָאט זִיךְ אַרוֹיס גֶעחַאפְּט אֵיינֶע אַ שְׁמָאהְלֶע אוּנ אַ הוֹיכֶע אַבִּיסֶעל פָאנְפֶעוַואטֶע לִיטְוַואטְשְׁקֶע, „וָואס עֶס הָאט גֶעזָאלְט זַיין מִיר אוּנ אַלֶע גוּטֶע יוֹדֶען, זָאל אוֹים גֶעהְן צוּ דֵיין קָאפּ“, וִויא גֶעפֶעלְט אַייךְ אַזַא שְׁפִּיעֶל? הָלֶעבֶּען נִיט קְרִים, עֶרֶב פֶּסַח וִויל עֶר גָאר פְרֶעסֶען? גֶעהְן אִיהְם אִין מַארְק, גֶעהְן זָאל מֶען שׁוֹין נָאךְ זַיין מִטָּה, קָאכֶען אִיהְם וַוארֶעמֶעס, קָאכֶען זָאל אִיהְם אִין הַארְצֶען וִויא מִיר, וָואלְט עֶר שׁוֹין נִיט גֶעוָואלְט פְרֶעסֶען, אִיךְ זָאג אַייךְ דֶעם אֱמֶת, אַזוֹיא אַ פּוּרְעָנִיּוֹת וִויא מִיר הָאט אַייְנְגֶעשְׁלָאגֶען,

מע טאהר ניט זינדיקען, מן הסתם בין איך אזויא ווערט, האט נאך קיין יודישער טאכטער ניט געטראפען, איינעם זאל גאר ניט אַרען פון דאגען אהין, נאר דיא טרפה קישקע אנשטאפען וויא עשו, אט דאס איז זיין גאנצער עסק. נא, נא, האט דאס מיך דער טאטע בעגראבען מיט א שטייגער, א פינצטערער מכה למדן איז ער? איך וועל פון איהם עולם הבא האבין? וואס גיין? ווייבערלעך! איהר מעגט זיך לאכען, איך האב אין דעם וועניג אמונה, וויא זאגט מען עפעס „אז מע שמירט פארט מען", אט אז מען וועט עפעס אן גרייטען אליין וועט מען האבין, נאט אייך א שאג פאר דיא עולם הבא וואס מע קאן שוין האבין פון דיא מאגען, פון דעם עולם הזה קאן מען שוין חאפען א פרימער אויף דעם עולם הבא. —

אט אזעלעכע לעקציאנען האבין דיא ווייבער אפּ גיגעבען דיא מאגען נאך דעם מארק אופן ניכטערען הארצען, דאס אלעס איז ערשט א שטיקעל הקדמה צום גוף הספר, דאס הייסט: צום פסח זעלבסט וואס ער קומט אהן אונ ווארפט ארויף א אימה ופחד אויף אלע יודען, ווארום מע האט דאך נאך באמת גאר ניט געטאהן מען האט דאך ערשט נאר געפּאטערט דעם ערשטען מארק. —

פון דעסטוועגען מיינט איהר אפשר אז עס ווערט חס ושלום א שנאה צווישען דיא ליטוואקעס מיט דיא ליטוואטשקעס נאך אזא שטארקי מחלוקת, נאך אזא חרטה אויף דעם גאנצען שידוך, — פע חלילה! שרעקט אייך ניט, דער מאן אליין פארשטעהט דאך אויך אז זיא איז אביסעל גערעכט, עס איז דאך פארט ערב פסח, אויף דעם איז מען דאך א יוד, דערום איז ער באמת ניט שטארק ברוגז, זיא ווידער, אז זיא האט זיך אביסעל נאך גיגעבען, דאס הארץ זיך אפּ געקיהלט, האט זיא זיך אויך מישב געווען אז עס איז טאקי א רחמנות, עסען מוז מען דאך עפּעס, אין א שענק וועט ער דאך באמת ניט געהן וויא דער אנדערער.

נא איז געבליבען א הסכם, בייא אלע ווייבער, אז מע זאל קאכען וועטשירע, נאר וויא עס איז שוין שפּעט, דארף מען קאכען א גרינגע זאך, טרעפט וואס קאן דאס זיין? איהר קאנט אוודאי טראכטען א פראזשעניצע פון א צווייא צעהנדליג אייער אונ דער צו טריפלאך אין הולע מיליך? א קשיא אויף אייך וואלינער יודען, גיין אין דער ליטא געהט דאס ניכט אן, צו וואס טויג דאס איינעם, קריגען א שם פאר א זולל וסובא? פאר א געלד פרעסער? ווארום ווער עסט דאס באמת אזוינע מאכלים אין דער ליטא? נאר א פּאדראטשעק, דער בעל טאקסע, דער איזבארשיק, א גלאסנע פון דער דומע, איין ארץ ישראל משולח, אונ דיא משולחים פון וואלאזשינער אונ מירער, ישיבות, אבער א פּראסטער יוד וואס איז זיך מפרנס פון זיין הארעוואניע, וועט זיך אזא ראסקאש ניט נאך געבען, נא אדרבה, וואס דעס

איז

אִיז דָאס ז נִיט אַזוֹי גִיקְלֶעהְרְט, דָאס אִיז פָּשׁוּט אַ „קְרוּפְּנִיק", וואַסֶער מִיט רֶעטְשֶׁעגֶע גְרוֹיפֶּען, גָאר אָן קַארְטָאפְלֶעס, עֶס זָאל נִיט דוֹיעֶרְן דָאס קָאכֶען — בְּקִיצוּר אַלֶע עֶסֶען וֶועטְשֶׁערֶע, עֶס אִיז שָׁלוֹם וְשַׁלְוָה, דֶער עוֹלָם שְׁלָאפְט וְויא נָאךְ אַ חֲתוּנָה. —

וַיְהִי עֶרֶב וַיְהִי בוֹקֶר. עֶס אִיז גִיוָוארֶען טָאג, הָאט זִיךְ אָן גֶעהוֹיבֶּען אַ פְרִישֶׁער יוֹם הַדִין, דִיא הִינֶער מִיט דִיא הֶענֶער הָאבִּין דֶער זֶעהְן דִיא פְרִישֶׁע אוֹרְחִים: דִיא הִינְדִיקֶעס מִיט דִיא הִינְדִיטְשֶׁעקֶעס, אָ דָא אִיז גִיוָוארֶען אַ טוּהְמֶעל מִיט אַ גֶעפִּילְדֶער, דִיא עוֹפוֹת הָאבִּין אָן גֶעהוֹיבֶּען פְלִיהֶען אוּנ הָאבִּין אַרָאפּ גֶעוָוארְפֶען אַלֶע טֶעפּ פוּן דֶער פָּאלֶעצֶע, דִיא הִינְדִיטְשֶׁעקֶעס הָאבִּין גֶעקְוִויטְשֶׁעט אוּנ דִיא הִינְדִיקֶעס הָאבִּין גֶעהָאלֶדֶערְט, דִיא קִינֶדער הָאבִּין בַּאלְד בַּאמֶערְקְט, אַז דֶער הִינְדִיק מַאכְט „הָאלֶדֶער", וֶוען דִיא הִינְדִיטְשֶׁעקֶע קְוִויטְשֶׁעט, זֶענֶען זֵייא גֶעפַאלֶען אוֹיף אַ נַאיֶיער הַמְצָאָה, זֵייא הָאבֶּען נָאךְ גֶעמַאכְט דִיא הִינְדִיטְשֶׁעקֶעס, כְּדֵי צוּ נַארֶען דֶער מִיט דִיא הִינְדִיקֶעס, קָארְץ טָאג אוּנ נַאכְט הָאבִּין דִיא קִינֶדר גֶעפַּייפְט אוּנ דִיא הִינְדִיקֶעס הָאבִּין גֶעהָאלֶדֶערְט אָהְן אֵיין אוֹיפְהֶער, עֶס פַאר שְׁטֶעהְט זִיךְ אַז דִיא קִינֶדער הָאבִּין גֶעלֵייזְט פֶּעטְשׁ אוּנ קוּלַאקֶעס, שְׁטוּרְכֶעס אוּנ צִיפֶּעס, קְלָלוֹת אוּנ חֲרָמוֹת גָאר אָהְן אַ חֶשְׁבּוֹן, אָבֶּער עֶס הָאט גָאר נִיט גֶעהָאלְפֶען. — אִין דֶעם פְרִיה מָארְגֶען נָאךְ דֶעם מַארְק אִיז גֶעבְּלִיבֶּען בַּייא דִיא וַוייבֶּער, אַז מֶע זָאל זִיךְ טַאקִי תֵּיכֶף נֶעמֶען צוּ דִיא שְׁפַּייז שַׁאפֶעס כָּשֵׁר מַאכֶען, יֶעדֶע שְׁכֵנָה הָאט אַרוֹיס גֶעבְרַאכְט דִיא כֵּלִים פוּן שַׁאפֶע צוּ אִיהְר אִין חֵדֶר, יֶעדֶע פְרוֹיא הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען צוּ אִיהְר שַׁאפֶען וַואשֶׁען אוּנ שָׁאבֶּען, אִין שְׁטִיעֶב זָאל מֶען גָאר בֶּעשִׁירִימְט וֶוערֶען, אִיז גָאר נִיט אַרַיין צוּ גֶעהְן, קוֹלוֹת פוּן אַלֶע זַייטֶען, דִיא קִינֶדער פַּייפֶען, דִיא הִינְדִיקֶעס הָאלֶדֶערֶען גָאר אָן רַחֲמָנוּת, דִיא עוֹפוֹת פְלִיהֶען אַרוּם אַהִין אוּנ אַהֶער אוּנ טְהוּעֶן שָׁאדֶען, דֶער גַאנְצֶער פָאל אִיז פַאר שְׁטֶעלְט מִיט דִיא כֵּלִים פוּן דִיא שַׁאפֶעס.

דִיא קִינֶדער הָאבִּין זִיךְ דֶער מָאנְט אוּנ הָאבִּין אָן גֶעהוֹיבֶּען צוּ שְׁרַייעֶן עֶסֶען, דֶער חַאפְּט אַ פַּאטְשׁ, דֶער אַ קוּלַאק, נִיט גֶעזְשַׁאלֶעוֶועט עֶטְלִיכֶע הֶערְצְלִיכֶע קְלָלוֹת, אוּנ אֵיין וֶועגֶם דֶער מָאנְט מֶען דֶעם מַאן אוֹיךְ: „אַ מִיתָה מְשׁוּנָה זָאלְסְטוּ אַיינְנֶעמֶען מִיט דַיין טַאטֶען אִין אֵיינֶעם, נִיחַאיי וָואלְט עֶר גֶעוֶועהְן אוֹיס גֶעשְׁווִימֶען אוּנ אוֹיס גֶערִינֶען פוּן דֶער מוּטֶערְס בּוֹיךְ, אֵיידֶער אִיךְ הָאבּ אִיהְם דֶער קָאנְט, גֶעמְט אוּנ עֶסְט מִיךְ אוֹיף לֶעבֶּעדִיגֶערְהֵייט וֶועל אִיךְ פָּטוּר וֶוערִין פוּן אַייךְ אוּנ פוּן אַייֶער טַאטֶען". —

אַז דִיא מַאנֶען זֶענֶען גֶעקוּמֶען אַהֵיים פוּן דֶעם דַאוִוינֶען, אוּנ הָאבֶּען גֶעטְרָאפֶען אַזַא סְצֶענֶע, הָאבֶּען זֵייא גֶעחַאפְּט צוּ עֶטְלִיכֶע קְלָלוֹת, אַבִּי נִיט אַוֶועק גֶעהְן גָאר נִיכְטֶער אוּנ הָאבֶּען תֵּיכֶף גֶעמַאכְט פִּים, — לוֹיף מַמְזֵר! לוֹיף מְשׁוּמָד! הָאט אֵיין יוּנְגֶע גֶעשְׁרִיגֶען שָׁאבֶּענְדִיג דִיא שַׁאפֶע, לוֹיפֶען זָאלְסְטוּ

שוין

שוין אָהן אַ הֶעמְד, רִבּוֹנוֹ דְעַלְמָא כֻּלָא, אַרוּיס לוֹיפֶען זָאל פוּן אִיהְם דִיא טְרֵפָה'נֶע זָעעל, וִויא עֶס זָאגְט פוּן מִיר דִיא נְשָׁמָה, אִיךְ ווייס נִיט וָואס פְרִיהֶער צוּ טָאהְן, צוּ קָאנְטְשֶׁען דִיא שַׁאפֶע רַיין מַאכֶען, אָדֶער עֶפֶּעס פָּארְט אוֹיף קָאכֶען פַאר דִיא קִינְדֶערְלִיךְ זָאלֶען לֶעבֶּען, נָאךְ מַיין קָאפּ זָאלֶען זַייא בְּלַייבֶּען. — מֶע בַארְף דִיא הִינְדִיטְשֶׁקֶע אוֹיךְ אָנְשְׁטָאפֶּען, חָלֶעבֶּען אַ רַחֲמָנוּת אַ שְׁטִימֶע צוּנְג, דֶער שְׁוַוארְצֶער יָאהְר הָאט מִיךְ אוֹיךְ אַרַיין גֶעטְרָאגֶען מִיט דֶער שוּתְּפוּת, אַגְרוֹיסֶע יַחְסָן'טֶע : מֶען ווייסְט נִיט : זִיא מֵיינְט אַז עֶס אִיז אִין אֶמֶת בַּייא מִיר אַגְרוֹיסֶע זְכִיָה אַז זִיא הָאט מִ'ט מִיר בְּשׁוּתְּפוּת אֵיין הִינְדִיטְשֶׁקֶע : זִיא אִיז קְרַאנְק אוֹיךְ אַמָאהְל זֶעהְן עֶסֶען גֶעבֶּען : עֶפֶּעס דִיא הֶעְוָה פוּן לַייטֶען אִיז טַאקִי גָאר נִיט צוּ דֶער הַאלְטֶען.

אִיהְר ווייסְט ווייבֶּערְלֶעךְ אַז פוּן מָארְגֶען אָן אִיז שוין מֶעהְר נִיט וִויא דְרַייא וָואכֶען צוּ פֶּסַח, בְּנֶאֱמָנוּת : אַז דִיא הָאר שְׁטֶעלְט זִיךְ מִיר קַאפּוּיעֶר, עֶס אִיז דָאךְ ב"ה נִיט דָאס עֶרְשְׁטֶע יָאהְר, אִיךְ בִּין שוין דַאנְקֶען גָאטט אַ בַּעַלִיבָּאסְטֶע פַאר זִיךְ שוין 15 יָאהְר, הַלְוַואי וִויא פִיל עֶס אִיז מִיר בַּאשֶׁערְט נָאךְ לֶעבֶּען מִיט מַיין מַאן זָאל גֶעזוּנְד זַיין, זָאל נִיט זַיין קֵיין עֶרְגֶערֶע פֶּסַח'ן וִויא בִּיז יֶעצְט, נָאר הֶערְט אִיהְר, הַיינְטִיגֶער פַאר פֶּסַח שְׁטֶעהְט מִיר אָט דָא, (זִיא צֵייגְט אוֹיפֶן הַארְצֶען).

אָט אִין אַזֶעלִיכֶע שְׁמוּעֶסֶען גֵייט אִיבֶּער דֶער גַאנְצֶער טָאג, מֶען הָאט קָאם גִיקָאנְטְשֶׁעט דִיא שַׁאפֶעס, דִיא ווייבֶּער גֶעבַּאךְ וָואס זֶענֶען אַגַאנְצִין טָאג גֶעקָאלִיעֶט גֶעוָוארִין פוּן קֶעלְט, גֶעבְּלִיבֶּען אָהְן כֹּחַ פוּן הָארִיוַואנְיֶע אוּנ פוּן גְרִיזָאטֶע, הָאבִּין זִיךְ קָאם אַרַיין גֶעחַאפְּט אִין דִיא בֶּעטֶען אוּנ הָאבִּין גֶעבַּאךְ שְׁטַארְק גֶעקְרֶעכְצְט, — דִיא הִינְדִיקֶעס מִיט זֵייעֶרֶע ווייבֶּער הָאבִּין זִיךְ אִיבֶּערֶען טָאג אוֹיס גֶעקִיקְט אַ מָקוֹם מְנוּחָה אוֹיף נַאכְט לֶענֶער, אִיז זֵייא גֶעפֶעהְלֶען אוֹיף דִיא ווייבֶּערְשֶׁע הִימֶעל בֶּעטֶען אוּנ דַוְוקָא מִיט'ן אָחוֹר צוּם בֶּעט, נָא וִויא מֵיינְט אִיהְר, עֶס אִיז עֶפֶּעס גֶעשְׁמַאק צוּ לִיגֶען אִין בֶּעט אוּנ הֶערֶען דָאס לַאקְסִירֶען פוּן דִיא לַייט אוֹיף דֶעם אִיבֶּערְבֶּעט, — דִיא מַאנֶען וָואס זֶענֶען אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ גִיוֶועהְן בַּייא זִיךְ גְרוֹיסֶע מְיוּחָסִים, וֶוערְלִיג דֶער מַגִיד הָאט אוֹיס גֶעשְׁווינְדֶעלְט פוּן „שִׁיר הַשִׁירִים", וִויא דִיא „שְׁכִינָה" הָאט גָאר נִיט וָואס צוּ טָאהְן, נָאר זִיא בֶּערִיהְמְט זִיךְ מִיט דִיא כְּנֶסֶת יִשְׂרָאֵל אוּנ הַאלְט פוּן זֵייא אֵיין עוֹלָם וּמְלוֹאוֹ, חָאטְשׁ זֵייא הָאבִּין זִיךְ אַבִּיסֶעל נִיט גוּט בֶּעשְׂרִיבֶּען מִיט'ן מַעֲשֵׂה עֵגֶל, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט גֶעוֶועהְן דֶער דַרְשָׁן צוּ קְוֶועטְשֶׁען אֵיינִיגֶע פְּסוּקִים, בִּיז זֵייא הָאבִּין גֶעמוּזְט מַסְכִּים זַיין אַז דֶער „נַעֲשֶׂה וְנִשְׁמַע" וָואס דִיא יוּדֶען הָאבִּין גֶעזָאגְט בַּייא קַבָּלַת הַתּוֹרָה, (וָואס נָאכֶען מַגִיד'ס וִוילֶען, אִיז עֶר אוּנ דִיא אַלֶע שְׁכֵנִים אוֹיךְ גֶעוֶועהְן בַּייא קַבָּלַת הַתּוֹרָה, עֶר הָאט חֵשֶׁק : :) אִיז גֶעשְׁטַאנֶען פַאר אַ מֵלִיץ יוֹשֶׁר, אַז דֶעם חֵטְא פוּן עֵגֶל זָאלֶען דִיא כְּנֶסֶת יִשְׂרָאֵל אוֹיס צָאהְלֶען אִין כַאטֶעס.

נָא אַוַודְאַי אַז דִיא שְׁכֵנִים הָאבִּין דֶער טַאפְּט אַזוֹי אַ שְׁמוּעֶס, וֶוענֶען זַייא בַּייא זִיךְ אַבִּיסֶעל תַּקִיף גֶעוָוארִין, זַייא הָאבֶּען גָאר כִּמְעַט אִין זַייֶערֶע צָרוֹת פַאר גֶעסֶען, אַ שְׁפַּאס מֶענְשֶׁען וָואס וֶוענֶען תַּקִיפִים בַּייא דֶער שְׁכֵנָה, הַא ? אַז זַייא זֶוענֶען שְׁוַוארְץ וִויא „אָהֳלֵי קֵדָר", דֶער פַאר זֶוענֶען זַייא שֶׁעהְן וִויא „יְרִיעוֹת שְׁלֹמֹה" מִיט מַעֲשִׂים טוֹבִים ; —

— פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען נָאךְ דֶעם גַאנְצֶען תְּקִיפוּת, הָאבִּין זַייא זִיךְ בַּייא דֶער נַאכְט וִויא דִיא גַנָבִים אַריין גֶעחַאפְּט אִין שְׁטִיעֶב אַריין, וֶוער עֶסֶען, וָואס עֶסֶען ? דִיא הִינְגֶערִיקֶע שִׁיר הַשִּׁירִים מְיוּחָסִים הָאבִּין זִיךְ מִיט גְרוֹיסֶע צָרוֹת אוּנ נָאךְ פִיעֶל שָׁארֶענִס, קָאם קָאם צוּ גֶעשְׁלָאגֶען זִיךְ צוּם בֶּעט אוּנ אַנִידֶער גֶעלֶעגְט .

— אָבֶּער אַ הִינְגֶערִיקֶען גֶעמְט קֵיין שְׁלָאף נִיט אוּנ עֶס פַאר שְׁלָאגְט אִיהְם דֶער אָטֶעהְם פוּן דִיא שְׁלֶעכְטֶע רֵיחוֹת פוּן דֶעם הִינְדִיק וָואס פְּרַאוֶועט נְקִיוֹת גֶעגֶען זַיין בֶּעט, עֶר לִיגְט אִין גֶעהַאקְטֶע וִוינְדֶען אוּנ קְלֶעהְרְט וָואס פַאר אַ טָאלְק מַאכְט מֶען דָא ? „נָאךְ דְרַייא וָואכֶען בִּיז פֶּסַח, דָאס גַאנְצֶע צִימְמֶער אִיז פַאר שְׁטֶעהְלְט מִיט כֵּלִים, עֶס אִיז נִישְׁטָא פָּשׁוּט וִויא אַ גָאז אוֹיס צוּ שְׁנַאצֶען", נָאר וָואס אִיז דִיא פְּעוּלָה ? קְלֶעהְר הַיינְט קְלֶעהְר מָארְגֶען, עֶס אִיז שׁוֹין ב"ה טָאג, מֶע בְּרוֹיכְט וַוייטֶער גֶעהְן דַאוֶוענֶען, אִין הַארְצֶען הָאט עֶר גֶעטְרַאכְט דַאכְט זִיךְ הַיינְט אִיז שׁוֹין אַבִּיסֶעל רוּהִיג וֶועט מֶען דָאךְ פָארְט עֶפֶּעס קָאבֶען, נָאר רֵיידֶען טָאהְר מֶען נִיט, גֶעחַאפְּט דֶעם טַלִית אוּנ גֶעמַאכְט פִּיס .

דִיא וַוייבֶּער הָאבִּין אָן גֶעהוֹיבֶּען אַרוֹיס קְרִיבֶען פוּן דִיא בֶּעטֶען, אַ קְלָאג אַ יָאמֶער, אַ בְּרָאךְ נָאךְ זַיין קָאפּ, אִיהְר זֶעהְט וָואס עֶר הָאט מִיר אָן גֶעמַאכְט, עֶר הָאט דֶעם קִיגֶעל טֶעפִּיל מִיר צוּ בְּרָאכֶען, דָאס טֶעפִּיל אִיז דָאךְ נָאךְ אַ יְרוּשָׁה בַּייא מִיר גִיוֶועהְן פוּן מַיין בָּאבֶּע, זָאל זֵיא הָאבִּין דֶעם לִיכְטִיגֶען גַן עֵדֶן, דָאס אִיז גֶעוִוים זַיין מְלָאכָה, עֶר זֶעהְט דָאךְ נִיט, נִיט זֶעהְן זָאל עֶר דִיא וֶועלְט . —

„מַאמֶע ? מַאמֶע ? גֶעבּ מִיר עֶסֶען" שְׁרַייעֶט אַ יוּנְגֶעל מִיט קוֹלוֹת אוּנ וַויינְט מִיט בִּיטֶערֶע טְרֶערִין, „בֶּעוַויינֶען זָאלְסְטוּ בֶּעסֶער דַיין טַאטֶע, אַ יָתוֹם זָאלְסְטוּ זַיין אִין גִיכֶע צֵייטֶען, וֶועל אִיךְ זַיין אַ וִוישְׁטֶע אַלְמָנָה, וֶועט גָאטְט אוּנ גוּטֶע לַייט אוֹיף מִיר רַחֲמָנוֹת הָאבִּין" — אַז אַלֶע קִינְדֶער אִיז שׁוֹין נִמְאָס גֶעוָוארֶען שְׁרַייעֶן אוּנ קְלָאגֶען, הָאבִּין זַייא זִיךְ גֶענוּמֶען צוּ זַייעֶר גֶעשֶׁעפְט, פַייפֶען צוּא דִיא הִינְדִיקֶעס, זַייא זָאלֶען הָאלְדֶערֶען, קָאבֶען אַ בִּיסֶעל קְרוּפְּנִיק קוּמְט קֵיינֶעס נִיט אוֹפֶן קָאפּ, עֶס אִיז נִיט דָא קֵיין צֵייט, עֶס אִיז עֶרֶב פֶּסַח . —

דִיא וַוייבֶּער וַוייטֶער צוּם עֵסֶק, וַואשֶׁען אַ בֶּענְקֶעל, אַ טִישֶׁעל, דִיא קִינְדֶער וִויא עֶס אִיז פַאר שְׁטָאפְּט דָם מוֹיל מִיט טְרִיקֶענֶע מַאֲכָלִים, אַ שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט מִיט שְׁמַאלְץ, מִיט קָארָאפּ, גֶעגֶעסֶען אוּנ גֶעפַייפְט, אִין שְׁטִיעֶב אִיז

תוהו

תוהו ובוהו – אט אויף אזא אופן איז איבער גיגאנגען דיא גאנצע וואך, אלע חדרים זענען פוסט פון טישען אונ בענקלעך, אלעס שטעהט שוין אויס־גנעוואשען אופן הויף, עסען עסט מען שוין ב"ה פון דער האנד, אין אמת געשמיעסט צו וואסערע צרות ברויכט מען א טיש? א פנים מע קאכט עפעס? א טאג פאר א טאג עס איז געווארען ערב שבת, מילא לכבוד שבת מוז מען פארט עפעס קאכען. –

דיא בעסטע פעדער האט קיין קבאפט צו בעשרייבען דעם גרויסען ליארעם וואס האט זיך געטאהן דעם דאזיגען ערב שבת, דאס ענגשאפט אונ דיא געפילדערס, פון אלע זייטען האבין פאר געבראכט אזעליכע סבות אזעליכע זעלטענע אומשטענדע, אז מען איז גיוועהן שטארקער פון אייזען דאס אלעס איבער צו טראגען, סוף דבר: דיא חלות זענען גיוועהן פאר ברענט, דער צו ניט אויפגעגאנגען, דיא יויכען גוט פאר רייכערט, א געוואלד א געשרייא „דעם קיגעל האט מען גאר פארגעסען אביין ריקען אין טשאלענט", עס איז שוין שפעט, מע דארף שוין בענשען ליכט, אלע שכנים האבין גיך אונ שארף אריין געטראגען דיא אלטע פעסלעך, ארויף געלייגט דיא לאדענס, אט איז געווארין נאייע טישען, דיא ווייבער האבין געבענשט ליכט, דיא מענער זענען גיגאנגען דאווענען, אין שטיעב איז שוין ב"ה שבת, עס איז געווארין שטיל שלום ושלוה. –

גוט שבת! גוט עיבת! נא עס איז שוין דאכט זיך צייט אן צו באקען נאך אזא לאנגען תענית? עס איז אבער נישט דא אויף וואס צו זיטצען! א הא! דער קאפ איז גוט, א למדן גיט זיך א עצה, איבער גיקעהרט א דיישקע מיטען דנא ארויף, עס איז אפילו שטארק נידעריג דאס כוויל קומט אויס אונטערען לאדען, נאר וואס קאן מען מאכען בעסער? אוודאי איז ניט גרינג צו זיין א יוד. –

בקיצור דער מאן זיצט שוין אויף דער דיישקע וויא א פירשט, דאס ווייב מיט דיא קינדער שטעהן ארום דעם פעסעל, קיין פיש האט מען ניט גיקאכט, ווארום ווער האט דאס צייט געהאט נאך האבין צו טאהן מיט פיש אין אזא ערב שבת? „נא האט מען זיך תיכף גענומען צו דער יויך", עס איז גיוועהן אפילו שטארק פאר רייכערט, קאלט, מאגער אונ חושך, מע האט עס אויס געהלאפטשעט מיט גרויסע צרות, פלייש איז אנגעקומען אויף יעדען גוטע שתי שערות, צימעס קאכט מען ניט ערב פסח, געפאטערט ב"ה דיא ערשטע כעודה – דער עולם האט זיך גוט אונטער געפאקט אהן עין הרע, הלעבען ווילט זיך טאקי שלאפען, נאר מעשה שטן דיא קינדער דרייענדיג זיך ארום דיא פעסלעך האבין זייא איבער גיקעהרט דיא לאדענס אונ צו בראכען דיא שיסלען אונ טעלער, דיא קידוש גלעזליך וואס זענען גישטאנען אויף דיא געבאנישע טישען, דיא קינדער זענען שעור נהרג געווארין, האבין זיך געבאך

פאר

פַאר שְׁטָאכֶען דִיא הֶענְדְלֶעךְ מִיט דִיא אוֹיגֶען, אוּנ דֶער צוּ מִכְּתָּבָא נִיקְרִינְ
קְלֶעפּ אוּנ קוּלַאקֶעס, אַלֶע וֵויינֶען אוּנ שְׁרַייֶען. —

אוֹיף דִיא פֶעטֶער הָאט גִירֶעגֶענְט אַ מַבּוּל פוּן קְלָלוֹת אוּנ חֲרָמוֹת, „אַנ
עֶר הָאט זִיךְ אָן גֶעפְרֶעסֶען הָאט זִיךְ אִיהְם בַּאלְד פַאר חָאלֶיעט שְׁלָאפֶען
קְרַאנְק אִיז עֶר גֶעוועֶהְן זֶעהְן דִיא קִינְדֶער לֵייגֶען שְׁלָאפֶען? אַזוֹיא זִיךְ נָאךְ גֶעבֶּע
וָואס עֶס וִוילְט זִיךְ! אָט אִיצוּנְד וֵוייסְט וֶוער עֶלְטֶער אִיז? זֵייא וֶועלֶען גֶעוויי
בְּלַייבֶּען קַאלִיקֶעס, נָאר וָואס הַארְט דָאס אִיהְם? דֶער קָאפּ טוּהְט אִיהְ
וֵוייא! עֶס פֶעהְלְט נָאר מִיר עֶרֶב פֶּסַח, טַאנְצֶען אַרוּם דִיא קִינְדֶער, גֶעוַואלְ
וָואס טְהוּט מֶען? אִיךְ וֶועל מִיר אֵיין מַעֲשֶׂה אָן טָאהְן, וִויא אַהִיְ
אַנְטְלוֹיפְט מֶען! —

אִין אַזֶעלִיכֶע קְלָאג לִידֶער הָאט מֶען פַאר בְּרַאכְט בִּיז הַאלְבֶּע נַאכְ
אִין דֶער פִינְסְטֶער, (דִיא גְרָאשָׁאוֶוע לִיכְטְלֶעךְ זֶענֶען שׁוֹין לַאנְג אוֹיס גֶעבְּרֶענְ
גִיוָוארֶען) אוּנ מֶע אִיז אִין צָרוֹת אַיינְגֶעשְׁלָאפֶען — אִין דֶער פְרִיה, דִיא כֶּענֶע
זֶענֶען אַנְטְלָאפֶען גְלַייךְ אִין שׁוּל אַרַיין, אִין שְׁטִיעֶב אִיז שׁוֹין כְּלוֹמֶערְשְׁט שְׁטִיל
וָוארוּם דִיא וַוייבֶּער הָאבִּין שׁוֹין בַּאלְד קֵיין כֹּחַ אֲפִילוּ צוּ שֶׁעלְטֶען. —

אָט אִיז מֶען דֶער וַוייל גִיקוּמֶען פוּן דֶער שׁוּל, „גוּט שַׁבָּת! גוּט שַׁבָּת!"
דִיא חַלוֹת לִיגֶען שׁוֹין אוֹיף דִיא לָאדֶענְס, מֶע אִיז שׁוֹין אַבִּיסֶעל זִיכֶער פוּן :
הֶיזֵק, מַחֲמַת דִיא קִינְדֶערְלִיךְ לִיגֶען שׁוֹין גֶעבַּאךְ אַלֶע אִין דִיא בֶּעטֶען קְרֶעכְצִי
פוּן וֵוייטָאק, וֵויינֶען אוּנ קְלָאגִין אַז עֶס רַייסְט אוֹיס דָאס הַארְץ, דָאךְ פַּייפֶע
זֵייא אִינְטֶער אָפְּט אוּנ אָפְּט, אַרוֹיס צוּ קְרִיגֶען דָאס הָאלְדֶערֶען פוּן דִיז
הִינְדִיקֶעס, תַּקִיף זֶענֶען זֵייא אַז מֶע וֶועט זֵייא גֶעוִויס נִיט שְׁלָאגִין, זֵייא זֶענֶע
דָאךְ מְיוּחָסִים זֵייא זֶענֶען קַאלִיקֶעס. —

נָא בַּייא דֶער שֵׁיינֶער מוּזִיקָא פוּן דִיא הִינְדִיקֶעס, זֶעטְצֶען זִיךְ אַלֶ
מֶענֶער בַּייא דִיא פֶעכְלֶעךְ אוֹיף דִיא אִיבֶּער גִיקֶעהְרְטֶע דֵיישְׁקֶעס אוּנ קְלֶעהְרִי
מִיט זִיךְ אַלֵיין מִכֹּחַ דֶעם טְשָׁאלֶענְט וָואס דָא וֶועט בַּאלְד אַרוֹיף גֶעטְרָאגֶע
וֶוערִין, „שְׁלֶעכְט בְּרִידֶער! עֶפֶּעס אַ גְרוֹיס שִׁישְׁקֶערַייא צְווִישֶׁען דִיא וַוייבֶּע
בַּייא דֶעם אוֹיוֶוען" וָואס אִיז? אַ הַא! דֶער טְשָׁאלֶענְט אִיז גָאלֶע וַואסֶער, נָא
נִיט אוֹיס גֶעזָאטֶען, וָואס טוּהְט מֶען דָא? וִויא דֶער לַאנְגְט מֶען דָאס צוּם טִישׁ
גָאט זָאל מִיךְ נִיט שְׁטְרָאפִין פַאר דִיא רֵייד, עֶס אִיז דָאךְ נָאר אוֹפֶן חֲזִיר אוֹיס
צוּ גִיסֶען, „עֶס אִיז נִיט כְּדַאי צוּ רֵיידֶען אִים שַׁבָּת, נָאר דֶער אֱמֶת אִיז פַאו
אַ שְׁטִיקֶעל הָאלְץ וָואלְט זִיא זִיךְ אַ מַעֲשֶׂה אָן גֶעטָאהְן" מֵילָא אַ גַאנְצֶע וָואך
עֶסְט מֶען דָאךְ ב"ה שְׁטֶענְדִיג רוֹיהֶע קְרוּפְּנִיק, אָבֶער לְכָבוֹד שַׁבָּת...

„אַ הַא! זִיא הָאט שׁוֹין גִיעֶפִינְט דָאס שְׁוַוארְצֶע פִּיסְקֶעלֶע" הָאט זִיךְ אָ
גֶערוּפֶען דִיא בַּעֲלִיבָּאסְטֶע, זֵייעֶר כִּיעֶל דִירָה גֶעלְד גִיט זִיא זִיךְ אִיבֶּער? זִ
שְׁפַּאס אַז אִין 9 חֳדָשִׁים הָאט מֶען בַּייא אִיהְר אַרוֹיס גֶעצוֹיגִין מִיט מִיעֶה וִויא
בַּייא אַ הוּנְד פוּן דִיא צֶעהְן 4 רוּבְּלֶעס, הֶערְסְט קָאנְסְט זִיךְ אֲפִילוּ מָארְגֶע

אַרוֹיס

אַרויס קְלויבֶּען, ווֶער עֶס ווֶעט נָאךְ דִיר וֵוינֶען זָאל יֶענֶעם דִיא אויגֶען אַרויס
א הָעֲצָה פוּן אַ שְׁאֵלָה ? מַיין טְשָׁאלֶענְט אִיז דֶען בֶּעסֶער ? דַאכְט מִיר אַז אַלֶע
עהְן אַז דִיא שְׁכֵנִים'ס טְשָׁאלֶענְטֶען רִיקְט מֶען אַרויף אִין סַאמֶע זְשַׁארר, דֶער
וַוארְצֶער יָאהְר קָאן טְרֶעפִין דֶעם אויוֶוען, פוּן הַיינְט כָּאהְל אָן אוּנ וַוייטֶער
ין אִיךְ אַיךְ מוֹחֵל דֶעם כָּבוֹד רִיקְט זִיךְ אַלֵיין, הֵייצְט זִיךְ אַלֵיין, דֶער גֵיהִנָּם
אִיז זֵייא קַארְג, זֵייא וָואלְטֶען אַ בֶּעלָן גִיוֶועהְן מִיךְ פַאר בְּרֶענֶען מִיט דִיא
יינֶער, טַאקִי כְּדַאי הָאבִּין אַ שְׁטִיעֶבּ אוּנ הֶערֶען אַזֶעלִיכֶע רֵייד, פוּן אַ
זִינְסְטֶער דְרַאפֶּקֶע. —

„בִּיז וַואנֶען וֶועט מֶען דָא זִיטְצֶען ?" הָאט אֵיין שָׁכֵן אַרויס גִילָאזְט אַ
יטֶער קוֹל, גִיבּ שׁוֹין דָארְטֶען אַהֶער דֶעם טְשָׁאלֶענְט לָאמִיר שׁוֹין אַרָאפּ קְרִיכֶען
פוּן דֶער דֵייכֶקֶע — „וָואס אִיז אויף דִיר דָאס בֵּייזֶע אַיילֶענֶעש ?" הָאט אִיהְם
גֶעבִּין דָאס וַוייבּ אַ קְלַאפּ, „דִיא זִיצְט אוֹפֶן פְּרָאסְט ?" אַזויא אַ כָּבוֹד זָאלְכְטוּ
הָאבִּין אויף יֶענֶער וֶועלְט וָואס פַאר אַ כָּבוֹד אִיךְ הָאבּ דָא, עֶר יָאגְט מִיר אִין
אַלז אוּנ אַקֶען גֶעבִּין אִיהְם גֶעשְׁווינְדֶער פְּרֶעסֶען, וָואס וֶועל אִיךְ דִיר גֶעבֶּען ?
אַלֶע וַואסֶער מִיט פַאר סְטוּדֶעטֶע קַארְטָאפֶעל ? אַ רֶעשְׁטֶע ! נֶעם אוּנ פְּרֶעס,
עֶס קִיגֶעל הָאט מֶען ב"ה גָאר פַאר גֶעסֶען אַריין רִיקֶען, פְלֵייש אִיז נִישְׁט דָא,
אַ שַׁבָּת ? אַ יוֹם מְנוּחָה, נָא, נָא" דֶער הַיינְטִיגֶער עֶרֶב פֶּסַח קְרִיכְט גוּט אִין
יא בֵּיינֶער אַריין — „מֶע וֶועט פַאלֶען גֵייעֶנְדִיג" הָאבִּין אַלֶע שְׁכֵנִים אויס
שְׁרִיגֶען מִיט אֵיין שְׁטִימֶע. —

פוּן גְרויסֶע צָרוֹת הָאבִּין דִיא מֶענֶער גִינוּמֶען דִיא פִּים אִין דִיא הֶענְד אוּנ
מַאכְט מַיִרְשׁ אִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ אַריין, דֶער עוֹלָם הָאט זִיךְ אויפְגֶעקְלִיבֶּען גִיךְ
אוּנ שַׁארְף, מֵחֲמַת מֶע קָאן זִיךְ אִין שְׁטִיעֶבּ נִיט אַיינְהַאלְטֶען, דֶער דַרְשָׁן הָאט
וַוייטֶער גִינוּמֶען הויבֶּען דֶעם עוֹלָם אויף דְרִיקֶעם, עֶר אִיז אַרוּם גֶעפְלויגֶען אִין
ויר הַשִּׁירִים וִויא אַ מְשׁוּגֶענֶער, גֶעמַאכְט פְּסוּקִים פַאר קָאלִיקֶעם, אַנְדֶערֶע
סַרֶס גִיוֶועהְן, אַ טֵייהְל אִיבֶּער גִיקֶעהְרְט, אֵיין אַנְדֶערֶען פָּסוּק גְלַאט אַ
וַוטַארְקֶען קְוֶועטְשׁ גִיגֶעבֶּען בִּיז עֶר הָאט נֶעבַּאךְ מִיט אַ רַחֲמָנוּת פָּנִים גֶעקוּקְט
ויף דַרְשָׁן וִויא אֵיינֶער רֶעדְט: „טְשֶׁעפֶּע זִיךְ אָפּ פוּן מִיר, אִיךְ וֶועל שׁוֹין דִיר
סְפָרִים זַיין אויף אַלֶעם, אַבִּי „טְרֶעט אָפּ אַבִּיסֶעל, עֶס נֶעמְט אָן גְרויס חַלָּשׁוּת
יךְ בִּין דָאךְ מֶעהְר נִיט וִויא אַ פָּסוּק וָואס קָאן מֶען דָא אויס קְווֶעטְשֶׁען פוּן
מִיר ?" אִיךְ בִּין זִיךְ מֶעהְר נִיט אַבִּיסֶעל מְחַיֶה, נָאר בַּייא דֶעם פַּשְׁטָן עֶר
יהְרְט זִיךְ מִיט מִיר פָארְט מִיט דֶרֶךְ אֶרֶץ, אָבֶּער וֶוען טְרֶעפְט דָאס מִיר ? דָאס
אוּב וֶוער אִיךְ פַאר פִינְצְטֶערְט פוּן דִיא מַגִידִים אִיךְ הָאבּ בַּייא זֵייא אַ פָּנִים פוּן
מוּפְקֶרֶת אִיטְלִיכֶער אִיז מִיט מִיר אַ מְחוּתָּן, טוּהְט מִיט מִיר וָואס עֶר וִויל
יא עֶר וִויל — אִיךְ הָאבּ בִּיז יֶ״צְט אַ שְׁטַארְקֶען טָעוּת גִיהַאט אִיךְ הָאבּ אַלֶעם
גֶעמֵיינְט אַז נָאר דִיא רוּסִישֶׁע דַרְשָׁנִים זֶענֶען אַזוינֶע רוֹצְחִים אוּנ פֶעלְד גַזְלָנִים,
אַרויף פַאלֶען פְלוּצְלִינְג אויף פְּסוּקִים אַרוּם בַּייסֶען זֵייא פוּן קָאפּ בִּיז פִּים אוּנ

אפ

אָפּ שְׁלָאגֶען זַייא רִיק אוּנ לֶענְד, אָבֶּער אִיי אוֹיסְלַאנְד דִיא פְּרֶעדִינֶער אַלְס מֶענֶער מִיט וִויכֶענְשַׁאפְט, נֶעמֶען זִיךְ גֶעווִים צוּ אַ פָּסוּק מִיט אֵיידֶעלְקֵייט נִיט אַ שְׁטוּרְךְ אַ טֶעלֶעבֶּענְדֶע, אַ חַאפּ אוּנְטֶערֶען אוֹיעֶר, אָבֶּער עֶרְשְׁט פֶּע! וָואלְט אִיר הֶערֶען וִויא דִיא דַייטְשִׁישֶׁע דַרְשָׁנִים חַאפֶּען אַרוֹיף אַ פָּסוּק אוֹיף דֶער וֶוענְדֶקֶע גְלַייךְ וִויא דִיא חֲסִידִישֶׁע רֶבֵּיִים, זַייא פְלוֹידֶערֶען גָאר וָואס נִישְׁט גִישְׁטוֹיגֶען אוּנ נִישְׁט גִיפְלוֹיגֶען, אַזוֹיא אַ פָּנִים זָאל הָאבִּין וֶוער אִיךְ וַויים, מִיט וָואס פַאר אַ פָּנִים עֶס קְרִיכְט אַרוֹיס דֶער פָּסוּק פוּן זַיין מוֹיל, עֶר אִיז אוֹיךְ אַ בַּדְחָן אַקוּרַאט וִויא דֶער לִיטְוָועשֶׁער מַגִיד, נָאר עֶר זָאגְט כְּלוֹמֶערְשְׁט אִין רֵיין דַייטְשׁ. —

אָט אַזוֹיא הָאט דֶער פָּסוּק זִיךְ אַבִּיסֶעל אוֹיס גֶעקִיהֶלְט דָאס הַאָרֶץ פַאר דֶעם שִׁיר הַשִּׁירִים זָאגֶער, נָא וִויא מֵיינְט אִיהְר? עֶר וֶועט אִיהְם אַבִּיסֶעל הֶערֶען? יֶענֶער אִיז שׁוֹין גֶעוואוּינְט אִין אַזֶעלִיכֶע רְצִיחוֹת, דָאס טְרֵפָה'נֶע דַם וֶוערְט אִין אִיהְם צוּ קָאכְט אַז עֶר דֶער זֶעהְט אַ פָּסוּק וָואס עֶר טוֹיג נִיט פַאר אִיהְם, אָט דָא גֶעהְט עֶר אַרוֹיס וִויא אַ הֶעלְד פִיל מִיט וַואפֶען, דָאס הֵייסְט: מִיט אַ רֶמֶ"ז מִיט אַ נוֹטְרֵיקוֹ"ן אָפְּט מִיט אַ גִימַטְרִיָ"א, אַ מָאהְל אַז עֶס אִיז גָאר שְׁלֶעכְט וֶוערְט עֶר גָאר אַ מְקוּבָּל, נָא דָא אִיז שׁוֹין דָא גָאר אַנְדֶערֶע סְחוֹרָה, „אַ מִסְפָּר קָטָן, אֵיין א"ת ב"ש", אַבִּי עֶר מַאכְט אַ תַּכְלִית פוּן דֶעם פָּסוּק. —

דֶער שְׁטָאדְט דַרְשָׁן הָאט אוּנְזֶערֶע שְׁכֵנִים אוֹיף גִיהוֹיבֶּען בִּיז דֶעם הִימֶעל אוּנ אַלֶעם גֶעשְׁפַּארְט מִיט פְּסוּקִים, חָאטְשׁ דִיא אַלֶע שְׁכֵנִים זֶענֶען נֶעבַּאךְ טוֹידְט הִינְגֶערִיק, אוֹיס גֶעשָׁאלְטֶענֶע אוּנ אוֹיס גֶעקָארִינִיעֶטֶע אוֹיף אַלֶע זַייטֶען, הֵייסְט דָאךְ דָאס וִויא מֶען זָאגְט: „וְשָׁר בְּשִׁירִים עַל לֵב רָע" מֶע זִינְגְט אַ לִידֶעל אוֹיף אַ פַאר בִּיטֶערְט הַאָרֶץ, נָאר אִין מִיטֶען גֶעבֶּען זַייא אַ קְלֶעהְר, דֶער מַגִיד הָאט דָאךְ אוֹיךְ גִיגֶעסֶען אַ קְרֶענְק פוּן אַלֶע יוּדֶען וָואס דֶען אִיז עֶר בַּייא זִיךְ אַזוֹיא אוֹיפְגֶעלֵייגְט? אֶלָּא מוּז דָאךְ אַ פָּנִים זַיין אַז דָאס אִיז אַלֶעס מִיט אַ טִיפֶען קוּק אוּנ גֶעווִים וֶועט דֶער מַגִיד דָאס אַלֶעס אוֹיךְ אוֹיס אַרְבֵּייטֶען טַאקִי נָאר פוּן שִׁיר הַשִּׁירִים, נִישְׁקָשֶׁה עֶר אִיז נִיט קְרַאנְק אוֹפֶן שֵׂכֶל, פְּסוּקִים אִיז נָאךְ דָא אַסַאךְ עֶר הָאט דָאךְ עֶרְשְׁט נָאר צְוֵויא פַּרְשׁוֹת אָפּ גִיזָאגְט. —

אַזוֹיא הָאט מֶען פַארְבְּרַאכְט בִּיז מִנְחָה, דֶער עוֹלָם אִיז גִיגַאנְגֶען מַאכֶען אַ הַמוֹצִיא אוּנ טַאקִי בַּאלְד צוּרִיק אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ, עֶס הֵייבְּט אָן צוּ וֶוערֶען נַאכְט, אַלֶע וַוייבֶּער אִין שְׁטִיעֶב הָאבִּין זִיךְ נָאךְ אַ מָאהְל אוֹיף גִיקְלִיבֶּען אִין אֵיינֶעם, בֶּעטְרַאכְטֶען נָאךְ טִיפֶער כְּכֹחַ דִיא עִנְיָנִים וָואס מֶע דַארְף טָאהְן נָאךְ שַׁבָּת, זַייט רוּהִיג לִיבֶּע לֶעזֶער אוּנ הֶערְט גוּט צוּ מִיט קָאפּ. —

---

ט

## דֶער צְווֵייטֶער שַׁבָּת נָאךְ פּוּרִים טַאקִי בֵּין הַשְּׁמָשׁוֹת.

אִין שְׁטִיעֶבּ אִיז טוּנְקֶעל, אַלֶע וַוייבֶּער זֶענֶען בְּשָׁלוֹם וְשַׁלְוָה, פּוּנְקְט וִויא מֶע וָואלְט זִיךְ קֵיין מָאהְל נִיט אִיבֶּער גֶערֶעדְט אֵיין וָוארְט, זֵייא הָאבִּין פֵּיינְד נוֹטֵר שִׂנְאָה זַיין, אַ אִשָּׁה טָאהְר נִיט לֶערְנִין קֵיין תּוֹרָה, דֶערִיבֶּער אִיז זֵיא קֵיין תַּלְמִיד חָכָם וָואס דַארְף זַיין אַ נוֹקֵם וְנוֹטֵר וִויא אַ שְׁלַאנְג, דֶער כְּלַל אִיז מֶע קְרִיגְט זִיךְ אוּנ מֶע זִידֶעלְט זִיךְ אוֹיס וָואס אִין קָארְט אוּנ מֶע וֶוערְט שָׁלוֹם, אַזוֹיא דְרֶעהְט זִיךְ דָאס עֵסֶק וִויא פִּיל מָאהְל אַ טָאג.

נָא אַזוֹיא וִויא מֶען אִיז דָא גִיזֶעסֶען זֵייעֶר רוּהִיג אִין שְׁטִיל, הָאט מֶען אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּ רֶעדֶען נָאךְ אַ מָאהְל מִכֹּחַ דֶעם פֶּסַח. „אִיךְ לוֹיבּ אוּנ דַאנְק דֶעם וָואס אִיבֶּער אוּנְז״ הָאט גִיגֶעבֶּען אַ שְׁמוּעֶס גֶעלֶע דִיא גְלַאטְשֶׁערְקֶע, אִיךְ זָאג אַייךְ וַוייבֶּערְלֶעךְ דֶעם אֱמֶת אִיךְ הָאבּ מִיךְ נִיט גִירֶעכְט פַארַאכְטָאגֶען אִין דֶער צַייט אַז מֶע זָאל שׁוֹין יֶעצְט אַזוֹיא הַאלְטֶען, חָלֶעבֶּען אָהְן עַיִן הָרָע מִיר הָאבִּין שׁוֹין אַבִּיסֶעל מְלָאכָה אָפּ גֶעפַּאטֶערְט, חָאטְשׁ דָאס אִיז גָאר קֵיין אָנְהוֹיבּ נִיט, נָאךְ שַׁבָּת אַז גָאט זָאל שֶׁענְקֶען דָאס לֶעבֶּען אוּנ גֶעבִּין כֹּחַ וֶועט זִיךְ הֶערְשְׁט אָנְהוֹיבֶּען דִיא רֶעכְטֶע אַרְבֵּייט: „מָאהְלֶען וֵוייץ, זִיפֶּען דָאס מֶעהְל, בַּאקֶען דִיא מַצָּה, גֶעזִינְדְטֶערְהֵייט זָאל מִען עֶסֶען אָהְן צַעַר, אוֹיס קָאלֶעכֶען דִיא שְׁטִיעֶבּ״, נָא דָאס אִיז נָאךְ אַלֶעם סְיַאק טַאק, מֶען אִיז ב״ה שׁוֹין גִיוֶועהְנְט גִיוָוארֶען צוּ הָארֶעוֶוען וִויא אַ יִיק צוּם הַאמֶער, נָאר דָאס עֶרְגְסְטֶע אִיז בַּייא מִיר בֶּעטֶען גֶעלְד בַּייא מַיין מַאן, אָט מָארְגֶען דַארְף מֶען וַוייטֶער גֶעהְטִיג וִויא דָאס לֶעבִּין גֶעהְן נָאךְ אַ מָאהְל אוֹפֶן מַארְק, אַ לֶעבֶּעְנ־דִיגֶער מֶענְשׁ דַארְף אַלֶעם הָאבִּין, אִין אֱמֶת רֵיידֶענְדִיג קָאן מֶען אִיהְם אוֹיךְ נִיט אַזוֹיא שְׁטַארְק בֶּעשִׁילְדֶערְן, עֶס אִיז טַאקִי נִיט זִינְדִיגֶען זָאל מֶען מִיט דִיא רֵייד, נִיט דָא פוּן וַואנֶען, אוּנ דֶער צוּ דֶער בְּלוּטִיגֶער יַקְרוֹת, צוּ וָואס מֶע רִירְט זִיךְ צוּ אִיז זִיךְ נִיט אָפּ צוּ צָאהְלֶען, וִויא פִּיל דַארְף דָאס דֶער פֶּסַח נִיט אוֹיס גֶערֶעדְט זָאל דָאס זַיין אַרוֹיס שְׁלֶעפֶּען בַּייא יֶעצְטִיגֶען יַקְרוֹת אֲפִילוּ בַּייא אַזָא קְלֵיין גֶעזִינְדֶערְלֶע וִויא אִיךְ בִּין? אוּנ פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען אַז עֶס וֶועט קוּמֶען צוּ עֶפֶּעס וֶועט נִיט זַיין מַמָּשׁ וָואס צוּ עֶסִין, פִּ״שׁ וִויא מֶע זָאגְט וֶועט כִּמְעַט גָאר נִיט זַיין, נָא מִיט פְלֵיישׁ זֶעהְט אִיהְר קָאן מֶען זִיךְ בְּוַדַּאי אָן עֶסֶען? וֶועמֶעס קֶעשִׁינֶע אִיז דָאס צוּ צָאהְלֶען 20 קָאפּ׳קֶעס אַ פִינְטֶעלֶע? — דֶער גַאנְצֶער

פורְנָיות אִיז גֶעבַּאךְ אוּיס גִיגַאנְגֶען אוּיף דָעם יוּדֶען, עֶר עֶסְט אוּיף זַיינֶע בְּלוּטִיגֶע גֶעלְד אִין צָרות אוּנ אִין בֵּיינֶער.

אִיהְר פַארְשְׁטֵייט וַוייבֶּערְלֶעךְ וָואס דָא וֶועט זַיין הַיינְטִיגֶען פֶּסַח וָואס צוּ עֶסֶען? וַוייטֶער מַצָה, אָבֶּער מַצָה, קַארְטָאפֶעל אִיז אוֹיךְ ב״ה מִיט גָאלְד גְלַייךְ, נָאר אַ שֶׁעהְנֶע כַּפָּרָה וָואלְט אִיךְ חָאטְשׁ שׁוֹין גִיהַאט דִיא עֶטְלִיכֶע גִילְדֶען אִין דֶער קֶעשִׁינֶע — „שְׁוַויינְט אִין מַחְשָׁבוֹת'ן“ מִיר דַאכְט אַז עֶס אִיז שׁוֹין גוּטֶע צְוֶוייא שָׁעָה אִין דֶער נַאכְט וָואס קָאן דָאס זַיין וָואס אוּנְזֶערֶע לַייט זֶענִין נָאךְ נִיט גִיקוּמֶען פוּן דֶעם דַאוֶוענֶען? אִיהְר וַוייסְט אַז דָאס אִיז עֶפֶּעס נִיט קֵיין גְלַאטֶע זַאךְ? אִיךְ וָואלְט אַ בֶּעלְן גִיוֶועהְן זִיךְ דוּרְךְ גֶעהְן אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ אוּנ וִויסֶען וָואס דָאס אִיז פַאר אַ מַעֲשֶׂה? עֶס אִיז נִיט פָּשׁוּט מִיר שְׁרֶעקְט זִיךְ דָאס הַארְץ.

נָאר דֶער וַוייל אֵיידֶער דִיא וַוייבֶּער וֶועלֶען זִיךְ רִירֶען פוּן דֶעם אָרְט, לָאמִיר בֶּעסֶער לִיבֶּע לֶעזֶער, אַלֵיין זִיךְ דוּרְךְ גֶעהְן אוּנ וִויסֶען וָואס דָארְט אִיז? זֶעהְט אִיהְר? וָואס נִיט וָואס? דָאס בִּין אִיךְ אוֹיךְ אַ בַּעלָן צוּ וִויסֶען וָואס דָאס קָאן זַיין? —

דֶער בֵּית הַמֶדְרָשׁ אִיז פִיל מִיט מֶענְשֶׁען אַלֶע רֶעדֶען, אַ שְׁטַארְק מַחְלוֹקֶת, וָואס אִיז? עֶטְלֶעכֶע מֶענְשֶׁען הָאבִּין פַאר גִילֵייגְט אַ פְּלַאן אַז בַּייא יֶעצְטִיגֶען יַקְרוֹת וָואלְט קֵיין עַוְלָה גִיוֶוען, אוּנ אֶפְשַׁר נָאךְ אַ גְרוֹיסֶע מִצְוָה אַז דֶער „רָב זָאל לֶעבֶּען“ זָאל מַתִּיר זַיין „קִטְנִיוֹת אוּנ הֶערִינְג“ דָאס הֵייסְט: (רַייז, הִירְז, רֶעטְשֶׁענֶע גְרוֹיפֶּען, אַרְבֶּעס, פַאסָאלִים, נָאהִיט, פָּאפֶּעשׁוֹיֶע מֶעהְל, אוֹיךְ הֶערִינְג), עֶר הָאט הְלֶעבֶּען גוּטֶע פְּלֵייצֶעס, עֶר קָאן אוּיף זִיךְ שְׁטֶעלֶען.

נָא, נָא, דֶערוֹיף הָאבִּין זִיךְ אַ חַאפּ גִיטָאהְן אֵיינִיגֶע אֵיינִיקְלֶעךְ נָאךְ פוּן דֶעם אַלְטֶען מַגִיד אוּנ פוּן דֶעם אַלְטֶען רַב, אֵיידֶעמְס אַ גַאנְץ פֶּעקִיל, וָואס טְשׁוּד קְרִיגֶען זֵייא סְמִיכָה אוּיף רַבָּנוּת, דֶעם שׁוֹחֵט׳ס אַ שְׁטִיף זוּהְן אַ יוּנְגֶער מַאן אַ מוּפְלָג׳ גָדוֹל אוּנ אַ קְרִימֶער טוּחַ, גָאט זָאל זִיךְ מְרַחֵם זַיין, פְּרוּשִׁים מִיט שְׁפִּיצִיגֶע קֶעפְּלִיךְ אוּנ פַאר קְרִימַטֶען שֵׂכֶל, דֶער שְׁטָאדְט מַתְמִיד אוּיךְ אַ יוּנְגֶער מַאן אַ חַרִיף מִיט זַיינֶען קֶעפּ, וָואס קָאן מְשׁוּגֶע מַאכֶען הִינְדֶערְטֶער מֶענְשֶׁען. —

אָט דִיא אַלֶע הָאבִּין זִיךְ גִישְׁטֶעלְט גֶעגֶען דֶעם פְּלַאן, פַארְשִׁידֶענֶע סְבָרוֹת זֶענֶען גֶעפְלוֹיגֶען אִין דֶער לוּפְטֶען אֵיינֶע קְרִימֶער פוּן דֶער אַנְדֶערֶער, יֶעדֶער מְטוּרָף הָאט דָא גֶעקְרִיגֶען אֵיין אָרְט אַרוֹיס צוּ גֶעבִּין זַיין חֲרִיפוֹת אוּנ קָאפּ שְׁטִיק, אִין גַאנְצֶען בֵּית הַמֶדְרָשׁ הָאט גִיקָאכְט וִויא אִין אַ קֶעסֶעל — דֶער פְּרָאסְטֶער עוֹלָם אִיז גֶעבַּאךְ גִישְׁטַאנֶען אוֹיסְגֶעסָאלַאפֶּעט דִיא צוּנְגֶען אוּנ הָאבִּין כִּמְעַט גָאר נִיט פַארְשְׁטַאנֶען דֶעם גַאנְצֶען וִיכּוּחַ, ווִילְדֶע אוֹיס דְרִיקֶע פוּן הִלְכוֹת פֶּסַח הָאבִּין זֵייא דָא גִיהֶערְט אוּנ הָאבִּין דָאס נִיט גִיקָאנְט אַפִילוּ נָאךְ זָאגִין,

דער

דֶער כְּלַל אִיז זֵייא הָאבִּין גֶעמֵיינְט אַז דִיא חָכְמָה פוּן דֶער אֵייזֶענְבַּאהְן פוּן דֶעם טֶעלֶעגְרַאף פוּן דֶער פָאטֶעגְרַאפִיֶע, הֵייבְּט זִיךְ גָאר נִישְׁט אָהְן גֶעגֶען דִיא חָכְמוֹת וָואס דָא וֶוערְט אַרוֹיס גִיגֶעבֶּען מִכֹּחַ דִיא אַרְבֶּעס אוּנ הֶערִינְג. —

גָאר אִין מִיטֶען הָאט זִיךְ אַרוֹיס גֶערִיקְט אֵיינֶער אַ יוּנְגֶער מַאן, אֲפִילוּ נִיט פוּן דִיא גְרוֹיסֶע גְאוֹנִים וַחֲרִיפִים, נָאר אַ רֶעכְטֶער בַּעַל סְבָרָא אַ בַּעַל שֵׂכֶל הַיָשָׁר (מֶען הָאט אוֹיף אִיהְם שְׁטֶענְדִיג גֶעמִימֶעלְט אַז עֶר אִיז שׁוֹין גִיחַאפְּט..) אוּנ הָאט אַ פְּרֶעג גִיטָאהְן אַ קְלָאטְץ קַשְׁיָא, „אִיךְ בֶּעט אַייךְ לוֹמְדִים אוּנ חֲרִיפִים" הָאט עֶר גִיזָאגְט גַאנְץ קַאלְטְבְּלוּטִיג, „אִיךְ בֶּעט אַייךְ גִיט מִיר צוּ פַארְשְׁטֶעהְן דֶעם גַאנְצֶען אִיסוּר פוּן „קִטְנִיוֹת" פַאר וָואס זָאל מֶען נִיט עֶסֶען שְׁטֶענְדִיג אֲפִילוּ נִיט אִין אַ יַקְרוּת" אַבִּי אֵיינֶער הָאט דָאס לִיבּ. —

אִיהְר מֵיינְט אֶפְשַׁר אַז אִיךְ וֵוייס גָאר נִיט וָואס דִיא „פּוֹסְקִים אַחֲרוֹנִים" טָאלְקֶעוֶוען מִכֹּחַ דֶעם? אִיךְ וֵוייס זֵייעֶר גוּט, נָאר אַדְרַבָּה! אִיךְ וָואלְט גֶערֶען גֶעוָואלְט פַארְשְׁטֶעהְן דִיא סְבָרָא דֶער פוּן, לָאמִיר נָאר רֶעדֶען מִיטֶען שֵׂכֶל הַיָשָׁר, לֵייגְט אַוֶועק אַ בִּיסֶעל אַייעֶרֶע חֲרִיפוּת אוּנ פַאנַאטִיזְמוּז, בַּייא מִיר אִיז אֵיין קְוִוינְט שֵׂכֶל הַיָשָׁר טַייעֶרֶער אַסַאךְ מֶעהְר וִויא טוֹיזֶענְדֶער פִּידֶען חֲרִיפוּת אוּנ קְרִימֶקֵייט, עֲקְשׁוּת אוּנ שְׁפַארֶעבַייא, נָא לָאמִיר גֶעהְן כְּסֵדֶר, פַאר וָואס זָאל מֶען נִיט עֶסֶען אוּם פֶּסַח דִיא „מִינֵי קִטְנִיוֹת" אוּנ בִּכְלַל דִיא אַלֶע פֵּירוֹת וָואס מֶען מַאכְט אוֹיף זֵייא אַ בְּרָכָה „בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה אוּנ שֶׁהַכֹּל". —

דִיא גְמָרָא הַקְדוֹשָׁה זָאגְט אִין (פסחים דף ל"ה) אַזוֹיא: „הָנֵי אִין, אֶרֶז וְדוֹחַן לֹא וכו' שֶׁאֵין בָּאִין לִידֵי חִימוּץ" דָאס הֵייסְט: וֵוייץ, גֶערְשְׁטֶען, דִינְקֶעל אוּנ הָאבֶּער, קֶענֶען יָא חָמֶצְדִיג וֶוערֶען, אָבֶּער רַייז אוּנ הִירְז קֶענֶען קֵיין מָאהְל נִיט חָמֶצְדִיג זַיין — וַוייטֶער אִין דֶער אֵייגֶענֶער גְמָרָא (דף קי"ד) זָאגְט דִ א מִשְׁנָה: אַז מֶען פְלֶעגְט צוּם סֵדֶר דֶערְלַאנְגֶען צְוֵוייא גֶערִיכְטֶען, פְרֶעגְט דָארְטֶען דִיא גְמָרָא „מַאי שְׁנֵי תַּבְשִׁילִין" דָאס הֵייסְט: וָואס פַאר צְוֵוייא גֶערִיכְטֶען? עֶנְטְפֶערְט דִיא גְמָרָא „אָמַר רַב הוּנָא סִילְקָא וַאֲרוּזָא" דָאס הֵייסְט: רַב הוּנָא זָאגְט אַז דִיא צְוֵוייא גֶערִיכְטֶען זֶענֶען גִיוֶועזִין, אֵיינֶער פוּן „סִילְקָא" אוּנ דֶער אַנְדֶערֶער פוּן „רַייז", דֶער צֶעהְלְט וַוידֶער דִיא גְמָרָא: רָבָא פְלֶעגְט זִיךְ מְטַארֶען צוּ עֶסֶען צוּ דִיא סְדָרִים „סִילְקָא אוּנ רַייז" וַוייל רַב הוּנָא הָאט אַזוֹיא גִיזָאגְט.

נָא רַבּוֹתַי! מִיר וָואלְטֶען זִיךְ דַאכְט זִיךְ גֶענִיג גִישֶׁעצְט גְלִיקְלִיךְ אַז מִיר וָואלְטֶען אַלֶע אַזוֹיא פְרִים גִיוֶועזֶען וִויא דֶער צַדִיק רָבָא וָואס פְלֶעגְט זִיךְ מְטַארֶען צוּ עֶסֶען רַייז צוּ דִיא סְדָרִים! — לֵיידֶער אָבֶּער זֶענֶען מִיר אַזוֹיא צוּ פְרִים אַז מִיר ווִילֶען פְרִימֶער זַיין פוּן דֶער גְמָרָא הַקְדוֹשָׁה, אָט וֶועט אִיהְר זֶעהְן וִויא מִיר הֶערִין דִיא גְמָרָא.

אִין שֻׁלְחָן עָרוּךְ שְׁטֶעהְט אַזוֹיא: „וּמוּתָּר לַעֲשׂוֹת מֵהֶם תַּבְשִׁיל, (הגה"ה וְיֵשׁ אוֹסְרִים, וְהַמִנְהָג בְּאַשְׁכְּנַז לְהַחֲמִיר)" דָאס הֵייסְט: „מֶען מֶעג מַאכֶען פוּן

דיא

דִיא מִינֵי קִטְנִיּוֹת גִיקֶעכְטֶעסֶען״ אוֹיף דֶעם גֶעהְט אַ צוּ שְׁטֶעלֶעכְטְץ: „עֶנ זֶענֶען דָא אַזֶעלְכֶע וָואס זָאגֶען אַז מֶען טָאהְר נִישְׁט, אוּנ אִין דֵייטְשִׁישֶׂע לַאנְד אִיז דֶער מִנְהָג אַז מֶען אִיז זִיךְ מַחְמִיר״, זֶעהְט אִיהְר רַבּוֹתַי, אַז אִי גַאנְצִין אִיז דָאס נָאר אַ מִנְהָג פוּן דֵייטְשְׁלַאנְד, דָאס אִיז נָאר אַ מִנְהָג וִויא לְמָשָׁל זִיךְ מַלְקוֹת שְׁלָאגֶען עֶרֶב יוֹם כִּפּוּר אוּנ דֶערְסְטִיקְלַייכָען, אָבֶּער נִיכ קֵיין דִין. —

זַייט וִויסֶען רַבּוֹתַי! אַז נִיט נָאר מֹשֶׁה רַבֵּינוּ, אַלֶע נְבִיאִים, תַּנָּאִים וַאמוֹרָאִים עֲלֵיהֶם הַשָּׁלוֹם, הָאבֶּין דֶער פוּן נִיט גִיהַאלְטֶען אַזוֹיא וִויא אִיהְר הָאט פְרִיהֶער גִיהֶערְט פוּן דֶער גְמָרָא פְּסָחִים אַז דֶער צַדִיק רָבָא פְלֶעגְט זִיךְ גָאר סְטַארֶען צוּ עֶסֶען רַייז צוּ דִיא סְדָרִים, נָאר אֲפִילוּ אִיצְט עֶסֶען אַלֶע פְרֶענְקֶען (וָואס מֶע וֵוייסְט אַז זֵייא זֶענֶען זֶעהְר פְרִימֶע יוּדֶען) אַלֶע יוּדֶען אִי גַאנְץ אַזְיָא, אַפְרִיקָא, אוּנ פִיל אִין אֵייְרָאפֶּע, אָט דִיא אֵייגֶענֶע מִינֵי קִטְנִיּוֹת וָואס אִיהְר מֵיינְט אַז דָאס אִיז חָמֵץ, וֶוען דִיא אַלֶע יוּדֶען הֶערִין אַז מִיר עֶסֶען נִיט קֵיין „מִינֵי קִטְנִיּוֹת״, קוּמְט דָאס אוּיס בַּייא זֵייא אַזוֹיא קָאמֶעשׁ אַזוֹיא וִויא בַּייא אוּנְז, אַז מִיר הֶערִין אַז קַארָאאִימֶעס עֶסֶען נִיט קֵיין בָּארְשְׁטְשׁ אִים פֶּסַח, אָדֶער אַזוֹיא וִויא מֶען הֶערְט אַז אַטֵייהְל וָואלִינֶער נִיטְצֶען נִיט קֵיין קְנָאבִּיל אוּנ מָאהֶן אוֹיף פֶּסַח, וָוארוּם וָואס אִיז דֶער חִילּוּק צְווִישֶׁען קְנָאבִּיל אוּנ צִיבָּאלֶעס, אָדֶער צְווִישֶׁען בָּארְשְׁטְשׁ, מֶעהְרֶען, רַייז אוּנ אַנְדֶערֶע מִינֵי קִטְנִיּוֹת? —

דָאס אִיז בַּייא אוּנְז אַ מִנְהָג, אוּנ אַזֶעלְכֶע מִנְהָגִים בְּרֶעכִין אַ דִין, יָא רַבּוֹתַי! אַזֶעלְכֶע מִנְהָגִים בְּרֶעכִין דִיא דִינִים, דִיא תּוֹרָה הַקְדוֹשָׁה אוּנ דִיא אוּיס גֶעהָארָאוֶועטֶע בֵּיינֶער פוּן מִילְיָאנֶען אָרִימֶע יוּדֶען, אַז מִיר וָואלְטֶען זִיךְ נִיט אָן גֶעחַאפְּט מִיט בֵּיידֶע הֶענְד אִין דֶעם נַארִישֶׁען דֵייטְשֶׁען מִנְהָג וָואס אִיז גֶעגֶען דֶער גְמָרָא הַקְדוֹשָׁה וָואלְטֶען יוּדֶען גָאר קֵיין צָרוֹת נִיט גִיהַאט פוּן דֶעם פֶּסַח, יֶעדֶער יוּד וָואלְט גִיגֶעסֶען אַ גַאנְץ יוֹם טוֹב אַ מָאהְל רַייז, אַ מָאהְל רֶעטְשֶׁענֶע קָאשֶׁע, אַ מָאהְל אַ מַאמֶעלִיגֶע אוּנ דִיא אִיבֶּערִיגֶע מִינֵי קִטְנִיּוֹת טַאקִי וִויא דִיא פְרֶענְקֶען אוּנ נָאךְ מִילְיָאנֶען יוּדֶען טוּהֶען נָאךְ אִיצְט אוֹיךְ, אוּנ פַאר יֶעדֶען וָואלְט גֶענוּג גִיוֶועזֶען עֶטְלִיכֶע פִינְט מַצָּה אוֹיף פֶּסַח, אָהְן אֵייעֶר אוּנ אָהְן שְׁמַאלְץ, אִיצְט אָבֶּער אִיז אוֹיף אוּנְז אֵיין אוּנְגְלִיק, מֶע מוּז הָאבִּין אָבֶּער מַצָּה אוּנ ווִידֶער מַצָּה אוּנ אָהְן מַצָּה אִיז נִישְׁטָא וָואס צוּ עֶסֶען, נָאר מַצָּה אוּנ מַצָּה מֶעהְל, וָואס מֶע דַארְף דֶער צוּ הָאבִּין פִיל שְׁמַאלְץ אוּנ אַסַאךְ אֵייעֶר אוּנ עֶס קָאסְט גֶענוּג גֶעלְד אוּנ גֶעזִינְד. —

יָא וָואס נָאךְ הָאבִּין דִיא סָאפִּיסְטֶען דִיא אַחֲרוֹנִים אוֹיף גִיטָאהְן, הֶערְט אַנְגַאנְג! אַרְבֶּעס אוּנ דִיא אַלֶע מִינֵי קִטְנִיּוֹת מֶעג מֶען טַאקִי עֶסֶען אִים פֶּסַח נָאר נִישְׁמֶער? מֶען הָאט מוֹרָא, וָואס? וָואס לְמָשָׁל קָאן מֶען דָא מוֹרָא הָאבִּין? אַ הַא! עֶס אִיז רֶעכְט, אַז מֶע וֶועט עֶסֶען אַרְבֶּעס? נָא לְמָשָׁל וָואס זָשֶׁע וֶועפ

זיין אז מע וועט עסען : אז מע מעג עסען ! ניין, עס הייסט ווייל פון ארבעס קאן מען דאך מאכען מעהל (האלט קאפ עס שווינדעלט זיך אין מוח) און אז מע וועט עסען ארבעס מעהל (איהר פאר שטייט נאך ניט :) קאן דאך זיין אז מע וועט נאר א טעות האבין און עסען ווייצען מעהל אויך – נא ליבע לומדים ! אט דאס איז דער גאנצער טעם פון דיא פוסקים, פרעג איך אייך זאגט אליין נעמט דאס דער שכל הישר : געוואלד געשריגען ! מיט אזוינע קרימע גענג קאן מען דאך מצה אליין אויך פאר ווערען און טאקי מאכען גאר א תענית פון דעם הייליגען פסח פאר וואס ניט : אז דעם פוסק פאר ווילט זיך איז טאקי ניט גוט – נאך א מאהל אז פון דעם עסען גאנצין ארבעס קאן ארויף אופן זיננען ארבעס מעהל און פון ארבעס מעהל אויף ווייצען מעהל, קאן דאך פון מצה גיכער ארויף אופן מוח ווייצען מעהל : בעטראכט דאס נאר, עס איז דאכט מיר א ריכטיגער חשבון. –

ווייסט איהר, עס איז נאך עפעס גרויסע נסים וואס דיא פוסקים האבין זיך ניט גיחאפט מבכים צו זיין צום משוגענעם פלאן פון איינעם א גאון וואס ער איז גיוועזן א בעלן גאר פאר ווערען עסין קארטאפעל אויך אים פסח און אויך מהאי טעמא, מחמת מע קאן דאך פון קארטאפעל אויך מאכען מעהל.

באמת איז דיא מעשה אזויא, בשעת דיא פוסקים האבין גימאכט דיא אלע גזירות אויף יודען האבין זייא גאר ניט געפיהלט אז דאס איז א משא פארען עולם מקיים צו זיין, דער מאנט זיך נאר, פלייש איז דאמאלס גיוועזן 3 אדער 4 קאפ' א פונט און דוואקא פעטע און א גוטע וואג אויך, קארטאפעל 10 גראשען א מעסטעל, ווייצען מעהל 2 גילדען א פוד, אייער 3 גראשען א צענדליג, שמאלץ 10 קאפ' א קווארט, נא פרעג איך אייך : האט מען זיך דאמאלס גאר ניט גיקאנט בעגעהן אהן ארבעס : אהן קאשע : פיש איז גיוועהן דיא בעסטע 3 קאפ' א פונט, נא צו וואס דארף מען הערינג :

דארום איז גאנץ זיכער אז בייא דער יעצטיגער צייט וואלט געוויס בייא קיין שום פוסק ניט געלייגט זיך אופן מוח מאכען אזעלכע גזירות, עס איז דאך אין אמת א געוואלד, א פוד מעהל אריבער 2 רו"כ, א מעסטעל קארטאפעל 75 קאפ', א פונט פלייש 20 קאפ' דוואקא מאגערע גאלע ביינער און ניט דא קיין וואג אויך, נא וואס עסט מען אין אמת א גאנץ פסח : מהיכא תיתי דיא אלע מיני קטניות זענען עפעס א מאכל, אבער ניט דיא מריקענע שערבאלעך וואס צו שטעכען דעם גיממען, און א חוץ דעם אלעמען פרעג איך גלייט דיא קשיא, עס איז טאקי א זול גדול, אבער וואס איז דאס פאר א פלאן מאכען פרישע גזירות : דיא הייליגע גמרא דריקט זיך אויס זייער גוט : „דייך במה שאסרה תורה" עס הייסט : עס אי גענוג פאר דיר וואס דיא תורה אליין האט דיר פאר ווערט. –

אִין בֶּאֱמֶת לָאמִיר נָאר מַאכֶען אַ חֶשְׁבּוֹן, גָאט הָאט אוּנְז גִיהֵייסֶען נִיט עֶסֶען קֵיין חָמֵץ, נָא הָאט עֶר דָאךְ אוּנְז פוּן מִצְרַיִם אַרוֹיס גֶעפִיהְרְט דוּרְךְ גְרוֹיסֶע נִסִים וְנִפְלָאוֹת, הֶלֶעבֶּען אִיז הָאטְשׁ כְּדַאי, אָבֶּער וָואס פַאר אַ כּוּבָד הָאבִּין אוּנְז גִיטָאהְן דִיא פַאנַאטֶעשֶׁע פּוֹסְקִים אַז זֵייא זָאלֶען אוּנְז גָאר פַארְוֶוערֶען כַּמָה וְכַמָה זַאכֶען צוּם עֶסֶען! פְרֶעג פַאר וָואס? פַאר וֶוען! אִיהְר זַייט דָאךְ לוֹמְדִים, אַיךְ דַארְף מֶען דָאךְ נִיט דֶער צֶעהְלֶען וִויא דִיא חַכְמֵי הַתַּלְמוּד הָאבִּין מוֹרָא גִיהַאט פַאר „הֶפְסֵד מְרוּבָּה" פַאר אֵיין גְרוֹיסֶען הֶיזֵק מַאכֶען – אֵיינֶער פוּן דִיא גְרוֹיסֶע תַּלְמוּדִיסְטֶען הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט דֶעם אַנְדֶערִין וָואס עֶר אִיז גִיוֶוען אַ שְׁטִיקֶעל מַחְמִיר: „עַד מָתַי אַתָּה מְכַלֶּה מָמוֹנָן שֶׁל יִשְׂרָאֵל!" עֶס הֵייסְט: נָאךְ וִויא לַאנְג וֶועסְטוּ אִיבֶּערְפִירֶען יוּדִישׁ גֶעלְד! נָא בֶּעטְרַאכְט דָאס גוּט, מַה דָאךְ אִין יֶענֶער צַייט וָואס אַ גַאנְצֶע בְּהֵמָה הָאט גִיקָאסְט 10 גִילְדֶען הָאט מֶען מוֹרָא גִיהַאט פַאר „הֶפְסֵד מְרוּבָּה" מַאכֶען אַ יוּדֶען אַ הֶיזֵק? (אַוַודַאי אִין 5 קָאפּ') אַ פְּשִׁיטָא שׁוֹין בַּייא דֶער יֶעצְטִיגֶער צַייט וְואס אַ בְּהֵמָה דִיא עֶרְגְסְטֶע קָאסְט 30 רוּבֶּעל זִילְבֶּער, נָא וָואלְט זִיךְ אֵיין אֶמוֹרָא אַזוֹי גִיךְ נִיט גֶערֶעשֶׁעט מַאכֶען טְרֵפָה אוּנ מַפְסִיד זַיין אַזוֹיא פִיל גֶעלְד אוּנ וֶוער רֶעדְט שׁוֹין גָאר מַאכֶען פְרִישֶׁע חוּמְרוֹת, אוּנ שְׁטַארְקֶען צוּ לִיבּ דֶעם דָאס יַקְרוּת – וָואס אִיז הַיינְט שִׂמְחַת יוֹם טוֹב? דַאכְט מִיר אַז יוֹם טוֹב אִיז יֶעצְט פִיל עֶרְגֶער וִויא אַוָואכֶענְדִיגֶער טָאג, אִין אֱמֶת אִיז דָאךְ „אֵין שִׂמְחָה אֶלָּא בְּבָשָׂר" נָא ב"ה מִיט פְלֵייש אִיז מֶען שׁוֹין פַאר זָארְגְט, אִיבֶּער דִיא גְרוֹיסֶע חוּמְרוֹת פוּן דִיא פּוֹסְקִים אַחֲרוֹנִים אוּנ דִיא פַאר פְלוּכְטֶע טַאקְסֶע הָאבִּין מִיר שׁוֹין פַאר גֶעסִין אֲפִילוּ דֶעם טַעַם פוּ פְלֵייש, נָא אִין דִיא וָואכֶענְדִיגֶע טֶעג קָאכְט מֶען אַ קְרוּפְּנִיק מִיט אַ קַארְטָאפְלֶיע, עֶטְלִיכֶע פַאסָאלְיֶעס, אַ בִּיסֶעל רֶעטְשֶׁענֶע קַאשֶׁע, רַייז הִירְז, אַ מַאמֶעלִיגֶע, אִיז אֲפִילוּ אָן פְלֵייש אוֹיךְ נִישְׁט קָשֶׁה, אָבֶּער אִין דֶעם יוֹם טוֹב אִים פֶּסַח, מֶע קָאכְט דִיא יוֹיךְ מֶע רוּפְט דָאס נָאר „יוֹיךְ" וַוייל אִין דֶעם אִיז נִיט דָא קֵיין גְרוֹיפֶּען אָבֶּער קֵיין פְלֵייש אִיז אִין דֶער יוּשְׁקֶע אוֹיךְ נִיט דָא, נָא קָאן מֶען זִיךְ עֶפֶּעס מְשַׂמֵחַ זַיין מִיט אַזֶעלְכֶע יוֹיכֶען! עֶס הֵייסְט מִיט גָאלֶע וַוארִימֶע וַואסֶער! –

אוּנ נָאךְ דִיא אַלֶע זַאכֶען דַארְף מֶען נָאךְ קְלֶעהְרֶען אַ שְׁטֵייגֶער בַּייא יֶעצְטִיגֶר צַייט בַּייא יֶעצְטִיגֶען יַקְרוּת צוּ מַתִּיר זַיין דִיא אַלֶע סָארְטֶען וָואס גֶעמְט גָאר קֵיין שֵׂכֶל פַאר וָואס זֶענֶין זֵייא אָסוּר? זֶעהְט וָואס דִיא גְמָרָא דֶער צֶעהְלְט אוּנְז פַאר וָואס מֶע פְלֶעגְט מַאכֶען אֵיין עִבּוּר יָאהְר? „מִשּׁוּם יַרְקָא" דָאס הֵייסְט: קְרוֹיט אִיז נִיט בִּנְמְצָא, דֶערִיבֶּער הָאט מֶען דֶעם פֶּסַח אָפּ גֶעלֵייגְט נָאךְ אִין אַ חוֹדֶשׁ אַרוֹם, אִיהְר פַאר שְׁטֵייט אַ כֹּחַ פוּן אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים כְּדֵי דֶער עוֹלָם זָאל הָאבִּען גְרִינְס אוֹיף פֶּסַח הָאט מֶען גָאר אֵיין עִבּוּר גִימַאכְט אוּנ אוּנְזֶערֶע רַבָּנִים מִיט דִיא גְאוֹנִים הַארְט גָאר נִיט אֲפִילוּ דֶער עוֹלָם זָאל ח"ו שְׁטַארְבִּין פוּן הִינְגֶער וִוילֶען זֵייא נִיט מַתִּיר זַיין אֲפִילוּ דָאס בִּיסֶעל

ארבעם

אַרְבֶּעם וָואס כֶע מֶעג עַל פִּי דִין עֶסֶען אָהְן אַ שׁוּם סָפֵק כְּלַל וּכְלַל. —

איך ווייס גוּט לִיבֶּע לוֹמְדִים ! אַז אִיהְר וֶועט דָאס הַאלְטִין פוּן מִיר פַאר אַיין עַזוּת, וִויא קוּם איך זִיךְ מִישֶׁען אִין אַזֶעלְכֶע גֶעשֶׁעפְטִין ? נָאר דֶער אֶמֶת אִיז דָאס הַארְץ טוּהְט מִיר וֵייעֶר וְויא, אַ רַחְמָנוּת גֶעבַּאךְ צוּ קוּקֶען אוֹיף גֶעמֵיינֶעם עוֹלָם וָואס גֶעהְן כִּמְעַט אוֹיס פוּן הִינְגֶער, וֶוערֶען גֶעבַּאךְ פַאר שְׁווַארְצְט, שְׁווַארְצֶען זִיךְ זֵייעֶר פָּנִים אִיבֶּער דֶער בִּיטֶערֶער מַצָה אוּנ עֶס קוּמְט יוֹם טוֹב הָאט עֶר עֶרְשְׁט נִיט וָואס צוּ עֶסֶען, וָואס הָאט מֶען צוּ זֵייא ? נָאר וָואס זָאל עֶר גֶעבַּאךְ דִיא אַלֶע זַאכֶען נִיט מֶעגֶען עֶסֶען אִים פֶּסַח וֶועט עֶר נִיט דַארְפִין אַזוֹיא פִיל פַאר שְׁוַוארְצְט צוּ וֶוערֶען אוּנ וֶועט הַנָאָה הָאבִּין פוּן שִׂמְחַת יוֹם טוֹב, איך ווייס נִיט צוּ וָואס זֵייא קוֹיפֶען נָאךְ „מָרוֹר" אוּנ לֵייגֶען צוּם סֵדֶר ? מִיר דַארְפְט זִיךְ זִיכֶער אַז מִיט דֶער בְּרָכָה עַל „אֲכִילַת מַצָה" אִיז עֶר „אֲכִילַת מָרוֹר" אַוַודַאי יוֹצֵא, מֶע דַארְף נִיט קֵיין גְרֶעסֶערִין מָרוֹר וִויא דִיא מַצָה אִיז בַּייא דֶעם אָרִימֶען מַאן. —

פוּן דִיזֶען שְׁמוּעֶס וָואס דֶער מֶענְשׁ הָאט גֶערֶעדְט מִיט אַ שְׁטַארְקֶען טָאנְן אוּנ מִיט פִילֶען גֶעפִיהֶעל, זֶענֶען גֶעבַּאךְ דֶער פְּרָאסְטֶער עוֹלָם אַזוֹיא גֶערִיהְרְט גִיוָוארֶען אַז זֵייא הָאבִּין כִּמְעַט גֶעוֵוינְט מִיט בִּיטֶערֶע טְרֶערֶען יֶעדֶערֶער הָאט אָן גִיהוֹיבֶּען צוּ פִיהֶלֶען זַיין בִּיטֶערֶען לֶעבֶּען, נָאר דִיא מְשׁוּגָעְנֶע חֲרִיפִים וָואס ווִילֶען צִיהֶען הֶעלְפַאנְדֶען דוּרְךְ לֶעכְלִיךְ פוּן נָאדְלֶען הָאבִּין גִישְׁרִיגֶען אַז אַזוֹינֶע יִ״דְ טָאהְר מֶען נִיט הֶערֶען מֶע טָאהְר נִיט פוֹרֵץ גֶדֶר זַיין, נִישְׁקָשֶׁה מֶע וֶועט פַאר הִינְגֶער נִיט שְׁטַארְבֶּען חָלִילָה! — הֶערְסְטוּ דוּא חָצוּף הָאט אַגֶעשְׁרֵייא גִיטָאהְן דֶעם שׁוֹחֵט׳ס שְׁטִיף זוּהְן, דוּא ווייסְט אַז דוּא הָאסְט אַ דִין פוּן אַ „זָקֵן מַמְרֵא ?" אִיךְ זָאג דִיר אַז דוּא זָאלְסְט אוֹיף הַאלְטֶען דַיין מוֹיל אוּנ אַז נִיט וֶועסְטוּ שְׁטַארְק חֲרָטָה הָאבִּין, דוּא פַארְשְׁטֵייסְט וָואס מֶען מֵיינְט ?

דֶער יוּנְגֶער מַאן אִיז שְׁטַארְק צוּ קָאכְט גִיוָוארֶען פוּן דֶעם שְׁטִיף זוּהְן׳ס רֵייד, עֶר אִיז גָאר פוּן דִיא כֵּלִים אַרוֹיס, אוּנ וִויא אַ גְרוֹיסֶער הֶעלְד אִיז עֶר אַרוֹיף נָאךְ אַ מָאהְל אוֹיף דֶער בִּימָה, אוּנ מִיט אַ צִיטֶערְדִיגֶע שְׁטִימֶע הָאט עֶר אַזוֹיא גִיזָאגְט : אִיהְר מֵיינְט בֶּאֱמֶת אַז אִיהְר זֶענְט בַּייא מִיר אַגְרוֹיסֶער מֶענְשׁ ? וָואס סְטְרַאשֶׁעט אִיהְר מִיךְ ? וָואס וֶועט אִיהְר מִיר טָאהְן ? אִיךְ בִּין ב״ה נִיט פוּן דִיא כְּלֵי קוֹדֶשׁ אִיךְ לֶעבּ נִיט אוֹיף פְרֶעמְדֶען חֶשְׁבּוֹן, אִיהְר קֶענְט אוֹיף מִיר זָאגְן וָואס אִיהְר ווִילְט, אִיךְ הָאבּ לִיבּ צוּ זָאגְן דֶעם אֱמֶת עֶס גֶעמְט טַאקִי אָן בַּייא דֶעם הַארְצֶען, אַיךְ אִיז גוּט צוּ שְׁוַוייגֶען, קֵיין טַאקְסֶע צָאהְלְט אִיהְר נִיט, קָאנְט אִיהְר עֶסֶען פְלֵייש טַאקִי בִּיז עֶס קְרִיכְט אַייךְ פוּן דֶעם הַאלְז, הֶעלֶעבֶּען פוּן דִיא אַלֶע נַארִישֶׁע מִנְהָגִים הָאט אִיהְר גָאר דַוְוקָא שְׁעהְנֶע פַּרְנָסָה, אַז מֶען שְׁוַוייגְט, שְׁוַויגְט מֶען, זֶעהְט עוֹלָם זָאלְט אִיהְר מִיר גֶעזוּנְד זַיין! פוּן וַואנֶען לֶעבְּט אַייעֶר שְׁטִיף פָאטֶער וִויא אַ פִּין שְׁט ? וֶוען נִיט

דיא טַאקְסֶע ? וָואס וָואלְט דָא גִיהַאט אַ שׁוֹחֵט ? דֶער כְּלַל צִיהְט מִיךְ נִיט פַארֶען צוּנג אִיךְ וֵויים אַלֶעם אִיךְ פַארְשְׁטֶעה ב״ה אַלֶעם , אִיךְ בִּין נִיט בְּלִינְד אִין דִיא אַלֶע גֶעשֶׁעפְטֶען — אִיךְ וֵויים גַאנְץ גוּט אַז אִיהְר בֶּעדַארְפְט דִיא פַּאסָאלְיֶעם אוּנ אַרְבֶּעם אוֹיף כַּפָּרוֹת אַז עֶס אִיז דָא גֶענוּג פְלֵייש אוּנ שְׁמַאלְץ , קָאן מֶען שׁוֹין טַאקִי קָאכֶען בֶּאֱמֶת אַ גוּטֶע יוֹיךְ , פִיל מִיט פֶעטֶע קְנֵיידְלִיךְ אוּנ מִיט אַ גוּט שְׁטִיק בְּרָאטֶען , אַ גוּטֶע קִיטְנִיצֶע אָן גֶעפִּיהְלְט מִיט מֶעהְל אוּנ שְׁמַאלְץ , אַ מָאגֶען , אַ אַייטֶעהְר , נָא בֶּעדַארְף מֶען נֵייטִיג רֶעטְשֶׁענֶע קַאשֶׁע אָדֶער פַּאסָאלְיֶעם ! אִיהְר יִילְט נִיט אַרַיין גֶעהְן אִין דֶעם אַנְדֶערִינְס פָאלָאזְשֶׁעגְיֶע , דִיא הֵיילִיגֶע גְמָרָא זָאגְט אוֹיךְ : ,,גְדוֹלָה לְגִימָא שֶׁהִרְחִיקָה שְׁתֵּי מִשְׁפָּחוֹת מִיִשְׂרָאֵל״ עֶס הֵייסְט : צוּ לִיב עֶסֶען זֶענֶען עֶרְוַוייטֶערְט גִיוָוארֶען צְוֵויא מִשְׁפָּחוֹת פוּן יוּדֶען , דָאס אִיז ,,עַמּוֹן אוּנ מוֹאָב״ , אַ קַאטָאוֶועס עֶסֶען ! דֶער ,,פֶּסֶל מִיכָה״ הָאט נָאר דֶער פַאר עֶקְסֶעסְטִירְט בַּייא יוּדֶען (וִויא דִיא תַּלְמוּדִיסְטֶען הָאבֶּין פַאר שְׁטַאנֶען) נָאר וַוייל עֶר אִיז גִיוֶועהְן אַ מַכְנִיס אוֹרְחִים גִיגֶעבֶּען עֶסֶען אוּנ טְרִינְקֶען רֵייזֶענְדֶעוּ גֶעוִוים נִיט מִיט לִיטְוֶועשֶׁען קְרוּפְּנִיק , נָאר טַאקִי מִיט אַ שְׁטִיקֶעל פְלֵייש אוּנ דַוְוקָא נִיט פוּן אַייֶער שְׁטִיף פָאטֶער׳ס שְׁחִיטָה , אִיהְר וֵוייסְט פוּן דֶעם סוֹד אַז ,,הַכֹּל שׁוֹחֲטִין וּבַכֹּל שׁוֹחֲטִין״ דָאס הֵייסְט : אַז יֶעדֶער יוּד מֶעג זַיין אַ שׁוֹחֵט , מֶע דַארְף גָאר נִיט נֵייטִיג אַז אַ שׁוֹחֵט זָאל זַיין אַ חָלוּשׁ מִיט אַ הָאז אוֹפֶּן הַארְצֶען אוּנ מִיט וַואטֶען פַארְשְׁטֶעקְט דִיא אוֹיעֶרֶען אוּנ זָאל זַיין דֶער צוּ אַ שְׁטִיקֶעל מְקוּבָּל אוֹיךְ , אוּנ דִיא חֲלָפִים זָאלֶען זַיין פוּן דֶעם נַייֶעם סָארְט שְׁלַייפֶען , נָאר דִיא טַאקְסֶע הַאלְט צוּ דִיא שׁוֹחֲטִים אוּנ דִיא שׁוֹחֲטִים מִיט דִיא רַבָּנִים הַאלְטֶען צוּ דִיא טַאקְסֶע , זֵייא זָאגֶען אַז אָהְן דֶער טַאקְסֶע וָואלְט מֶען גָאר גִיגֶעסֶען טְרֵפוֹת . —

נָאךְ זֵייעֶרֶע רֵייד וַוייזְט אוֹיס אַז דִיא טַאקְסֶע אִיז אוֹיךְ פוּן תּוֹרָה שֶׁבַּעַל פֶּה נִמְסַר גִיוָוארֶען פוּן אֵיין דוֹר צוּם אַנְדֶערֶען בִּיז אַייֶער שְׁטִיף פָאטֶער אוּנ אוּנְזֶער רַבּ זָאל מַאֲרִיךְ יָמִים זַיין ; אִיךְ בִּין נִיט קֵיין חָרִיף אִיךְ קָאן נִיט קֵיין פִּלְפּוּל , אוּנ אִיךְ הָאבּ טַאקִי בֶּאֱמֶת פַיינְד דֶעם גַאנְצֶען פִּלְפּוּל , אָבֶּער קֵיין עַם הָאָרֶץ בִּין אִיךְ ב״ה אוֹיךְ נִיט , אִיךְ וֵויים גַאנְץ גוּט אַז מִיט דִיא אַלֶע רֵייד וֶועל אִיךְ גָאר נִישְׁט ! ״ם פִּיהָרֶעוּ אוּנ אִיךְ קָאן ב״ה אָהְן אַרְבֶּעם אוֹיךְ לֶעבֶּען , נָאר עֶס גְלִיסְט זִיךְ אַ מָאהְל טַאקִי וַוייזֶען אַז מֶע פַאר שְׁ־ וָואס מע בֶּעדַארְף — מֶעהְן נִיט אַז דוּא נַארְסְט מִיךְ , הֲגַם דָאס אִיז אוֹיךְ אַ שְׁטוּת , אָבֶּער אִיךְ הָאבּ דָאךְ שׁוֹין גִיזָאגְט , בִּין אִיךְ אַייךְ מוֹדִיעַ אַז אִיךְ הָאבּ קֵיין שׁוּם מוֹרָא נִיט , מִיךְ סְטְרַאשֶׁעט מֶען נִיט מִיט אַזוֹינֶע נַארִישְׁקֵייטֶען . —

אוֹיף דִיא רֵייד הָאבֶּען זִיךְ אַקֶעהְר גִיטָאהְן אַלֶע פְּרוּשִׁים מֶערִידַאלְנֶע אוּנ אַנְדֶערֶע טַאקִי מִיט אַ שֶׁבֶר (חָלֶעבֶּען עֶכ אִיז טַאקִי מִיט חֵן) , אַלֶע אֵיידָעמְס מִיט דִיא סְמִיכוֹת אוֹיף דִיא פְּלֵייצֶעס , אַייגִיקְלֶעךְ מִיט אָפּ גֶענָאלְטֶע

געפליך

קעפּליך, און צייכענס פון באַנקעס אויף דער פּאַטיליצע, קרימע קעפּ, חריפים, גלאַט צבועים, און עס האָט גיקאַנט ווערען ווער ווייסט וואָס, נאָר איינער אַ קליגער יונג איז פּליצלונג צו גיגאַנגען צום עמוד און האָט אַזאַ גיטאָהן „בּרכוּ את ה׳ המבורך״ אַט איז שטיל געוואָרען, דער עולם דאַוונט מעריב, נאָך מעריב איז דער עולם זיך צו קראַכען איינציג ווייס. —

---

# 4.

## דער אַהיים קומען פון דיא שכנים פון דער בית המדרש

יא ווייערע לעזער! לאָמיר גיין באַגלייטען אונזערע שכנים אַהיים, צו שטעלען זייא צו זייערע ווייבער, דיא ווייבער יעבאַך שטאַרק געבענקט נאָך זייא, וואָס איז? טרעפט וואָס! גאָר פּשוט, עס איז ניט דא ווען צו שעלטען, דיא צונג קאַן פאַרזשאַווערט ווערען אז מע ניצט זיא ניט אַ פּאָר שעה.

אַ גוטע וואָך! אַ גוטע וואָך! וואָס צינדט מען שוין ניט אָן אַ ליכט? עס איז דאָך שוין שפּעט אין דער נאַכט! אין בית המדרש איז היינט גיוועהן אַ גאַנצער עסק — „מיר האָבין פאַרשטאַנען אז עס איז עפּעס פאַרגעפאַלען דאָרטען״ האָבין דיא ווייבער גיענטפערט, „וואָס איז דאָרטען גיוועהן?״ מן הסתם האָט מען זיך שוין גיקריגט אויך, און אפשר חלילה גאָר גישלאָגען, „און דוא ביסט אויך בודאי אין דעם אַ מאַכער״ האָט אַ זאָג גיטאָהן דיא „געלע״ וואָרום וויא ויהי איז אַ צרה, דיר געהט מעהר ניט אָפּ, דער קאָפּ איז בייא דיר זייער קלאָהר, דער פּסח איז שוין ב״ה פאַרטיג אין גאַנצין, עס געהט מעהר ניט אָפּ נאָר לייב און לעבען, נאָ מהיכא תיתי דאַרף מען זיך אַביסעל מישען אין פרעמדע גישעפטען, קריגען זיך אַביסעל שונאים. —

איהר זעהט ברידער! „וויא דער שטן האָט דיא מערכה״ האָט גיזאָגט דער אין זעלע ... צו נאַכט אַנאַנדער גישעפט, אַבי ד׳ א קליפּה זאָל עטוואָס האָבין וואָס צו טוהן, פאַרטראַכטאַנגען איז גיוועהן איין עסק מיטען מאַרק היינט ב״ה וואָלט שוין אפשר שטיל גיוועהן, נאָ האָט זיך גימאַכט אַ פרישע זאַך, ניתייא וואָלט דיא ארוכה חאַטש פרעגין וואָס און ווען? —

דיא

דיא זאנגערקע האט שוין אפילו העשק גיהאט מכבד צו זיין דעם מאן מיט א גוטע מלוה מלכה, נאר דער בעל הבית האט אין מיטען א פרעג גיטאהן „עס איז ניט דא אויף עפעס הבדלה צו מאכען?" קיין בראנפען איז שוין גאר נישטא? האט אים דאס ווייב צוריק א פרעג גיטאהן „דוא האסט דאך גינומען א גאנץ קוואטירעל האסטו דאס איבער שבת כשר גימאכט אין גאנצין?" דאס איז א ביסעל א טרפה האלז? איך בין טאקי אגרויסער נאר, אליין דארט מען, מע פארגינט זיך ניט דאס לעבען מע עסט ב"ה קרענק א גאנצע וואך אונ אים שבת אויך, אונ פאר איהם איז קיין זאך ניט צו טייער, נא נא ער האט זיך גישטעלט א שעהנעם שטייגער? — גיב א גראשין וועט מען קויפען אונטער ביר וועסטו מאכען הבדלה, מאכען זאלסטו מיט דער גסיסה, דעם לעצטען מאהל וועט דאס דיר שוין זיין, סם וועסטו בייא מיר טרינקען. —

„דוא וועסט שטומטען צו גיין?" האט ער זיך אן גירופען מיט כעס דוא מיינסט אז איך בין דער גלאצערקס מאן? „אט וואס עס האט גיזאלט זיין אונ וואס עס וועט זיין, זאל אוים געהן צו אייער קאפ" האט זיך א חאפ גיטאהן דיא זאנגערקע ניט טויט ניט לעבענדיג, „וויא גיפעלט דאס אייך? שלאגט זיך קאפ אין וואנט פון מיינט וועגין, איהר מיט אייער ווייב אונ זיא מיט אייך" וואס פאר א מחותן זענט איהר מיט מיר? איך בין עפעס אייער גלייכען? נישקשה, איהר האט נאך גאט פארען בארד אויך ניט אן גיחאפט איהר וועט נאך איינגעזינגקען ווערין מיט דער שטוב וויא קרח, אט אזויא ווערט מען שפל ונבזה אז מע האט אזויא א צרה פאר א מאן, ניחייא וואלט גיוועזן א שטיין ארוים פאלען אויף דעם ארט איידער איך בין גיבוירען גיווארען אונ אריין פאלען אין אזא ביטערען גורל, דער וואס איז מיר נאר א שונא דער וואס רעדט ארום מיר צו שלעכטץ זאל צו מיין לעבען קומען, אט דארף מען מארגען אי"ה געהן אופן מארק, האב איך אפילו ניט א צו בראכענעם שילינגער? איך וואלט גיהאט אזא געזונד הארץ וויא ער האט וואלט מיך אויך ניט געהארט, וועט ניט זיין וועסטו עסען מכות, איך ב"ה האב שוין באלד קיין כח ניט צו עסען, איך האב זיך גוט אוים גערעדט פאר איהם.

דיזע ווערטער פון דער זאנגערקע האבין גימאכט א שטיקעל איינדריק אויף דיא איבעריגע ווייבער אונ האבין זיך אויך אן גיהויבען נעמען צו דיא מאנען יעדערע מיט איהר שטייגער, גישאלטען מיט טויטע קללות, אויף גיווארפען איינע דעם אנדערעז וואס עס האט זיך גיטאהן נאך פון דעם ערשטען טאג נאך דער חתונה ביז יעצט, געפלוכט אונ אוים צווארצעלט דעם שדכן וואס האט נאר דעם שידוך אויף גיבראכט, אוים גישאלטען דיא ביינער פון אבות אבותיהם, הכלל דיא שטוב איז גיוועהן פיל מיט קולות,

קללות

יְלָלוֹת אוּנ יְלָלוֹת, דֶער זַייטֶעגֶער מֶענִיש וָואס זָאל לְמָשָׁל גִיוֶועזִין אַרַיין קוּמֶען
זְלוּצְלִינְג אִין שְׁטוּבּ וָואלְט עֶר זִיךְ נִיט גִיקָאנְט עֶרְקִינְדֶעגֶען אִין וָואס עֶס
בֶּעשְׁטֵייט דָאס מַחֲלוֹקֶת, אוּנ וָואס פַאר אַ סִבָּה דָא הָאט זִיךְ גִיטְרָאפֶען
רַחֲמָנָא לִיצְלָן, וָוארוּם אַזֶעלְכֶע וֶוערְטֶער וָואס זַייא זָאלֶען הָאבִּין אַ שַׁיְיכוּת
אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען הֶערְט מֶען נִיט בְּשׁוּם אוֹפֶן, נָאר אֵיינְצִיגְע וִוירַאזְשֶׁעְ־
נִיעס, „אַ שֵׁד אִין דַיין טַאטֶענְס טַאטֶען אַרַיין, דִיא עֶרְד זָאל אִיהְם אַרוֹיס
וַוארְפֶען וָואס הָאט אַזַא טְרֵיפָה'נֶע זֶרַע אַרוֹיס גִיבְּרַאכְט אוֹיף דֶער וֶועלְט,
מַיין כֹּחַ זָאל עֶר הָאבִּין, אַ אַלְמָנָה זָאל אִיךְ בְּלַייבִּין אִין גִיכֶע צַייטֶען, אִיךְ
זָאל קֵיין מוֹרָא הָאבִּין פַאר גָאט וָואלְט אִיךְ נָאךְ אִים עֶרֶב פֶּסַח אָפּ גִיטְרֶעטִין
אוּנ עֶר זָאל זִיךְ אַ מַעֲשֶׂה אָן טָאהְן" — „שְׁוַייג חֲצוּפָה הַאלְט דֶעם פִּיסְק'
עֶנְטְפֶערְט אַ מַאנְסְפֶּערְזָאן, בְּרֶענְג מִיךְ נִיט אַרוֹיס פוּן דֶ'ר הָעְזָה, אוֹיבּ דוּא
ווִילְסְט הָאבִּין דַיין גוּטְץ, זִיא מַאכְט מִיר יְלִיקְלִיךְ? גֵייא צוּם שְׁוַואר צִין יָאהְר
הָאטְשׁ בַּאלְד, עֶרְגֶער וִויא שְׁלֶעכְט קָאן דָאךְ נִיט זַיין. —

נָא וִויא מֵיינְט אִיהְר, פוּן אַזֶעלְכֶע קוּרְצֶע זַאצִין קָאן מֶען עֶפִּיס דֶ'עְרְ־
גֶעהְן אַ מָאלְק? גְלַאט עֶס קָאכְט, עֶס רַעשׁ'ט, מֶע טוּמֶעלְט, עֶס שְׁטוּרֶעמְט,
אָבֶּער נִיט צוּ וִויסֶען וָואס אוּנ וֶוען? — דִיא שֵׂרוּת גֶעבַּאךְ הֶערִינְדִיג דִיא
זִיסֶע אוּנְטֶער הַאלְטוּנְג פוּן דִיא שְׁכֵנִים מִיט דִיא שְׁכֵנוֹת, הָאט זִיא אוֹיךְ
גִיקְרִיגֶען אַבִּיסֶעל חֵשֶׁק מַאכֶען הָאטְשׁ אַ שְׁטִיקֶעל מַחֲלוֹקֶת מִיט אִיהְר מַאן
„דֶעם וֶועכְטֶער", חָלֶעבִּין מְהֵיכָא תֵּיתֵי פַאר וָואס זָאל זִיא דָאס גָאר
שְׁוַויִיגֶען? זִיא צָאהְלְט אֲפִילוּ נִיט קֵיין דִירָה גֶעלְד, אָבֶּער דֶערוֹיף אִיז מֶען
דָאךְ יוּדֶען, עֶס אִיז פָארְט פַאר פֶּסַח אַ טָאג פַאר אַ טָאג, עֶס וֶוערְט כִּמְעַט
שׁוֹין אָן גִירוּפֶען טַאקִי עֶרֶב פֶּסַח, נָא הָאט זִיךְ טַאקִי בַּייא דֶער שֵׂרוּת אוֹיךְ
גִיעֶפִּינְט דֶער מוֹחַ, גִיוַואלְד גִישְׁרִיגֶען! וָואס שְׁוַייג אִיךְ? אַלֶע שֶׁעלְטִין אַלֶע
קָארֶענִיֶען אוּנ אִיךְ זִיץ גָאר וִויא אַ פַאר שְׁמַאכְטֶע, אִיךְ מוּז שְׁטוּמֶען,
הַא? נָאךְ אַ מָאהְל, אִיךְ בִּין עֶפִּיס אַ פַאר קוֹיפְטֶע? אִיךְ שְׁוַייג, אִיךְ שְׁוַייג,
עֶס אִיז אָבֶּער קֵיין תַּכְלִית נִיט, דֶער שְׁוַוארְצֶער יָאהְר וֵוייסְט אִיהְם וָואס עֶר
טְרַאכְט זִיךְ, צוּ עֶר מֵיינְט שׁוֹין גָאר נִיט דֶער לֶעבֶּען פֶּסַח? — וִויא גִיפֶעלְט
אַייךְ וַוייבֶּערְלִיךְ, עֶפִּיס אַזַא דוּנֶער וִויא מִיר הָאט אַיינְגִישְׁלָאגֶען הָאט דָאךְ
נָאךְ קֵיין יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער נִיט גִיטְרָאפְֿען, אָט הָאט עֶר אָפּ גִיפְּרֶעסִין שַׁבָּת
גֶעהְט עֶר שׁוֹין אַוֶועק זִיךְ שְׁלָאגִין קָאפּ אִין וַואנְט, גִיחַייא וָואלְט עֶר חָאטְשׁ
אַ פְרֶעג גִיטָאהְן „הֶערְסְטוּ מַיין וַוייבּ, צוּ טְשָׁארְט, צוּ דְיַאוָואל, דוּא הָאסְט
שׁוֹין עֶפִּיס אָן גִיגְרֵייט אוֹיף פֶּסַח? וָואס הֶערְט זִיךְ מִכֹּחַ וַוייץ? וָואס
קְלֶעהְרְסְטוּ מִכֹּחַ אַ זֶעקִיל? נַא דִיר עֶפִּיס גֶעלְד אוֹפֶן מַארְק", פֶּע חָלִילָה
עֶר מֵיינְט עֶר וֶועט זִיךְ אַזוֹיא אוֹיס דְרֶעהְן, אוֹיס גִידְרֶעהְט וֶועט דִיר וֶוערִין
דִיא קִישְׁקֶעס אִין בּוֹיךְ, אִיךְ וֶועל מָארְגֶען גֶעהְן צוּ דַיינֶע בַּעֲלֵי בָּתִּים אִין
וֶועל זַייא גֶעבִּין אַז עֶס וֶועט זַייא אִין הַאלְז נִיט קְרִיכֶען, מֶע קָאן דִיא נְשָׁמָה

נִיט

ניט אוים שפּאַייען , הלעבין איך וואָלט אויך גיקויפט אַ שטיקעל הינדיטשקע פאַרט אַזאַ הייליגער יום טוב , ער האָט גאָר קיין מויל ניט , ניחייא וואָלט ער שוין ניט גיהאַט קיין מויל צום פרעסין . . . —

נאָ אַז דיא שרות האָט זיך שוין געבאַך אויך אַביסעל מוטה גימאַכט מיט עטליכע קללות , איז גיוואָרין אין שטוב אַביסעל שטיל אונ רוהיג , עס הייסט מען האָט שוין מעהר קיין כח ניט גיהאַט צו שעלטין אונ צו פּלאָנטען מיטען צונג , עס איז שוין גיוואָרין גאַנץ שפּעט אין דער נאַכט , דער עולם איז זיך צו קראַכין יעדערער אויף זיין גילעגער טויט הינגעריק צו גריזעט היזעריק פון שרייען אונ שעלטין , אַט אַזויא איז מיר איבער גילאָגן אין צרות ביז טאָג . —

הבוקר אור , עס איז נאָר גיוואָרין ליכטעג , מאַרש דיא כאַנסבילע אין בית המדרש , דיא ווייבער אופן מאַרק , אין שטוב זאָל זאַט בעהיטען אונ בעשירעמין , אלע קינדר קלאַיני אונ וויינען , עס איז ניט דאָ וואָס צו בייסין אונ וואָס אין מויל צו נעמען , קאַלט וויא אויף דער גאַס , דיא עופות מיט דיא הינדיקעס מאַכען אין שטוב תוהו ובוהו , דיא בהמה האָט מיט דיא הערנער גיעפענט דיא טיהר אונ האָט אוים גיקעהרט דיא פאַמיניצע אין מיטען שטוב , עטליכע חזירים זענין אויך גיקומען מאַכען אַ וויזיטע אונ האָבין אויף גיגעסין וואָס אין שטוב איז גיוועהן , אַשטייגער עטליכע לעבלאַך ברויט עטליכע האַלבע חלות פון שבת , אַביסעל קלאַייען , אַ פעסיל באָרשט וואָס מיהאָט גישטעלט אויף פסח . —

טהייערע לעזער ! לאָמיר לאָזען אַלע שטיבער אויף הפקר אונ לאָמיר געהן אַביסעל אין בית המדרש הערין וואָס עס טוהט זיך מכח דעם היתר פון דיא „קטניות" אונ וואָס זאָגט מען אויף דעם נעכטיגען שמועס פון דעם אַפּיקורס , דיא זאַך וועט שטיל ניט אָפּ געהן דאָ וועט שוין עפּים זיין , פאָלגט מיך לאָמיר געהן עס איז כדאי צו וויסען . —

אין בית המדרש איז שוין נאָכען דאַווענען , עס רוישט אין אַליי ווינקעליך אַלע רעדין אַלע שרייען , מע זידעלט זיך , מע שעלט זיך , מע שטעלט דולעס אייגער דעם אַנדערין , צדדים אַ פילער בית המדרש , אַלע איירעמס מיט דיא פרושים אונ דער שטאָט מתמיד , אויך דעם אַלטען רב'ס איניקלעך , דעם אַלטען מגיד'ס , האַלטען שטאָהל אונ אייזען מיט דעם שוחט'ס שטיף זוהן — „אַ גרויסער יושר אָן לערנין דעם חצוף דעם אַפּיקורס" האָבין דיא לייט אַלע מסכים גיוועהן , „וויא געפעהלין אייך זיינע נעכטיגע ווערטער" ? ער איז באמת אַ מגלגל פון אַלע יודישע מנהגים , מכח דיא אַרבעס וואָלט אפשר קיין עולה ניט גיוועהן מתיר זיין אין דעם יעצטיגען יקרות נאָר מע טאָהר ניט ווייזען אַ וועג דעם פּראָסטין עולם זייא וועלין מיינען א

מע

מֶע קָאן אַ מָאהְל חָמֵץ אוֹיךְ מַתִּיר מַאכֶען, אַ־קַשְׁיָא אוֹיף פְּרָאקְטַאקֶעס, נָאר וְויא דִיא מַעֲשֶׂה אִיז דֶעם עַזּוּת פָּנִים בַּארְף מֶען גֵייהְטִיג זָעהְן אָן בַּייבֶען גוּט אַ מָארְדֶע.

גֶעגֶען זַייא הָאבְּין זִיךְ גִיפוּנֶען אֵיינִיגֶע וָואס הָאבְּין כְּלוֹמֶערְשְׁט נוֹטֶה גִיוֶועהְן מִיט אַ הַאלְבִּין מוֹיל אוֹיף זַיין זַייט, הַיְינוּ דֶער שְׁטָאט רוֹפֵא וָואס עֶר וֵוייסְט אַלֵיין אַ בִּיסֶעל אוּנ הֶערְט פוּן זַיין דָאקְטער אוֹיךְ וְויא גִיזוּנְד עֶס אִיז אַ שְׁטִיקֶעל כְּלֵייש, זַיינֶער אַ אֵיידֶעם אַ שְׁרַייבֶּער אִין פָּאל צֶיע אַ יוּנְגֶער מַאן אַ פְּלִימֶענִיק פוּן דֶעם גְלַאסְנֶע אִין דֶער דוּמֶע אַ רֶעכְטֶער מוּשְׁלָם, שְׁרַייבְּט אַדְרֶעסִין, אַ שְׁטִיקֶעל מֵלִיץ, מַאכְט אָפְּט שִׁירִים, אַ בְּרְיָה אִין מַצֵּבוֹת שְׁרַייבֶּען, מַאכְט פְּרָטִים אוֹיף יֶעדֶער יָאהְר, מִיט אֵיין וָוארְט אֵיין אוֹיף גִיקְלֶעהְרְטֶער מֶענְשׁ אוּנ נָאךְ אַזֶעלְכֶע מֶענְשִׁין וָואס הָאבְּין שׁוֹין אַ בִּיסֶעל דֶער שְׁמֶעקְט דִיא וֶועלְט.

אַלֶע בַּאנְק קְוֶועטְשֶׁער הָאבְּין זִיךְ אַ לָאז גִיטָאהְן צוּם רָב אוּנ נָאךְ פִּיל קוֹלוֹת, אִיז גִיבְּלִיבֶּען אַז מָארְגֶען נָאךְ קְרִיאַת הַתּוֹרָה זָאל זַיין אַ גְרוֹיסֶע אֲסִיפָה אוּנ מֶע זָאל דַן זַיין דֶעם אַפִּיקוֹרֶס אוּנ זַיין גַאנְצֶע סֶעקְטֶע.

אַ גַאנְצֶע טָאג הָאט מֶען פַאר בְּרַאכְט נָאר אוּיס צוּ זוּכֶען חֲטָאִים אוֹיף דֶעם אַפִּיקוֹרֶס, מֶע אִיז דֶער גַאנְגֶען אַז עֶר שְׁלָאגְט שׁוֹין נִיט קֵיין כַּפָּרוֹת פוּן כַּמָּה יָאהְר, עֶר שְׁלָאגְט זִיךְ נִיט קֵיין מַלְקוֹת עֶרֶב יוֹם כִּפּוּר, עֶר גֶעהְט נִיט צוּ תַּשְׁלִיךְ, עֶר זָאגְט נִיט דִיא יְהִי רָצוֹן'ס צְווִישֶׁען תְּקִיעַת שׁוֹפָר אוּנ זָאגְט אַז עֶס אִיז דָארְטֶען קֵיין שׁוּם סוֹדוֹת נִישְׁטָא, קֵיין מַלְאָכִים קְרִיכֶען נִיט אַרוֹיס פוּן דֶעם שׁוֹפָר עֶס אִיז אַ צוּ קְלֵיין לֶעכֶ׳ל... פּוּרִים צוּ דֶער מְגִלָּה לֵיינֶען קְלַאפְּט עֶר נִיט הָמָן'ן אוּנ שִׁיכּוֹר'ט זִיךְ נִיט אָן בַּייא טָאג מְקַיֵּים צוּ זַיין חַיָּיב אָדָם לִבְסוּמָא, עֶר אִיז בּוֹדֵק חָמֵץ אָן 10 שְׁטִיקְלִיךְ בְּרוֹיט אוּנְטֶער גִיוָוארְפֶענֶע, עֶר אִיז נִיט מְסַדֵּר דִיא קְעָרָה עַל פִּי האר״י, עֶר עֶסְט נִיט קֵיין שְׁמִירָה מַצּוֹת צוּם סֵדֶר, אוּנ קֵיין קֶעפֶּלֶךְ פוּן חְרֵיין צוּם מָרוֹר, עֶר שִׁיט נִיט קֵיין פְּלֶעכְנִיק אִין שְׁטוּב אִים שָׁבוּעוֹת, עֶר שְׁלָאפְט בֵּיידֶע נֶעכְט אִין יָאהְר, דָאס הֵייסְט: הוֹשַׁעְנָא רַבָּה אוּנ שָׁבוּעוֹת, עֶר עֶסְט פוּן שְׁחִיטַת חוּץ אוּנ צָאהְלְט נִיט קֵיין טַאקְסֶע, עֶר שְׁנַייט דִיא נֶעגִיל גְלַייךְ נִיט בְּסֵרוּגִין, עֶר אִיז נִיט מַעֲבִיר דִיא סֶדְרָה שְׁנַיִם מִקְרָא וְאֶחָד תַּרְגוּם, עֶר זָאגְט אַז מֶע לֶערִינְט חוּמֶשׁ מִיט אַ פֵּירוּשׁ אִיז מֶען אוֹיךְ יוֹצֵא, עֶר הַאלְט נִיט שְׁטַארְק פוּן טְרָאפּ, לַאכְט פוּן אֲהַשְׁוֵרוֹשׁ שְׁפִּיל, אַז מֶע בֶּענְשְׁט בה״ב זָאגְט עֶר דַוְקָא „אָמֵן" אוּנ פַאסְט אוֹיךְ נִיט, תִּשְׁעָה בְּאָב זָאגְט עֶר נָאר דִיא צִיוֹן'ס דִיא אִיבֶּערְדִיגֶע קִינוֹת גִיפֶעלְט אִים נִיט דָאס לָשׁוֹן, פִין פִּיוּט זָאגְט עֶר אוֹיךְ מֶעהְר נִיט וְויא דִיא תְּפִלּוֹת, דֶער כְּלַל עֶר אִיז גָאר כִּמְעַט קֵיין יוּד נִיט. —

דִיא אַלֶע פַאקְטֶען הָאט מֶ׳ן אוֹיף גִיקְלִיבֶּען אִים אוֹיס צוּ וַוייזֶען וְויא וַוייט עֶר אִיז שׁוֹין פַאר קְרָאכֶען אִין אֶלֶף הַשִּׁשִּׁי, דָאס גַאנְצֶע שְׁטֶעטִיל הָאט

דעם

דֶעם גַאנְצִין טָאג עוֹסֵק גִיוֶועהְן נָאר וֶועגִין דֶעם , זֵייא הָאבִּין זִיךְ גָאר פַ־־ר־ גֶעסִין אָן דֶעם חוּרְבָּן וָואס עֶס טוּהְט זִיךְ בַּייא יֶעדֶערִין אִין שְׁטוּבּ , ־־־ הָאבִּין גָאר פַאר גֶעסִין דֶעם פְּסַק וָואס זֵייא וֶועלִין הָאבִּין אַז זֵייא וֶועלִי קוּמֶען אַהֵיים . —

כִּמְעַט גָאר פַאר נַאכְט זֶענִין נֶעבַּאךְ דִיא וַוייבֶּער עֶרְשְׁט גִיקוּמֶען צוּרִיק פוּן דֶעם מַארְק , פַאר שְׁלוּמְפֶּערְט אִיבֶּער דִיא אוֹיֶערִין , פַאר פְרוֹירֶעגֶע , פַאר שְׁמַאכְטֶע , קוּים זִיךְ אַרַיין גִיחַאפְּט אִין שְׁטוּבּ — אַ קְלָאג ! אַ בְּרָאךְ ! וָואס אִיז דָא אִין שְׁטוּבּ גִיוָוארֶען ? וֶוער הָאט דָאס דִיא פָּאמִינִיצֶע אִיבֶּער גִיקֶעהְרְט אַ דוּנֶער אִיז מִיר , דִיא קְוַואס אִיז אוֹיךְ אוֹיס גִיגָאסֶען , וֶוער אִיז דָא פָארְט גִיוֶועהְן ? „דִיא בְּהֵמָה מִיט דִיא חֲזֵירִים זֶענִין עֶטְלִיכֶע מָאהְל גִיוֶועהְן הַיינְט אִין שְׁטוּבּ" , הָאבִּין אַלֶע קִינְדֶער אַ גִישְׁרֵייא גִיטָאהְן אוּנ תֵּיכֶּף אָן גִיהוֹיבֶּען צוּ וֵויינֶען „עֶסֶען ! גִיבּ עֶסֶען !" „דֶער טַאטֶע הָאט דִיר גָאר נִיט גִיגֶעבִּין קֵיין שְׁטִיקֶעל חַלָּה ?" הָאט אַ פְּרֶעג גִיטָאהְן דִיא בַּאלֶעבָּאסְטֶע , נֵיין עֶר אִיז נָאךְ גָאר נִיט גִיקוּמֶען פוּן דַאוֶוענֶען , „אוּנ דַיין טַאטֶע אִיז אוֹיךְ גָאר נִיט גִיוֶועזְט הַיינְט אִין שְׁטוּבּ ?" הָאט אַ פְּרֶעג גִיטָאהְן דִיא גְלַאטְשֶׁערְקֶע , נֵיין קֵיין אֵיינְצִיגֶער טַאטֶע אִיז נִיט גִיוֶועהְן , גִיבּ מִיר אַ שְׁטִיקֶעל חַלָּה אִיךְ הָאבּ נָאךְ גָאר נִיט גִיגֶעסִין , קְרַאנְק בִּיסְטוּ גִיוֶועהְן אַלֵיין צוּ נֶעמֶען ? דִיא חֲזֵירִים הָאבִּין אוֹיף גִיגֶעסִין דִיא גַאנְצֶע חַלָּה מִיט דֶעם בְּרוֹיט , זֵייא הָאבִּין אַרוֹיס גִיגַנְבִית אַ זֶעקִיל קַארְטָאפֶּעל אוֹיךְ פוּן אוּנְטֶערִין בֶּעט בַּייא דֶער שְׁרוּת — דָאס יוּנְגֶעל נֶעבַּאךְ דֶער צֶעהְלְט אוּנ קְלָאגְט , שְׁרַייט עֶסִין מִיט דִיא לֶעצְטֶע כּוֹחוֹת . —

נָא לִיבֶּע לֶעזֶער ! שְׁטֶעלְט אַייךְ פָאר אַזַא סְצֶענֶע , אִין שְׁטוּבּ אִי קַאלְט אוּנ חוֹשֶׁךְ אַלֶע קִינְדֶער וֵויינֶען אוּנ שְׁרַייעֶן אוּנ זֶענִין טוֹיט הִינְגֶערִיג , עֶס אִיז נִיט דָא וָואס אִין מוֹיל צוּ נֶעמִין , דִיא וַוייבֶּער נֶעבַּאךְ זֶענִין צוּ בְּרָאכִין פוּן דֶעם גַאנְצִין טָאג אוּנ אוֹיךְ גוּט הִינְגֶערִיג , יֶעצְט דֶעם שֵׁיינֶעם בָּרוּךְ הַבָּא , אַז דַארוֹיף קוּמֶען אַרַיין דִיא מַאנֶען וָואס זֶענִין אַ גַאנְצֶע טָאג גָאר אִין שְׁטוּבּ נִיט גִיוֶוען אוּנ הָאבִּין גָאר עוֹסֵק גִיוֶוען מִכֹּחַ דֶער אֲסִיפָה , נָא נָא , וִויא מֵיינְט אִיהְר ? אַלֶע קְלָלוֹת פוּן דֶר תּוֹכְחָה הָאט יֶעדֶע פְרוֹיא אוֹיף גִישָׁאטִין אוֹיף'ן מַאן'ס קָאפּ תֵּיכֶּף וִויא זִיא הָאט אִיהְם נָאר דֶער זֶעהְן , דָאס אִיז אַבִּיסִיל פַאר שְׁטָאכִינֶע אוֹיגִין עֶר קוּמְט נָאךְ אַהֵיים , עֶר מֵיינְט נָאךְ אֶפְשַׁר אַז אִיךְ הָאבּ אִיהְם אָן גִיגְרֵייט צוּ פְרֶעסִין , עֶסִין זָאל דִיר שׁוֹין דִיא וֶוערִים אִין גִיכֶען רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם ! — גִיוַואלְד וִויא נֶעמְט מֶען שׁוֹין דֶעם טוֹיט ? גִיוַואלְד וִויא אַהִין אַיינְטְלוֹיפְט מֶען ?

אִין דִיא רֵייד הָאט זִיא זִיךְ שְׁטַארְק אוֹיס גִיוֵויינְט אוֹיפֶן קוֹל , גִיקְלָאגְט אוּנ גִישָׁאלְטִין אִינ אַזוֹיא אוֹיךְ אַלֶע וַוייבֶּער גִיחְלִיפֶּעט אוּנ גִיפְלוּכְט , אַלֶע קִינְדֶער יָאמֶערִין אִין קְלָאגִין זֵייא הָאבִּין שׁוֹין כִּמְעַט קֵיין כֹּחַ נִיט , אִין שְׁטוּבּ אִי גְלִיטְשִׁיס פוּן דֶעם קְוַואס אוּנ פוּן דֶער פָּאמִינִיצֶע , אַלֶע הִינְגֶערִיק פַאר

שמארט

שמאכט, אוים גישאלטענע אויף אלע זייטען, נא אבי גיפאטירט דעם מארק, אלע ליגען אויף דיא גילעגערס אונ קרעכצין, טויט וויא אלע טויטע, מען האט קיין כח ניט ממש איין צו שלאפין.

נא עס איז שוין ב"ה ווייטער טאג  דיא מאנסבילין גייען אוועק אין בית המדרש אונ דיא ווייבער האבין קיין כח ניט כמעט ארוים צו קריכען פון דיא בעטין, נאר וואס טוהט מען? א רחמנות אויף דיא קינדער, וואס קאכט מען? מיט וואס וועלין זייא דאס עסין? קיין ברויט קיין חלה, נא, נא! א לעבין, ניט זינדיגען זאל מען מיט דיא רייד – מיט גרויסע צרות האט מען גיקריגען א ברויט אונ מע האט אפ גיקאכט דעם לייכטין גיקעכטץ, עס הייסט: רעטשעטענע גרויפין מיט גאלע וואסער, אבי דיא קינדערליך אביסעל מחיה צו זיין, אליין אויך גיהאפט א פאר לעפיל, נא איז גיבליבען בייא אלע ווייבער אז מע זאל זיך נעמין צום קאליכען, דא איז שוין גיקומען דיא צייט אויף דיא בעטין אויך, מע האט אלעס ארוים גיווארפין פון דעם שטוב אונ מע קאלעכט – נא זאלען זיך דיא ווייבער קאליכען דיא שטיבער אונ מיר לעזער! לאמיר גיין הערין וואס מאכט זיך דארטין בייא דער אסיפה, עס איז שוין נאכען דאווענען עס מוז זיך שוין טאהן, גיבער פאר־ברענגט ניט דיא צייט.—

---

14.

## דיא גרויסע אסיפה.

דאס קהל שטיבעל איז פיל מיט מענשין, פון כל הסארטין האבין זיך אויף גיקליבען צו הערין דעם טיפען מוסר וואס דער רב וועט דא זאגין דעם אפיקורס אונ מיט וואס ער וועט דא איהם דן זיין, דיא אייניגע מענשין וואס האבין באמת דעם אפיקורס ליב גיהאט, האבין איהם מחזק גיוועהן ער זאל זיך גאר ניט שרעקין אונ האבין איהם צו גיזאגט אז זייא וועלין אויך זיין בייא דער אסיפה – דער גאנצער עולם ווארט נאר אופן רב, א רעש, א געפילדער, ער געהט! ער געהט! דער רב איז שוין דא, אין דעם קהל שטיבעל איז גיווארין שטיל, אלע שווייגען אונ שטעלין אויף מויל אונ אויערין הערין וואס דא וועט זיך טאהן – אונזער אפיקורס האט אבער גאר ניט גיווארט ביז דער רב וועט אן הויבען פאנאנדער פירען זיינע הענד מיט דיא

דִבְרֵי מוּסָר, פַאר קֶעהְרְט עֶר הָאט זִיךְ גִימַאכְט מוּהְטָה אוּנ הָאט אָן גִיהוֹיבֶּן פִירֶען אַ שְׁמוּעֶס מִיט אַזַא אוֹפֶן:

אִיהְר זָאלְט וִויסֶען רֶבִּי! אִיהְר פַאר שְׁפָּארְט מִיר גָאר זָאגִין מוּסָר, אִיךְ פַארְשְׁטֶעה אַלֵיין וָואס אִיהְר וֶועט מִיר זָאגִין, מֶע הָאט מִיךְ פָארְ־גִישְׁטֶעלְט פַאר אַיךְ פַאר אַ „מְלַגְלֵג עַל דִבְרֵי חֲכָמִים" פַאר אַ חוֹזֵק מַאכֶער פוּן אַלֶע יוּדִישֶׁע מִנְהָגִים, מִיט אֵיין וָוארְט, אִיךְ בִּין שְׁטַארְק אַרָאפּ פוּן דֶעם דֶרֶךְ הַיָשָׁר, אִיךְ בִּין אַ חוֹטֵא וּמַחֲטִיא אֶת הָרַבִּים, דָאס הֵייסְט: אִיךְ זִינְדִיג אַלֵיין אוּנ מַאךְ נָאךְ זִינְדִיגֶען אַנְדֶערֶע, דָאס אַלֶעס ווילְט אִיהְר מִיר פָארְ־זָאגֶען, אוּנ דֶערוֹיף זָאגִין מִיר הַארְבֶּע וֶוערְטֶער אוּנ גוֹזֵר זַיין אַז אִיךְ זָאל חוֹזֵר זַיין בִּתְשׁוּבָה, אוּנ אוֹיבּ נִיט וֶועל אִיךְ חֲרָטָה הָאבִּין, אַ יָא רֶבִּי, דָאס וֶועט זַיין דֶער אִינְהַאלְט פוּן אַייֶער דְרוּשׁ? נָא בַּארוּם הָאבּ אִיךְ טַאקִי חַס אוֹיף אַייֶער טִירְחָא אוּנ ווִיל אַייךְ פַאר שְׁפָּארִין רֶעדִין בְּחִנָם, אִיךְ אַלֵיין וֶועל אַייךְ קְלָאהְר מַאכִין וָואס אִיךְ בִּין, אוּנ דֶער נָאךְ וֶועט אִיהְר מֶעגִין מַאכִין פוּן מִיר וָואס אִיהְר וֶועט וֶועלִין (אוֹיבּ אִיהְר וֶועט נָאר קֶאנֶען).

הֶערְט רֶבִּי! אוּנ אַלֶע יוּדֶען! אִיךְ בִּין אַ יוּד וָואס גְלוֹיבְּט אִין גָאט אוּנ אִין זַיין תּוֹרָה, אַ דִין וָואס אִיז מְפוֹרָשׁ אִין דֶער הֵיילִיגֶער תּוֹרָה אָדֶער אִין דֶער גְמָרָא הִיט אִיךְ אָפּ מִיט כָּל הַפְּרָטִים אוּנ מִיט כָּל הַדִקְדוּקִים, אָבֶּער דֶער פַאר בִּין אִיךְ אַ גְרוֹיסֶער פַיינְד פוּן אַלֶע מִנְהָגִים חֲדָשִׁים פוּן אַלֶע חוּמְרוֹת אוּנ אִיסוּרִים וָואס הָאבִּין אִין אֱמֶת גָאר קֵיין שׁוּם מַמָשׁוּת נִיט — ר׳ אֱלִיעֶזֶר זָאגְט אִין יְרוּשַׁלְמִי (חגיגה פ״א) „כְּשֵׁם שֶׁאָסוּר לְטַהֵר אֶת הַטָמֵא כַּךְ אָסוּר לְטַמֵא אֶת הַטָהוֹר" עֶס הֵייסְט: אַזוֹיא ווִיא מֶע טָאהְר נִיט זָאגִין אוֹיף אַ זַאךְ וָואס אִיז „טָמֵא" „טָהוֹר" אַזוֹיא טָאהְר מֶען נִיט זָאגִין „טָמֵא" אוֹיף אַ זַאךְ וָואס אִיז בֶּאֱמֶת גָאר „טָהוֹר", ווִידֶער זָאגְט חֶזְקִיָה אִין יְרוּשַׁלְמִי (שבת פ״א) „כָּל מִי שֶׁהוּא פָּטוּר מִן הַדָבָר וְעוֹשֵׂהוּ נִקְרָא הֶדְיוֹט", דִיא זַאךְ וָואס מֶען אִיז נִיט מְחוּיָב צוּ הַאלְטֶען פַאר אַ מִצְוָה אוּנ אֵיינֶער הַאלְט דָאס יָא, וֶוערְט עֶר גִירוּפֶען אַ פְּרָאסְטַאק, עַל כֵּן זֶענִין דִיזֶע אַלֶע פְרֶעמְמֶעטֶען וָואס בֶּאֱמֶת זֶענִין זֵייא כָּשֵׁר וּמוּתָּר מִיט׳ן דִין תּוֹרָה, נָאר אֵיינִיגֶע פּוֹסְקִים אַחֲרוֹנִים הָאבִּין מִיט אַ טָעוּת גִיוָואלְט מַחֲמִיר זַיין אוּנ מַאכִין פוּן כָּשֵׁר טְרֵפָה אוּנ פוּן מוּתָּר אָסוּר, אִיז דֶער מֶענְשׁ וָואס אִיז אַ נַאר אוּנ אִיז אוֹיךְ מַחֲמִיר וֶוערְט עֶר גִירוּפֶען אַ „הֶדְיוֹט" (פְּרָאסְטַאק), נָא פַארְשְׁטֶעהְט זִיךְ אַז אַ מֶענְשׁ וָואס הָאט נָאר אִין זִיךְ עֶטְוָואס אַ פִּינְק פוּן שֵׂכֶל הַיָשָׁר, ווִיל טַאקִי בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט הִיטֶען אַזֶעלְכֶע גִישֶׁעפְּטִין, וָואס נָאךְ נִיט גֶענוּג וָואס עֶר וֶועט דֶער פַאר קֵיין שָׂכָר נִיט בֶּעקוּמִין אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט, נָאר עֶר קְרִיגְט נָאךְ אַ טִיטוּל (פְּרָאסְטַאק).

אוּנ בִּפְרַט בַּייא דִיא יֶעצְטִיגֶע צַייטֶען, אַז דִיא אַלֶע חוּמְרוֹת אוּנ מִנְהָגִים בֶּעשְׁוֶועהְרִין זֶעהְר דָאס לֶעבִּין פוּן אוּנְזֶערֶע יוּדֶען, עֶס אִיז שׁוֹין נִיט דָא קֵיין כֹּחַ דָאס אַלֶעס צוּ פַאר טְרָאגְ׳, נָאר דֶער עוֹלָם אִיז גֶעבַאךְ שְׁטַארְק

קוּרְץ

קוּרץ זִיכְטִיג צוּ זֶעהֶן אַז דָאס אִיז אַלֶעס שְׁטוּתִים אוּנ הֲבָלִים, זַייא מֵיינֶען געווים אַז דָאס אִיז אַלֶעס „הֲלָכָה לְמשֶׁה מִסִּינַי״ קְלֶעהְרִין זַייא אַז מֶע קָאן דָאךְ בֶּאֱמֶת נִים הֶעלְפִין, וָוארוּם דֶערוִויף אִיז מֶען דָאךְ אַ יוּד, אָבֶּער דֶער וָואס הָאט לִיכְטִיגֶע אוֹיגֶען זֶעהְט גַאנְץ קְלָאהְר אַרוֹיס פוּן וַואנֶען אוּנ פוּן וָואס אִיז דָאס בַּייא אוּנְז גִיוָוארִין, טוּהְט דָאךְ בֶּאֱמֶת אִיהְם וֵוייא דָאס הַארְץ קִיקֶענְדִיג אוֹיף דִיא צָרוֹת אוּנ דֶעם דַחֲקוֹת וָואס מֶע שְׁטָעהְט אוֹיס, נָאר אִיבֶּער אַזֶעלְכֶע נַארִישֶׁקַייטֶען אוּנ קִינְדֶער שְׁפִּילֶעכְלִיךְ.

זָאגְט מִיר רֶבִּי! אִיהְר זַייט דָאךְ בָּרוּךְ הַשֵּׁם אִין יֶעצְטִיגֶע צַייטֶען אַ גָאוֹן, אִיהְר קָאסְט דֶער שְׁטָאדְט אַסַאךְ גֶעלְד, נָא פְרֶעג אִיךְ אַייךְ וָואס טוּהְט אִיהְר לְטוֹבָה פַאר דֶער שְׁטָאדְט? וָואס הָאט אִיהְר דָא מְתַקֵּן גִיוֶועהְן? עַל כֵּן אִיז דָאךְ אַ שְׁטַארְקֶע קַשְׁיָא צוּ וָואס דַארְף מֶען אַייךְ? אֶפְשַׁר פְרֶעגְין אַ שְׁאֵלָה? אִיז ב״ה דָא אַ דַיָּן מַאכְט עֶר דָאס פַאר צְווייא רוּבֶּל אַ וָואךְ, וָואס אִיז? אֶפְשַׁר צוּ פַאר הִיטֶען מִיָּאל נִיט עֶסִין קֵיין בָּשָׂר חוּץ אִינ דֶער בֵּית דִין שַׁמָּשׁ זָאל אוֹיס רוּפֶען „בִּידִיעַת הָרַב הַגָּאוֹן דְפֹה אַז דָאס הָאט דֶעם דִין פוּן בְּשַׂר חֲזִיר״ (הָאטְשׁ שְׁטִילֶערְהֵייט עֶסְט עֶר אַלֵיין פוּן בָּשָׂר חוּץ), זֶעהְט אִיהְר דָאס אִיז טַאקִי כְּדַאי, מֵהֵיכָא תֵּיתֵי אַ גוּטֶער פְּלַאן כְּפַרְנֵס זַיין אַ רֶעכְטֶען גָאוֹן, צוּ וָואס? עֶר זָאל מְחַזֵּק זַיין אַזֶעלְכֶע רוֹצְחִים אַזֶעלְכֶע גַזְלָנִים, וָואס גֶעווים וֶועלִין זַייא מוּזֶען גֶעבִּין דִין וְחֶשְׁבּוֹן פַארֶען בֵּית דִין שֶׁל מַעְלָה, קַארְג הָאבִּין זַייא אוּנְגְלִיקְלִיךְ גִימַאכְט יוּדֶען מִיט דֶער טַאקְסֶע? דָאס אִיז נָאךְ נִיט גִיהֶערְט גִיוָוארִין בַּייא קֵיין שׁוּם אוּמָה וְלָשׁוֹן, נָאךְ וֵוייגִיג פַאר אוּנְז וָואס דִיא פּוֹסְקִים אַחֲרוֹנִים הָאבִּין נָאר אָהְן רַחֲמָנוֹת גִימַאכְט טְרֵפוֹת אוּנ חוּמְרוֹת, אַז קָאם אֵיין בְּהֵמָה פוּן 20 וֶוערְט כָּשֵׁר, וָואס אִין אֱמֶת וָואלְטֶען בֶּעדַארְפְט יֶעצְטִיגֶע גְאוֹנִים בַּייא אַזַא שְׁרֶעקְלִיכֶען „הֶפְסֵד מְרוּבֶּה״ זִיךְ גוּט אַרוּם זֶעהְן אוּנ אָפּ שַׁאפֶען דִיא אַלֶע אִיבֶּעריגֶע חוּמְרוֹת אוּנ זִיךְ צוּרִיק אַרוֹיף שְׁלָאגֶען אוֹיף דִיא 18 טְרֵפוֹת וָואס עֶס אִיז גֶעצֵייכֶענְט אִין דֶער גְמָרָא חוּלִין, אִיז נָאךְ אַ צוּ גָאבּ צוּ דִיא צָרוֹת דִיא בִּיטֶערֶע טַאקְסֶע, נָא אִיז גִיוָוארִין אַ פוּנְט פְלֵייש בַּארֶע מָאגֶערֶע אַזַא מַכָּה וָואס אִין דֶער צַייט פוּן דֶער גְמָרָא הָאט מֶען דֶער פַאר בַּאלְד גִיקָאנְט קוֹיפֶען אַ גַאנְצִין אָקְס. —

נָא אַדְרַבָּה! פְרֶעג אִיךְ אַייךְ וֶוער קָאן דֶער צוּ הֶעלְפִין? דֶער עוֹלָם מֵיינְט אִין אֱמֶת אַז דֶער פַּארַאדָאק פוּן דֶער טַאקְסֶע מִיט דִיא שׁוֹחֲטִים אוּנ קַצָּבִים מִיט דִיא גַאבָּאִים, אִיז אֵיין אַלְטֶער מִנְהָג נָאךְ פוּן מַתַּן תּוֹרָה אָן, אוּנ אוֹפֶן בַּארְג סִינַי הָאט מֶען גִיוִויזֶען אִין אֵיינֶעם מִיט׳ן מַחֲצִית הַשֶּׁקֶל אוּנ דִיא מְנוֹרָה אוֹיךְ אַ פַייעֶרְדִיגֶען בַּעַל טַאקְסֶע, מִיט אַ שׁוֹחֵט אַ חָלוּשׁ מִיט אַגְרוֹיסֶען פִּיפִּיק אוּנ אַ הֶעקֶער אַ שִׁכּוֹר, נָא אוֹיבּ עֶס אִיז טַאקִי אַזוֹיא מוּז מֶען זִיךְ מִיט זַייא שְׁפִּילֶען, אָבֶּער אִיהְר גְאוֹנִים הָאט דָאךְ יָא גִיקָאנְט זִיךְ אוֹיפְקְלֶעהְבִּין אוּנ מַאכֶען אֵיין אֲסִיפָה (פִיל גֵייטְהִיגֶער וִויא דִיא יֶעצְטִיגֶע אֲסִיפָה אַ יָא?)

מְבַטֵל צוּ זַיין דִיא אַלֶע פָּאראַדְקֶעס אוּנ שְׁטֶעלִין יֶעדֶער זַאךְ לוֹיט דֶעם רִיכְטִיגֶען דִין.

מִיר בַּארְפֶען נִיט זַיין פְרִיהְמֶער וִויא אוּנְזֶערֶע חַכְמֵי הַתַּלְמוּד, אֵיינֶער פוּן זֵייא ר' דִימִי בְּשֵׁם ר' יִצְחָק (ירושלמי נדרים פ"ט) הָאט גֶיזָאגְט: "לֹא דַיֶּיךָ כַּמָּה שֶׁאָסְרָה לְךָ הַתּוֹרָה, אֶלָּא שֶׁאַתָּה מְבַקֵּשׁ לֶאֱסוֹר עָלֶיךָ דְּבָרִים אֲחֵרִים" דָאס הֵייסְט: עֶס זֶענֶען נִיט גֶענוּג פַאר דִיר דִיא זַאכֶען וָואס דִיא תּוֹרָה הָאט אָסוּר גֶימַאכְט וִוילְסְטוּ נָאךְ אוֹיף דִיר אָסוּר מַאכֶען נָאךְ אַנְדֶערֶע זַאכֶען? נָא נָאךְ דִיזֶע רֵייד זָעהְט מֶען טַאקִי וָואס פַאר אַ טִפְּשִׁים מִיר זֶענֶען אַז מִיר הָאבֶּען זִיךְ פַאר שְׁלוּמְפֶּערְט בִּיז אוּנְטֶערִין קָאלְנֶער פוּן פִיל חוּמְרוֹת אוּנ גְזֵירוֹת פְרֶעגְט צוּ וָואס? וֶוער וֶועט אוּנְז גֶעבִּין דֶער פַאר עוֹלָם הַבָּא?

דִיא גְמָרָא בְּרֶענְגְט אַ שְׁפְּרִיכְוָוארְט "לְפוּם גַּמְלָא שִׁיחְנָא" דִיא מַשָׂא בְּרוֹיכְט זַיין וֶוערְלִיג דֶער כֹּחַ אִיז פוּן דֶעם וֶוערְבְּליוּד, אָבֶּער נִיט אִיבֶּערְ־לָאדֶען בִּיז עֶר זָאל פַאלֶען אִין דִיא הַאלָאבְּלִיעֶס, דִיא תּוֹרָה הָאט אוּנְז קוּרְץ גֶיזָאגְט מִיט צְוֵוייא וֶוערְטֶער "וָחַי בָּהֶם" אַז מִיר בַּארְפֶען נָאר לֶעבִּין דוּרְךְ דִיא מִצְוֹת, אָבֶּער לֹא שֶׁיָּמוּת בָּהֶם חַס וְשָׁלוֹם, נִיט פַאר שְׁוַוארְצְט וֶוערִין פוּן זֵייא — מִיךְ וָואלְט שוֹין נִיט גֶעהַארְט דִיא אַלֶע נַארִישֶׁע מִנְהָגִים וֶוען זֵייא וָואלְטֶען זֵייא אַרֵיין גִיקְרָאכֶען אִין גַרְגֶרֶת אַרֵיין, אָבֶּער אַזוֹינֶע מִנְהָגִים שֶׁל שְׁטוּת וָואס גֶעבִּין נִיט קֵיין מְנוּחָה, פַאר דוּלֶען מִיר דֶעם קָאפּ אַז עֶס אִיז נִיט לִיב דָאס לֶעבִּין, פְרֶעג אִיךְ אַייךְ אוֹיף וָואסֶערֶע צָרוֹת דַארְף מֶען זֵייא? אַ נָא וֶוער קָאן דֶער צוּ הֶעלְפֶען? נָאר אִיהְר רֶבִּי אוּנ נָאךְ אַזֶעלְכֶע גְאוֹנִים. —

גֶעוַואלְד גִישְׁרִיגֶען! עֶס אִיז אַ חֶרְפָּה אִיבֶּער דֶער צֶעהְלֶען וָואס דָא טוּהְט זִיךְ אָפּ דֶעם גַאנְצִין פַאר פֶּסַח, שׁוֹין הֶעכֶער וִויא צְוֵוייא וָואכֶען אַז מֶע עֶסְט נִיט, חָאטְשׁ אַ גַאנְץ יָאהְר עֶסְט מֶען אוֹיךְ קְדָחוֹת מִיט רְבִיעִית, נָאר דָאךְ קָאכְט מֶען פָארְט עֶפִּים, אָבֶּער דֶער פַאר פֶּסַח אִיז גָאר אַ נַייעֶה מַכָּה, מֶע זָאל 4 וָואכֶען הָאבִּין צוּ טָאהְן גַאנְצֶע טֶעג מֶע עֶסְט נִיט, עֶס אִיז נִישְׁטָא אוֹיף וָואס צוּ שְׁלָאפֶען, אַלֶע שְׁטִיבֶּער זֶענִין פוּסְט, טָאג אוּנ נַאכְט קְלָלוֹת אוּנ יְלָלוֹת, אוּנ דָאס אִיז אַלֶעס אִיבֶּער דִיא נַארִישֶׁע חוּמְרוֹת אִיבֶּער דִיא פַארְ־שִׁימֶעלְטֶע מִנְהָגִים, דַאכְט זִיךְ אַז וֶוערְלִיג דֶער רֵיינֶער דִין פוּן דֶער תּוֹרָה וָואלְט גָאר נִיט גִיוֶועהְן וָואס צוּ טָאהְן, וָואס אִיז אַלֶעס דִיא טַעֲנָה "מִנְהָג יִשְׂרָאֵל תּוֹרָה" נָא גֶערֶעכְט, אָבֶּער וֶוען אִיז דָאס חָאטְשׁ גִירֶעדְט אַז דָאס אִיז אַ מִנְהָג פוּן אַ קְלָאהְרֶען יִשְׂרָאֵל, אָבֶּער אַז דָאס אִיז גָאר אַ מִנְהָג פוּן אַ מְשׁוּגֶענֶעם יִשְׂרָאֵל אִיז אוֹיךְ אַ תּוֹרָה? מֶע הָאט דָאךְ אַ גוּטֶען מוֹפֵת פוּן דֶעם פַיינֶעם מִנְהָג פוּן כַּפָּרוֹת שְׁלָאגִין, חֲלֶעבִּין אוֹיךְ אַ מִנְהָג יִשְׂרָאֵל, אוּנ דֶער בֵּית יוֹסֵף רוּפְט דָאס פָארְט "מִנְהָג שֶׁל שְׁטוּת" פַאר וָואס? מֵחֲמַת דָאס אִיז אַ מִנְהָג פוּן אַ יִשְׂרָאֵל שׁוֹטֶה. —

נָאךְ מֶעהְר דֶער מִנְהָג פוּן כַּפָּרוֹת אִיז נִיט גְלַאט אַ שְׁטוּת וְהֶבֶל, נֵיי עֶר בְּרֶענְגְט נָאךְ פִיל שְׁלֶעכְטֶעס, עֶר אִיז מַאֲכִיל טְרֵפוֹת, וְוִיא פִיל עוֹפוֹת דֶער קוֹילֶען גָאר נִיט דִיא שׁוֹחֲטִים עֶרֶב יו"כ אַלֶע וֵוייסֶען דֶער פוּן אוּנ קֵיינֶער הַארְט דָאס גָאר נִיט, אֲפִילוּ דֶער הַיְי אָדָם אַרְבֶּעט אוֹיךְ מַעֲשִׂים אוֹיף דֶעם נָאר וֶוער הֶערְט דָאס? וָואסֶער גָאוֹן וִויל דָאס מַאכִין אַ הֶיזֵק דֶעם רוֹצֵחַ דֶעם בַּעַל טַאקְסֶע, הְלֶעבִּין אַ רַחֲמָנוּת אוֹיף אִיהְם, עֶר חַאפְּט פָּארְט אַרַיין פוּן דִיא כַּפָּרוֹת אַ רֶעכְטֶע מַטְבֵּעַ, וְוִיא מֶען זָאגְט אַ וֶוערְטִיל „זָאל זַיין פוּן אַ קָאזַאק אַבִּי צוּם לֶעבִּין", דִיא שׁוֹחֲטִים חַאפֶּען אוֹיךְ צוּ עֶטְלִיכֶע רוּבֶּל, זֵייא גֶעהְן אוּנ פַאר טָאג צוּ דִיא בַּעֲלֵי בַּתִּים חֲשׁוּבִים קוֹילֶען זֵייעֶרֶע כַּפָּרוֹת, דָאס אִיז שׁוֹי גִיוָוארִין בַּייא יוּדֶען אַ גַאנְצֶער כָּבוֹד, חְלֶעבִּין אַ בַּעַל הַבַּיִת וָואס דֶער שׁוֹחֵט גֶעהְט צוּ אִיהְם פַאר טָאג עֶרֶב יו"כ, פַר נַאכְט שְׁלָאגְט אִיהְם דֶער בֵּית הַמִּדְרָשׁ שַׁמָשׁ מַלְקוֹת אוֹיךְ אַבִּיסֶעל מִיט כָּבוֹד, עֶרְשְׁטֶענְס עֶר אַלֵיין, נִיט דֶער אוּנְטֶער שַׁמָשׁ, צְווייטֶענְס רִיקְט עֶר אִיהְם אוּנְטֶער מֶעהְר אַבִּיסֶעל הֵייא עֶס זָאל אִיהְם זַיין וֵוייכֶער צוּ לִיגֶען (וִויא אַ פַאנְסְקֶע פֶערְד אִין שְׁטַאל) אִי עֶר שׁוֹין טַאקִי אַ רֶעכְטֶער מְיוּחָס אוּנ שְׁפִּיהְלְט שׁוֹין אַ רָאלֶע פוּן אֵיין אִישׁ נִכְבָּד. —

אוּנ פְרֶעגְט וָואס? וָואס הָאט עֶר דָא גִיטָאהְן פַאר אַזַא גְרוֹיסֶע זַאךְ וָואס עֶר אִיז גָאר פְּלִיצְלוּנְג אַ מְיוּחָס גִיוָוארִין? עֶס אִיז רֶעכְט, עֶר אִיז נֶעבַּאךְ אוֹיף גִישְׁטַאנֶען פַאר טָאג, אִיהְר קָאנְט אֶפְשַׁר קְלֶעהְרֶען אַז עֶר הָאט זִיךְ גִינוּיֶען צוּ זַיינֶע חֶשְׁבּוֹנוֹת בֶּעטְרַאכְטֶען פִילַייכְט הָאט עֶר אֶפְשַׁר אִימֶעצֶען גִיטָאהְן עֶפֶּעס אֵיין עַוְלָה? מַחֲמַת אוֹיף אַז לְבֶע פַארְבְּרֶעכִין גֶעגֶען אַמֶענְשִׁין אִיז דָאךְ יוֹם כִּפּוּר אוֹיךְ נִיט מְכַפֵּר, אֲפִילוּ דָאס וֶועקְסֶענֶע לִיכְט וָואס אִיז גִימַאכְט גִיוָוארִין מִיט גְרוֹיס קוּנְסְט, יֶעדֶעס קְנֵייטֶעל אַיין גֶעטִינְקְט אִין תְּחִנּוֹת וּבַקָּשׁוֹת, דֶער מָאנְט אַלֶע זְכוּת אָבוֹת פַאר גָאטֶען טַאכִין טְרֶערִין, קָאן דָאךְ נִיט הֶעלְפִין אוֹיף חֲטָאִים אוּנ פְּשָׁעִים אִין גֶעלְד זַאכִין, נָא דַאכְט זִיךְ וָואלְט דָאךְ יֶעדֶער מֶענְשׁ בֶּעדַארְפְט עֶרֶב יוֹם כִּפּוּר אַרוּם גֵיין צוּ זַיינֶע אָבִּידֶעטֶע אוּנ זִיךְ אָפּ רֶעכֶענִין מִיט זֵייא פַיין צָרִינְדְלֶעךְ, זֶעהְן אַז אִיטְלִיכֶער זָאל צוּ פְרִידֶען זַיין אוּנ נִיט הָאבִּין חַס וְשָׁלוֹם קֵיין טַעֲנוֹת צוּ אִיהְם.

נָאר וֶוען אֲפִילוּ אַז דָאס רוֹב יוּדֶען זֶענִין זִיךְ אַזוֹיא נִיט נוֹהֵג זֵייא הַארְט גָאר נִיט אַז יֶענֶער וֶועט אִיהְם נִיט מוֹחֵל זַיין דִיא גְנֵיבָה אָדֶער דִיא גְזֵילָה, דֶער פַאר אָבֶּער הִיט מֶען שְׁטַארְק דֶעם דָאזִיגֶען מִנְהָג: עֶסִין אַ גוּטֶען מִיטָאג אוּנ אִין דֶער יוֹיךְ מוּז זַיין קְרֶעפְּלֶעךְ, פוּן דֶעם טֵייג אוֹיס פְלֶעכְטִין וְוִיא אַ לֵייטֶער, גֶעהְן אִין מִקְוֶה, מַאכֶען צְווייא לִיכְט אֵיינְס אַ גֶעזוּנְדֶע אוּנ אֵיינְס אַ נֵר נְשָׁמָה, גֶעהְן אוֹפֶן בֵּית עוֹלָם אוּנ נֶעמִין דָארְטִין אַ גְרוֹיס שְׁטִיק לֶעקִיךְ הָלֶעבִּין נִיט קֵיין נַארִישֶׁע מִנְהָגִים מֶען זֶעהְט אַרוֹיס מִיט'ן שֵׂכֶל אַז אַזוֹינֶע גוּטֶע מַעֲשִׂים זֶענִ'ן טַאקִי מְכַפֵּר אוֹיף שֶׁקֶר אוּנ רַמָּאוּת, מַשִּׂיג גְבוּל זַיין

נזילות

גְזֵילות און גְנֵבות עֶס אִיז דָאךְ אַ מִנְהָג יִשְׂרָאֵל אִיז דָאס טַאקִי אַ תּוֹרָה.

נָאר דָאס בְּלַייבְּט אַ שְׁטַארְקֶע קֻשְׁיָא, אַלֶץ אִיז דָאךְ דֶער דִין גֶעבּאָךְ נִיט עֶרְגֶער וִויא דֶער מִנְהָג, און פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען עֶסִין קְרֶעפְּלֶעךְ, מַאכִין צְוַויא לִיכְט הֵיט מֶען בְּכָל תְּפוּצוֹת יִשְׂרָאֵל און אָפּ גֶעבִּין אַלֶע גְנֵבות און גְזֵילות אוּם עֶרֶב יו"כ וָואס דָאס אִיז אַ דִין מְפוֹרָשׁ, וָואס אָהִן דֶעם אִיז כִּמְעַט דֶער גַאנְצֶער יוֹם כִּפּוּר אוּמְזִיסְט, טוּהְט מֶען דָאס נִיט, וָואס קָאן דָאס זַיין? אַ פָּנִים הָאט דָאס, אַז עֶסִין פִישׁ און יוֹיךְ מִיט קְרֶעפְּלֶעךְ און צִימֶעס, אִיז אַסַאךְ גְרִינְגֶער דֶעם קָאמְפִּיזַנְיֶער וִויא אָפּ גֶעבִין אַ הִינְדֶערְטֶער דֶעם קָאמְפָּטֶענְט וָואס עֶר הָאט דָאס שׁוֹין לַאנְג אַרָאפּ גִילָאזְט טִיף אִין קֶעשֶׁענֶע, אָדֶער דֶעם אָנְזֶעצֶער וִויא אָפּ גֶעבִּין דָאס פְּרֶעמֶדֶע בְּלוּט פוּן וָועלְכִין עֶר הָאט זִיךְ גִימַאכְט אַ קַאפִּיטַאל.

אָבֶּער לָאמֶיךְ זִיךְ אוּמְקֶערִין צוּ דֶעם וָואס אִיךְ הָאבּ אָן גִיהוֹיבֶּען צוּ אוּנְזֶער מְיוּחָס וָואס אִיז אוֹיף גִישְׁטַאנֶען פַאר טָאג און אִיךְ וָועל אַייךְ טַאקִי מְגַלֶה זַיין דֶעם סוֹד פַאר וָואס עֶר אִיז אוֹיף גִישְׁטַאנֶען — עֶר אִיז אוֹיף גִישְׁטַאנֶען צוּ טָאהְן אַ וִויכְטִיגֶע זַאךְ, וָואס אִיז? צוּ גֶעמֶען אַ וַוייסֶען הָאהְן און דְרֵייעֶהְן אִיהְם אַרוּם זַיין נַארִישֶׁען קָאפּ און עֶסִין פוּן אִיהְם אַ גוּטֶע יוֹיךְ, נָא אִיז עֶר דֶען נִיט וֶוערְט דֶער פַאר שִׁשִׁי און דִיא פְּתִיחָה פוּן לְאֵל עוֹרֵךְ דִין? פַאר קֶעהְרְט וֶוען אַז אַלֶע יוּדֶען וָואלְטֶען גִיהַאט שֵׂכֶל הָאט מֶען בֶּעדַארְפְט אַזַא בַּעַל הַבַּיִת הַאלְטִין פַאר אַ מְשׁוּגָעְנֶעם און פַאר אַ הֶדְיוֹט פַאר אַ גְרוֹיסֶען פַארִיךְ אוֹיךְ, וִויא מַאכְט זִיךְ דָאס אַ יוּד אַזוֹיא נַארִישׁ? — נָאר בֶּאֱמֶת דִיא הֶבְרָה נַארֶען זִיךְ אַלֵיין זַייא מַאכִין זִיךְ גְרִינְג אוֹפֶּן הַארְצִין, אַז דֶער הָאהְן הָאט פוּן אִיהְם אַרָאפּ גִיהַאפְּט אַלֶע זַיינֶע שְׁווִינְדְלֶען און גְנֵבוֹת, רְצִיחוֹת און מַלְשִׁינוּת, אַי עֶס שְׁטֵייט דָאךְ פָּארְט אִין דֶער הֵיילִיגֶער גְמָרָא אַז אוֹיף עֲבֵירוֹת גֶעגֶען אַ מֶענְשִׁין קָאן אֲפִילוּ יוֹם כִּפּוּר אוֹיךְ נִיט מְכַפֵּר זַיין, נָאר מֶע מוּז טַאקִי בִּמְחִילָה אָפּ גֶעבִּין פְּרֶעמְד גֶעלְד, נִישְׁמֶער פַאר וָואס דֶען רוּפְט מֶען דָאךְ דִיא עוֹפוֹת „כַּפָּרוֹת"? הַא? מִן הַסְתָּם אִיז דָאס פָּארְט שְׁטָאט אַ קָרְבָּן. —

אָט אַזוֹיא גֶעהְט עֶס מִיט אַלֶע שְׁטוּתִים, אֵיין שְׁטוּת גְרֶעסֶער וִויא דָאס אַנְדֶערֶע, אַ שְׁטֵייגֶער מִיט דֶער עֶרְצִיהוּנְג, פַאר וָואס גִיפִינֶען זִיךְ בַּייא אוּנְז יוּדֶען אַזוֹיא פִיל קַבְּצָנִים? אַזוֹיא פִיל שְׁנָארֶער? מַחֲמַת מִיר ווִילֶען נִיט מַאכִין פוּן אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער קֵיין מֶענְשִׁין וָואס זָאלֶען טוֹיגֶען צוּ דֶער וֶועלְט, הָאטְשׁ דֶעם יוּדֶען קָאכְט דָאךְ דָאס לֶערְנֶען זַיינֶע קִינְדֶער פִיל מֶעהְרֶער וִויא אַ מֶענְשִׁין פוּן אַנְדֶערֶע נַאצְיָאנֶען, דֶער חִסָּרוֹן אִיז אָבֶּער אִין דֶעם וָואס דָאס גַאנְצֶע לֶערְנֶען אִיז אָהְן אַ טָאלְק, מִיר ווִילֶען זַיין „כּוּלָנוּ חֲכָמִים, כּוּלָנוּ נְבוֹנִים, כּוּלָנוּ יוֹדְעִים אֶת הַתּוֹרָה" דָאס הֵייסְט: אַלֶע זָאלֶען זַיין לוֹמְדִים, אַי פוּן וַואנֶען וֶועט מֶען לֶעבִּין? נִישְׁט קָשֶׁה? „מַאן דְיָהִיב חַיֵי יָהִיב מְזוֹנֵי", דָאס הֵייסְט: וָוער עֶס גִיט לֶעבִּין, דֶער וֶועט גֶעבִּין צוּם לֶעבִּין, אַי וָואס? עֶס שְׁטֶעהְט דָאךְ

„וּבֵרַכְתִּיךָ בְּכָל אֲשֶׁר תַּעֲשֶׂה״, אַז דֶער מֶענְשׁ מוּז אַלֵיין טוּהְן פַאר זִיךְ׃ נָא טוּהְט מֶען דָאךְ, הֶעלְפֶען! שַׁדְכָנוּת, חַלְפָּנוּת אִיז דֶען נִיט קֵיין מְלָאכָה׃ אַ מֶעקְלֶער, אַ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל מְשׁוּלָּח, אַ גַאֲמָן אִין דֶער יַאטְקֶע, אַ מְלַמֵּד, אַ שׁוֹחֵט, אַ בֵּית דִין שַׁמָּשׁ, וֶוערְט דֶען נִיט אָן גִירוּפֶען אַ מֵייסְטֶער אִין זַיין זַאךְ׃ בַּאקְט זִיךְ עַל פִּי דִין קָאן מֶען שׁוֹין יוֹצֵא זַיין מִיט דֶעם אָן שְׁטָאט אֵיין אוּמְנוּת׃ מַחֲמַת דִיא גְמָרָא זָאגְט אוּנְז אַז יֶעדֶער פָאטֶער בַּארְף לֶערְנֶען זַיין קִינְד עֶפֶּעס אַ מְלָאכָה, נָא אִיז דָאךְ דָאס אַ מְלָאכָה, דֶער גְרוּנְד אִיז דָאךְ נָאר דֶער קְוֶוינְט מַזָּל, וָוארוּם אִין אֱמֶת הֶעלְפְט עֶפֶּעס קָאנְטְשַׁאפְּט׃ אַי מֶע זֶעהְט דָאךְ בְּפֵירוּשׁ אַז דֶער בַּעַל מְלָאכָה פוּן טוּךְ פַאבְּרִיק, פוּן צוּקֶער, פוּן פַּאפִּיר, אָדֶער אַ טֶעבְּנִיקֶער, אֵיין אַפְּטֵייקֶער, אַ מַאשְׁעֶנִיסְט, לֶעבֶּען טַאקִי וִויא דִיא פִירְשְׁטֶען, אוּנ דִיא מְלַמְּדִים שַׁדְכָנִים, אוּנ אֲפִילוּ דִיא קְרֶעמֶער זֶענֶען דַלְפָנִים, לֶעבֶּען אִין צָרוֹת אִין דַחֲקוּת, פִירֶען אִיבֶּער פְרֶעמְדֶע גֶעלְד, מוּזֶען זַיין לִינְגֶער שְׁווִינְדְלֶער אָבְּמַאנְטְשִׁיקֶעס׃ —

גַיין׃ מֶע דַארְף נִיט זַיין קְלִיגֶער וִויא דֶער טַאטֶע אִיז, אָט אַזוֹיא אִיז דֶער מִנְהָג, בֶּאֱמֶת׃ הָאט גוּט גִיזָאגְט יֶענֶער „מִנְהַג יִשְׂרָאֵל תּוֹרָה״ וָוארוּם אִין דֶער יֶעצְטִיגֶער צַייט הָאבֶּען דִיא יוּדֶען גָאר נִיט קֵיין תּוֹרָה נָאר גָאלֶע מִנְהָגִים, אוּנ אַזוֹיא וִויא אַ מִנְהָג בְּרֶעכְט דָאךְ אַ דִין, הָאבֶּען דִיא זֵייעֶ מִנְהָגִים צוּ בְּרָאכֶען אַלֶע דִינִים רִיק אוּנ לֶענְד, אִינ אוּנְז יוּדֶען דֶעם קָאפּ אִינ לַייבּ אוּנ לֶעבֶּען, נָא פְרֶעג אִיךְ אַייךְ נָאךְ אַזָאהְל וֶוער קָאן דֶער צוּ הֶעלְפִין׃ נָאר דִיא גְאוֹנִים וָואס קָאסְטֶען נֶעבַּאךְ דֶעם עוֹלָם אַזוֹיא פִיל גֶעלְד, זֵייא הָאבֶּען גִיקָאנְט לַייכְט מַאכֶען דֶעם יוּדֶען אִין אַלֶע זַאכֶען, אָפּ שַׁאפֶען דִיא חוּמְרוֹת, אַרוֹיס טְרַייבֶּען אַלֶע נַארִישֶׁע מִנְהָגִים, מְבַטֵּל זַיין דִיא טַאקְסֶע, מַאכֶען אַ טָאלְק מִיט דֶער עֶרְצִיעֶהוּנְג, מַאכֶען אִין אַלֶע גְרוֹיסֶע שְׁטֶעדְט רֶעמֶעסְלֶענֶע שְׁקָאלֶעס, יֶעדֶער מֶענְשׁ זָאל הָאבֶּען זַיין פְּרָאפֶעסִיאָן, אָט דָא וָואלְטִין וִדֶען גִיהָאלְפֶען גִיוָוארִין, עֶם וָואלְט אַייךְ שׁוֹין נִיט גִילֶעגֶען אֲפִילוּ אִין דֶעו לִינְקֶער פֵּאָה, פַארְפַאלְגֶען דֶעם וָואס וִויל נִיט זַיין אַ נַאר, אֲפִילוּ דִיא מֶמְשָׁלָה וָואלְט אוֹיךְ נָאר אַנְדֶערְשׁ גִיקוּקְט אוֹיף אַייךְ, מֶע וָואלְט אַייךְ נִיט אָן גִירוּפֶען שְׁטֶענְדִיג עֶקְסְפְּלַאטַאטֶערֶעס.

נָא בְּרִידֶער׃ נָאךְ דִיא אַלֶע רֵייד הָאט אִיהְר נָאךְ עֶפֶּעס מִיט מִיר וָואס צוּ מַאכֶען וִיכּוּחִים, אִיהְר ווִילְט שְׁטֶעלִין עֵדוּת אַז אִיךְ בִּין נִיט שְׁטַארְק מַקְפִּיד צוּ הִיטֶען דִיא אַלֶע נַארִישֶׁע מִנְהָגִים אִיהְר בְּרוֹיכְט דָאס גָאר נִיט אִיךְ בִּין אַייךְ אַלֵיין מוֹדֶה אַז אִיךְ הִיט נִיט אוּנ וֶועל נִיט הִיטֶען, אִיךְ הָאבּ זִיךְ פַיינְד צוּ מַאכֶען נַארִישׁ, אִיךְ הָאבּ פַיינְד צוּ שְׁפִּילֶען אִין בְּלֶענְדְנִישׁ, בַּייא מִיר אִיז אַ גְרוֹיסֶער חִילוּק צוּ וִויסֶען אַ דִין אוּנ אַ מִנְהָג, בַּייא מִיר בְּרֶעכְט נִיט אַ מִנְהָג קֵיין דִין.

נָאךְ דֶעם גַאנְצִין שְׁמוּעֶס הָאט אַזָאג גִיטָאהְן דֶער שְׁטִיף זוּהְן „וְדַע מַה

שתשיב לאפיקורוס, הני מילי אפיקורוס עכו"ם, אבל אפיקורוס ישר׳
כל שכן דפקיר טפי", דאס הייסט: מיט א יודען איין אפיקורוס טאהר כ׳
קיין ויכוח ניט האבין, מחמת ער וועט נאך מעהר אפיקורוס ווערין, כ׳
פארדריסט נאר וואס דער רב זאל לעבין האט גיהאט אזויא פיל געדולט או
צו הערין אזעלכע עולות, וואלט דא דער רבי ניט גיוועזין דער בייא וואל
איך זיך מיט איהם גוט אפ גירעכינט; — "איהר זענט נאך א יונגער מאן"
האט איהם דער רב גיענטפערט, מיר בעדארפען זיך לערנין פון דוד המלך
אז בשעת אבישי בן צרויה האט גיוואלט טעדטען דעם שמעי בן גרא פא
וואס ער האט געזידעלט דעם קעניג האט דוד המלך גיזאגט צו איהם "ה׳ אמ
לו קלל" עס הייסט: ניט ער איז אין דעם שולדיג, גאט האט איהם אוי
מיר אן גישיקט, אט אזו א איז מיט אלע ענינים, מן הסתם האב אי
בעדארפט הערין היינט אזעלכע רייד, איך וויל גאר איהם קיין מוסר זאג
איהר זענט אויף איהם קיין מבינים ניט, אויף איהם קאן אויך ארוים א בו
קול אונ שרייען "שובו בנים שובבים חוץ מאחר", אזא מענשין וועט שוי
גאר ניט העלפין, ער וועט שוין קיין תשובה טאהן, איך האב בכוונה איה
ניט איבער גישלאגין זיין שמועס, איך האב טאקי גיוואלט ער זאל ארויס
געבין מעהרער סחורה איך זאל וויסען וויא ער האלט, נא יעצט וויים איך
שוין אויף קלאהר, עס איז בריגער שוין "עקבא דמשיחא" (דאס הייסט
משיח׳ס צייט), דארום איז "חוצפא יסגא" (דיא חוצפא איז גרוים), ער איז
א חצוף אונ ווייטער פארשטעהט . . .

---

## 6.

## פון דער אסיפה צוריק אין בית המדרש אריין.

"לאמיר געהן מנחה דאווענען" האט גיזאגט דער שטיף זוהן, עס איז
שוין ממילא ניט פריא, דער עולם האט מסכים גיוועהן אונ אלע מיט איין
מאהל האבין זיך אלאז גיטאהן אין בית המדרש אריין מנחה דאווענען, עס
איז נאך אפילו ווייט צו נאכט, נאר וויא אהין געהט מען? עס איז פשוט
א מורא צו געהן אהיים, יעדע ליטוואטשקע האט שוין זיך מדבר גיוועהן א
גאנצין דרוש פון גאלע קללות צו טראקטירען דער מיט דעם מאן, תיכף וויא
זיא וועט איהם נאר דער זעהן, נא וואס טוהט מען? איז גיבליבען אז דער

מַגִיד זָאל גָאר זָאגְן שִׁיר הַשִּׁירִים בִּיז מַעֲרִיב, אִט וֶועט מֶען זִיךְ אַבִּיסֶעל דֶער קְווִיקֶען.

דֶער מַגִיד אִיז מִיט גְרוֹיס קוֹרַאזְשׁ אַרוֹיף אוֹיף דֶער בִּימָה אוּנ וָואס עֶס אִיז אִיהְם גִיוֶועהְן אוֹיף זַיין הַארְצִין הָאט עֶר אוֹיס גִילָאזְט צוּ דִיא פְּסוּקִים גֶעבַּאךְ, אַי הָאבִּין זֵייא דַאמָאלְס גִיהַאט פוּן אִיהְם! אִיהְם הָאט זִיךְ אַלֶעס גִיוָואלְט פַאר פַּאקֶען דֶעם אַפִּיקוֹרוֹס אִין שִׁיר הַשִּׁירִים, נָא וִויא מֵיינְט אִיהְר, וָואס הָאט עֶר פָארְט נִיט גִיטָאהְן דִיא פְּסוּקִים? גֶעמִיטְשֶׁעט זֵייא, מְסָרֵס גִיוֶועהְן, אִיבֶּער גִיקֶעהְרְט, גֶעזוּכְט בִּלְבּוּלִים בִּיז עֶר הָאט אַ חַאפּ גִיטָאהְן פַּארֶען אוֹיעֶר דֶעם פָּסוּק „אֶשְׁכּוֹל הַכּוֹפֶר דוֹדִי לִי בְּכַרְמֵי עֵין גֶדִי", נָא דָאס וָארְט „כּוֹפֶר" אַלֵיין הָאט אִיהְם שׁוֹין גִיגֶעבִּין שְׁטָאף צוּ סְטְרַאשֶׁען דִיא אִיבֶּערִיגֶע וֶוערְטֶער אַז זֵייא מוּזֶען שׁוֹין גֶעהְן אוֹיף דֶעם אַפִּיקוֹרוֹס, עֶר הָאט אֲפִילוּ גִיהַאט גֶענוּג אַרְבֵּייט בִּיז עֶר הָאט פַאר שְׁווִינְדֶעלְט דֶעם „עֵין גֶדִי" אַז עֶס זָאל גֶעהְן אוֹיף לִיטָא, דֶער כְּלַל עֶר הָאט גִיוִויזֶען קוּנְצֶען אִיבֶּער קוּנְצֶען, עֶר הָאט גִימִישְׁט קַאשֶׁע מִיט בָּאטְשֶׁעוִוינֶע, עֶר הָאט גִיאַרְבֵּייט וִויא אֵיינֶער פַארֶען טוֹיט.

דֶער עוֹלָם הָאט מְשׁוּנֶה הֲנָאָה גִיהַאט, פוּן זַיין דְרוּשׁ הָאבִּין זֵייא טַאקִי אַרוֹיס גִיזֶעהְן וִויא שִׁיר הַשִּׁירִים אִיז קוֹדֶשׁ קָדָשִׁים אַז וֶועדְלִיג דֶעם מַגִיד'ס רֵייד (מִן הַסְתָּם וֵוייסְט עֵר דָאךְ וָואס טוֹיג אִיהְם זָאגְן אַ לִיגֶען?) עֶס גֶעפִינְט זִיךְ אִין שִׁיר הַשִּׁירִים אַלֶע עִנְיָנִים וָואס זִינְד דִיא וֶועלְט אִיז בֶּעשַׁאפִין גִיוָוארִין בִּיז דִיא וֶועלְט וֶועט שְׁטֶעהְן, וָוארוּם מֶע זֶעהְט דָאךְ וִויא רִיכְטִיג עֶס אִיז מְרוּמָז אֲפִילוּ דִיא מַעֲשֶׂה מִיט'ן אַפִּיקוֹרוֹס וָואס דָא אִיז עֶרְשְׁט גִישֶׁעהְן, חָאטְשׁ אִין אֱמֶת וַוייזְט אוֹיס אַז דֶער מַגִיד אִיז אוֹיךְ אַשְׁטִיקֶעל מְגַזֵם, עֶר קָאן אוֹיךְ אָן זָאגֶען אַזֶעלְכֶעס וָואס נִישְׁט גֶעשְׁטוֹיגֶען אוּנ נִיט גֶעפְלוֹיגֶען, וָוארוּם דִיא אֵייגֶענֶע זַאךְ וָואס עֶר הָאט דָא אָן גִיזָאגְט אוֹיף שִׁיר הַשִּׁירִים הָאט עֶר אַמָאהל גִיזָאגְט גָאר אוֹיף שִׁירַת הַאֲזִינוּ, עֶר הָאט דַאמָאלְס אִין דֶער שִׁירָה אוֹיךְ גֶעפַּאקְט פַּארְשִׁידֶענֶע עִנְיָנִים אַז עֶס אִיז אַזְשׁ פוּן הַאלְז גִיקְרָאכֶען, עֶר אִיז אַשְׁטִיקֶעל בּאלֶעמוּט.

וָואס בֶּעדַארְפְט אִיהְר מֶעהְר, עֶר הָאט אַמָאהל גִיזָאגְט „מְגִלַת אֶסְתֵּר" נָא דַאכְט זִיךְ דָאס אִיז דָאךְ גָאר אַ גֶעשִׁיכְטֶע וָואס עֶס הָאט זִיךְ טַאקִי בֶּאֱמֶת גֶעטְרָאפֶען, בֶּעשְׁרִיבֶּען זֵייעֶר פָּשׁוּט אוּנ גְרִינְג וִויא אַ גֶעשִׁיכְטֶע וֶוערְט בֶּעשְׁרִיבֶּין וָואס קָאן מֶען דָא פְּלוֹטֶעוֶוען אוּנ פְּלַאנְטֶען מִיט'ן צוּנְג? נָא נָא, אִיהְר זָאלְט אַבִּיסֶעל גֶעוֶועהְן הֶערִין וִויא עֶר הָאט דָאס אַבִּיסֶעל גִיגֶעבֶּען יֶעדֶערִין פֶּערְזָאהְן וָואס עֶס גֶעפִינְט זִיךְ אִין דֶער מְגִילָה וָואס פַאר אַ בִּלְבּוּלִים עֶר הָאט דָא גִימַאכְט אוֹיף דֶעם שַׁעַשְׁגָז סְרִים הַמֶּלֶךְ, עֶר אִיז אַ בַּעֲלָן גִיוֶועהְן אִין אוֹיסְבְּרָאג אִיהְם פַאר פַּאקֶען — אוֹיף לְהַכְעִיס אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ'ן הָאט עֶר אָן גִירֶעדְט אֶסְתֵּר הַמַלְכָּה אַז זִיא זָאל גָאר זַיין אַ זְקֵנָה פוּן זִיבֶּעצִיג יָאהְר אוּנ

אויב

אויב זיא וויל דאָס ניט, זאָל זיא חאַטש זיין אַ „ירקרקות״ דאָס הייסט אַ גרינגע, אַז וויא וועט זיא געפעלען דעם קעניג : גיין, דאָס איז אַלעס געשמועסט אין פּשטות, לויט פּשט איז געווים געוועהן אחשורוש אַ מבין אויף אַזעלכע זאַכען, אונ ווען אסתּר וואָלט געוועזען זיין אַ גרינגע וואָלט ער זיא אַפילו אופן שוועל ניט אַריין געלאָזט, אָבער על דרך הדרוש ווערט דאָס אַלעס גאָר אַנדערש.

איך זאָג אייך ליבע לעזער : ער האָט דאַמאָלס געאַרבעט אויף אַלע כלים צום סוף האָט ער זיך מישב געוועהן אַז אַ זקנה אונ אַ גרינגע איז אויך צו פיל פאַר אַחשורושין, וויא קומט ער זיין אַ איידעם בייא מרדכי היהודי : ער איז עפּעס זיין גלייכען : הא : אָט דאָ וועט איהר אַביסעל הערין וואָס ער האָט איהם אָפּ געטאָהן פאַר אַ שפּיצעל, ער האָט גאָר פאַר שטעלט אַ שד אין דעם געשטאַלט פון אסתּר אונ דאָס פאַר שטעלעניש האָט מען געבראַכט צום מלך 1) אָבער אסתּר איז זיך געזעסען וויא אַ פּרינצעסען בייא איהר קרוב ר׳ מרדכי אונ האָט געשפּילט פּיאַנע אויף וואָס דיא וועלט שטעהט, נאָ דאַכט זיך גוט אָב געטאָהן מיט אַ שטיינער : מענסטו דאָך שוין זיין אַביסעל רוהיג, גיין דער קאָפּ איז אַזויא פאַר פלוי׳ען זאָל זיך נאָט מרחם זיין, איהר פאַרשטעהט ער האָט נאָך פאָרט מורא געהאַט פּיירייכט וועט דער קעניג דער טאַפּען אַז דאָס איז גאָר אַ שד (ווארום דיא שדים האָבין דאָך הינטערשטע פיסלעך, ער האָט איהם אַפּילו פאַר זאָגט אַז ער זאָל געהן אין זאָקען, אַזויא וויא דער אשמדאי פלעגט נאָרען דיא ווייבער פון שלמה המלך זייא זאָלין ניט דער געהן פון זיינע פיס אַז ער איז גאָר אַ שד, נאָר אַ קשיא אויף אַ מעשה, אפשר וועט דער קעניג הייסען אויס טאָהן דיא זאָקען) וואָלט אין אמת גיקאָנט דער ר׳ מרדכי מיט׳ן מגיד פאַר פאַלען ווערין חלילה אין טורמע, האָט ער זיך גאָר איין אַנדערע עצה גיגעבין, גיין זאָל טאַקי אסתּר זיין אַ יפת תואר אונ דווקא אַ יונגעס מעדכין, נאָר מע ברויכט איהם אָפּ טאָהן גאָר אַנאַנדערע שפּיצעל, וואָס איז : קוקט זייט מוחל אין תוספות (מגילה דף י״ג עמוד ב׳) וועט איהר וויסען וואָס פאַר אַ מין שפּיטצעל דאָס

איז

---

1) דיא מקובלים האָט אַפּילו געהאַרט אַ שטאַרקע קשיא, וויא הייסט : דיא גמרא זאָגט דאָך אַז דריוש איז געוועהן דער זוהן פון אחשורוש אונ פון אסתּר המלכּה : נאָר מיט איין קנייטשעל איז דאָ גאָר גלאַט וויא פּיטער, עס הייסט : דער חלק הרע פון אסתּר (ווארום יעדער מענש האָט אין זיך רע וטוב) איז בבחינת שד, נאָ פאַר שטעהט מען שוין אַז אחשורוש האָט גילעבט נאָר מיט׳ן חלק הרע פון אסתּר׳ן, אָבער ניט מיט׳ן חלק הטוב, אונ פון דעם רע איז געבוירען געוואָרען דער דריוש.

איז . . . מיר דאכט זיך אפילו אז דאס האט ניט געגאלטין, נאר וואס מאכט דאס אויס אויך מיין באאבעס באגה, איך וויל דאך ווייזען וויא ווייט דער דרשן איז א גריבלער אונ א ריזעקאנט צו קריכען אין אזעלכע עסקים, אונ וואס? איך זאל זאגין אז עס איז איהם אזויא גוט אופן הארצען? חלעבען גיין, ער איז אויך אגוטער אביון, ער מעג זיך אויך ריכטען אויף א גוטען ברוך הבא, בשעת ער וועט קומען אהיים פון דער דרשה, זיין גרינגע (אונ דווקא אהן א חוט של חבר) האט שוין אן גיגרייט פאר איהם א בעסערע דרשה, עס וועט זיין וואס צו הערין, נא בעדארף ער פירען אזעלכע ראללעס ביים מלך פרס? צו וואס נוצט דאס איהם זיך צו מישען אין פרעמדע עסקים? אונ פרעגט איהם וואס ער האט דער פון? עס איז כדאי פאר
5 גילדען א וואך קריגען שונאים אין אחשורוש הויף 1) אונ זיך צו צו טשעפען צו דיא פסוקים נעהמען זייא מיט גיוואלד אז זייא זאלען זאגען וויא ער וויל.

איך האב א הנאה אמאהל צו הערין וויא דער מגיד גיט צו פאר שטעהן דעם עולם, אז דער פסוק אליין האט שוין גיזעהן וויא ער האט קיין טעם ניט, אונ האט זיך בייא איהם גיבעטין „געוואלד מגיד! האב אויף מיר רחמנות, נעם זיך צו מיר אונ דרשה מיך ארום" אונ דאס זאגען זייא אלע מאהל „אין המקרא הזה אומר אלא דרשני" עס הייסט: דער פסוק בעט זיך נעבאך „דרשה מיך" וואלט דאך איינער גיקאנט מיינען באמת אז דער פסוק האט גאר קיין פשט ניט, חלעבען! וויא פאר שטעהט איהר, איז דאס ניט א בלבול? א פנים דער פסוק וויל גאר ריידען מיט א דרשן? ער קאן זייא ניט? פון זייא וועט ער עפעס א טובה האבען? ווען אין אמת דער פסוק האלט טאקי אמאהל אביסעל שמאהל איז שוין איהם אסאך גלייכער אונטער געבען זיך צו א שטארקען בעל מדקדק אדער צו אגרויסען פילעלאג, חאטש בייא זייא וועט ער אויך קיין האניק לעקין, מע זעהט דאך וואס דער פסוק „או נשיש" האט נעבאך אויסגעליטען בייא דער חברה ער איז קוים פון זייא פטור גיווארען, אז האט מען איהם געדרעהט דעם אויער, גאט זאל זיך מרחם זיין, וועניג איז אוים געריסען גיווארען דער פסוק „ויגלה אליו אגג מעדנות" ווער עס גידענקט נאר? —

גאר

---

1) וואס איז? עס איז דען ניט א סברא בייא איינעם א שטארקען מקובל, אז דעם סם האט טאקי גוט פאר דראהען וואס מיט זיין צורה האט מען אבמאנעוועט דעם מלך פרס, פאר שטעלען זיך פאר אסתר המלכה אונ דארום איז ער אריין צום המן אונ האט איהם ארויף געבראכט אויף דער גאנצער געשיכטע, נא וואס זאגט איהר? האט מען דאס בעדארפט גייטעג?

נאר הערט איהר, פארט אביסעל איידעלער בעהאנדעלט געווארען איידער זייא וואלטען אריין געפאלין אין די הענד פון דיא בעל דרשה'ערס, דער מדקדק אז ער זעהט אז עס איז גאר שלעכט, איז ער זיך מתיר צו מאכען א קליינע אפעראציע, איבער בייטען איין אות אויף אנאנדערין, א מאהל ארויס ווארפען איין אות פון דעם ווארט, אמת דער פון איז דער פסוק אויך ניט שטארק צו פרידען, אבער דער בעל דרשה'ער, ער איז גאר א ווילדע חיה אהן דרך ארץ אהן בושה, פאר קלויבט ער זיך אין דיא פסוקים מיט ווייב אונ קינדער אונ מאכען דארטען אן אזא שמוץ, אזויא א טומלעניש, אז דער פשטן קאן שוין דער נאך דארטען ניט אריין שמעקין, ער טרעפט שוין גאר דיא טיהר ניט, עס איז אזויא פאר ווארפען מיט שטיקלעך דרוש, שמאטעס פון רמ"ז פון סוד, אניטשעס פון נוטריקון אונ גימטריאות, אז מען קאן זיך שוין ניט ארוס רייניקען.

איהר ווייסט אז צו ליב דיא בעל דרשה'ערס האט מען שוין כמעט גאר פאר געסען דעם פראסטען פשט פון פסוק, א הר פארגעסט אז דאס קליינע יונגעל, זייט ער הויבט אן לערנין חומש מאכט מען איהם שוין פאר א מגיד, ער הערט שוין ניט קיין קלאהרען פשט פון א פסוק, איך האב אליין געהערט פון א יודען א גמרא למדן, אז ער האט זיך שטארק געשפארט אז דיא מעשה מיט אברהם אבינו וואס מען האט איהם אריין געווארפען אין קאלעך אויווען שטעהט בפירוש אין חומש, געוואלד גזלן! עס שטעהט דאך ניט אפילו א ווארט דער פון? אויף דערויף האט ער אנגעגריא געטאהן מיט כעס, עס שטעהט דאך „אשר הוצאתיך מאור כשדים"? נא מילא וואס איז דער פון פאר א ראיה? „אור כשדים" איז דאך א שטאדט? „אזויא גאר א נייעס" האט ער זיך ווידער א חאפ געטאהן, זעהטזשע וואס מאכט רש"י דערויף? נא מאכט דאס מעהר ניט וויא רש"י, אבער אין חומש שטעהט דאך דאס פארט ניט, נא איז דאך דער ווייל אין אמת „אור כשדים" פארט טאקי מעהר ניט וויא א שטעדטעל, היינט פאר שטעהט איהר שוין בריד'ער, אז אלע יודען זענין קעלביגע בעל דרשה'ערס זייא קאנען שוין גאר קיין פשטות ניט הערין.

אדרבה! זייט א בריה אונ זאגט א יודען אז משה רבינו איז ניט געוועהן אויפ'ן הימעל, נא נא דא וועט ער אייך אן חרגקען אין דיא אויגען, וואס הייסט? איהר ווילט אפ לייקענען, וואס עס שטעהט בפירוש אין חומש? אי דאס שטעהט דאך גאר נאר אין מחזור פון שמחת תורה „משה עלה למרום" אונ אויך שטעהט דאך מעהר ניט וויא דאס ווארט „מרום" עס הייסט אין דער הויך, אבער ניט אופין הימעל, אונ אין חומש שטעהט דאך דאס ווארט „מרום" אויך ניט, עס שטעהט מעהר ניט נאר אז משה רבינו איז ארויף אופין בארג, אונ אין אמת, איז דיא ווערטער „משה עלה למרום" דאך

מעהר

מעהר ניט וויא א פיוט, עס הייסט גלאט בדרך מליצה, והא ראיה, דער תנא ר' יוסי אין מסכתא סוכה, זאגט בפירוש „מעולם לא עלה משה ואליהו למרום" עס הייסט: מיינט ניט אז משה אונ אליהו זענען טאקי ארויף אין דער הויך, אין דער ליפטען, גיין דיא כונה איז נאר, זייא זענען ארויף העכער וויא אלע מענשין אין דער מדרגה פון שכל, פון חכמה, פון תורה, זעהט דיא חכמה פון דעם גרויסען תנא ר' יוסי, אז חאטש בייא אליהו שטעהט טאקי בפירוש „ויעל אליהו בסערה השמים (מלכים ב' ב' י"א), פון דעסט וועגען זאגט ער פארט אז דאס איז ניט דער פשט אופין הימעל, אונ א כל שכן משה, וואס בייא איהם שטעהט גאר ניט דער מאנט דאס ווארט השמים, נאר וואס מאכט דאס אלעס אז מע לערענט אן א סדר, אן פארשטאנד, דער מלמד אליין איז אויך א גרויסער פראסטאק, ער ווייסט אויך ניט דעם אינטערשייד פון פשט צו דרש, ער איז אליין משוגע, אונ מאכט דיא קינדער אויך פאר משוגעים.

מע פאר קרימט נעבאך דיא קינדער דעם שכל הישר, דאס קינד לערענט אפ גאנץ תורה, נא טוהט איהם א פרעג צו ווייסט ער כסדר דיא געשיכטע, פון אברהם אבינו ביז ער איז אריין קיין ארץ ישראל? גיין ער הויבט גאר ניט אן צו וויסען, ער ווייסט יא עפעס, וואס? ער ווייסט אז בשעת מע זינגט דעם „ואני" (פרשה ויחי פ"ז) איז עפעס דא א מעשה, אז מען האט געטריבען דיא יודען פון ארץ ישראל אין גלות (איהר הערט וויא ער האלט שוין) זענען זייא געגאנגען אויף רחל'ס קבר. ער ווייסט וויא מען האט דעם ארון פון יוסף ארויס געקריגען מיט א קונסט פון דעם טייך נילוס, מיט א בלעך וואס עס איז געוועהן אויף געשריבען אויף איהם „עלה שור". ער ווייסט נאך ווינדערלעכע זאכען, למשל: אז עוג מלך הבשן איז געוועהן הויך פון דער ערד ביז אין הימעל, אונ ווייטער פרעגט איהם בחרם ווייסט ער ניט פון זיין לעבען צו זאגען.

נא פארשטעהט זיך שוין זייער גיט, אז אזויגע קינדער ווערין גרעסער האבין זייא שטארק הנאה פון אזא פלוידערזאק וויא אינזער שיר השירים זאגער, ער מעג שוין אפילו קריכען אויף דיא גלייכע ווענט, אבי א שפיטצעל, אבי א קרימקייט, א שפאס אז עס איז דא זיבעציג פנימער בייא דער תורה, נא איז זיין שפיטצעל אפשר אויך פון דיא פנימער, פאר וואס ניט? דער מגיד איז אפשר א קליינער זנאבער? א קליינער שנאהערער? דער כלל איז, דער עולם איז געוועהן צו פרידען פון דעם דרוש אופין העכסטען גראד.

עס איז שוין נאכט, עס איז שוין צייט דאווענען מעריב, אונ פארט געהן אהיים, באמת איז געהן אין קבר א סאך גלייכער, נאר וואס טוהט מען? פון עסען שמועסט מען שוין ניט, אבער שלאפען? איז אין דער היים אויך

נישטא

נישטא אויף וואס דעם קאפ צו לייגען, דאס בעט איז שוין אויך נישטא אין
שטוב, דער צו איז נאך אין מיט'ן קאליבען, קלעהר אהין קלעהר אהער,
מע מוז דאך געהן געוואָרעווערין אהיים.

דער עולם האט געבאך אפּ געזאגט וידוי הגדול, און זיך אנגעהויבען
ריקען אהיים, מע געהט נעבאך זעהר צו בראכין, שרעקליך הינגערעק, צו
שראקען פאר דיא שווארצע פּיקקעס, וואס זיינען שוין גרייט נאר אויס צו
שיסען, אויף דער גאס גיסט א רעגען, א בלאטע איבערין האלז, ארום דיא
שטיבער איז גאנצע לוזשעס, פון דיא רעגענס פערמישט מיט דיא אויס
געגאסענע פאמיגיצעס מיט קאליך, נא וואס קאן עס אבער העלפען? אריין
אין שטוב מיט דעם רעכטען פיס, העלעבען גאר מחיה, פינסטער און
גליטשעק, דער ווינד יאגט און טרייבט פון דיא האלבע אויפענע פענסטער,
אלע כלים פיל מיט קאליך, חושך און אנגעגאסען, עס איז נישטא אפילו וויא
אנצעשפארען זיך.

„שוין געקומען ב"ה פאר א גאנצען טאג" האט זיך אנגערופען דיא
זאגערקע, ער האט טאקי קיין צייט געהאט, מע ווייסט ניט זיינע געשעפטען,
אזעלכע עסקים זאל האבין דער וואס לייקענט אין דעם וואס איך בין ניט
ווערט צו דער מאנען, „ווער האט נאך איהם געשיקט?" ניחייא וואלט ער
שוין געוועהן ניט דער לעבען קומען, אזא גזלן, אזא רוצח, ער האט דאך
אין זיך קיין יודעש גליד ניט, געוואלד! פאר פסח איינ'ג אליין, וויא א עטיין,
מע האָרעוועט מע בייסט קריעה, קראנק איז ער געוועהן אויך זיין אין שטוב,
עפּעס העלפען טאהן, צו נעמען א קינד, אזא פנים זאלסטו שוין האבין וויא
איציקיל, כפרה זאלסטו ווערען פאר זיין מינדעסטען נאגעל, ער האט זיך
שוין נעבאך גיט פאר קיהלט, ער איז טוידט קראנק א גוטען כוח זאל ער
האבין פּינ'ם היינטעגען קאליבען, — גאט זאל מיך ניט שטראפען פאר דיא
רייד, הערט איהר ווייבערלעך? איך וואלט שוין דעם רבונו של עולם מוחל
געוועהן דעם עולם הבא, פון דעם פסח, אבי דיא צרות ניט זעהן, מע
בעדארף דאך ניט פריהמער וויא איינער מיטער שרה איז געוועהן, זיא איז
דאך דיא ערשטע פון דיא אמהות, פון דעסט וועגין, אז ישמעאל האט זיך
גערייצט מיט איהר בן יחיד, האט זיא זיך איינגעשפארט בייא איהר מאן
אברהם, אז ער האט געמיסט ארויס טרייבין דעם זוהן ישמעאל מיט זיין
מוטער הגר, קיין מלאכים איז גאר נישטא אויף דער וועלט, אפילו דיא מלאכים
גופא, אז זייא זענען אראפּ אויף דער ערד, דער צעהלט מען אויך פון זייא
זייער שיינע זאכען, אז זייא האבין טאקי אויך געזינדיגט, א פשיטא שוין מיר
זינדיגע מענשין.

„אפשר איז א שטיקעל כברא, אז מע זאל אנצינדען א שטיקעל ליכט,
מע קאן דאך דא נהרג ווערען" האט א זאג געטאהן דער בעל הבית

„אנצינדען זאל דיר א העלעשער פייער נאר א חוץ יודעשין שאדען" האט איהם תיכף גיענטפערט דאס ווייב, איך האב געהאט פאר וואס צו קויפען א ליבט! וויא געהסטו ארום! אין דער ערד זאלסטו שוין געהן אין גיכע צייטען, דאס איז אביסעל א העזה? א גרויסער גראף, עס געשוועלט איהם ניט, עס איז איהם פינסטער! טוה זיך א מעשה צן, א בעל הבית ביסטו? א הינד ביסטו, וואס לויפט אים אויף פיהר פיס, נאר טאקי אזא הינד וויא דיא, ווארפט א אוועק א שטוב פאר פסח אויף א גאנצע טאג, פרעגט איהם וואס אונ ווען, זאל ער אזויא וויסען וויא זיינע ביינער וועלין אהין קומען, וויא ער וייסט אויף וואס פאר א וועלט ער איז, אזא עולם הבא זאלסטו האבין, וואס פאר איין עולם הזה איך האב זינד איך האב דיר דער קענט, דיא האסט מיר שוין געמאכט ב"ה ניט צו גאט אונ ניט צו לייטען, ווער עס דער זעהט מיך, פרעגט מיר אלעם „ברייגדעלע" וואס זענט איהר עפעס אזויא חושך אופין פנים, חוץ אייער שאדען אויף אלע יודען געזאגט געווארין, חלעבין אהן עין הרע וועד עס ווינשט איך ניט זאל אליין ניט האבין, א באלעבאסטע פון א שטוב, אין אייגענע בהמה, אייער מאן אויך א שטיקעל מפרנס, קינדערליך ער לעבט, קיין בייז אויג זאל זייא ניט שאדען, נא וואסזשע פעהלט אייך! איהר זענט אפשר גלאט ניט געזינד!" פארשטעהט איהר שוין וויא דער עולם לעבט דאס אביסעל אין טעות, מע האט מיך טאקי וואס מקנא צו זיין, דער פעהלט דעם אנדערין דיא צרות וואס מען טראגט אופין הארצין, דיא שטוב איז זייא גרויס אין דיא אויגען, איך בין דאס כלומערשט דיא פינצטערע באלעבאסטע, וואס איז? זיין א פאריבאק בייא זלע שכנים, לסוף דער גאנצער הקדש 1) דער גאנצער עפוש איז אלעם אין שטוב, אט האט מען
שוין

---

1) אונטערין ווארט „הקדש" ווערט געמיינט אין דער ליטא אונ אין אלין אין דיא קליינע שטעדטליך, אזא שטוב וואס איז פיל עפוש אונ שמוץ, נגשאפט, קאלט, רויך, סיראסט, אלע פענסטער צו בראכין, אלע ווענט רוס געריסען, חושך אונ פינסטער, שווארץ וויא דיא סאזשע אין קוימען, איך ווייס אז אלע פילאלאגען וועלען זיך שטעהלען דובאם, פאר וואס רופט מען דאס „הקדש"? וואס הייסט היילינקייט? נאר עס איז רעכט, דיא וועלט איז אויך ניט משוגע, אין דיא פאריגע צייטען אונ נאך עד היום אין פיל ערטער זענען דיא קראנקען הייזער וואס יודען האבין דאס גירופען „הקדשים" דיי צו פאר היילינען זייא, איז גיוועהן דיא ערגסטע הייזער פון דער גאנצער שטאדט, זענען גיוועזין משונה פארלאזט אונ זעהר שמוציג, דיא שטאדט בעלי בתים האבין ניט אכטונג גיגעבען ניט אויף דער לופט פון דעם הקדש דאס עס איז גיוועזען א סם המות פאר דיא קראנקע, ניט אויף דיא איבעריגע
פארלאסטען

שוין אלע חדרים אויס געקאלעכט, אונ דיא שטוב האבין זייא געלאזט אויף פארגין, וואלטען זייא ניט געוועהן אזוינע שלימעזאלניצעס, איך זאג זייא אין דיא אויגען, זייא מעגין אויף מיר פאראיבעל האבין, וואלטען זייא נאך היינט קאנט אבוואשין דעם פאל, וואלט מען דאך שוין געהאט איין ארט וויא זיך אפצו ריהען.

„הערט איהר וואס איך וועל אייך זאגין", האט זיך א חאפ געטאהן א שכנה, א גאנץ הויכע אונ א בארע, מיט אביסעל א פארקרימט מויל, איין פארקאלעכט טיבעל אופין קאפ, אונ א קינד מיט א גרויס בייבעלע אויף דיא הענד, (חלעבין נישט קשה אשיינע מלכה צום סדר הא ?) „הערט איהר" איהר וואלט נאר צו מיין לעבין גיקומען וואלט איהר שוין ניט גערופען דעם אנדערין שטינקערען, שטינקען זאל אייך פון דעם האלז, אז איר האט קיין גוטץ געהערט, זיא מיינט אין אמת, אז זיא וועט מיך פאר מסרין בייא מיין מאן זעהט איהר, איהם הער איך דאך גאר פינקט וויא דעם וואס לויפט ארום אויף פיהר

---

פארלאסטען וואס דער הקדש מאן מיט דעם הקדש רופא פלעגען דארטע אפ טוהן, אונ נאך יעצט אין כמה קהלות פון דער ליטא אונ וואלין געפינט זיך מענשין וואס זענין שטארק בייז אויף דיא פארמעגע באלניצעס, זייא האלטע דאס פאר א פארברעך, וויא מאכט מען דאס חוזק פון דיא אלטע הקדשי וואס דאס איז גיוועהן א מנהג קדמון.

דיא היינטיגע הקדשים האבין דאך באמת גאר קיין פנים ניט, גיוואלד וויא איז דיא בלאטע ? פאר וואס שטינקט גאר ניט ? צו וואס בעדארף מע אזעלכע הויכע פענסטער ? צו וואס האט מען נאך בעדארפט זייא אנ פארבען ? וויא איז דער הקדש מאן דער גנב ? חלעבען וויא דיא מעשה איז איז ער פארט גיוועהן א יוד מיט'ן פילען מויל, א פראסטער יוד א פאר צייטיגער ניט וויא היינטיגע פראנטען, קוקען נאר אויף טשיסטאטא, אט א עס איז בעשערט גיוועהן צו לעבען איז מען אין דעם הקדש אויך געזונד גיווארען, איך לאך פון דיא אלע שארלאטאנסקי פאבראדקעס, דאס פאסט גאר ניט פאר א יודען...

בקיצור יעצט קאן מען שוין פארשטעהן וויא אזוי דאס ווארט „הקדש" איז גיווארען א טיטול אויף א שטוב א חורבה, א עפוש, א ענגשאפט, אונ חאטש יעצט איז שוין ב"ה אין פיל ערטער גרויס ארטיגע באלניצעס, איז נאך בייא דעם עולם דאס ווארט „הקדש" א שימפפווארט, דאס וועט בלייבע למזכרת עולם אז עס זאל ניט פאר געסין ווערען דער אלטער פאראדאק פון יענע הקדשים, אונ מע זאל שטענדיג מאכען דיא ברכה „ברוך משנה העתים !"

יהֶר פִּים, וָואלְט אִיךְ שׁוֹין בֶּעדַארְפְט אַזוֹיא מוֹרָא הָאבִּין פַאר מַיינֶע זִינְד, ויא אִיךְ בַּארְף מוֹרָא הָאבִּין פַאר מַיין מַאן, נָאר גְלאט עֶס פַארְדְרִיסְט, וָואס מִישְׁט דִיא דָא אַרַיין דֶעם אַנְדֶערְן? זִיא מֵיינְט טַאקִי אִין אֱמֶת, אַז זִיא אִיז יא דִיא גְרוֹיסֶע פְּרִיצֶע, אוּנ מִיר זֶענֶען אִיהְרֶע פָּארַאנְעס? מַיין מַאמֶע הָאט עהַאט אַ סַאךְ שֶׁענֶערֶע הַייזֶער פַאר דִיר, דֶער מַאמֶ'ס אָבְּטְרֶעט אִיךְ בֶּעט יבֶּער אַייֶער כָּבוֹד, אִיז גֶעוֶועהְן אַ סַאךְ שֶׁענֶער וִויא אַייֶער גְרִיב, פוּן דֶעסְט וֶועגִין פְלֶעגְט זִיא גָאר נִיט מַאכֶען אַזַא בְּרֵייטֶען אוֹיפְצִיג, א.נ בִּפְרַט גָאט זָאל מִיךְ נִיט שְׁטְרָאפֶען פַאר דִיא רֵייד, אַזַא חוּרְבָּה וִויא דָאס אִיז! אִיךְ הָאב זִיךְ אר אַ גַאנְצֶע טָאג אוֹיפְגֶעהַאלְטִין, בַּק זִיא שְׁטֶעבְט זִיךְ, נָאר זִיא בְּרֶעכְט זִיךְ, עס גֶעשְׁוֶועהְלְט אִיהְר נִיט, פְרֶעג וָואס? זִיא אִיז אִין כַּעַס אוֹיף גָאט וָואס עֶר האט גֶעמַאכְט פֶּסַח בַּייא יוּדֶען.

„נָא כַּפָּרָה, הֶערְט שׁוֹין אוֹיף הָאבִּין צוּ טאהְן אֵיינֶער מִיט דֶעם אַנְדֶערִין, ינְד בֶּעסֶער אָן פַארְט אַ שְׁטִיקֶעל לִיכְט, וֶוער עֶס הָאט" הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען יינֶער אַ שָׁכֵן גָאר מִן הַצַד, „דִיא הָאסְט אַ גְרָאשֶׁען, גֶעה אוּנ קוֹיף" גֶעהְן אַלְסְטוּ שׁוֹין אָהְן אַ קָאפּ, הָאט אִיהְם תֵּיכֶף וּמִיַד גֶעגֶעבִּין אַ תְּשׁוּבָה זַיין וַוייבּ אוֹיךְ אַ מֵינֶקֶת, אוּנ דְוָוקָא נִיט קֵיין יְפַת תּוֹאַר, נָאר גְלַאט אָהְן חֵן, וָואס ארְפְסְטוּ דִיא לִיכְט? וָואס הָאסְטוּ דָא נִיט דֶער זֶעהְן? פְּרֶעסֶען וֵוייסְטוּ דָאךְ ו עֶס אִיז נִישְׁטָא וָואס, אָט אִין וִוינְקֶעלֶע לִיגְט דִיא פֶּערֶענֶע, לֵייג זִיךְ אוּנ טֶעה טַאקִי נִיט אוֹיף, פוּן מַיינֶעט וֶועגֶען.

בְּקִיצוּר, יֶעדֶער הָאט גֶעהַאט זַיין פְּסַק, דִיא שֵׂרוֹת נֶעבַּאךְ, אִיז עשְׁטַאנֶען דִיא גַאנְצֶע צַייט גָאר אַ פַאר שְׁמַאכְטֶע, קְלָלוֹת אִיז ב"ה דָא, נִישְׁט ו פַאר זִינְדֶעגִין, עֶס אִיז אָבֶּער נִישְׁטָא וֶועמֶען צוּ שֶׁעלְטֶען, דֶער מַאן דֶער כְטֶער, אִיז קְלִיגֶער עֶר קוּמְט גָאר נִיט אַהֵיים שְׁלָאפִין, עֶר שְׁמֶעקְט גָאר יט, עֶר וַוייכְט דִיא שֵׂרוֹת וִויא אֵיין עִפּוּשׁ, נָא הָאט זִיא גְרַאדֶע דֶער זֶעהְן ו דֶער הָאהְן הָאט אִיר אָנְגֶעפַייפְט אִין דֶעם יוֹיךְ טֶעפֶּעל, דָא הָאט זִיא אִיהְם ענוּמֶען זִידְלֶען שֶׁעלְטֶען, זִיא הָאט מִיט אִיהְם גֶעשְׁמוּעֶסט אַקוּרַאט וִויא מִיט עם מַאן, זִיא הָאט זִיךְ אַזוֹיא פַאנַאנְדֶער גִיקָאכְט, אַז זִיא הָאט זִיךְ גָאר פַאר עסֶען אַז זִיא רֶעדְט דָאס מִיט אַ הָאהְן מִיט אַ שְׁטוּמֶער צִינְג, זִיא הָאט אִיהְם לֶעס אוֹיס גֶעוָוארְפֶען וָואס זִיא הָאט גִיוָואלְט זָאגִין דֶעם מַאן דֶעם וֶועכְטֶער, ער כְּלַל אִיז, זִיא הָאט נֶעבַּאךְ דֶער מִיט אוֹיךְ וִויא עֶס אִיז יוֹצֵא גֶעוֶועהְן בִּי נִיט לֵייגֶען זִיךְ חַס וְשָׁלוֹם נִיכְטֶער.

דֶער נָאךְ, אַז דֶער רַעשׁ אִיז אַבִּיסִיל גִישְׁטִילְט גֶעוָוארֶען, הָאט זִיךְ ער גַאנְצֶער עוֹלָם, אִין דֶער פִינְצְטֶער נִיט אוֹיס גֶעטָאהְן דִיא בְּלָאהְטִיגֶע ייְדֶער, גֶעלֵייגְט שְׁלָאפֶען, אוֹיף דֶער עֶרְד, אִין קֶעלְט אוּנ נַאסֶקֵייט, אַרוּם וּנ אַרִים זֶענֶען דִיא עוֹפוֹת, אוּנ מַאכֶען נְקִיוֹת, מִיט אֵיין וָוארְט, עֶס אִיז אַ יַחַ נִיחוֹחַ, מֶען הָאט קָאם דֶער לֶעבְט טָאג, דִיא מַאנְסְבִּילֶען נֶעבַּאךְ הָאבִּין

זיך

זיך מיט גְרוֹיס אַנְגְסְט אַרוֹיס גֶעחַאפְּט אַזוֹיא וִויא פוּן אַ תְּפִיסָה, גְלַייךְ
בֵּית הַמִדְרָשׁ אַרַיין דַאוֶוענֶען.

נָאךְ עֶס אִיז שׁוֹין ב"ה דִינְסְטָאג אַ גִיטֶער טָאג, אַלֶע הָאבִּין כְּסְדר
גֶעוֶוען אַז מֶען זָאל גֶעהְן תִּיכֶּף בֶּעשְׁטֶעהְלֶען וַויין אוֹיף פֶּסַח, אַ גַאנְצֶען
אִיז יֶעדֶער אַרוֹם גֶעלָאפִין פוּן אֵיין מִיהְלְנֶער צוּם אַנְדֶערִין, גִיטְרָאגֶען פְרָאגֶע
צוּם רָב. קָאם פַאר נַאכְט הָאט יֶעדֶערֶער גֶענֶעדִיקְט מִיט אַ מִיהְלְנֶער אוֹיף וַוי
גִינוּמֶען אַ פְּרָאבֶּע אִין דֶער קֶעשֶׁענֶע, אוּנ גִיט פַאר שְׁלוּמְפֶּערְט בִּיז
נַארְטֶעל, פַאר נֶעצְט פוּן רֶעגֶען, פוּהלֶע שׁוּךְ מִיט בְּלָאטֶע, טוֹיט וִויא אַ
טוֹיטֶע פוּן הִינְגֶער, יֶעדֶער הָאט זִיךְ קָאם פַארְשְׁלֶעפְּט אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ,
גֶעדַאוֶוענְט מִנְחָה, גֶעהֶערְט אַבִּיסֶעל זָאגִין שִׁיר הַשִּׁירִים, גֶעדַאוֶוענְט מַעֲרִיב
אוּנ וַוייטֶער צוּ הוֹיז, נָאר שׁוֹין מִיט אַ פְרֵיילִיכֶע מִינֶע אִיז ב"ה יֶעדֶער
גִיקוּמֶען אַהֵיים.

גוּט נָאוִוינְד! אָט בָּרוּךְ הַשֵּׁם פָארְט גִיעֶנְקְט מִכֹּחַ דֶעם וַויין, דִיא זֶעהְט
דִיא פְּרָאבֶּע? דִיא בִּיזְט דָאךְ מֶעהְר מֵבִין אוֹיף דֶעם? „אַ דַאֲגָה, אַבִּי כָּשֵׁר
נָאר גֶעזִינְדֶערְהֵייט זָאל מֶען עֶסֶען אָן צַעַר, פֶּסַח קוּקְט מֶען נִיט אוֹיף שֵׁיינְ
„וֶוען וֶועט מֶען דָאס מָאהְלֶען לְמַזָל?" אִיךְ וֵויים? עֶר זָאגְט מָארְגֶען, „זָאל
אַזוֹיא גֶעזִינְד זַיין, דֶעם עֶרְשְׁטֶען לִיגְען זָאגְט עֶר?" „נָאר אַ כַּפָּרָה אַ
בְּעשְׁטֶעלְט", הָאט זִיא גִיעֶנְטְפֶערְט אוֹיךְ מִיט אַ שְׁמֵייכֶעלְדִיגֶער מִינֶע.

אִין שְׁטוּב אִיז שׁוֹין אוֹיס גִיקַאלִיכְט, אוֹיס גֶעוַואשֶׁען דֶער פָּאל, אוּ
גֶעשְׁפְּרֵייט מִיט הֵייא, וָואס מֶעהָאט אַרוֹיס גֶענִימֶען פוּן דִיא בֶּעטֶען,
יֶעדֶער חֶדֶר לִיגְט שׁוֹין דָאס בִּיסֶעל חָמֵץ אִין אַ רֶעשֶׁעטֶע, אִין אַ וִוינְקֶע
אַבִּיסֶעל אוֹיס גֶעהֵייצְט דֶעם אוֹיוֶוען, שׁוֹין פַארְטִיג דִיא וֶועטְשֶׁערֶע, דָ
הֵייסְט, וַואסֶער מִיט רֶעטְשֶׁענֶע גְרוֹיפֶּען. — דֶער עוֹלָם הָאט זִיךְ צוּ זֶעצְט אוּ
דֶער עֶרְד לֶעבֶּען דִיא רֶעשֶׁעטֶעס, אוּנ גִיגֶעסֶען גֶעשְׁמַאק דֶעם קְרוּפְּנִיק מִ
בְּרוֹיט, וִויא נָאךְ אַ קְרֶענְק, זֵייעֶהְר רוּהִיג, עֶס אִיז שָׁלוֹם וְשַׁלְוָה, אַבִּיסֶ
גֶעשְׁמִיֶעסְט מִכֹּחַ דֶעם בַּאקֶען מַצָה, אוּנ וִויא פִיל וֶועט דָאס דַארְפֶען קָאסְטֶע
וִויא פִיל גֶעלְד מֶע דְרוֹיכְט נָאךְ הָאבִּין אַרַיין צוּ בְּרֶענְגֶען דֶעם גַאנְצִין פֶּ
אִין אָרְדֶענוּנְג, בָּרוּךְ מְשַׁנֶּה עִתִּים! אַ נַאכְט צוּ אַ נַאכְט אִיז נִיט גְלַייךְ.

אָבֶּער הָאט גִיט קֵיין טָעוּת, אִיהְר קָאנְט אֶפְשַׁר טְרַאכְטֶען אַז עֶס וֶו
שׁוֹין אַזוֹי שְׁטִיהְל אוּנ רוּהִיג זַיין בִּיז יוֹם טוֹב, נֵיין, עֶס וֶועט זִיךְ נָאךְ טָא
אוֹיף טִישׁ אוּנ אוֹיף בֶּענְק, נָאר וִויא זָאגְט מֶען עֶפֶּעס אַ חַיֵי שָׁעָה אִיז אוֹ
גוּט, לְעֵת עַתָּה אִין שְׁטוּב אִיז רֵיין אוּנ צִיכְטִיג, אוֹיס גֶעבֶּעט דָאס בֶּעט
גֶעוַואנְד אוֹיף דֶער הֵייא, אוּנ דֶער עוֹלָם שְׁלָאפְט וִויא דִיא פִירְשְׁטֶען. —

עֶס אִיז וַוייטֶער טָאג, דִיא מַאנְסְבִּילֶען דַאוֶוענֶען, אוּנ דִיא וַוייבֶּער הָאבִּ
זִיךְ גֶענוּמֶען קָאכֶען אַ קְרוּפְּנִיק מַאכִי מִיט רַארְטָאפֶעל, חָלֶעבֶּען עֶס אִיז פָאר
גוּט אוֹפִין הַארְצֶען, עֶס אִיז שׁוֹין פָארְט אוֹיף אַ אַשְׁטֵייגֶער, „יֶעצְט קָאן מֶ

שׁוֹין

שוין האָפֿען אַז עס וועט שוין פּאָרט אֶפְשַׁר זיין פּסח״, האָט געזאָגט די גלאַטשעֶרקע, אָט וואָלט נאָך גאָט געהאָלפֿין אַז מע זאָל שוין בעקומען דאָס מעהל בּכַּשְׁרוּת אין שטוב, שטענדיג האָב איך מורא פאַר דער מיהעל, עס טרעפט זיך אַל תִּפְתַּח פֶּה לְשָׂטָן אָפּט אונ אָפּט סִבּוֹת, נאר מִן הַכְּתָם וועט נאָט העלפען, הערט איהר, איך האָב אַזויא הֲנָאָה, איך קוועהל גאר זאג איך אייך פון מיין זעקיל, טאקי גאָט האָט מיר צו געשיקט, איהר וועט לאַכען, איך האָב פיינד אַ גראָבען זעקיל. —

אין די רייד זענען אָנגיקומען אַלע מאַנסבּילען פינ׳ם דאַווענען, אונ מע האָט זיך גינומען מיט חֵשֶׁק עסען דעם קרופּניק, עס איז פון זייא שווער די נְשָׁמָה אַרויס פון שִׂמְחָה, אַז זייא האָבין אַ מיש געטאָהן מיט דעם לעפעל אונ האָבּ׳ן פְּלוּצְלוּנג דער זעהן אַ האַ׳עס יאַוועט זיך אַ קארטאָפעל, זייא האָבין זיך אין אֱמֶת דערוויף גאר ניט געריכט, פיל פון די שְׁכֵנִים, וואָס זייא זענען גיוועהן שטיקלעך פּלוטעס, האָבין זיך ניט גיקאנט אויפהאַלטען פון שִׂמְחָה, האָבין אויס געשריגען „קארטאָפעל! קארטאָפעל!״ מיט דעם אייגענעם קוראַאש וויא קאָלאָמבּוס מיט זיין חֶבְרָה האָבין אויס גישריגען „ערד! ערד!״ בְּשַׁעַת זייא האָבין דער זעהן די יַבָּשָׁה דעם ערשטען מאָהל אויף זייער רייזע. באַלד נאָך דעם עסען איז דער עוֹלָם געגאַנגען מיט גרויס שְׂמָאלֶ׳ן אין מיהעל אַריין. —

---

# 7.

## איין געשפּרעך אין דער מיהעל.

ביא יעצטיגע צייטען עַל פִּי רוֹב איז מען שוין ב״ה פָּטוּר גיוואָרין פון דעם גָּלוּת, פון די פערד מיהלען, מע געהט פָּשׁוּט אַריין אין אַ סקלאַד פון מעהל, אונ מע הייסט זיך אָפּ וועגען לְמָשָׁל 2 פּוּד קֶמַח שֶׁל פֶּסַח, דאָס מעהל איז קלאָהר, פיין, ציכטיג אונ ליכטיג, אונ אין צווייא שָׁעָה ווערט שוין דער פון מַצָּה, אונ די קְצָעגֶע נעמט איין ענדע, אָבּער ניט אַזויא אופּן האָט זיך געפיהרט אין די פערד מיהלען, דאָרטען איז בלאָטע איבּער די אויערען, קאַלט אונ חוֹשֶׁךְ, אַז עס קלאַפּט אונ טרעסילט זיך איין צאָהן אָן אַ צאָהן, די מיהעל איז פיל מיט מענשין, יעדער וואָלט שוין געוועהן פָּטוּר גיוואָרען, מע זאָל שוין אָפּ מאָהלען זיינע ווייץ, פון יעדער גְבִיר זיצען מְקַבְּלִים אונ היטען אַז עס זאָל זיין בְּכַשְׁרוּת, ביטעלע בַּעֲלֵי בָּתִּים זיצען נעבּאך אַליין מיט די ווייבּער, קוֹלוֹת קְלָלוֹת אונ זידעלעריייא פליהעט פון אַלע זייטען, דער וואָס

איז מעהר חשוב, אדער מעהר עזות פנים, יענע׳ם ווייץ מאהלט מען פריהער, יעדע פרויא פאר שעלט דעם מאן דיא ביינער, פאר וואס מאכט מען פון איהם חוזק, מע קריק זיך מיט׳ן מיהלנער, איינער דעם אנדערען מאכט צו קויט אונ צו בלאטע, „וויא געפעלט איך דער עזות פנים ? איהם דארף מען אויך נאך אנקעגען טראגען דעם ווייץ ?״ זייער א גוטער צאהלער ? אזא יאהר זאל ער האבין, מיר דאכט אז עס מוז מיר נאך קומען א רעשט פון פאר א יארען, „אויב דיא ווילסט קאנסטו זיך נעמען דיין זעקיל אונ געהן אין איין אנדערע מיהעל, איך באדארף ניט אזעלכע קונים״, האט אויסגעשריגען דער מיהלנער מיט גרויס שטאלץ, „א שד, א רוח, אין דיינע ביינער אריין דיא שכור״ האט זיך א חאפ געטאהן דאס ווייב, פון דעם געזידעלטען, „איך וועל דיר באלד דיין טרפה פיסק פאר שטאפען״ וויא געפעלט אייך אזא יונגאטש, אזא עם הארץ, אזא מיהלנער יונג, ער זאל האבין א העזה מבזה זיין מיין מאן בפני כל עם ועדה, געלד בין איך איהם שולדיג ? אט אזוי ווערט מען דאס פארשווארצט אז מע האט א מאן א באנק קוועטשער, (דאס זאגט זיא מיט גאוה) א שלימעזאלניק, אט זיצט ער אין צרות אונ שטומט, מיין כח זאל ער האבין דער יונגאטש דער גראבער יונג, וואלט ער שוין מיר ניט געהאלטען א גאנצען טאג, עס האט מיר שוין אוים געקוועטשט דיא נשמה דא זיצענדיג, גאט זאל מיך ניט שטראפען פאר דיא רייד, איך וואלט בעסער געזעסען אין א אבטרעט איידער אין דעם עפוש, נא נא, פון יעדער שווארץ יאהר ברויכט מען דאס ליידען „אלע ווייטעקין, אלע צרות ? זאל אוים געהן צו זיין קאפ״ פיהרט אונ פיהרט מיך שוין צווייא טאג, אט אט, אט אט, אונ עס הייבט זיך גאר נישט אן, איך בעדארף איהם אויף טויזינד כפרות, לאמיר געהן.

„אין אמת״, האט זיך אנגערופען אנאנדער יוד, וואס ער לויפט שוין אויך געבאך נאך צווייא טאג „פאר שטייא איך ניט״, פאר וואס זאל מען טאקי ניט ניטצען דאס מארעמיינסקע מעהל, וואס מע ברענגט פון וואלין ? עפעס אנדערע מענשין נעמען דאך יוא דיא מעהל, חלעבען שיינע וויא גאלד, אונ ניט טייער אויך, אונ וואס איז דאס ווערט אז מע וואלט פארשפארען האבין דעם גלות ? למשל איך בין דאך ניט א יודענע, איך וועל זיך ניט קריגען מיט דעם מיהלנער, איך וויים אז ער וועט אויף מיר קיין כבוד ניט ליינען, אט שווייג איך, אבער אין אמת וויא פיל קרענקט דאס מיר, זיץ אונ זיץ גיט געגעסען נישט געטרונקען, אין קעלט אונ נאסקייט, אט איך וואלט זיך עפעס ניט שעמען פאר מענשען, חלעבען איך וואלט א שפייא געטאהן אויף איהם מיט זיין פראנצעוואטע מיהל, אונ איך וואלט טאקי ליבער גענומען דאס וואלינער מעהל, וואס איז ? דאס געהט דאך מיט א הכשר ? אימעדים איז מען יודען.

„איהר זעהט דאך״, האט זיך אן גירופען נאך א יוד א צו פרוירענער,

דער

ער רָב זָאל לֶעבִּין אִיז עֶפֶּעס אַ גְרוֹיסֶער מַקְפִּיד אוֹיף קֶמַח חוּץ , וֶועדְלִיג אִיךְ אב גִיהֶערְט וֶועט מֶען מָארְגֶען אוֹיס רוּפֶען אִין אַלֶע בָּתֵּי מִדְרָשִׁים אַז מֶע זָאל אקִי בְּשׁוּם אוֹפָן נִיט נִיטְצֶען דָאס פְרֶעמְדֶע מֶעהְל , אִיהְר מֵיינְט אַ חוּץ דֶעם לִיסְט זִיךְ עֶפֶּעס מְשַׁנֶה זַיין אַ פַארְצַייטִיגֶען מִנְהָג ? אוּנ בִּפְרַט אִין דִיא דִינִים וּן פֶּסַח .

„שְׁוַוייגְט כַּיין לִיבֶּער ר' יוּד” , הָאט זִיךְ אָן גִירוּפֶען דֶער עֶרְשְׁטֶער , א נִייַעמֶער , אִיהְר זֶעהְט דָאךְ אַז מֶע קוֹיפְט פָארְט אַנְדֶערֶע מֶענְשֶׁען דָאס ארֶעמֵיינְסְקֶע מֶעהְל ?

„זֶעהְט אִיהְר - דָאס פַארְדְרִיסְט שׁוֹין מִיר אוֹיף אַייךְ” , הָאט עֶר אִיהְם וידֶער גִיזָאגְט , עֶפֶּעס אַ רֶעכְטֶער מֶענְשׁ קוֹיפְט דָאס מֶעהְל ? גְלוֹיבְּט מִיר אִיךְ וָואלְט בַּייא זֵייא מוֹרָא הָאבִּין עֶפֶּעס פַאר זִיבֶען אִים פֶּסַח , אַלֶעס הֵייכְט אַ יוּד ? וֶוער קוֹיפְט ? אָבֶּער אֵיין אַקְצִיזְנֶעק , וַוייטֶער אַ רוּסִישֶׁער שְׁרַייבֶּער אוּנ דִיא בֶּערְלִינֶער לַייט .

„נָא אַדְרַבָּה ?” פְרֶעגְט נָאךְ אַמָאהְל דֶער עֶרְשְׁטֶער , זָאגְט מִיר וָואס אִיז בֶּאֱמֶת דֶער חְשַׁשׁ אִין דִיא וָואלִינֶער מֶעהְלֶען ? אִיהְר זָאגְט אַז דָאס אִיז אַ מִנְהָג קַדְמוֹנִים ? עֶס אִיז נִיט כְּדַאי נָאךְ זָאגִין דִיא רֵייד פוּן דֶעם אַפִּיקוֹרוֹס , אָבֶּער בֶּאֱמֶת אַ קְלָאג נִיט אִיהְם , אַ קָאפּ פוּן אַלֶע קֶעפּ , עֶר אִיז נִיט גֶערֶעכְט אִין אַסַאךְ זַאכֶען ? וָואס אִיז דֶער פְּשַׁט אַ מִנְהָג , דִיא תּוֹרָה הָאט גֶעהֵייסֶען דַוְקָא קוֹיפֶען אַלֵיין וַוייץ אוּנ מָאהְלֶען מֶעהְל ? דִיא תּוֹרָה הָאט נָאר גֶעהֵייסֶען מִיזָאל נִיט עֶסֶען קֵיין חָמֵץ אוּנ עֶסֶען מַצָה , נָא וָואס מַאכְט דָאס אוֹיס , צוּ קוֹיפֶען וַוייץ בַּייא אִיצְקֶען דֶעם עַזוּת פָּנִים , אָדֶער גְרֵייט מֶעהְל — הֶערְט נָאר , מֶע טָאהְר נִיט חוֹשֵׁד זַיין אַ תַּלְמוּד חָכָם , אָבֶּער צְווִישֶׁען אוּנְז זָאל דָאס בְּלַייבֶּען , דָאס אִיז נָאר אַ מְלָאכָה פוּן דִיא הִיזִיגֶע מִיהְלְנֶער , אִיךְ וֶועל אַייךְ נִיט זָאגֶען ח"ו אַז זֵייא הָאבִּין טַאקִי פָּשׁוּט דֶעם רָב אַלֵיין אַרַיין גֶערִיקְט עֶפֶּעס אִין הַאנְד אַרַיין , נָאר מִיט דִיא דַיָינִים אוּנ מִיט'ן ב"ד שַׁמָשׁ דֶעם יוּנְגַאטְשׁ , אוּנ אַגַב מִיט דֶער רֶעבֶּעצִין אִיז גֶעוִוים אַ מְלָאכָה , אָט מִיט אַזֶעלְכֶע זַאכֶען בְּרֶענְגְט מֶען אַרוֹיס אַנְדֶערֶע מֶענְשִׁין פוּן דִיא כֵּלִים .

אִיהְר הָאט גִיהֶערְט דֶעם גַאנְצֶען שְׁמוּעֶס פוּן דֶעם אַפִּיקוֹרוֹס , עֶר אִיז טַאקִי אֲפִילוּ אַ גְרוֹיסֶער יוּנְגַאטְשׁ וָואס זָא־ מֶען דָא זָאגִין ? נָאר אִין פִיל זַאכֶען אִיז עֶר כִּמְעַט נִיט אוּמְגֶערֶעכְט , אִיהְר וֵוייסְט עֶר קָאן גוּט לֶערְנֶען , דֶעם שׁוֹחֲטִ'ס שְׁטִיף זוּהְן הָאט עֶר מְנַצֵחַ גִיוֶועהְן , עֶר הָאט אִיהְם גָאר נִיט גֶעהַאט וָואס צוּ עֶנְטְפֶערִין , עֶר אִיז אֲפִילוּ אוֹיךְ גֶערֶעכְט , מֶע טָאהְר נִיט עַל פִּי דִין אַ וִיכּוּחַ הָאבִּין מִיט אַ אַפִּיקוֹרוֹס יִשְׂרָאֵל , נָאר וִויא דִיא מַעֲשֶׂה אִיז , מֶע טָאהְר דָאס נִיט זָאגִין , עֶס אִיז טַאקִי גָאר נִישְׁטָא קֵיין אֱמֶת , נָאר אַ כַּפָּרָה מֶע מוּז שְׁוַוייגֶען , מֶע בְּרוֹיכְט פַאר שְׁוַוארְצְט צוּ וֶוערִין , אַ וֵוייטִיג אִיז דָאס אוּנ שְׁוַוייגֶען מוּז מֶען .

איהר

אִיהְר מַיינְט מִיט אוּנְזֶערֶע קִינְדֶר פִּירֶען מִיר זִיךְ דֶען וִויא מֶע בְּרוֹיכְט זִיךְ צוּ פִּירֶען נָאךְ דֶער צַייט ? חְלֶעבֶּען אַז מֶע וָואלְט טַאקִי יֶעדֶער קִינְד אוֹיס גִילֶערֶענְט עֶפֶּעס אַ וִויסֶענְשַׁאפְט, אַ מְלָאכָה, וָואלְטֶען זֵייא פַאר שְׁפָּארְט זִיצֶען שְׁטֶענְדִיג אוֹפֶן טַאטֶענְס קַארְק. זֶעהְט! אוּנְז אִיז עֶפֶּעס גוּט זוּכֶען דָאס שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט פוּן וִוינְד? וִויא פִיל פַּרְנָסוֹת הָאט גֶעבַּאךְ אַ יוּד בִּיז עֶר פַּטֶערְט אִיבֶּער דִיא נַארִישֶׁע וֶועלְט, אָט אִיז עֶר אַ הַלְפָן, אָט אַ קְרֶעמֶער, פְּלִיצְלוּנְג גָאר אַ שַׁדְכָן, אַ שְׁטִיקֶעל מֶעקְלֶער, הַאנְדֶעלְט אוּנְטֶער אַבִּיסֶעל מִיט לָאטֶערִייֶע צֶעטְלֶען, אַלֶע עֶטְלִיכֶע יָאהְר אַבִּיסֶעל אָן גִיזֶעצְט, אִין מִיטֶן אָפְּט אַ אַיְזְבָּארְשְׁטְשִׁיק, גָאר שְׁלֶעכְט וֶוערְט עֶר אַ מְלַמֵד, גֶעהְט עֶר צִינוֹיף גֶעמִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל פִּישְׁקֶעס, לְסוֹף אַז עֶס גֶעהְט שׁוֹין אוֹיס אַלֶע הַמְצָאוֹת פָארְט עֶר גָאר קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל בַּייבְּט זִיךְ אַרוּם כּוֹתֶל מַעֲרָבִי, חַאפְּט זִיךְ אַ מָאהְל אַרָאפּ צוּ רָחֵל'ס קֶבֶר, זָאגְט קַדִּישׁ נָאךְ יוֹרֶען בֶּעזֶערֶעטְנִיקֶעס, נִיט קֵיין שְׁלֶעכְטֶע עֲסָקִים הַא? אוּנ פוּן דִיא אַלֶע גֶעשֶׁעפְטֶען לֶעבְּט עֶר אִין גְרוֹיסֶע צָרוֹת, אִין עֶנְגְשַׁאפְט, אִין דַחְקוֹת, אוּנ וָואס מַאכְט דָאס אַלֶעס? אַז מֶע אִיז פוּסְטֶע מֶענְשֶׁען, מֶע טוֹיג נִיט מַמָשׁ אֲפִילוּ אַ קַאץ אֵיין עֶק צוּ פַארְבִּינְדֶען, אוּנ בִּפְרַט אַז מֶע זֶעהְט אַרוֹיס וִויא דִיא אַלֶע נַארִישֶׁע פְּלַאנֶען וֶוערֶען בָּטֵל וּמְבוּטָל.

זֵייעֶר גוּט הָאט עֶר גִיזָאגְט, גֶעשְׁוָואלֶען זָאל עֶר וֶוערִין, „סַיידֶען דִיא צַייט וֶועט דָאס אַלֵיין אִיבֶּער מַאכֶען, עֶס גֶעהְט שׁוֹין דֶער צוּ", עֶס אִיז זָאבֶּער אֵיין אֱמֶת, וִויא פִיל פַּרְנָסוֹת אִיז שׁוֹין אוּנְטֶער גִיגַאנְגֶען אִין אוּנְזֶערֶע צַייטֶען, עֶס אִיז שׁוֹין נִיט דָא דִיא: פּוֹילִישֶׁע פָּאמֶעשְׁטְשִׁיקֶעס וָואס הָאבִּין גָאר נִיט גֶעפִיהְלְט דִיא וֶוערְטְה פוּן גֶעלְד, נִיט דָא דִיא יְשׁוּבְנִיקֶעס, דִיא בְּרַייא הַייזֶער, דֶער גְרוֹיסֶער זוֹל אוֹיף יֶעדֶען פְּרֶעדְמֶעט, דַאמָאלְס הָאט מֶען גִיקָאנְט לֶעבֶען מִיט 5 גִילְדֶען אַ וָואךְ, וָואס הַיינְט קָאסְט אַ מֶענְשִׁין אַ פָּאר עְטִיוֶועל מִיט קַאלָאשִׁין הָאט מֶען גִיקָאנְט הָאבִּין דַאמָאלְס צוּ לֶעבִּין 4 חֳדָשִׁים, אָבֶער יֶעצְט אִיז שְׁלֶעכְט, אוּנ עֶס וֶועט נָאךְ אַלֶע מָאהְל עֶרְגֶער זַיין, דִיא בַּאהְנֶען מִיט דִיא טֶעלֶעגְרַאפֶען הָאבִּין אִיבֶּער גִיקֶעהְרְט אַלֶע גֶעשֶׁעפְטֶען, מֶע מוּז יֶעצְט זִיךְ נֶעמֶען אַנְדֶערֶע מִיטְלֶען צוּם לֶעבִּין, דָאס וֶועט שׁוֹין אָבֶער זַיין פַארְבִּינְדֶען מִיט וִויסֶענְשַׁאפְטֶען, גְלַאט מֶענְשִׁין וִויא מִיר זֶענִין, טוֹיגֶען כְּלַל נִיט צוּ אַלֶע הַיינְטִיגֶע עֲסָקִים.

אָט דֶער וַוייל הָאבִּין מִיר זִיךְ אַבִּיסֶעל פַאר שְׁמוּעֶסְט אוּנ עֶס אִיז שׁוֹין מִנְחָה צַייט, דֶער יוּנְגַאטְשׁ הָאט הַיינְט וַוייטֶער נִיט גִימָאהְלֶען דִיא וֵוייץ, אָט אַזוֹיא וֶוערְט מֶען דָא פַאר פַאלֶען, שׁוֹין צְוֵוייא קַאלֶעכְדִיגֶע טֶעג — אִיךְ בִּין גָאר נִיט גֶעזוּנְד לֹא עֲלֵיכֶם, דָאס קַאלִיכֶען הָאט מִיךְ גָאר גִיהַארְגֶעט, אִיךְ הָאבּ זִיךְ פַאר קִיהְלְט, גְרִיזָאטְע אִיז בָּרוּךְ הַשֵׁם דָא פוּן אַלֶע זַייטֶען, דָאס

ווייב

ווייב מאכט נאר דעם טויט, דיא פרנסה איז נימער ערגער, אט גריזעט זיא דעם מאן.

וויא מיינט איהר וואס פאר א פסק איך וועל דא האבין פון מיין ארורה אז איך וועל קומען אהין דעם מעהל, זיא איז נעבאך אויך גירעכט, זיא וואלט שוין גערען ענדיגען מיטין באקען, נא פרעג איך אייך וואס קאן איך העלפין? איך זאל זיך אויך שלאגען מיט איהם וויא דיא אלע פראסטאקעס? — א גוטע נאכט, מע מוז פארט געהן אהיים, הלוואי וואלט מען האטש מארגען פון איהם פטור ווערין בשלום.

נא ליבע לעזער, וויא מיינט איהר? וואס טוהט זיך פארט יעצט אין אלע הייזער? א חורבן א קלאג, דיא ווייבער וויינען, מע שעלט אונ מע קריגט זיך, אונ נאך מעהר צינד זיך אהן דאס פייער אז מע ברענגט אפ דאס מעהל פון איין שכנה, אט דא צו קאטשען זיך אלע ווייבער, מע שלאגט זיך קאפ אן וואנט, מע הארגעט אונ מע שלאגט דיא קינדער אז זיא בעטין עסען בשעת מעשה, א שפאס אזא עת צרה? דאס זעקיל איז גיבליבען געבטיגען אין דער מיהעל, דיא מאנען בעהאלטין זיך נעבאך אין דיא נארעס, ליגען אויף דער ערד צוזאמען מיט דיא הינדיקעס, איך בעט אייך מחילה אין טינוף, זייא האבין מורא א מויל צו עפענען, אט אין אזוינע קולות אונ געפילדערס האט מען פאר בראכט ביז האלבע נאכט, עס איז שטיל גיווארין, דער עולם ליגט אין גיהאקטע ווינדען קיינער האט קיין אויג ניט צו גיטאהן, קוים דער לעבט דעם טאג, גלייך אלע ווייבער אין מיהל אריין מיט כעס, יעדע יודענע מיט א פארטיגען דרוש, גוט מכבד צו זיין דעם מיהלנער, אזויא וויא ער איז ווערט.

דיא מאנסבילען האבין אפ געדאווינט אויך גלייך אין מיהעל אריין, א גאנצין טאג דארטען פאר בראכט, עס איז גענוג גיוועהן רעש אונ מהומה, נאר אבי פטור גיווארין, דער משרת פון מיהעל טראגט שוין למזל דאס מעהל, דער מאן מיטין עלטערין בחור געהן נאך נאכען זעקיל שריט ביי שריט, מע היט דאס אפ עס זאל זיך ח"ו ניט טרעפען עפעס א סיבה, דאס הארץ קלאפט נעבאך גאנץ שטארק אופן וועג פון מיהעל נאך הויז, דער משרת טרייסט זייא אונ איז מבטיח אז ער וועט ברענגין בשלום דאס מעהל, מחמת ער איז שוין אין דעם כמעט גאר א שפיצעאליסט, א שמחה א נחת, דאס זעקיל איז שוין ב"ה אין שטוב אריין בשלום, עס שטייט שוין אין א ווינקעל אויף א בענקיל של פסח מיט פרישען הייא אונטער גיבעט, פאר דעקט מיט דעם מאנ'ס פלאטשין 1) דער כלל דאס זעקיל איז שוין דא.

זייער

1) עס איז חלעבין א יושר בעקאנט צו מאכען דעם קינפטיגען דור מיט דעם פלאטשין, אין יענע יאהרען וואס יונגען זענען נאך ניט גיגאנגען אין

טוך

זייער שטרענג האט מען פאר זאגט אלע קינדער אז מע זאל זיך ני
דרייען ארום דעם זעקיל ח"ו מיט חמץ, מע זאל פון איהם ווייכען וויא פו
עפוש, נאר וויא מיינט איהר? קאן מען עפעס א קינד אויף האלטען? ווי
פיל קלעפ, פעטש און קולאקעס, האבין נעבאך גיקריגען דיא קינדער זייא צ
וואס דאס זעקיל איז גישטאנען אין דעם ווינקיל, בייא דיא קינדער ווייזט גא
דאס זעקיל ניט אויס פאר אזא שטארקען מיוחס, זייא ווייזט אויס אז די
עלטערין זענין משוגע גיווארין, שרעקין זיך גאר פאר א זעקיל מעהל:

אהין א הער, דער עולם וויל עסען, מע געהט געוואר ווערין צו דעו
רעשעטע זעהן דעם מאגאזין פון דעם חמץ, עס איז אבער ב"ה שוין קיי
ברויט אויך נישטא, עס ליגט נאך עפעס א האלב ברויטעל א פארקאלעכטע
שוין באר און טריקען, מיט וואס עסט מען דאס? איז גאר קיין ריידע, מע
געהט פשוט אויס פון הינגער, דאס גאנצע שטיקעל נחת איז נאר פון דעם
זעקיל וואס איז שוין ב"ה אין שטוב, פון גרויס הינגער האט יעדערער גענומע
א שטיקעל ברויט אנגעריבען מיט א קנאביל, און איבער געריבען דיא צעהן
עס איז שוין דאנערשטיק בייא נאכט, דיא ווייבער האבין פאר ראשטשינע
חלה, א נידער געשטעלט אויך בייא דער רעשעטע, און מע געהט שלאפען,
טשוט נאר טאג, איז מען שוין אויף געשטאנען, א קאטאוועס ערב שבת הגדול!
דער מותקערט זיך, עס ציטערט ממש אויף יעדער פרויא דיא הויט.

איך זאג אייך דעם אמת, גאט זאל אזוי אפ היטען אלע יודען פון רעש
און פון מהומה, עס זאל זיך ניט טרעפען וויא עס טרעפט, איך האב שוין
כמה מאהל בייגעוואהנט צלערלייא אומשטענדע, האב איך נאך ניט געהערט
אזא

---

טוך האט דאך כמעט יעדער בעל הבית גיהאט א פלאשטץ פון טוך, אמאהל
פלעגט ער אין איהם פארען ערגעץ אין א דארף אריין, אויף א יריד, געהן
אין איהם אין מרחץ אלע ערב שבת, צו דעקין מיט איהם דאס גיקעכטס
אופן אויווען פרייטאג צו נאכט'ס, איין דעקין מיט איהם דיא דייזשע אז מע
פלעגט פאר ראשטשינען ברויט, און כמה מאהל אין סוכה אין א גרויסען
שלאקס רעגין פלעגט מען איהם ארויף טאהן אופן קאפ און געהן מאכין קדוש,
דער כלל איז אין יעדער שטוב כמעט האט זיך געמוזט גיפינען אזא פלאשטץ,
עיקר שבתתי, בייא דעם מאכען דיא הושענות אין דער סוכה פלעגט מען אויך
ארויף חאפען אויף זיך דעם דאזיגען פלאשטץ, דיא נעכט זענין שוין דאמאלס
קאלט, אין א פיטער בינדען הושענות איז עפעס ניט כדאי, און ווידער זענין
נאך דיא פיטערס על פי רוב ניט אויסגעלאדעט, נא איז דער פלאשטץ וויא
געבוירען דער צו — אט מיט דעם פלאשטץ האט מען דאס זעקיל הקדוש
אויף צו גידעקט, תלעבען טאקי א זכיה.

אַזאַ רַעש אַזאַ פִינְסְטֶערֶע מְהוּמָה וויא אִין דִיזֶען פְרֵייטָאג. גֶעוואַלד גֶעשְׁרִיגֶען
וְואס דָא הָאט זִיךְ גֶעטָאהְן, אונ וָואס אִיז גֶעוֶועהְן דִיא רֶעכְטֶע מוֹרָא? אַלֶעס
גָאר דֶעם זֶעקִיל, יֶעדֶערֶע הָאט דָאךְ גֶעמִיזְט מַאכֶען דִיא חַלָה אִין דֶעם
אֵייגֶענֶעם חֶדֶר וְויא דֶער ר׳ זֶעקִיל שְׁטֶעהְט, אַ שְׁפַּאס אַזאַ אַ קָאנְטְרַאסְט,
דִיא חַלָה מִיטִין זֶעקִיל? אַ סַאךְ עֶרְגֶער וְויא פַייעֶר מִיט וַואסֶער, הַיינְט שְׁטֶעה
אונ הִיט? מֶע בְּרוֹיכְט אָבֶּער גֶעהְן צוּם אוֹיוֶוען אוֹיךְ, אונ דָא דִיא קִינְדֶער
מִיט דִיא עוֹפוֹת דְרֶעהְן זִיךְ שְׁטַארְק אַרוּם, עֶס אִיז אִין אֶמֶת גֶעקוּמֶען פוּן
גְרִיק אִין וַואסֶער. — אַלֶע פַאר שֶׁעלְטֶען זִיךְ דָאס לֶעבֶּען, אִין שְׁטוּב אִיז הוּא
הָא, מֶע הֶערְט נִיט וָואס מֶע רֶעדְט, נָאר מֶע שֶׁעלְט זִיךְ, נָאר מֶע פְלוּכְט,
עֶס פַאלְט בַּייא יֶעדֶערֶער פוּן דִיא הֶענְד טָא אַ חַלָה טָא אַ בִּילֶקֶע.

דִיא בַּאלֶעבָּאסְטֶע שְׁטֶעהְט בַּייא דֶעם אוֹיוֶוען, דִיא קָאפֶּקֶע פַאר
קַאשֶׁערְט, אַזוֹי וְויא בַּייא אַגְרוֹיסֶען מְפוּלְפָּל דִיא יַארְמוּלְקֶע, טְרָאפֶען שְׁוֵויֶעס
טְרִיפְט פוּן דֶעם שְׁוַוארְצֶען שְׁטֶערֶען, דִיא בַּאקֶען רוֹיט וְויא פִינְק (מַעֲשֶׂה יְפַת
תּוֹאַר), אַרְבֵּייט מִיט אַלֶע כֵּלִים, דָא רִיקְט זִיא, דָא שְׁטוּרְכֶעט זִיא, דָאס מוֹל
שְׁוִוירְבֶּעלְט אִין גְרִיבֶּעלְט, שֶׁעלְט אונ זִידֶעלְט אַלֶע שְׁכֵנִים, אַגַב אוֹרְחָא אִיבֶּער
גִיקֶעהְרְט אַ פָּאר טֶעפְּלִיךְ, הִינְטֶען אַרוּם מִיט דֶער לָאפֶּאטֶע שְׁעֶר אַרוֹיס
גֶענוּמֶען אַ אוֹיג פוּן אַ קִינְד, „אַ קְלָאג צוּ מֵיין קָאפּ, מִיר פַאר דִיר“ הָאט אַ
גֶעשְׁרֵייא גֶעטָאהְן דִיא מוּטֶער פוּן דֶעם קִינְד, „עֶס אִיז שׁוֹין אַ קַאלִיקֶע, אַ
בְּרָאךְ צוּ מִיר“ זִיא שְׁטֶעהְט טַאקִי וְויא אַ רוֹצֵחַ לֶעבֶּען אוֹיוֶוען, אֵיידֶער אַזאַ
לֶעבֶּען בֶּעסֶער אַ טוֹיט, אַ וֵויטָאג אִיז מִיר, וַוייז נָאר דָאס אוֹיגֶעלֶע, אַ
שְׁטֶעבֶּענְשׁ דֶער מַאמֶע, עֶר לָאזְט זִיךְ גָאר נִיט צוּ רִירֶען, גֶעוואַלְט וָואס טִיהְט
מֶען? אִיךְ וֶועל זִיךְ שְׁטֶעכֶען, אִיךְ וֶועל זִיךְ הֶענְגֶען, נְשָׁמָה מַיינֶע, גֶעוואַלְד
עֶס נֶעמְט מִיר טוֹיט הַלָשׁוֹת.

דִיא צָרוֹת אִיז דֶער וַוייל גֶעלָאפֶען אונ הָאט גֶעבְּרַאכְט דִיא שְׁפְּרֶעכֶערִין,
זִיא הָאט אִיהְם אָנְגֶעשְׁפִּיגֶען אִין אוֹיגֶעלֶע, דְרַייא מָאהְל אַרוּם גֶעפִיהְרְט מִיט אַ
מֶעסֶער, גֶעזָאגְט עֶפֶּעס אוֹיךְ, עֶס הָאט זִיךְ גֶעוויזֶען טְרֶערִין פוּן אוֹיגֶעלֶע,
נָא נִישְׁקָשֶׁה עֶס וֶועט זִיךְ שׁוֹין אוֹיס שְׁטֶעהְן מַאכְט נִיט קֵיין קוֹלוֹת, דָאס
קִינְד שְׁרֶעקְט זִיךְ נֶעבַּאךְ, אַ כַּפָּרָה דִיא חַלָה, גֶעהְט מִיט אִיהְם צוּ אַייךְ אִין
חֶדֶר אונ פַאר שְׁלֵייפְט אִיהְם. — אִין אֱמֶת אַז מֶע גֶעהְט אַרוֹיס בְּשָׁלוֹם, אִין
דִיא מְהוּמָה טֶעג, דַארְף מֶען טַאקִי גָאט דַאנְקֶען, אִיהְר מֵיינְט אַז נָאר בַּייא
אַייךְ אִיז אַזוֹי, אָט נִיט דָא גֶעדַאכְט, וָואס עֶס הָאט זִיךְ גֶעטְרָאפִין בַּייא בֵּיילְקֶע
דֶער טֶענְדְלֶערְקֶע, מֶע הָאט דָארְטִין אָבְּגֶעבְּרִיהְט אַ מֵיידֶעל פוּן אַ יָאהְר זִיבֶּען,
נִיט זֶעהְן זָאל מֶען דָאס אִין קֵיין יוּדֶעשֶׁע שְׁטוּב, עֶס אִיז ב״ה דָא צָרוֹת אוֹפִין
פִיד, אַ שְׁפַּאס דֶער עֶרֶב פֶּסַח! נִישְׁט דָא גֶעדַאכְט, טוֹיזֶנְד מָאהְל נִיט דָא
גֶעדַאכְט, אוֹיף פוּסְטֶע וֶועלְדֶער גֶעזָאגְט גֶעוָואֶרִין, אִין שְׁטוּב מִיטִין רוֹיךְ,
אונ אִין גַאס מִיטֶען ווִינְד, אָט דָא טַאקִי נִיט וַוייט פוּן אַייךְ, בַּייא שְׁפְּרִינְצֶע

דִּיא טוּקֶערְקֶע, עֶס וֶועט מֶעהְר נִיט זַיין וִויא אַ שָׁעָה, הָאט זִיךְ אַרַיין גֶעחַאפְּט אַ גְרוֹיסֶער חַזִיר (אִין דֶער לִיטָא רוּפְט מֶען אִיהְם וֶועפְּרִיק) אַלֶע אִין שְׁטוּבּ זֶענֶען דָאךְ ב״ה פַאר טוּהְמֶעלְט, אוּנ הָאט אָבְּגֶערִיסִין אַ הֶענְטֶעל בַּייא אַ יוּנְגֶעל פוּן אַ יָאהְר פִיר, עֶר הָאט גֶעהַאלְטֶען אַ שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט אִין הֶענְטֶעל, מֶע טָאהְר נִיט זָאגִין דֶער חַזִיר גֶעפֶּעהְלְט מִיר נִיט, עֶס אִיז נִיט פָּשׁוּט, אִיךְ הָאבּ שְׁטֶענְדִיג מוֹרָא פַאר דֶעם עֶרֶב שַׁבָּת, אִיךְ שְׁרֶעק זִיךְ פַאר מִיר אַלֵיין, דִיא גַאנְצֶע צַייט וָואס דָאס זֶעקִיל אִיז אִין שְׁטוּבּ, בִּין אִיךְ אַזוֹי וִויא אַ פַארְדִילְכְטֶע.

הֶערְט אִיהְר שֵׁיינְדִיל, אִיהְר הָאט נָאךְ גִיט אָבְּגֶעשְׁנִיטִין, אִיהְר מֶעגְט דַאנְקֶען אוּנ לוֹיבֶּען דֶעם וָואס אִיבֶּער אִינְז אִיז, פַאר דֶעם חֶסֶד, בֶּאֱמֶת הָאבּ אִיךְ זִיךְ אַבִּיסֶעל אִיבֶּערְגֶעשְׁרָאקֶען, אִיבֶּער הוֹיפְּט וַוייל יֶעצְטִיגֶע צַייט, נָאר נִישְׁקָשֶׁה, דָאס אוֹיגֶעלֶע וֶועט זִיךְ אוֹיסְשְׁטֶעהְן, מֶע וֶועט בֶּעדַארְפֶען נָאר אַ פָּאר מָאהְל אָבּ שְׁפְּרֶעכֶען, אוּנ אַ צְוַוייא אַיְיעֶר אוֹיךְ אוֹיס גִיסֶען אוּנ גֶענִיג, אַ גוּטֶען טָאג אַייךְ וַוייבֶּערְלִיךְ, גָאט זָאל אַייךְ, אוּנ אוּנְז, אוּנ אַלֶע יוּדֶען הִיטֶען אוּנ בֶּעשִׁירְמֶענֶען פוּן אַלֶע צָרוֹת אִיהְר זָאלְט טַאקִי נִיט וִויסֶען פוּן קַיין שְׁלֶעכְטְץ, הָאט אַייךְ אַ גוּטֶען שַׁבָּת.

דִיא שְׁפְּרֶעכֶערִין הָאט זִיךְ אָבְּגִיזֶעגֶענְד, אוּנ דִיא וַוייבֶּער הָאבִּין זִיךְ אַחַאפּ גֶעטָאהְן צוּם אוֹיוֶועִן וִויא אָבְּגֶעבְּרִיהְטֶע, פַאר בְּרָאכֶען מִיט דִיא הֶענְד, דִיא חַלוֹת זֶענֶען פַאר בְּרֶענְט גֶעוָוארִין אַלֶע טֶעפְּלִיךְ אוֹיס גֶעלָאפֶען, פַאר רוֹיכֶערְט, נָאר וָואס הֶעלְפְט דָאס? מֶע הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען צִינַאנְד לֶעגֶען דֶעם טְשָׁאלֶענְט יֶעדֶע יוּדֶענֶע זִיפְצְט אוּנ קְרֶעכְצְט, שֶׁעלְט דֶעם קַצָּב מִיט טוֹיטֶע קְלָלוֹת, דָאס פְלֵייש זָאל נָאר פוּן אִיהְם פַאלִין לֶעבֶּענְדִיגֶערְהֵייט, דָאס זֶענֶען רוֹצְחִים? 20 קָאפּ׳ אַ פִינְטֶעלֶע גָאלֶע בֵּיינֶער מִיט שְׁטֵיינֶער. — נָא מֶע הָאט שׁוֹין וִויא עֶס אִיז אַרַיין גֶערִיקְט דֶעם טְשָׁאלֶענְט, פַאר שְׁמִירְט דֶעם אוֹיוֶוען, אַרַיין גֶענוּמֶען נָאךְ אַ מָאהְל דִיא פֶּעכְלֶעךְ מִיט דִיא לָארֶענְם, אוּנ עֶס אִיז שׁוֹין שַׁבָּת.

דִיא לֶעזֶער קָאנֶען שׁוֹין אַלֵיין פַארְשְׁטֶעהְן דֶעם גְרוֹיס אַרְטִיגֶען שַׁבָּת וָואס מֶע הָאט דָא גֶעהַאט, בֶּעסֶער וִויא דֶער פָארְהִיגֶער שַׁבָּת גֶעוִויס נִיט, נָאךְ אֶפְשַׁר מִיט אֵיינִיגֶע פְּרָאצֶענְטֶע עֶרְגֶער, נָאר אַ כַּפָּרָה, אַבִּי אִיבֶּער גֶעקוּמֶען, מִיט עָסִין לֶעבְּט מֶען נִיט, הַא! —

---

8.

## שַׁבָּת הַגָּדוֹל נָאךְ וַוארֶמֶעס אִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ.

דֶער בֵּית הַמֶּדְרָשׁ אִיז אָן עַיִן הָרָע אָן גֶעפַּאקְט מִיט מֶענְשִׁין. דֶער מַגִּיד אִיז שׁוֹין אוֹיךְ דָא, נָאךְ אַ רֶעכְט בִּיסֶעל הַכָּנָה אִיז עֶר אַרוֹיף אוֹיף דֶער

בימה

בימה, אין בית מדרש איז שטיל, אלע האבין אויף געשטעלט דיא אויערין וויא דיא האזען צו הערין דיא גרויסע חכמות פון דעם זאגער, איינגע מינוטען האט דער מגיד געשוויגען, דער נאך האט ער אנגעהויבען ווייטער זאגען פון שיר השירים.

אין אמת אפילו איז געוועזין זיין גאנצער דרוש אין דעם שבת נאר פון דער הגדה, אבער עס האט זיך איהם ניט געוואלט אנהויבען גלייך דעם דרוש פון דער הגדה, דער שפרינג איז איהם ניט אזוי גרינג געוועזין, ער האט געהאלטען דאס פערטע קאפיטיל, אונ פון דארטין ארויס נעמען עפעס א שמועס אויף יציאת מצרים, איז אפשר נאך שווערער איידער מעלקען מיליך פון א וואנט, מחמת דער צו גיט דאך עפעס עצות דער וויכטיגער ספר „מפעלות אלהים" חאטש אין דער פראקטיק האט מען נאך דאס ניט געזעהן, נאך ביז היינט קויפט זיך א ליטוואק א בהמה אדער א ציג אונ קיינער האט נאך ביז יעצט ניט געמאלקען דיא וואנט, אבער דער וויל זאגט דאך דער ספר עפעס א פלאן, מן הסתם איז דאך דער מפעלות אלהים אויך ניט אזויא גראב משוגע (פאר וואס ניט? עס שטעהט איהם אפשר נישט אן! חלעבען גרעסערע מחברים פאר איהם זענען אויך אפט מאהל גאר שטארק מבולבל אונ רעדין פינ'ם וועג), אבער מעלקען יציאת מצרים פון דער פערטער פרשה פון שיר השירים, איז גאך קיינעם אופין מות ניט ארופגעקומען.

דערום האט ער זיך גאר א חאפ געטאהן בעסער נאך א מאהל גאר צו דער ערשטער פרשה, דארטען האט ער דער טאפט דעם פסוק „לסוסתי ברכבי פרעה דמיתיך רעיתי" נא וויא מיינט איהר? א בעל דרשה'ער דארף מעהר ניט וויא בעקומען אזוי א ווארט וויא „פרעה" אין שיר השירים, דא האט ער שוין ביד חזקה קיין מצרים געשלעפט גאנץ שיר השירים, אונ אלע פסוקים נעבאך האבין געמיזט געהן מיט איהם.

נא דא איז איהם שוין גרינג געוועהן זיך אריין חאפען אין דער הגדה אריין, תיכף איז איהם אנטקעגין געקומען דער „כהא לחמא" באלד האט ער א גרויסין צאפעל געטאהן אויף דעם ווארט „כהא" עס האט איהם פשוט אינטער געצינדען, אונ אין אמת, ניחייא וואלט געשטאנען „הא" האט ער געשריגען ניט מיט זיין קול. איך האב פיינד צו זאגין, אין דעם איז ער דווקא ניט שטארק אונגערעכט, וויא מיינט איהר, אז עס וואלט טאקי געשטאנען אין דער הגדה „הא לחמא" וואלט ניט א סאך גלייכער זיין אין אלע זאכען? נא מילא ווער פאר שטעהט ניט וואס גיט איז, וואס קאן מען אבער מאכען אז עס שטעהט שוין אבער כמעט אין אלע הגדות „כהא לחמא"? דער בעל הגדה אליין איז דאך שוין ניט דא, נא צו וועמען רעדט מען? אונ אפילו אז ער וואלט נאך געלעבט ווייסט מען א פנים וויא מע רופט איהם? וואלטען מיר

אזוי

אַזוי פון קיין בֵּייזֶע פָּאקֶען נִיט ווִיסֶען וויא קֵיינֶער וֵוייסְט נִיט, וֶוער עֶס אִיז גְעווֶעהְן דֶער מְחַבֵּר פון דֶער הַגָּדָה ׃

הָאט אִיהְר וֶוען גֶעהֶערְט אַזַא מַעֲשֶׂה ׃ אֵיין הַגָּדָה וָואס אַלֶע יוּדֶען זָאגִין אִים פֶּסַח, זָאל מֶען גָאר נִיט ווִיסֶען, ווֶען הָאט מֶען דָאס מְחַבֵּר גְעווֶעהְן ׃ אוּנ וֶוער אִיז גֶעווֶעזִין דֶער מְסַדֵר דֶער פוּן ׃ — חָאטְשׁ אִין גְרוּנְד גֶערֶעדְט, הָאט דָאךְ דֶער בַּעַל הַגָּדָה גָאר נִיט אוֹיפְגֶעטָאהְן, עֶר הָאט נָאר אוֹיפְגֶעזֶעצְט שְׁטִיקְלִיךְ גְמָרָא מִיט פִּיוּטִים, אוּנ מִזְמוֹרֵי תְּהִלִים, נָאר עַל כָּל זֶה זָאג מָה נַפְשָׁךְ וֶוער בִּיסְטוּ פַאר אֵיינֶער ׃ עֶס אִיז גִיט צוּ ווִיסֶען, נָאר מִן הַסְתָּם הָאט עֶר גֶעהַאט אַ טַעַם אִין דֶעם, לָאמִיר זִיךְ נִיט נַארִין, וָואס פַאר אַ מְחַבֵּר וִויל דָאס נִיט, אַז זַיין נָאמֶען זָאל זַיין אַרוֹיס גֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף זַיין חִבּוּר ׃

וְהָא רְאָיָה, מֶע זֶעהְט דָאךְ פִּיל גְאוֹנִים, וָואס זֵייא הָאבִּין קֵיין סְפָרִים נִיט גֶעמַאכְט אַלֵיין, ווִילֶען זֵייא פָארְט זֶעהְן זֵייעֶר נָאמֶען זָאל זַיין אָבְּגֶעדְרִיקְט, נָא וָואס טוּהֶען זֵייא ׃ הוֹיבֶּען זֵייא אָן גֶעבִּין הַסְכָּמוֹת אוֹיף סְפָרִים, זֵייא קוּקֶען גָאר נִיט צוּ דֶער סֵפֶר הָאט עֶפֶּעס אַ וֶוערְטְה, אָדֶער עֶר טוֹיג אֶפְשַׁר גָאר נָאר אוֹיף צוּ הַאלְטֶען אִין אִיהְם פוּטֶער, דָאס גֶעהְט דֶעם גָאוֹן גָאר נִישְׁט אָן עֶר ווִיל נָאר זֶעהְן זַיין נָאמֶען אָבְּגֶעדְרִיקְט מִיט אַ שַׁארְפֶען טִיטוּל, דֶער מְחַבֵּר אִיז נִיט קַארְג אוּנ נִיט פוֹיל אוֹיף דֶער פֶּען אוּנ שְׁרַייבְּט הָרִים וּגְבָעוֹת אוֹיף יֶעדֶען רָב, אוּנ בִּפְרַט אַז עֶר גִיט אִיהְם אֵיין הַסְכָּמָה.

נָאר ווִיא דִיא מַעֲשֶׂה אִיז, אִיז פוּן מְסַדֵר פוּן דֶער הַגָּדָה גֶעווֶעהְן אַ שְׁטִיקֶעל עוֹלָה מִיטִין „כְּהָא" וָואס הָאסְטוּ גֶעבַּאךְ צוּ יוּדֶען ׃ ווֵיינֶעג צָרוֹת, ווֵיינֶעג שְׁלֶעק הָאבִּין זֵייא ׃ נַא דִיר נָאךְ אַ „כְּהָא" אַ צוּ גָאבּ. גֶעווַאלְד ׃ ווִיא פִּיל מְפָרְשִׁים הָאבִּין שׁוֹין גֶעהַאט צוּ טָאהְן מִיט דֶעם „כְּהָא" ׃ ווִיא פִּיל מְחַבְּרִים הָאבִּין שׁוֹין אוֹיס גֶעגְרִיזֶעט גְרִין אוּנ גַאל ׃ וָואס זָאל מֶען דָאס זָאגִין, עֶס פַאר דְרִיסְט טַאקִי יֶעדֶערִין, אֲפִילוּ גְלַאט אַ בַּעַל הַבַּיִת, אוּנ בִּפְרַט אַ מְפוֹרָשׁ אָדֶער אַ מְבָאֵר, עֶר וֶוערְט טַאקִי מַמָשׁ גָאר אַ צוּ קָאכְטֶער, אַז עֶר דֶער זֶעהְט עֶפֶּעס אִין אַ סֵפֶר נִיט נָאךְ זַיין גוּסְט, עֶס טוּהְט זִיךְ חוֹשֶׁךְ, אוּנ בִּפְרַט אֵיין הַגָּדָה וָואס זִיא הָאט שׁוֹין כִּמְעַט גָאר אַ פָּנִים ווִיא אַ חֵלֶק מִשְׁנַיוֹת.

חָלֶעבֶּען דִיא הַגָּדָה זָאל גֶעזִינְד זַיין שְׁטֶעהְט שׁוֹין אוֹיךְ אִין מִיטֶען ווִיא אַ פְּרִינְצֶעסֶען, אוּנ מְפָרְשִׁים אַרוּם אוּנ אַרוּם, שִׁישֶׁקֶען זִיךְ אֵיינֶער מִיט דֶעם אַנְדֶערִין, קְנֵייטְשִׁין דֶעם שְׁטֶערִין, אוּנ קְלֶעהְרִין „וָואס הָאט דָא דֶער בַּעַל הַגָּדָה גֶעקָאנְט מֵיינֶען ׃", נִיט קֵיין סַאךְ מְחַבְּרִים הָאבִּין זוֹכֶה גֶעווֶעהְן אַז זֵייא זָאלִין וֶוערִין אַ „פָּנִים" אוּנ מֶע זָאל מַאכֶען אוֹיף דֶעם פֵּרוּשִׁים, זִינְד נָאךְ דֶער גְמָרָא, הָאט נָאר זוֹכֶה גֶעווֶעהְן דֶער אַלְפֶ"ס, דֶער רַמְבַּ"ם, דֶער בֵּית יוֹסֵף, דֶער חוֹבוֹת הַלְבָבוֹת, דֶער בְּחִינַת עוֹלָם, דֶער כּוּזָרִי, דֶער מַחְזוֹר, אוּנ אוּנְזֶער בַּעַל הַגָּדָה אוֹיךְ, נָא ווִיא קְלֶעהְרְט אִיהְר ׃ יֶעדֶער פַּארְפַאסֶער אַז עֶר ווִיל נָאר אוֹיךְ זַיין פוּן דֶער לֵייבְּגְוַוארְדְיֶע פוּן דֶער פְּרִינְצֶעסֶען דִיא הַגָּדָה, אוּנ

מאכען

מַאכֶען אוֹיף אִיהְר אַ פֵּירוּשׁ, אִיז וִויא עֶר דֶער זֶעהְט נָאר דֶעם, „כְּהָא" אַזוֹיא וֶוערְט אִיהְם שׁוֹין נִיט גִיט, עֶר לוֹיפְט שׁוֹין אַרוּם וִויא אַ פַאר סַאמְטֶע מוֹיז, פוּן אֵיין מְפוֹרָשׁ צוּם אַנְדֶערְן אוֹיס שְׁנָאהְרִין וָואס זָאגִין זֵייא, עֶר הֶערְט, עֶר זֶעהְט, עֶר חַאפְּט דָא אַ וָוארְט דָא אַ וָוארְט, אוּנ לֵייגְט צוּ אוֹיךְ אַ שְׁטִיקֶעל קְנֵייטְשֶׁעל אַוַודְאי וָואלְט גְלַייכֶער גֶעוֶועהְן פַאר אַלֶעמֶען אַז אִין קֵיין הַגָדָה זָאל נִיט גֶעוֶועהְן שְׁטֶעהְן „כְּהָא" אַ נָאר עֶס אִיז נִיט בֶּעשֶׁערְט הָאבִּין קֵיין מְנוּחָה.

נָא אוּנְזֶער שִׁיר הַשִׁיר׳ם זָאגֶער, הָאט אוֹיךְ גֶעמַאכְט קוֹלוֹת אוּנ מְשׁוּגָעְנֶע תְּנוּעוֹת וֶועגִין דֶעם „כְּהָא" עֶר הָאט זִיךְ פְרִיהֶער דֶער צֶעהְלְט דֶעם עוֹלָם אַ סַאךְ פְלֶעגֶער פוּן מְפָרְשִׁים, אוּנ פַאר וָואס עֶס גֶעפֶעלְט אִים נִיט, עֶר הָאט זִיךְ בֶּערִיהְמְט אַז עֶר הָאט גָאר דֶעם אֱמֶת גֶעטְרָאפִין, אוּנ אַז הַשֵׁם יִתְבָּרַךְ וֶועט אִיהְם הֶעלְפִין וֶועט עֶר דָאס אָפּ דְרִיקִין.

— חָלֶעבֶּען עֶס אִיז טַאקִי אַ יוֹשֶׁר עֶר זָאל דָאס לָאזִין דְרִיקִין, מֶע קָאן שׁוֹין זִיךְ טַאקִי גָאר צוּם סֵדֶר זִיךְ נִיט זֶעצֶען מִיט דִיא אַלְטֶע הַגָדוֹת, עֶר זָאגְט פַּאק גָאר צוּ אַז עֶר וֶועט דָאס פַאר עֶנְטְפֶערִין מִיט אַלֶע פִיר אַרְטֶען, וָואס הֵייסְט פַּרְדֵ״ס, מֶע קָאן אִהְם גְלוֹיבִּין עֶר אִיז נִיט קֵיין פַאר פִיהְרֶער, אַ מָשָׁל מִיט צְוֵוייא בְּרִידֶער אֵיינֶער אַ נָגִיד אוּנ דֶער אַנְדֶערֶער אוֹיךְ אַ כְּבַד פֶּה, מִיט אַ בֶּן מֶלֶךְ, אוֹפִין דוּבְּנֶערְס שְׁטֵייגֶער, אוֹיךְ נִיט שְׁלֶעכְט.

פוּן דֶעם „כְּהָא" הָאט עֶר גֶעמַאכְט פִּיס גְלַייךְ צוּ דִיא „אַרְבָּעָה בָּנִים" אָט דֶערוֹיף הָאט עֶר אָנְגֶעאַרְבֵּייט מַעֲשִׂים, וָואס אִיז? עֶר וִויל מַאכֶען אַ חִילוּק פוּן דֶעם חָכָם׳ס פְרַאגֶע צוּ דֶעם רָשָׁע׳ס, אַלֶע מְפָרְשִׁים הָאבִּין שׁוֹין גֶעבַּאךְ וֶועגֶען דֶעם זִיךְ דִיא מוֹחוֹת צוּ בְּרָאכִין, עֶס אִיז אָבֶּער נָאךְ נִיט גְלַאט, אַ קוּנְסְט מַאכִין אַ בִּלְבּוּל אוֹיף אַ מֶענְשִׁין? דֶער חָכָם פְרֶעגְט דָאךְ אוֹיךְ „מָה הָעֵדוֹת וְהַחֻקִּים וְהַמִּשְׁפָּטִים אֲשֶׁר צִוָּה ה׳ אֱלֹהֵינוּ אֶתְכֶם?" דָאס הֵייסְט: וָואס אִיז דָאס פַאר אַ דִינִים וָואס גָאט הָאט אַייךְ גֶעהֵייסִין צוּ טָאהְן? נָא מִיט וָואס אִיז דָאס בֶּעסֶער גֶעפְרֶעגְט פוּן דֶעם רָשָׁע, וָואס עֶר זָאגְט אוֹיךְ מִיט דִיא אֵייגֶענֶע וֶוערְטֶער „מָה הָעֲבוֹדָה הַזֹּאת לָכֶם?" עֶס הֵייסְט וָואס אִיז דָאס פַאר אֵיין אַרְבֵּייט בַּייא אַייךְ? אַ קוּנְסְט גֶעבִּין אַ קְנֵייטְשׁ אוּנ זָאגִין אַז עֶר הָאט גֶעמֵיינְט מִיטִין וָוארְט „לָכֶם" עֶס הֵייסְט וִויא אֵיינֶער רֶעדְט „לָכֶם וְלֹא לוֹ" דִיא אַרְבֵּייט גֶעהֶער נִיט צוּ אִיהְם? אוֹיף אַזַא שְׁטֵייגֶער קָאן מֶען דָאךְ אוֹיךְ חוֹשֵׁד זַיין דֶעם חָכָם אוֹיף דֶעם וָוארְט „אֶתְכֶם"? פַאר וָואס נִיט? נָאר דֶער בַּעַל הַגָדָה הֵייסְט גְלַאט בֶּעזוּנְדֶערְע בֶּעזְפְּרַאוֶוע אוֹיס זֶעצֶען דֶעם רָשָׁע דִיא צֶעהְן, אִיז דָאס אַ שֵׂכֶל? עֶס אִיז גִיט וָואס קֵיינֶער פָאלְגְט אִיהְם נִיט, אָבֶּער אַז נִיט, וִויא פִּיל אוּנַאלָאוְונֶע דֵיעֶלֶעס וָואלְט מֶען שׁוֹין גֶעהַאט פוּן דִיא רְשָׁעִים מִיט דִיא אוֹיס גֶעזְעצְטֶע צֶעהְן? הַא? דִיא וֶועלְט אִיז עֶפֶּעס הֶפְקֵר? בֶּאֱמֶת, אִין דֶער תּוֹרָה בַּייא דֶעם שְׁאֵלַת חָכָם אִין (דברים ו׳ כ׳) אוּנ בַּייא דֶעם שְׁאֵלַת רָשָׁע אִין (שמות י״ב כ״ו) שְׁטֶעהְט גָאר נִיט אַז דָאס הָאט גֶ׳ פְרֶעגְט אַ חָכָם אוּנ דָאס אַ

רשע

רשע, נא איז דאך דיא קשיא זייער גרויס אונ שטארק, פון וואנען נעמט מען דאס ארויס? אונ גלאט איז דאך א פלא, עס איז עפעס א גרויסע קונסט צו באקומען א רשע אונ פרעגין איהם וואס מיינט ער מיט דעם ווארט „לכם" אפשר וואלט ער זיך גאר פאר ענטפערט, וויא קאן מען דאס דן זיין א מענשין אהן חקירה ודרישה? דער כלל איז דיא מפרשים שוואגען דאך בוודאי ניט, מע זאגט מע טאלקעוועט, עס איז אבער אהן טעם, נאר עס איז נאך א נס, וואס דעם רשע ארט דאס ניט וואס מע האט איהם שטארק בעליידיגט, ער איז בטבע ניט קיין שלעכטער מענש, אזוי לאנג מע שלאגט איהם ניט, מע האקט איהם ניט אויס דיא צעהן, ארט איהם ניט וואס דער עולם רעדט אויף איהם. —

אט מכח דעם ענין האט אונזער מגיד געוויזין קאפ שטיק, ער איז ארויף מיט אלע פיהר אויף דעם פסוק אין (שמות י"ב כ"ו) אונ ער האט דארטין אזוי פיל געארבייט ביז ער האט דעם פסוק געמאכט חרב ונחרב, ער האט אלעס געשפארט פון ווארט „עבודה" אז דער רשע האט געריפען דורך רשעות אלע מצות „עבודה" עס הייסט א שווערע ארבייט, ארויף געלייגט אופין נאראד, אי עס געפינט זיך א סאך פסוקים וואס רופען אליין אן דיא שמות מיטין לשון „עבודה?" מאכט זיך דער מגיד דער פון כלא יודע, ער קלעהרט זיך אז דער רשע האט דאך שוין לאנג קיין ספר אין האנד ניט געהאלטין פרעגט איהם בחרם וויא וואס עס געפינט זיך אין תנ"ך, אט דער וועיל איז ער גיט גע פאקט. —

אין אזעליכע זאכין האט ער גערולט א קאפ, געפלאנטעט מיטין צינג, ביז ער איז פאר פלויגין אזש צום „חד גדיא", דא האט ער זיך שוין א ביסיל אב גערוהט, אב געווישט דעם שווייעס, אויס געהוסט זיך, דער גאנצער עולם האט אויך דער וועיל גיט אויס געשנאצט דיא נעז, א טייהעל אויף דער ערד, אונ מעהרער אויף יענעמס מלביש, אלע ווארטין צו הערין דעם פירוש פון חד גדיא, דער זאגער האט אנגעהויבין פאנאנדער לעגין פארין עולם אלע פרושים, וואס ביז זיין צייט האט מען שוין געזאגט אויף דעם.

למשל, „חד גדיא" איז יוסף הצדיק, מחמת דיא ברידער האבין געקוילעט א ציגעלע, כדי איינטינקין דאס העמדיל אין זיין בלוט, נא דאכט זיך גיט קיין שלעכטער פלאן אז חד גדיא זאל זיין יוסף הצדיק, חלעבען עס ווייזט אויס אז דאס איז כמעט איין אמת, עס קומט אבער ניט גיט אויס ווייטער מיטין הינד אונ מיטין שטעקין, איהר מיינט אז מיט דער „שונרא" איז מען שוין גאר פארטיק, זיא וויל אויך ניט זיין „יהודה" וואס ער האט אויף גענעמין דאס ציגעלע, עס הייסט: ער האט פאר קויפט יוסף'ן פאר א קנעכט, נארום אין אמת, וויא קומט „שונרא" זיין א טיטול פאר „יהודה"?

נא האט איינער א מפורש געזאגט, אז דאס געהט גאר אויף „ירבעם

בֶּן נְבָט״, וָואס עֶר הָאט גֶעמַאכְט דִיא צְווֵייא עֲגָלִים, אוּנ דֶערִיבֶּער שְׁטֵייט צְווֵייא מָאהְל „חַד גַּדְיָא, חַד גַּדְיָא״, אַיי עֶר הָאט דָאךְ גָאר גֶעמַאכְט אַ קַאלְבּ, אוּנ דָאס אִיז גָאר אַ צִיג? נֵיין דָאס מַאכְט דַוְקָא נִיט אוֹיס, אִין פָּסוּק שְׁטֶעהְט „עֵגֶל לֶעבִּין גְּדִי״ עֶס שְׁטֶעהְט „עִזִּים מָאתַיִם וּתְיָשִׁים עֶשְׂרִים״ אוּנ אַ בָּאק אִיז בִּבְחִינַת קֶעלְבִּיל, וֶוער עֶס הָאט נָאר אַ יְדִיעָה חָאטְשׁ אַבִּיסִיל אִין נִסְתָּר פַאר־שְׁטֶעהְט דָאס שׁוֹין זֶעהְר גִיט, כְּהֵיכָא תֵּיתֵי, נִיט שְׁטַארְק שְׁלֶעכְט, עֶס נֶעמְט אֲפִילוּ דֶער שֵׂכֶל, אָבֶּער דֶער מֶקַח „תְּרֵי זוּזֵי״ קִימְט אוֹיס גָאר נִיט מִיט תֵּן.

דֶערִיבֶּער אִיז אֵיינֶעם גֶעפַעלִין גָאר אַנְדֶערְשׁ, אַז „חַד גַּדְיָא״ מֵיינְט מֶען דֶעם „מַן״ וַוייל עֶס שְׁטֶעהְט „וְהוּא כְּזֶרַע גַּד״ אִיז גַּדְיָא לָשׁוֹן „גַּד״ תְּרֵי זוּזֵי אִיז דֶער פְּשַׁט וַוייל דֶער מַן אִיז גִיוֶועזִין כְּזֶרַע גַד, אוּנ וְוידֶער „כְּצַפִּיחַת בִּדְבָשׁ״, דֶער פֵּירוּשׁ זָאל מִיר נִיט שְׁטְרָאפֶען פַאר דִיא רֵייד, אִיז טַאקִי נִיא בֶּע, נִיא מֶע, נִיא קוּקֶערִיקָא.

בַּייא אֵיינֶעם אִיז גָאר אַ סְבָרָא גִיוֶועהְן צוּ זָאגֶען אַז „חַד גַּדְיָא חַד גַּדְיָא״ גֶעהְט גָאר אוֹיף דִיא יוּדֶען אִין דֶער מִדְבָּר, וָואס הָאבִּין גִיזָאגְט „נַעֲשֶׂה וְנִשְׁמַע״ אוּנ דָאס וָוארְט „גַּדְיָא״ אִיז פוּן לָשׁוֹן הַגָּדָה, עֶס הֵייסְט: „זָאגֶען״ אִיז דֶער פְּשַׁט חַד גַּדְיָא אֵיין זָאג, חַד גַּדְיָא נָאךְ אַ זָאג, וָואס דִיא יוּדֶען הָאבִּין גִיזָאגְט „נַעֲשֶׂה וְנִשְׁמַע״ „דְזַבִּין אַבָּא״ וָואס דֶער טַאטֶע הָאט זֵייא גִיקוֹיפְט „בִּתְרֵי זוּזֵי״ פַאר דִיא צְווֵייא רִיהְרוּנְגֶען וָואס דִיא יוּדֶען הָאבִּין זִיךְ גֶערִיהְרְט צוּ זָאגִין „נַעֲשֶׂה וְנִשְׁמַע״ אוּנ „זוּזֵי״ אִיז אַ פָּנִים לָשׁוֹן „וְלֹא זָז מִשָּׁם״, נָא דָאס אִיז שׁוֹין אֲפִילוּ גָאר נִיט שְׁלֶעכְט, נָאר וָואס מַאכְט מֶען דָא וַוייטֶער מִיט דֶער „שׁוּנְרָא״? עֶס אִיז אֲפִילוּ קֵיין גְרוֹיסֶער קוּנְסְט נִיט צוּ זָאגִין אַז דִיא שׁוּנְרָא אִיז דֶער יֵצֶר הָרָע, אוּנ דֶער יֵצֶר הָרָע הָאט גִיוָואלְט בַּייא דִיא יוּדֶען אוֹיף עֶסִין דִיא צְווֵייא צִיגֶען, דָאס אִיז דֶעם „נַעֲשֶׂה וְנִשְׁמַע״ נָאר וֶוער וֶועט זַיין דֶער „כַּלְבָּא?״ דֶער „חוּטְרָא?״ „דָאס פַייֶער?״ „דָאס וַואסֶער?״ „דֶער אָקְס?״ „דֶער שׁוֹחֵט?״, עֶס אִיז טַאקִי בֶּאֱמֶת צוּ פִיל אָן גִיפְּלוֹידֶערְט אַז מֶע קָאן קֵיין טָאלְק נִיט דֶער גֶעהְן.

אָט אִיז גָאר אֵיינֶער אַרוֹיף גִיקוּמֶען מִיט אַ פְרִישֶׁען פְּלַאן, טְרֶעפְט וָואס? עֶר זָאגְט פַּאק אַז דָאס אִיז גָאר אַ מָשָׁל אוֹיף דִיא צְווֵייא „שְׂעִירִים״ פוּן יוֹם כִּפּוּר, וָואס אֵיינֶער אִיז גִיוֶועזִין צוּ גָאט אוּנ אֵיינֶער צוּם עֲזָאזֵל, נָא וִויא גִיפֶעהְלְט עֶס אַיךְ? אַ קוּק אִיז דָאס, נָאר וִויא הֵייבְּט מֶען אָן מִיט דֶעם פְּלַאן צוּ קְרִיכֶען וַוייטֶער? זָאל אִיךְ אַזוֹיא וִויסֶען בֵּייז וִויא אִיךְ וֵויים נִיט מִיט וָואס פַאר אַ פָּנִים מֶע גֶעהְט אֲפִילוּ צוּ צִי דֶער שׁוּנְרָא, אוּנ אַ פְּשִׁיטָא שׁוֹין צוּם כַּלְבָּא דֶעם עֲזוּת פָּנִים, עֶר וֶועט פַאר הוּקֶען דִיא וֶועלְט.

לִיבֶּע לֶעזֶער! מֶע קָאן טַאקִי אַ שֵׁיין פָּנִים הָאבִּין פוּן אַזוֹינֶע פְּרוּשִׁים, הַא וָואס בֶּעדַארְפְט אִיהְר מֶעהְר אַז אֵיינֶער הָאט גָאר גִיוָואלְט זָאגִין אַז חַד גַּדְיָא גֶעהְט גָאר אוֹיף „יְהוּדָה״ מֵחֲמַת עֶר הָאט צוּ גִיזָאגְט דֶער פְרוֹיא „תָּמָר״

אציגעלע

אַ צִינְגֶעלֶע . . . נָא אַדְרַבָּה אִיךְ פְרֶעג אַייךְ הָאט דָאס עֶפֶּעס אַ טַעַם ? דֶער כְּלַל אִיז אוֹיס זָאגֶען אַלֶע פְּרוּשִׁים וָואס עֶס גֶעפִינֶען זִיךְ שׁוֹין אוֹיף דֶעם חד גַדְיָא , וֶועט נִיט גֶענוּג זַיין מְתוּשְׁלַח׳ס יָאהְרֶען , נָאר דָאס וֶועל אִיךְ זָאגֶען אַז נָאךְ קֵיינֶער הָאט בֶּאֱמֶת נִיט גִיטְרָאפֶען דֶעם פְּשַׁט פוּן דֶעם חַד גַדְיָא , אִיךְ הָאבּ שׁוֹין גַאנְץ גֶענוּג פְּרוּשִׁים גִיזֶעהֶן אוֹיף מַיין לֶעבִּין אוּנ אִיךְ בִּין נִיט רוּהִיג מִיט זֵייא .

אִיךְ מֵיין עֶפֶּעס אַנְדֶערְשׁ , הֲגַם אַ מֶענְשׁ טָאהָר זִיךְ נִיט בֶּערִיהְמֶען אוּנ זָאגִין „אִיךְ וֵויים ״ אָבֶּער אִין דִבְרֵי תּוֹרָה מֶעג יֶעדֶער זָאגִין זַיין חֵלֶק (אוּנ אֶפְשַׁר אִיז גְרַאדֶע זַיין נְשָׁמָה מְסוּגָל דֶער צוּ) אַ קַשְׁיָא אוֹיף אַ מַעֲשֶׂה , אֶפְשַׁר בִּין אִיךְ גָאר אַ גִלְגוּל פוּן דֶעם חַד גַדְיָא אַלֵיין , אִיךְ בִּין גָאר בֶּעשַׁאפֶען גִיוָוארִין כְּדֵי מְגַלֶה צוּ זַיין דֶעם סוֹד דֶער פוּן , אוּנ גְרַאדֶע אִיז דָאךְ טַאקִי אַ שְׁטִיקֶעל פֶּלֶא , מֶע זָאל אַרַיין נֶעמִין אַ חַד גַדְיָא אִין דֶער הַגָדָה אַרַיין אוּנ מֶע זָאל גָאר נִיט וִויסֶען וֶוער עֶס אִיז דֶער מְחַבֵּר דֶער פוּן ? וֶוען הָאט עֶר דָאס גִימַאכְט ? וָואס הָאט עֶר דָא גִימֵיינְט ? אוּנ וִויא בַּאלְד אַז מֶען אִיז גָאר בְּלִינְד מִיט׳ן מְחַבֵּר , צוּ וָואס זָאל מֶען זִיךְ גָאר מִיטְשֶׁען אוּנ מַאכִין פְּרוּשִׁים אוֹיף זַיינֶע רֵייד ? וֶוער אִיז גִיוֶועהְן דֶער עֶרְשְׁטֶער וָואס הָאט דָאס גָאר אִין דֶער הַגָדָה אַרַיין גִיבְּרַאכְט ? אִיךְ וֵויים נִיט . —

מֶע זָאגְט אַז עֶס גֶעפִינְט זִיךְ הַגָדוֹת פוּן אַלְטֶע דְרוּקֶען וָואס דָארְטִין אִיז נָאךְ גָאר נִישְׁטָא דֶער חַד גַדְיָא , אִיךְ וָואלְט אַ בַּעְלָן גִיוֶועהְן זֶעהְן אַזַא הַגָדָה , נָאר דֶער אֱמֶת אִיז אַז דִיא וֶועלְט אִיז נָאךְ דַאמָאלְס אֶפְשַׁר נִיט וֶוערְט גִיוֶועהְן צוּ זֶעהְן אַזַא לִיכְט ? אַי וָואס , דִיא עֶרְשְׁטֶע דוֹרוֹת זֶענִין דָאךְ פִיל בֶּעסֶער גִיוֶועהְן וִויא מִיר ? נֵיין בְּרִידֶער ! אִיהְר זֶעהְט דָאךְ אַז דֶער „זוֹהַר הַקָדוֹשׁ״ אִיז דָאךְ אוֹיךְ נִיט נִתְגַלֶה גִיוָוארִין אִין דִיא גַאנְץ אַלְטֶע צַייטֶען , דֶער הֵיילִיגֶער רמב״ן הָאט נָאךְ פוּן דֶעם זוֹהַר גָאר נִיט גֶעוואוּסְט אֲפִילוּ אַ רֶמֶז רְמִיזָה , נָאר עֶרְשְׁט דוּרְךְ זַיין תַּלְמִיד ר׳ משֶׁה דִילָאן אִיז דֶער גַאנְצֶער זוֹהַר מְפוּרְסָם גִיוָוארִין , נָא קָאן מֶען שׁוֹין פְרֶעגִין אַ קַשְׁיָא ? אִיהְר מֵיינְט אַז עֶס גֶעפִינֶען זִיךְ נִיט מֶענְשִׁין וָואס צְוֵוייפְלֶען אִין גַאנְצִין זוֹהַר אוּנ וִוילֶען גָאר חוֹשֵׁד זַיין דֶעם ר׳ משֶׁה דִילָאן אַז דָאס אִיז גָאר זַיין מְלָאכָה אַלֵיין , בֶּאֱמֶת אִיז אֲפִילוּ דֶער גְרוֹיסֶער גָאוֹן „ר׳ יעקב הֶעמְדֶען״ אוֹיךְ מַסְכִּים דֶער צוּ , עֶר הָאט גָאר גִימַאכְט אַגַאנְצִין סֵפֶר „הַמִטְפַּחַת״ וֶועגֶען דֶעם , עֶר וַוייזְט אוֹיס מִיט פִיל רַאֲיוֹת אַז דָאס אִיז נִיט פוּן דֶעם תַּנָא רשב״י ז״ל , אוּנ אִין סֵפֶר הַיוּחְסִין דְפוּס קוֹסְטַנְטִינָה (מַחֲמַת אִין אַלֶע סִפְרֵי הַיוּחְסִין פוּן אַנְדֶערֶע דְרוּקֶען אִיז שׁוֹין דָאס נִישְׁטָא) אִיז בֶּעשְׁרִיבֶּען דִיא גַאנְצֶע מַעֲשֶׂה , וִויא דָאס וַוייבּ אוּנ דִיא טָאכְטֶער פוּן דֶעם ר׳ משֶׁה דִילָאן הָאבִּין זִיךְ מוֹדֶה גִיוֶועהְן אַז זֵייא הָאבִּין אַלֵיין גִיהֶערְט פוּן אִיהְם אַז עֶר אַלֵיין אִיז גָאר דֶער מְחַבֵּר דֶער פוּן , נָאר מִיט אַ כַּוָונָה זָאגְט עֶר אַז עֶר הָאט דָאס גֶעפִינֶען כְּדֵי צוּ נֶעמֶען דֶער פַאר אַסַאךְ גֶעלְד בַּייא אַ גְרוֹיסֶען גְבִיר ,

נאר

נָאר פוּן דֶעסְטְוֶועגֶן הֶערְט דָאס דֶער עוֹלָם כְּלַל וּכְלַל נִיט, אוּנ דֶער זוהַר אִיז קוֹדֶש קָדָשִׁים.

אָט אַזוֹיא אִיז אֶפְשַׁר מִיט'ן חַד גַדְיָא אוֹיךְ גִיוֶועזֶן, עֶס אִיז גִילֶעגִין אָן גִישְׁרִיבֶּען בִּיז דִיא צַייט אִיז גִיקוּמֶען וָואס אֵיינֶער הָאט דָאס מְגַלֶּה גִיוֶועהְן, אוּנ כְּדֵי עֶס זָאל נִיט וֶוערִין אַ רֶעדֶע וִויא אוֹפֶן זוהַר, הָאט דֶער וָואס הָאט דָאס גֶעפִינְען גָאר נִיט גִיוָואלְט אוֹיס זָאגִין וֶוער עֶר אִיז, מֶע זָאל גָאר נִיט קָאנִין חַאפֶּען עֶפֶּעס אַ סְלֶיעד, מַחֲמַת עֶר הָאט שׁוֹין גִיהַאט דִיא פְּרַאקְטִיק פוּן דֶעם ר' מֹשֶׁה דִילָאן, אַזוֹיא קְלֶעהְר אִיךְ מוּז זַיין דִיא גֶעשִׁיכְטֶע, נָאר דֶער חַד גַדְיָא אִיז דַאמָאלְס נִתְגַלֶּה גִיוָוארִין, אָבֶּער דֶעם סוֹד דֶער פוּן אִיז נָאךְ דִיא וֶועלְט נִיט וֶוערְט גִיוֶועהְן צוּ וִויסֶען עַד הַיּוֹם הַזֶּה, עֶס קָאן גַאנְץ זִיכֶער זַיין אַז אִיךְ וַוייס נָאךְ אוֹיךְ נִיט, נָאר זָאגֶען מֶעג מֶען.

נָא לִיבֶּע לֶעזֶער! אִיהְר ווִילְט טַאקִי הֶערִין דֶעם פֵּירוּשׁ פוּן אוּנְזֶער זָאגֶער? אִיהְר קָאנְט אֶפְשַׁר מֵיינְען אַז עֶר הָאט טַאקִי עֶפֶּעס גִיזָאגְט אַ טִיפֶען עִנְיָן, נֵיין בְּרִידֶער! עֶס אִיז גָאר נִיט כְּדַאי צוּ פַאר נֶעמֶען זִיךְ דִיא צַייט אוּנ הֶערִין אַזֶעלְכֶע פְּלוֹידֶערַייא, עֶר הָאט אוֹיךְ וִויא אַלֶע מְפָרְשִׁים אוֹיס גִישְׁנָארֶעט מִיט צָרוֹת פוּן תנ"ךְ עֶפֶּעס אֵיינֶעם אוּנ הָאט אִיהְם כִּמְעַט מִיט גִיוַואלְד גֶענֶעמְהֶה אַז עֶר זָאל זַיין דֶער רֶעכְטֶער, חַד גַדְיָא" דֶער נָאךְ הָאט עֶר זִיךְ גִישְׁפִּיהְלְט מִיט דֶער שׁוּנְרָא, גֶערֵייצְט מִיט'ן כַּלְבָּא, גִימַאכְט קוּנְצֶען מִיט'ן חוּטְרָא, גֶעוַוארִימְט זִיךְ מִיט'ן פַייעֶר, גֶעפְּלֵיאסְקְעס זִיךְ מִיט'ן וַואסֶער, אָט אַזוֹיא הָאט עֶר זִיךְ גִימַאכְט בַּארֶעשׁ בִּיז מִנְחָה, דֶער עוֹלָם הָאט גִישְׁוִויצְט נֶעבַּאךְ גַאנְץ שְׁטַארְק פוּן עֶנְגְשַׁאפְט, אוּנ פְרֶעגְט וָואס הָאט מֶען דָא גִיהֶערְט? גָאלֶע שְׁטוּתִים אוּנ הֲבָלִים וָואס הָאט גָאר קֵיין מַמָּשׁ נִיט. —

בֶּאֱמֶת בִּין אִיךְ אַ לִיבְּ הָאבֶּער פוּן אַ מַגִּיד, נָאךְ מַיין דֵעָה אִיז אַ מַגִּיד פִיל נֵייטִיגֶער אִין אַ שְׁטָאט וִויא אַ רַב, אָבֶּער וָואס פַאר אַ מַגִּיד מֵיין אִיךְ? טַאקִי אַ מֶענְשִׁין מִיט שֵׂכֶל עֶר זָאל זַיין גוּט בֶּעלֶעזֶען אִין אַלֶע סִפְרֵי מֶחְקָר גוּט פַאר שְׁטֶעהְן דִיא וֶועלְט, פַאר שְׁטֶעהְן פַארְשִׁידֶענֶע קַארַאקְטֶערֶען פוּן מֶענְשִׁין, וִויסֶען דִיא רֶילִיגְיָאן וִויא מֶע בֶּעדַארְף, זַיין אַ שְׁטַארְקֶר רֶעדְנֶער, אַ וִויכְטִיגֶער בַּעַל תנ"ךְ וְדִקְדּוּק, אַ גְרוֹיסֶע בַּעַל אַגָּדָה, אַ בָּקִי אִין דֶער וֶועלְט גֶעשִׁיכְטֶע, אָט אַזַא מַגִּיד קָאן בֶּעסֶער בְּרֶענְגִין נוּטְצֶען דֶער שְׁטָאדְט, וִויא אַ רַב אַ חָרִיף וָואס ווִיל נָאר צוּ בַּאנְד פִיהְרֶען אַ וַואנְט מִיט אַ וַואנְט, אַזַא מַגִּיד קָאן טַאקִי אַרוֹיף פִיהְרֶען דִיא בַּעֲלֵי בָּתִּים אוֹיף אַ רֶעכְטֶע קִינְדֶער עֶרְצִיהוּנְג אוֹיף אָרֶענְדְ־לִיכֶע פַּארַאדְקֶעס אִין שְׁטָאט זַאכֶען, מְבַטֵּל זַיין פִיל נַארִישֶׁע מִנְהָגִים, אוֹיס־בֶּעסֶערִין דִיא זִיטֶען פוּן דִיא מֶענְשִׁין אוּנ אַלֶעם מִיט שֵׂכֶל, אַזַא מַגִּיד מוּטְשֶׁעט נִיט קֵיין פְּסוּקִים, פִיהְרְט נִיט קֵיין מְשָׁלִים פוּן בְּנֵי מְלָכִים מִיט צְוֵוייא בְּרִידֶער, דֶער צֶעהְלְט נִיט קֵיין שְׁטוּתִים פוּן יֶענֶער וֶועלְט, מַאכְט נִיט קֵיין בִּלְבּוּלִים אוֹיף מֶענְשִׁין וָואס זֶענִין דָער מָאנְט אִין תנ"ךְ, אָן זָאגִין אוֹיף זֵייא וָואס נִיט

גִישְׁטוּיגֶען אוּנ נִיט גִיפְלוֹיגֶען , נָא וָואס דֶען אִיז דֶער אִינְהַאלְט פוּן אַזַא סָארְט מַגִיד , עֶר נֶעהְמְט אַ שְׁטֶעהְלֶע פוּן תנ״ךְ אוּנ אִיז דָאס מְבַאֵר גָאר אֵיינְפַאךְ , שִׁילְדֶערְט אַרוּם דֶעם עִנְיָן זֵייעֶר אִסְטָאהְרֶעשׁ אוּנ קְרִיטֶעשׁ , בִּיז עֶר וַוייזְט דֶעם עוֹלָם דֶער פוּן אַ טִיפֶען מָארַאל , אַזַא מַגִיד הָאט שֵׂכֶל , נָאךְ יֶעדֶער צַייט , נָאךְ יֶעדֶער עִנְיָן וָואס עֶס קוּמְט נָאר פָאר אִין שְׁטָאט אוֹיס צוּ זִיכֶען אַזַא אַרְטִיקֶעל פוּן תנ״ךְ אָדֶער פוּן אַ מֶדְרָשׁ אוּנ דֶער פוּן וַוייזֶען וִויא אוּנ וָואס עֶס אִיז רֶעכְט צוּ טָאהְן , נִיט מִיט דְרוּשִׁים , נִיט מַאכֶען פְּסוּקִים פַאר קַאלִיקֶעס , נִיט קְרִיוַטְשֶׁען זַייא וִויא אַ בַּדְחָן דֶעם בְּמוֹצָאֵי יוֹם מְנוּחָה , וָואס אִיז ? עֶר וִויל דַוְקָא פַאר פַאקֶען דִיא מְחוּתָּנִים אוּנ חָתָן כַּלָּה אִין דֶעם פִּזְמוֹן , נָא דֶער פִּזְמוֹן הָאט נֶעבַּאךְ קֵיין בְּרֵירָה נִיט אוּנ מוּז זַייא אַבִּיין לָאזִין צוּ זִיךְ אִין דִירָה , חָאטְשׁ פַאר אַכְטָאגֶען הָאט אִיהְם דֶער אֵייגֶענֶער בַּדְחָן גֶעמוּטְשֶׁעט גָאר מִכּחַ אַנְדֶערֶע מְחוּתָּנִים , נָאר וָואס קָאן דָא דֶער פִּזְמוֹן דֶער צוּ הֶעלְפִין ? זַאטְשֶׁעפֶּען מִיט אַ בַּדְחָן אִיז אוֹיךְ פַאר אִיהְם נֶעבַּאךְ קֵיין עֵסֶק נִיט . —

אַזַא מַגִיד וִויא אִיךְ מֵיין בֶּעדַארְף מֶען טַאקִי גֶעבִּין אָרֶענְדְלִיכֶע שְׂכִירוֹת עֶר זָאל לֶעבִּין בְּכָבוֹד , עֶס זָאל נִיט זַיין „חָכְמַת הַמִסְכֵּן בְּזוּיָה״ דָאס הֵייסְט : דֶעם אָרִימְמַאנְס חָכְמָה הָאט קֵיין וֶוערְטְה אוּנ אַזַא מֶענְשׁ קָאן טַאקִי אוֹיס־ בִּילְדֶען אַ שְׁטָאדְט , זֶעהְן מֶע זָאל מַאכֶען קִינְדֶער פַאר מֶענְשִׁין וָואס זָאלִין טוֹיגֶען צוּ דֶער וֶועלְט , אוֹיף קְלֶעהְרִין דֶעם עוֹלָם אִין אַלֶע עִנְיָנִים עֶס זָאל נִיט זַיין קֵיין מַחֲלוֹקֶת צְווִישֶׁען דֶער גִימֵיינְדֶע זַייא זָאלֶען נִיט הָאבִּין צוּ טָאהְן אִיבֶּערֶען גַבָּאוֹת , אִיבֶּער דֶעם מַפְטִיר , אִיבֶּער דִיא חַזָנִים , זַייא זָאלִין אַ פָּנִים הָאבִּין בַּייא דֶער רֶעגִירוּנְג פַאר מֶענְשִׁין , אָבֶּער צוּ וָואס בֶּעדַארְף מֶען דִיא יֶעצְטִיגֶע מַגִידִים ? אֶמֶת זַייא קָאסְטֶען אֲפִילוּ נֶענוּג גֶעלְד אוּנ זַייא הָאבִּין נָאר אִין זִינֶען פוּסְטֶע זַאכֶען נָאר זֵייעֶרֶע אִינְטֶערֶעסֶען דַרְשֶׁה׳נֶען נָאר פוּן זֵייעֶרְט וֶועגֶען , זוּכֶען נָאר אַ קֶערְבִּיל , אוּנ דִילֶען נָאר דֶעם קָאפּ מִיט הֲבָלִים , וֶוענִיג שְׁטוּתִים הָאט יֶעדֶער מֶענְשׁ אֵייגֶענֶע וָואס עֶר הָאט זִיךְ אָן גִיהֶערְט נָאךְ אַלְס קִינְד אִין דֶער הֵיים אוּנ אִין דִיא חֲדָרִים , דַארְף עֶר זִיךְ נָאךְ אָן הֶערִין שְׁטוּתִים פוּן אַ דַרְשָׁן אַ מְטוֹרָף ? נָאךְ עֶרְגֶער פוּן דִיא שְׁטָאט בַּעַל דַרְשֶׁה׳עֶרְם , זֶענִין דִיא מַגִידִים וָואס לוֹיפֶען אַרוּם פוּן שְׁטָאט צוּ שְׁטָאט , דָאס זֶענִין גָאר שְׁנָארֶערְס פַאר דָארְבֶּענֶע בַּדְחָנִים , עֶס אִיז כִּמְעַט נִיט כְּדַאי אַרוּם זַייא צוּ רֶעדִין .

נָא לָאמִיר בֶּעסֶער דַאוֶוענֶען מִנְחָה אוּנ גֶעהְן עֶסִין שָׁלֹשׁ סְעוּדוֹת , אָדֶער בֶּעסֶער גִיזָאגְט „גֶעהְן מַאכִין הַמוֹצִיא״ נָאךְ שָׁלֹשׁ סְעוּדוֹת אִיז דֶער עוֹלָם גִיקוּמֶען צוּרִיק אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ עֶס אִיז שוֹין פִינְכְטֶערְלִיךְ , דֶער עוֹלָם פַאר בְּרֶענְגְט זִיךְ אֵיינֶער מִיט דֶעם אַנְדֶערִין אִין פַארְשִׁידֶענֶע שְׁמוּעֶסִין , אַנְדֶערֶע זָאגִין אַשְׁרֵי תְמִימֵי דָרֶךְ .

נאָר אונטערין אויווען האָבּין זיך פאַר קליבּען צווייא אָרענדליכע בעלי בתים אונ האָבּין געקריגען צו זיך דעם שטאָט אפיקורוס אונ האָבּין זיך אביסעל געפילאָזאָפירט אין כמה ענינים. —

---

## 9.

## א שמועס אונטער דעם אויווען.

זייט אַזויא גוט, איהר זענט דאָך יוא אַ מענש וואָס האָט אַ ידיעה אין אַלע ענינים, ערקלעהרט אונז אפשר ווייסט איהר, וואָס האָט דאָ דער מגיד עפּעס גיזאָגט מכח דעם זוהר? מיר האָבּין דאָס גאָר ניט גוט פאַר שטאַנען, דאָס ערשטע מאָהל אין אונזער לעבּין האָבּין מיר דאָס גיהערט אַז עס איז נאָר דאָ אַ ספק מכח דעם הייליגען זוהר, וואָס מעהר מע לעבּט הערט מען מעהר, מאַכט אונז קלאָהר אויב איהר ווייסט, עס אינטערעסירט אונז דיא זאַך נאָר שרעקליך. —

„הערט איהר בּרידער!“ האָט זייא גיענטפערט דער אפיקורוס, איהר זאָלט וויסען אַז אין דער יעצטיגער צייט איז מען שוין ריכטיג דער גאַנגין דעם סוד, אַז דעם זוהר האָט ניט גימאַכט ר׳ שמעון בּן יוחאי, אונ הגם דאָס איז ניט קיין נייעס וואָרום הגאון ר׳ יעקב עמדין האָט שוין אויס געוויזען מיט פיל ראיות אַז דער זוהר איז אַ שפּעטיג ספר ניט פון ר׳ שמעון בּן יוחאי, פון דעסטוועגין האַלט עס דער עולם ניט פאַר קודש, נאָר קודש קדשים, ווייא פיל מנהגים וואָס זענין כּמעט ווייא אַ געצענדינעראיי גיפינען זיך בּייא אונז פון דיא מקובלים, וואָס דער גרונד פון זייא איז נאָר דער זוהר, איהר ווייסט אַז כּפּרות שלאַגין איז אויך אַ פלאַן פון אַ מקובל, איהר ווייסט אַז אַסאַך חומרות וואָס מיר ווערין פון זייא פאַר שוואַרצט איז דאָס נאָר זייער מלאכה, ווייא פיל דינים געפינען זיך אין שלחן ערוך וואָס זענין גישטעלט נאָר על פי קבּלה? איבּער הויפּט שפּיעלט דער זוהר אַגרויסע ראָללע בּייא דיא חסידים, בּייא זייא איז אין אמת דער זוהר טייערער אונ הייליגער פון דער גמרא, נאָר וואָס זאָלין מיר ריידען פון חסידים אַז מיר מתנגדים זענין אויך ניט קליגער, בּייא אונז איז אויך ב״ה אַלעס גלייך, דיא הייליגע תורה מיט דער גמרא אונ דער זוהר מיט אַלע קבּלה ספרים, האָבּין בּייא אונז איין וויכטיגקייט, יעדער זאָגט אונז דינים, אַז דאָס קאָסט אונז געזונד, עס לאָסט אונז ניט לעבּין? דאָס האַרט גאָר קיינעם ניט, חלעבּען, למשל וואָס האַרט דעם רב אַז ער שלאָגט

כפרות מיט א גוטען האן ? און דיא רעביצען מיט א גוטע א פעטע הין ? און מע עסט דאפון א גוט יאכעל מיט קרעפליך, שחיטה געלד קאסט אויך ניט, נא לאז דאס זיין אפילו א מנהג שטות וועמענס דאגה איז דאס ? אבער דער געמיינער מאן געבאך קויפט עטליכע עופות דארע וויא דיא שפענער און דארף נאך צאהלען שחיטה געלד פון יעדער כפרה 4 קאפ׳, און אבשטעהן ביי דעם שוחט עטליכע שעה אין ענגאפט און אין צרות, און פרעג וואס ? איהר זייט דאך יודען לומדים געפינט זיך אזעלכע פזמונות אין דער גמרא ? עס איז באמת ניט כדאי צו ריידען, ווארום איהר האט דאך גיזעהן וואס דא האט זיך גיטאהן דער פאר וואס איך האב זיך אריין געמישט מכח דיא „קטניות" ארבעס, אדרבה זאגט אליין בין איך אפשר ניט גירעכט ? איהר זענט אפילו אויך צו ארטעדאקסעס, נאר דאך זענט איהר מענשין מיט שכל, דער חסרון איז נאר פון אייך, וואס א חוץ דיא טריקענע גמרא וואס איהר לערינט, זעהט איהר ניט קיין אנדער ספר אין דיא אויגען, ווען איהר וואלט אביסעל געקוקט אין זייטיגע ספרים פון אונזערע חכמים, ווען איהר זאלט וויסען גוט דיא גאנצע געשיכטע פון יודען זינט נאך דעם ערשטין חורבן ביז יעצט, דאן וואלט איהר גאר אויף אנאנדערין אופן פאר שטאנען דיא גמרא, איהר וואלט געוויכט אויף וואס פאר איין ארט האבין זיך יודען ארויף גישלאגען אויף אזא פאראדאק וויא יעצט איז, וויא אזויא האט זיך דאס גימאכט ? וועלכע סבות האבין דאס מיט גיבראכט ? דאמאלס וואלט איהר מודה גיוועהן אז מע ווערט אוים געריסען אין כמה וכמה ענינים גאר אומזיסט, מע וועט אונז קיין שכר ניט געבין, ניט אויף דער וועלט ניט אויף יענער וועלט, פאר דעם גאנצין פאר פסח וואס מע קומט אפ ערגער וויא אין קאטערגע, נאר באמת איז וויא דער פסוק זאגט „והמשכיל בעת ההיא ידום" אין דער צייט ברויכט נאר א קלוגער צו שווייגען, אבער דאס זאלט איהר וויסען איך האב גיזאגט און איך וועל זאגין, אז דאס אלעס וועט אזויא ניט זיין, עס געהט אנאנדערע צייט און דיא אלע פאראדקעס וועט מוזען נעמין א רעפארים, דאס קאן אזויא ניט בלייבין וויא יעצט. —

דיזע צוויא מענשין זענין פון דיא רייד זייער גערירט גיווארין און האבין אזויא גיזאגט : „נא אייערע רייד איז אפילו מיט שכל, עס ווייסט אוים אז דאס איז קרוב לאמת, נאר דאס וועלין מיר אייך פרעגין, דער רב זאל גיזונד זיין קאן דאך אזויא פיל לערנין וויא איהר ? ער האט דאך מן הסתם אויך גיזעהן דיא אלע מאמרים און דיא ספרים וואס איהר מיינט, נא פאר וואס געהט ער תמיד מיט דער אלטער מעטאדע ? ער אליין היט אויך אפ דיא אלע מנהגים וואס איהר זאגט אז דאס איז הבל הבלים ? איהר מיינט אז דאס וואס ער האט אייך ניט גיענטפערט איז מחמת איהר האט איהם מנצח (בעזיגט גיוועהן, ניין חלילה ! ער איז דאך פארט א גאון, א שפאס זיין בקיאות

געניטשאפט

(גְענִיטְשַׁאפְט) אִין שַ״ס בַּבְלִי אוּנ אִין יְרוּשַׁלְמִי ׃ אַ שְׁפַּאס זַיין חֲרִיפוּת ? עֶר אִיז דָאךְ יָא אַ מְפוּלְפָּל וָואס קָאן אוֹיס רַייסֶען בֶּערְג אוּנ צוּ רַייבֶּען זֵייא, דֶעם שׁוֹחֵט׳ס שְׁטִיף זוּהְן אִיז אוֹיךְ אַ מוּפְלָג גָדוֹל, וֶוער רֶעדְט דֶער מַתְמִיד ? אִיז גָאר אַ חֶרֶב חַדָה, אַ ווִילְדֶער חַרִיף, אָבֶּער גֶעגֶען אוּנְזֶער רָב זֶענֶען זֵייא טַאקִי אַלֶע כִּקְלִיפַּת הַשׁוּם (וִויא אַ שָׁאלֶעכְטֶץ פוּן אַ קְנָאבִּיל), אוֹיף אִיהְם קָאן מֶען טַאקִי זָאגִין וִויא אוֹיף יוֹנָתָן בֶּן עוּזִיאֵל, אַז בְּשַׁעַת עֶר לֶערִינְט אִיז „כָּל עוֹף הַפּוֹרֵחַ עָלָיו בְּאַוִיר מִיַד נִשְׂרָף״ יֶעדֶער פוֹיגֶעל וָואס פְלִיהֶעט אִיבֶּער אִיהְם וֶוערְט פַאר בְּרֶענְט, נָא דַארְף מֶען פַאר שְׁטֶעהְן אַז עֶר הָאט גִיקָאנְט אַיךְ מְבַטֵל זַיין מִיט אַייעֶר שְׁטוּעֶס, נָאר מִן הַסְתָם הָאט עֶר אִין דֶעם אַ טַעַם גִיהַאט וָואס עֶר הָאט גָאר גִישְׁוִויגֶען, מֶע זָאגְט טַאקִי (מִיר זֶענֶען נִיט גִיוֶועהְן דֶער בַּייא) אַז עֶר זָאל לֶעבִּין הָאט עֶפִּיס יוֹא אַ ווִינְק גִיגֶעבִּין, פַאר וָואס עֶר הָאט גִישְׁוִויגֶען . . .״—

„הֶערְט לִיבֶּע יוּדֶען ׃״ הָאט זֵייא גִיעֶנְטְפֶערְט דֶער אַפִּיקוֹרוֹס אַבִּיסֶעל צוּ קָאכְט, „הֶערְט נָאר מִיךְ צוּ עֶטְלִיכֶע וֶוערְטֶער, אִיךְ וֶועל מִיט אַייךְ אַסַאךְ נִיט פַאר בְּרֶענְגִין״ אִיךְ זֶעה אוּנ ווֵייס אַז אַזֶעלְכֶע מֶענְשִׁין וִויא אִיהְר, וֶועט דָאס נִיט הֶעלְפִּין, אַז אִיךְ זָאל אֲפִילוּ מִיט אַייךְ טָאלְקֶעוֶוען יָאהְרֶען לַאנְג, נָא צוּ וָואס זָאל אִיךְ פַאר דַארְבֶּען מַיינֶע רֵייד בְּחִנָם ? נָאר דָאס וֶועל אִיךְ אַייךְ זָאגִין, אִיךְ בֶּעט אַייךְ נָאר נִיט אִין כַּעַס צוּ וֶוערִין אוּנ אוֹיס הֶערִין מִיט גֶעדוּלְד מַיינֶע רֵייד, דֶער נָאךְ וֶועט אִיהְר שׁוֹין מֶענִין זָאגִין וָואס אִיהְר וָועט וֶועלִין״.—

„אִיהְר ווֵייסְט בְּרִידֶער ׃״ אַז אִיהְר לֶעבְט גָאר אִין טָעוּת, אִיהְר קָאנְט זִיךְ גָאר נִיט פָאר שְׁטֶעהְלִין אַז אַ גָאוֹן וָואס אִיז אַ בָּקִי אִין גַאנְץ שַ״ס בַּבְלִי וִירוּשַׁלְמִי אוּנ אִין אַלֶע פּוֹסְקִים, זָאל זִיךְ לְסוֹף אוֹיס לָאזֶען אַז עֶר קָאן גָאר נִיט לֶערְנֶען ?

מִיט גְרוֹיס כַּעַס, הָאבִּין זִיךְ אַ חַאפּ גִיטָאהְן דִיא צְוֵוייא מֶענְשִׁין אוּנ הָאבִּין אַ גִישְׁרֵייא גִיטָאהְן „וָואס זָאגְט אִיהְר ? אִיהְר זֶענְט מְשׁוּגָע ? צוּ וָואס ? וִויא הֵייסְט אַ גָאוֹן זָאל נִיט קָאנֶען לֶערְנִין ? פַאר וָואס דֶען אִיז עֶר אַ גָאוֹן ?״ —

„זֶעהְט בְּרִידֶער ׃״ הָאט עֶר זֵייא גִיעֶנְטְפֶערְט, אִיךְ הָאבּ דָאךְ מִיט אַייךְ עֶפִּיס אַ תְּנַאי גִיהַאט, אַז אִיהְר זָאלְט נִיט זַיין אִין כַּעַס אוּנ נִיט אִיבֶּערְ־שְׁלָאגִין מִיר אִין מִיטֶען דִיא רֵייד, אִיהְר פַאר שְׁטֶעהְט נָאךְ גָאר נִיט וָואס אִיךְ מֵיין, נָאר אִיךְ זָאל אַייךְ דֶעם עִנְיָן עֶרְקְלֶעהְרִין מִיט פַאקְטֶען פוּן דֶער גְמָרָא אִיז גָאר נִיט יֶעצְט דִיא צַייט, דַארוּם וֶועל אִיךְ אַייךְ דִיא זַאךְ גֶעבִּין צוּ פַאר שְׁטֶעהְן מִיט אַ מָשָׁל, נָאר לֵייגְט גוּט צוּ דֶעם קָאפּ אוּנ הֶערְט זַייט מוֹחֵל גוּט צוּ מַיין מָשָׁל, דֶער עִנְיָן אִיז זֵייעֶר טִיעֶף אוּנ שַׁארְף זִינִיג . —

אֵיינֶער אַגְרוֹיסֶער גְבִיר וָואס הָאט גִיהַאט אֵיינִיגֶע פַאבְּרִיקֶען פוּן טוּךְ אוּנ פוּן צוּקֶער, זֵייעֶר אַגְרוֹיס גִישֶׁעפְט פוּן כַּמָה מִילְיָאנֶען רוּבֶּל זִילְבֶּער, הָאט בַּעדַארְפְט מִיט זַיין פַאמִילְיֶע אַרוֹיס פָארֶען אִין אַנַאנְדֶערֶע גֶעגֶענְד, הָאט עֶר

אוֹיס

אוים גְעזיכט אַ וויכְטיגֶען בּוּכְהַאלְטֶער, אַגְרוֹיסֶען מַאטֶעמַאטִיקֶער וָואס אִיז גוּט גֶעניהְט גִיוֶועזִין אִין גִישֶׁעפְטֶען, אוּנ הָאט אִיהְם אִיבֶּער גִיגֶעבִּין דִיא גַאנְצֶע גִישֶׁעפְטֶען, עֶר זָאל זַיין דֶער גַאנְצֶער פִיהְרֶער פוּן דֶעם עֵסֶק, טָאהְן אַלֶעס נָאךְ דֶער צַייט מִיט גְרוֹיס אִיבֶּערְלֶייגוּנְג, וֶועדְלִיג דָאס עֵסֶק וֶועט פָאדֶערְען פוּן אִיהְם, אַמָאהְל פַאר גֶרֶעסֶערְין אוּנ אַמָאהְל פַאר קְלֶעהְנֶערִין דָאס גִישֶׁעפְט לוֹיט דִיא צַייט וֶועט מִיט בְּרֶענְגִין. —

דָאס גַאנְצֶע עֵסֶק בְּשַׁעַת עֶר הָאט עֶס אִיבֶּער גִיגֶעבִּין אִיז בֶּעשְׁטַאנֶען פוּן צְוֵוייא מִילְיָאן רוּבֶּל, אִין דֶעם הָאט עֶר אִיהְם גִיזָאגְט אִיז אֵייגֶען קַאפִּיטַאל אוּנ וַוייטֶער וִויא פִיל דָאס גִישֶׁעפְט וֶועט פָאדֶערְען זָאל עֶר נֶעמֶען אוֹיף פְּרִיצֶענְט, פוּן דֶעם גִישֶׁעפְט זָאל דֶער בּוּכְהַאלְטֶער אִיהְם אַרוֹיס שִׁיקֶען אַלֶע יָאהְר הִינְדֶערְט טוֹיזִינְד רוּבֶּל, דָאס אִיז מֶעהְר נִיט וִויא 5 פְּרִיצֶענְט, אוּנ דָאס טְרָאגְט דָאס גִישֶׁעפְט אֲפִילוּ גָאר אִין דֶער שְׁלֶעכְטֶער צַייט. —

דיזער גישעפטס פיהרער האָט דאָס עסק געפיהרט זעהר גוט, ער איז אין איהם גיוועהן גאנץ שטארק גניהט, געהאלטין אופן מוח אלע נענעג־שטענדע פון דעם גאַנצין גישעפט, ער איז זעהר קלאָהר גיוועהן אין אלע פרטים מקטון ועד גדול, ער האָט געהיט דיא ביכער עס זאָל שטיממען דיא הוצאה מיט דער הכנסה, ביז 1 צעהנטיל קאָפּ', דער כלל איז ער האָט נאר ניזעהן אז דאָס עסק זאָל טראָגין דאָס פריצענט פון דעם פרעמדין געלד, אונ דיא הונדערט טויזינד רובל וואָס ער דאַרף שיקען אלע יאָהר דעם פרינצעפּאַל — צייטענווייס פלעגט ער פאַר קלענערין פיל סאָרטען פון דיא פאַבריקען, ווען עֶר הָאט בַּאמֶערְקְט אַז זֵייא בְּרֶענְגִין נִיט קֵיין נוּטְצֶען, אוּנ עֶס פַאלְט נָאךְ דֶערוֹיף פְּרִיצֶענְטִין, דִיא אַלֶע מֶענְשִׁין וָואס פְלֶעגִין אָפְּט אוּנ אָפְּט פָאר קוּמֶע' אִין גִישֶׁעפְט וֶועגֶען פַארְשִׁידֶענֶע עֲסָקִים, פְלֶעגִין שְׁטַארְק בֶּעוואוּנְדֶערְין דִיזֶע' בּוּכְהַאלְטֶער, וָוארוּם זֵייא פְלֶעגִין זֶעהְן זַיין גְרוֹיסֶע פֶעהִיגְקֵייטֶען אִין גִישֶׁעפְט אוּנ זַיין גְרוֹיסֶע יְדִיעָה אִין אַלֶע פְּרָטִים פוּן אַזַא גְרוֹיסֶען עֵסֶק. —

צוּם סוֹף הָאט זִיךְ אוֹיס גִילָאזְט, אַז דֶער גְרוֹיסֶער גְבִיר הָאט גִימַאכְט אַגְרוֹיסֶען אָנְזֶעץ אוֹיף כַּמָה מִילְיָאן רוּבֶּל, דִיא פַאבְּרִיקֶען הָאבִּין זִיךְ גִישְׁטֶעלְט עֶס אִיז שׁוֹין נִיט גִיוֶועהְן מִיט וָואס זֵייא צוּ פִירֶען, דֶער בּוּכְהַאלְטֶער הָאט אַלֵיין גָאר נִיט פַאר שְׁטַאנֶען בִּיז דֶער לֶעצְטֶער מִינוּט פוּן וַואנֶען דָאס הָאט זִיךְ גִינוּמֶען? אוּנ דֶעם גַאנְצִין עוֹלָם אִיז דָאס אוֹיךְ גִיוֶועהְן אַגְרוֹיס חִידוּשׁ, גִיוַואלְד! אַזַא בַּעַל חֶשְׁבּוֹן, אַזַא קָאפּ, זָאל הָאבִּין אַזַא טָעוֹת? וִויא קָאן דָאס זַיין? וָוארוּם הָאט עֶר פְרִיהֶער נִיט בֶּעטְרַאכְט, נִישְׁט צוּ דֶער לָאזִין צוּ אַזַא גְרוֹיסֶען אוּנְגְלִיק, דֶער פוּן זֶעהְט מֶען דָאךְ אַרוֹיס גָאר דַייטְלֶעךְ אַז עֶר הָאט אַ פָּנִים דָאס גַאנְצֶע עֵסֶק גָאר נִיט פַאר שְׁטַאנֶען, אִין אֶמֶת אִיז דָאס אַ פֶּלֶא! —

נָאר הֶערְט דִיא מַעֲשֶׂה, דֶער בּוּכְהַאלְטֶער הָאט נָאר אִין אֵיין זַאךְ אַ טָעוֹת גִיהַאט, אִין אֵיין זַאךְ אִיז עֶר גִיוֶועהְן גֶענַארְט אוּנ צוּ לִיבּ דֶעם אִיז דֶער

גאנצער

גאַנצֶער גִישֶׁעפְט גִינַאנְגֶען צוּ גְרוּנְד, וָואס אִיז? דָאס וָואס דֶער גְבִיר הָאט אִיהְם אָן גִינֶעבִּין צְוֵויא מִילְיָאן רוּבֶּל פַאר אֵייגֶען קַאפִּיטַאל אִיז גִיוֶועהְן נָאר אַ שֶׁקֶר מוּהְלָט, דָאס אִיז אוֹיךְ גִיוֶועהְן פְרֶעמְד גֶעלְד, דֶער גְבִיר הָאט פַאר זִיךְ גֶעדְרֵייט הַלְוָאוֹת אוֹיף דִיא צְוֵויא מִילְיָאן גִיצָאהְלְט פְּרִיצֶענְטִין, דָא גִינוּמֶען דָא גִיגֶעבִּין, אוּנ אַזוֹיא הָאט מִיט דֶער צֵייט דָאס פְּרִיצֶענְט אוֹיף גִיגֶעסִין דֶעם קֶרֶן, וָואס דֶער בּוּכְהַאלְטֶער הָאט דָאס נִיט גִיקָאנְט אַרוֹיס זֶעהְן וַוייל עֶר הָאט פוּן דֶעם סוֹד נִיט גֶעוְויסְט, עֶר הָאט גִימֵיינְט אַז דָאס אִיז אֵייגֶען גֶעלְד, אוּנ מֶען דַארְף פַאר דֶעם קֵיין פְּרִיצֶענְט צָאהְלֶען.

נָא בְּרִידֶער! פַאר שְׁטֶעהְט אִיהְר גִיט דֶעם מָשָׁל! מִיט אֵיין וָוארְט, דֶער פִיהְרֶער פוּן גֶעשֶׁעפְט בְּרוֹיכְט צוּ וִויסִין רִיכְטִיג וִויא פִיל קַאפִּיטַאל עֶס אִיז דָא אֵייגֶענְס, אוּנ וִויא פִיל פְּרֶעמְדְס, וָוארוּם דִיא הַלְוָאוֹת אִיז מֶער נִיט נָאר זֵייא זָאלִין הֶעלְפִין אַז דֶער אֵייגֶענֶער קַאפִּיטַאל זָאל טְרָאגִין רֶוַח, אוֹיבּ מֶע קָאן נִיט הוֹיבֶּען דָאס גֶעשֶׁעפְט מִיט דֶעם אֵייגֶענֶעם גֶעלְד, דֶערוּם אַז מֶען זֶעהְט, אַז דָאס פְּרֶעמְדֶע גֶעלְד טְרָאגְט נִיט אֲפִילוּ דָאס פְּרָאצֶענְט, מוּז מֶען דָאס עֵסֶק פַאר קְלֶענֶערִין, דֶער כְּלָל אִיז דֶער לֵייגִין צוּ פְּרֶעמְד גֶעלְד, טָאהְר מֶען גִיוִויס נִיט, צוּ דֶער אֵייגֶענֶעם קָאן מֶען דָאךְ נִיט הֶעלְפִין, וִויא פִיל עֶס טְרָאגְט מוּז גוּט זַיין.

דֶערִיבֶּער אַז דִיזֶער מַאן הָאט גִילֶעבְּט אִין טָעוּת, אוּנ הָאט גִירֶעכִינְט פְּרֶעמְדְס פַאר אֵייגֶענְס, הָאט עֶר דָאךְ דֶער פוּן גָאר נִיט גִירֶעכִינְט דָאס פ״צ פִינִ׳ם גֶעלְד, נָא הָאט עֶר גִיקְלֶערְט וָואס קָאן דָא זַיין, טְרָאגְט עֶס נִיט פִיל, אָבֶּער 5 פ״צ טְרָאגְט דָאךְ דָאס, קֵיין פְּרֶעמְד גֶעלְד אִיז דָאךְ דָאס נִיט נָא אִיז דָאךְ קֵיין סַכָּנָה נִיט.

בֶּאֱמֶת! דֶער גוּטֶער גִישֶׁעפְטְס מַאן, זֶעהְט אֲפִילוּ אַ מָאהְל מִיט אֵייגֶענֶעם קַאפִּיטַאל אוֹיךְ נִיט הַאנְדְלֶען, וֶוען עֶר זֶעהְט אַז דֶער הַאנְדִיל קָאן דֶעם גַאנְצִין קַאפִּיטַאל פֶּערְנִיכְטִין, עֶס אִיז פִיל בֶּעסֶער אַמָאהְל אוֹיף צוּ עֶסִין אֵיינִיגֶע הִינְדֶערְט רוּבֶּל, אֵיידָער רִיזֶעקִירִין זִיךְ מִיט אַ שְׁוַואכִין עֵסֶק, אוּנ אִיבֶּער פִיהְרִין דוּרְךְ דֶעם דָאס גַאנְצֶע קַאפִּיטַאל ח״ו. —

נָא לִיבֶּע בְּרִידֶער! יֶעצְט לֵייגְט צוּ גִיט דֶעם מוֹחַ, אוּנ הֶערְט דֶעם גִמָשָׁל: דֶער עִנְיָן אִיז זֵייעֶר טִיף אוּנ וִויכְטִיג, דִיא רִילִיגְיָאן אוּנְזֶערֶע דָאס אִיז דִיא פַאבְּרִיקֶע וָואס גִיט אַרוֹיס דִינִים פַאר דֶער גַאנְצֶער גֶעמֵיינְדֶע, אוֹיף דִיזֶע אַלֶע דִינִים זָאגְט עֵדוּת אוּנְזֶער הֵיילִיגֶע תּוֹרָה „אֲשֶׁר יַעֲשֶׂה אוֹתָם הָאָדָם וָחַי בָּהֶם” דָאס הֵייסְט: אַז דֶער מֶענְשׁ וֶועט אָבְּהִיטִין דִיא אַלֶע דִינִים, וֶועט עֶר קָאנֶען לֶעבִּין אִין פַארְגֶענִיגִין, בְּקִיצוּר דִיא תּוֹרָה אִיז אוּנְזֶער פַּרְנָסָה אוּנ אוּנְזֶער חִיוּת, זִיא אִיז פַאר אוּנְז אַ גִיט גֶעשֶׁעפְט, אִין דֶער רִילִיגְיָאן גֶעפִינְט זִיךְ אֵייגִין קַאפִּיטַאל, דָאס הֵייסְט דִינִים וָואס שְׁטֶעהְן אִין דֶער תּוֹרָה, וַוייטָער אִיז דָא אִין דֶער רִילִיגְיָאן פְּרֶעמְד גֶעלְד, דָאס הֵייסְט דִיא תַּקָּנוֹת, גְּזֵירוֹת, אוּנ נְדָרִים, וָואס דִיא גֶעשֶׁעפְטְס פִיהְרֶער דִיא בַּעֲלֵי הַתַּלְמוּד הָאבִּין צוּ גֶעלֵייגְט

צום קאפּיטאל, נאר צו ליב אז דיא פאבריק זאל קאָנען עקסיסטירן, פּונקט וויא דער גביר קאן א מאָהל מיט זיין אייגענעם פערמעגען ניט אָנהויבן דאס געשעפט, אָדער ווען אפּילו אז ער האט שוין אָנגעהויבן, קאן ער זיך אין מיטין עסק אנידער שטעלין, אזוי ריכטיג איז מיט דער רעליגיאָן, דיא קאפּיטאלנע מצות עס הייסט מצות מן התורה, קאָנען א מאָהל ביא פאר־שידענע סבות ניט מפרנס זיין דיא נאציאָן וויא נעהעריג איז, נאָ מוז מען מאכין א הלואה, עס הייסט א גדר, א חומרא, א תקנה, נאָ דאס קאסט שוין פּראָצענט אונ גאר א סאך, דיא גזירה מוז מען שוין מאכין אביסיל איבער־געטריבין, קאסט שוין געבאך דעם עולם געזונד אונ געלד 1) אָבער ווען איז כדי צו צאָהלין אזא שטארקין פּ"צ? נאר אז מען זעהט ארויס פון דיא הלואות אז זייא ניטצין צום עסק, אז זייא פארהיטין דאס קאפּיטאל, אָבער ניט אז דיא הלואות זענען נאך גאר מזיק דעם קאפּיטאל, נאָ דאכט זיך אז מען ברויכט פון זייא פּטור צו ווערין. —

מילא יעדער רב אין זיין שטאָדט איז דאך דער געשעפּטספיהרער פון דער רעליגיאָן, נאָ ברויכט ער גוט צו וויסין וויא פיל קאפּיטאל איז דא איינגענם, עס הייסט מצות פון דער תורה, אונ וויא פיל פרעמדע געלדטין עס גיפינט זיך וואס קאסטין גוטע פּ"צ, דאס הייסט, תקנות אונ גזירות, גדרים אונ סייגים, כדי ער זאל זיך וויסין וויא נוהג צו זיין מיט דיא הלואות ווען ער וועט זעהן, אז זייא העלפין גאר ניט צום קאפּיטאל, נאר פאר קעהרט זייא קאָנען נאך גאר אוים ברענגין דאס קאפּיטאל אין גאנצין, מחמת דאס פּראָצענט פון דיא גזירות אונ דיא פרישע דינים איז זייער גרוים, קאן שוין דער עולם דער נאך אפּילו דיא קאפּיטאלנע מצות אויך ניט מקיים זיין.

אָבער אז דער רב לעבט גאר אין טעות, אונ רעכינט אלע גזירות וחומרות אפּילו פון דיא פוסקים אחרונים אויך פאר מצות מן התורה, אָט דא איז שוין דיא שפּיעל פארען טייפעל, מיט קאפּיטאלנע מצות איז שוין אביסיל שווערליך איין עצה זיך צו געבין, דא ווען אפּילו עס טראָגט גאר ניט, מוז מען אפשר אויך שוואגין, דאס געשעפט מוז דאך געהן, חאטש אפּילו דיא גרויסע בוכהאלטערם, דאס הייסט: דיא גרויסע תלמודיסטען, פלעגין אָפּט אונ אָפּט פאר דיא קאפּיטאלנע מצות אויך זיך ניט שטארק זארגין, נאר ווען? אז זייא האבין

---

1) פון דעסטוועגין גאר א גרויסין פּראָצענט האבין אונזערע חכמים אויך קיין חשק ניט געהאט צו צאָהלין, דערום זאָגין זייא „אין גוזרין גזירה על הצבור אלא אם כן רוב הצבור יכולין לעמוד בו" אזא הלואה וואס דאס רוב עולם קאן דעהן פּראָצענט ניט געבין, האָבין דיא חכמים קיינער גאר ניט געמאכט.

דָאגִין גוּט בֶּעטֶערְקְט, אַז דִיא רָאוִיגֶע מִצְוֹת לֹא דַי וָואס זַייא טְרָאגִין נִישְׁט אַין, בְּרֶענְגִין זַייא נָאךְ הֶיזֶק אוֹיךְ, הָאבִּין זַייא אַלֶעס פִיהֶרֶער פִּינֶ'ם גֶעשֶׁעפְט, אַפּ גֶעשַׁאפְט אַזֶעלִיכֶע מִצְוֹת אוֹיף אַ צַייט, בִּיז דָאס עֵסֶק וֶועט זִיךְ אֶפְשַׁר פַאר בֶּעסֶערִין, דֶערוּם זָאגִין דִיא חַכְמֵי הַתַּלְמוּד זֵייעֶר קְלוּג אוּנ שַׁארְף זִינִיג „פְּעָמִים שֶׁבִּיטוּלָהּ שֶׁל תּוֹרָה הִיא קִיוּמָהּ (מנחות צ"ט)" דָאס הֵייסְט: אַ מָאהְל אִיז דָאס מְבַטֵל זַיין אַ מִצְוָה פוּן דֶער תּוֹרָה, אַ סִבָּה זִיא צוּ דַער הַאלְטִין, אִיהְר פַארְ־קְטֶעהְט דֶעם מַאֲמַר וִויא גְרוֹיס אַרְטִיק עֶר אִיז! מֶע דַארְף אוֹיף אִיהְם אַ מְגִי' זַיין, פוּן דֶעם זֶעהְט מֶען גַאנְץ קְלָאהְר, וִויא זַייא הָאבִּין גוּט פַארְשְׁטַאנֶען דָאס עֵסֶק, אוּנ וֶוען בַּייא קַאפִּיטַאלְנֶע מִצְוֹת (מִצְוֹת מִן הַתּוֹרָה) בְּרוֹיכְט מֶען אַ מָאהְל אַזוֹי צוּ טָאהְן, אוֹיבּ מֶען וִויל הִיטִין דֶעם גֶעשֶׁעפְט לוֹיט הָאנְדֶעלְס גֶעזֶעצֶע, אַ פְּשִׁיטָא שׁוֹין, דִיא מִצְוֹת וָואס זֶענֶען גָאלֶע הַלְוָאוֹת, דַארְף מֶען דָאךְ גֶעוִויס נָאךְ קִיקִין אוֹיבּ זַייא בְּרֶענְגִין נִיטְצִין, אוּנ אוֹיבּ ח"ו אַז מֶען זֶעהְט אַז דִיא הַלְוָאוֹת מַאכִין קַאלֶיע, דארְף מֶען בַּאלְד אַזֶעלִיכֶע הַלְוָאוֹת אָבְּשַׁאפְּפִין, אוּנ נִיט צָאלִין קַיין פְּרָאצֶענְט.

אָבֶּער וֶוען אִיז דָאס אַלֶעס גֶעשְׁמוּעֶסְט, אַז דֶער רָב וֵוייסְט טַאקִי זַיין זַאךְ, אָבֶּער אַז דֶער רָב אִיז גָאר גֶענַארְט, אוּנ רֶעכִינְט הַלְוָאוֹת פַאר קַאפִּיטַאל, אַלֶעס אִיז בַּייא אִיהְם „הֲלָכָה לְמשֶׁה מִסִּינַי", הָאט עֶר זִיךְ מוֹרָא דֶער צוּ צוּ רִיהְרִין, דֶערִ בֶּער הָאבִּין דִיא גְרוֹיסֶע תַּלְמוּדִיסְטִין אִין דֶער הַתְחָלָה גֶעמַאכְט אַז „דְבָרִים שֶׁבְּעַל פֶּה, אִי אַתָּה רַשַּׁאי לְאוֹמְרָם בִּכְתָב" דָאס הֵייסְט מֶען זָאל נִיט פֶערְשְׁרַייבִּין דִיא אַלֶע נַייֶע דִינִים מִיט גְזֵירוֹת אוּנ חוּמְרוֹת, נָאר מֶע זָאל דָאס לֶערְנֶען אוֹיסֶענְוֵוינֶעג, כְּדֵי מֶע זָאל קֵיין טָעוּת נִיט הָאבִּין אוּנ מֵיינֶען אַז זַייא זֶענֶען אוֹיךְ „דְבָרִים שֶׁבִּכְתָב" קַאפִּיטַאלְנֶע מִצְוֹת, נָאר דֶער נָאךְ אַז זַייא הָאבִּין אַ קִיק גֶעטָאהְן אַז דָאס קָאן גָאר פַאר גֶעסֶען וֶוערִין, הָאבִּין זַייא גֶעמוּזְט מַתִּיר זַיין. — הַיינְט זֶעהְט מֶען טַאקִי דֶעם גְרוֹיסִין הֶיזֶק דֶער פוּן, אַז פוּן אַלֶע „דְבָרִים שֶׁבְּעַל פֶּה" פְּרֶעטְר גֶעלְד, אִיז גֶעוָוארִין גָאר „דְבָרִים שֶׁבִּכְתָב" דוּרְךְ גָאלֶע קַאפִּיטַאל, אָבֶּער דָאס קָאסְט דֶעם עוֹלָם גְרוֹיסֶע פְּרָאצֶענְטִין אַז מֶע קָאן שׁוֹין בַּאלְד נִיט צָאהְלִין, אוּנ דָאס קֶען קֶען אוֹיךְ גָאר לַייכְט גֶעהְן צוּ גְרוּנְד ח"ו. —

נָא לִיבֶּע בְּרִידֶער! יֶעצְט דַאכְט מִיר אַז אִיהְר קָאנְט שׁוֹין גוּט פַארְשְׁטֶעהְן אוּנְזֶער גָאוֹן קָאן טַאקִי פָארְט נִיט לֶערְנֶען, עֶר קָאן, עֶר אִיז טַאקִי גֶענִיט אִין אַלֶע בִּיעֶכֶר פוּן דֶער רִילִיגְיָא, נָאר עֶר וֵוייסְט נִיט וִויא פִיל עֶס אִיז דָא אֵייגִין קַאפִּיטַאל, אוּנ וִויא פִיל הַלְוָאוֹת, וָואס דָאס אִיז דֶער גְרוּנְד פוּן דֶעם עֵסֶק, אִין דֶעם הֶענְגְט אָבּ דָאס גַאנְצֶע גֶעשֶׁעפְט. —

אָט הָאט דֶער רָב הַיינְט גֶעזָאגְט אַ דְרוּשׁ, וָואלְט אִיהְר נָאר אַבִּיסֶעל גֶעהֶערְט, וָואס פַאר אַ הַלְוָאָה עֶר הָאט גֶעוָואלְט מַאכִין, וָואס פַאר אַ שְׁטַארְקִין פ"צ עֶר הָאט גֶעוָואלְט גֶעבִּין, גְרָאדֶע וַויל דֶער עוֹלָם הָאט חֵשֶׁק גֶעהַאט

פטור

פטור צו װערן פון איין הלואה מיט איהר שטארקין פ״צ, און האבין געפאדערט א היתר פון דעם ארבעס, האט ער גאר געזאגט, אז אפילו ח״ו אין גרעסטע יקרות טאר מען אויך ניט עסען קיין ארבעס און דיא אלע מיני קטניות אונ העריינג, און װער עס איז מיקל אין דעם ח״ו איז גאר חייב מיתה (זעהט אין פתחי תשובה הלכות פסח), איי געװאלד! אין בית יוסף שטעהט דאך בפירוש אז דיא אלע מינים מעג מען אפילו קאכין? נײן אין כמה ערטער האט מען זיך נוהג געװעהן ניט צו עסען דאס, אי װאסזשע איז? מעמעג דאך פארט על פי דין? װערט גם דאגה איז דאס, װאס זייא האבין זיך אזוי נוהג געװעהן! אבער װאס העלפט דאס דיא רייד, איינינגע גאונים, װאס האבין גיקאנט לערנען װיא אונזער גאון האבין אזעלכע מנהגים צו גענומען פאר קאפיטאלנע דינים.

ביי איינעם איז שוין געװעהן ארבעס אזא שטארקער חמץ, אז עס האט זיך שוין איהם גאר געגלוכט מאכין פאר חמץ קאװע אויך, װאס איז? װייל קאװע האט א פנים װיא פאסאליעס, בכן אז מע װעט עסען קאװע קיינמען ח״ו א טעות האבי און עסען ארבעס פאסאליעס אויך, אי װאס הארט עס אז מע װעט טאקי עסען ארבעס פאסאליעס אויך? איהר װייסט ניט? חלעבען איך װייס אויך ניט, אפשר מיינט איהר אז דיא גאונים װייסין? װאלט מיר אזוי קיין שלעכטץ ניט װיסין און אייך אויך, װיא זייא װייסין אויך ניט, װאס געבארפט איהר מעהר, אז איינער האט שוין גאר געװאלט אסור מאכין „טעה" טרעפט פאר װאס? ניין איהר װעט ניט טרעפין, אפילו אז איהר װעט זיין מיט 100 קעפ, בקיצור מאטערט זיך ניט, איך װעל אייך בעסער אויס זאגין, היות אזוי װיא עס זענען דא בנמצא פיל שװינדלער װאס פאר קויפען איבער־געטריקענטע „טעה" װאס איז דאך אװדאי ניט רעכט צו ניטצין אויף פסח, דעריבער איז דורכאויס ניט כדאי צו ניטצין טעה, איהר פאר שטעהט װיא מען איז פאר קראכין? אזא פאר לאפענער מוח, נא נא! עס איז נאך א נס װאס קיינער האט זיך ניט ארויס גערעדט „וכן נוהגין" אדער „וטוב להחמיר" אז ניט, איז דיא זאך פאר פאלין, מע װאלט שוין א גאנץ פסח אפילו קיין גלעזיל טעה אויך ניט געהאט.

װאס װייסט איהר װאס דיא װערטער האבין אונז אנגעמאכט? אלע חומרות, אלע גזירות, אלע נארישע מנהגים, נאר װיא באלד עס געפינט זיך למשל אין רמ״א אויף רשי כתב דיא צװייא װערטער „וכן נוהגין" 1) דא איז מען גאר שוין פאר פאלין מיט דיא ביינער...

אט

---

1) למשל, פון דיא 18 טרפות װאס זענען געצייכינט אין דער גמרא חולין, איז געװארין 70 אין פסקי הרמב״ם, און אין שלחן ערוך איז גאר אהן א צאהל, 46 שאלות האט נאר דער רמ״א טרפה געמאכט, װאס דער בית

אָט אִין אַזֶעלְכֶע פְּלֶענֶער הָאט אוּנְזֶער גָאוֹן פַאר בְּרַאכְט זַיין גַאנְצֶע דְרָשָׁה, אוּנ אַזוֹי פֶערְבְּרֶענְגֶען זַייא דָאס גַאנְצֶע לֶעבִּין, קֵיין זַאךְ וָואס קָאן בְּרֶענְגֶען אַ טוֹבָה דֶעם כְּלַל לִיגְט זַייא גָאר נִיט אִין זִינֶען, אָט אִין וָואס זַייא פַאר בְּרֶענְגֶען זַייעֶרֶע יָאהְרִין: מִכּחַ אַ קָאלְטֶענֶע צוּ אִיז דָאס אַ חֲצִיצָה אִין מִקְוָה, אַ שְׁטֵייגֶער אַז אַ יְבָמָה רֶעדְט אוּנְטֶער דֶער נָאז (דָאס טְרֶעפְט אָפְּט אוּנ אָפְּט אֲפִילוּ בַּייא אַיין גְרוּשָׁה, אוּנ בַּייא אַ שְׁטִיף מִיטֶער אוֹיךְ) אוּנ מֶע הֶערְט פוּן אִיהְר נִיט קְלָאהְר דִיא וֶוערְטֶער „לֹא אָבָה יַבְּמִי" חָאטְשׁ אִין אֱמֶת וֵוייסְט זִיא דָאךְ גָאר נִיט וָואס זִיא רֶעדְט, זִיא קְלָאגְט זִיךְ פַאר דִיא דַיָינִים עֶר וִויל זִיא נִיט מְיַבֵּם זַיין בּוּדְטָא זִיא גֶעהְט אוּיס נָאךְ אִיהְם, נָא אִיז נִיט אַ גֶעלֶעכְטֶער צוּ הֶערִין? זִיא וִויל דָאךְ אַז עֶר זָאל אִיהְר חֲלִיצָה גֶעבִּין, אוּנ אִין דֶעם פַאל אִיז דָאךְ בֶּאֱמֶת קֵיין נַפְּקָא מִינָה נִיט, אוֹיבּ זִיא הָאט דָאס נִיט גֶעזָאגְט מִיט דִקְדוּק? אַז דִיא גַאנְצֶע זַאךְ אִיז גָאר אַ קַאטָאוֶועס, נָאר אוֹיךְ דִיא אֵייגֶענֶע מַעֲשֶׂה, אַזוֹי אִיז דֶער פָּארַאדָאק, מוּז דָאס וֶוערִין גֶערֶעדְט שַׁארְף, נָא דֶער וַוייל אִיז דָאס אַ שְׁאֵלוֹת תְּשׁוּבָה, מֶע דַארְף פָּארְט עֶפֶּעס עֶנְטְפֶערִין וִוי אַ גָאוֹן. אָט אוֹיף אַזֶעלְכֶע עִנְיָנִים גֶעהְט נֶעבַּאךְ אַוֶועק דִיא צַייט בַּייא אַזוֹינֶע מֶענְשִׁין, אַ שְׁפַּאס אַ וֶועלְט? עֶס טְרֶעפְט דָאךְ עֶפֶּעס סִבּוֹת, אוּנ הַיינְט אִין דֶער שְׁטָאדְט גוּפָא, וִויא פִיל קָאפּ דְרֵייעֶנִישׁ הָאט אַ רָב מִיט דִיא עֵרוּבִין? מִיט דֶער מִקְוָה מִיט דִיא חַלָפִים פוּן דִיא שׁוֹחְטִים? אַסַאךְ וִויכְטִיגֶערֶע גֶעשֶׁעפְטִין וִויא חִנוּךְ נְעָרִים, וִויא מַאכִין רֶעמֶעסְלֶענֶע שׁוּהְלֶען, פַאר אָרִימֶע קִינְדֶער, וִויא מְבַטֵל זַיין דִיא טַאקְסֶע, הַא?

פוּן דֶעם גַאנְצִין שְׁמוּעֶס זֶענֶען דִיא מֶענְשִׁין שְׁטַארְק מְבוּלְבָּל גֶעוָוארִין, זַייא הָאבִּין גָאר נִיט גִיקָאנְט זִיךְ שְׁטֶעלִין אַ מָאס פוּן וַואנֶען הוֹיבְּט מֶען אָן זִיךְ מִיט אִיהְם מִתְוַוכֵּחַ זַיין, עֶר הָאט זַייא גוּט צוּ פְלַאכְטִין מִיט אַ שְׁטֵייגֶער. נָאר דָאךְ הָאבִּין זַייא גֶעוָואלְט מַאכִין אַ שְׁמוּעֶס אוּנ אִיהְם פָּארְט מְנַצֵחַ זַיין, נָאר מֶע הָאט דָאס אִיבֶּער גֶעשְׁלָאגִין מִיטִין מַעֲרִיב דַאוֶוענֶען.

נָאךְ מַעֲרִיב אִיז זִיךְ דֶער עוֹלָם צוּ גַאנְגִין אַהֵיים, צוּ הֶערִין פְרִישֶׁע קְלָלוֹת אוּנ פַאסְטִין תַּעֲנִיתִים בִּיז עֶרֶב פֶּסַח צוּם סֵדֶר, פַאר גֶעסְט נִיט עֶס אִיז נָאךְ דָא פִיל אַרְבֵּייט, וָואס וֶועט נָאךְ גֶעבִּין גֶענִיג שְׁטָאף צוּ פְרִישֶׁע צָרוֹת אוּנ קוֹלוֹת, אַ שְׁפַּאס, זִיפִּין דָאס מֶעהְל, בַּאקִין דִיא מַצָה, כַּשְׁרֶען דִיא כְּלֵי בַּיִת, שְׁטוֹיסִין מַצָה מֶעהְל, אַ פֶּעסֶעל אוּיס וַואשִׁין אוֹיף וַואסֶער, דָא מוּז יֶעדֶעס שְׁטִיקֶעל אַרְבֵּייט גֶעטְאהְן וֶוערִין מִיט קוֹלֵי קוֹלוֹת, מִיט גֶעוַואלְדִיגֶע קְלָלוֹת, עֶפֶּעס אַ שפאס.

---

יוֹסֵף הַאלְט דָאס פַאר כַּשְׁרוּת, „דֶער עֵצִי לְבוֹנָה" צֶעהְלְט אָפּ 120 טְרֵפוֹת נָאר אִין דֶעם דִין פוּן תַּרְתֵּי לְרָעוּתָא... הַא בְּרוּדֶער! גוּט אָנְגֶעטָאהְן אַ סְפָּאדָאק? —

שְׁפַּאס פֶּסַח? נאָר וויא דיא גְמָרָא בְּרֶענְגְט אַ ווערְטִיל „דְמַלְפָּא תִיבְלָא לָא בַּהֲתָא" דאָס הייסְט: דער וואָס איז שוין געוואָהנְט אין צָרוֹת, דער שְׁרֶעקְט זיך שוין גאָר ניט, אָט אַזוי האָבִּין זיך געבַּאק שוין דיא מענער גאָר אויף געהערְט זיך צו שְׁרֶעקִין, אונ זענען זיך געגַאנגֶען גאָר גְלַייך גִילְטִיג אַהיים, מִמָּה נַפְשָׁךְ וואָס וועט זיין זאָל שוין זיין.

אַ גוּטֶע וואָך! אַ גוּטֶע וואָך! צינְד שוין אָן אַ לִיכְט, עס איז שוין לַאנְג נאַכְט געוואָרין „איהר ווייסְט ווייבֶּערְלִיך עס וואָלְט גאָר קיין עוֹלָה געוועהְן אַז מע זאָל עפֶּעס קאָכִין אַ לעפִיל וואַרֶעמְס נאָך היינְטִיגִין טְשָׁאלֶענְט" האָבִּין אַ זאָג געטאָהן אַלֶע מאַנְסְבִּילֶען מיט איין קול, „עס פַאר שְׁטֶעהְט זיך" האָט זיך אַרוֹיס געחַאפְּט איינֶע אַ פִּיסְקֶעוואַטֶע, „ער וואָלְט אֲפִילוּ אַ בַּעלִין געוועהְן, אַז איך זאָל זיך נאָך אַצִינְד שְׁטֶעלִין קאָכִין בִּיז האַלְבֶּע נאַכְט, דאָס קאָן טאַקִי מֶעהְר ניט גאָר וויא אַ נאַר זיך פַארְגִינֶען, עפֶּעס אַזאַ זוֹלֵל וְסוֹבֵא? האָב איך ניט געהערְט אונ ניט געזעהן, מיר דאַכְט אַז מע זאָל מיר אֲפִילוּ יעצְט געבִּין מַעֲדַנֵי מְלָכִים, וואָלְט איך אין מויל ניט גענוּמֶען, אונ איך האָב דאָך טאַקִי היינְט יאָ כִּמְעַט ניט געגֶעסִין, אין דעם טְשָׁאלֶענְט איז טאַקִי היינְט געוועזין איין אֵיינְזִינְקֶענִעש, וואָס זאָל מען דא זאָגִין? אונ איך קאָן דאָך זיין טְרֵפָה׳נֶעס האַלְז, האָב איך איהם טאַקִי אָב געגעבִּין כִּמְעַט אין גאַנְצִין, נאַ פְּרֶעס צוּ זֶעטְטֶערְהייט, וויא דיא מַעֲשֶׂה איז, פַאר איהם איז געניג געוועהְן, ניט פַאר זִינְדִיגֶען, חְלֶעבֶּען: אַ גְרוֹיסֶע שִׁיסֶעל קאַשֶׁע מיט קאַרְטָאפֶעל, אונ אַ שְׁטִיקֶעל פְלֵייש, מיט אַ גְרוֹיס שְׁטִיק קוּגֶעל וויא זיין קאָפּ, זעהט זאָלְט איהר געזוּנְד זיין וואָס עסְטְמֶען בַּייא לַייטֶען? נאָ פְרֶעג איך אייך וואָזְשֶׁע איז דאָ אויף איהם אַזוי דער בֵּייזֶער הִינְגֶער? עס איז טאַקִי עפֶּעס אַ קִישְׁקֶע אָהְן אַ דְנָאה, אָט אַ כַּפָּרָה איך וועל זיך בֶּעסֶער געהְן צו לֶעגֶען אַ בִּיסֶעל, חְלֶעבֶּען עס געהְט ב״ה דיא וואָך, עס איז נאָך דאָ געניג וואָס צו טאָהן, נאָר איהם הארט דען עפֶּעס וויא געמְטֶעמֶען אַזאַ נאַטוּר? איך וואָלְט אויך אַ בַּעלָן געוועהְן עס זאָל מיך נאָר ניט הַארִין, אַ גוּטִין סוֹף זאָל איך האָבִּין, איך בִּין טויט קְרַאנְק, איך וועל שוין לַאנְג זיך ניט מִיאֶס מאַכִין אויף דער נאַרִישֶׁער וועלְט, ער מֵיינְט עס וועט איהם בֶּעסֶער זיין, ער וועט אוֹיס חַאפִּין אַ מויד, אַ קְרֶענְק אין דיא זייטִין, מע וועט זיך אָן איהם טאַקִי אָנְחַאפִּין? נִישְׁקָשֶׁה! דיא וועסְט וויסִין, דיא וועסְט זיך מִתְוַדֶּה זיין, אַ נאַר איז נאָר דאָס ערְשְׁטֶע ווייבּ, אַלֵיין ניט געגֶעסִין ניט געטְרִינְקִין, וואָס איז? פִילֶעווען דעם טַייעֶרִין מאַן, אָבֶּער דיא אַנְדֶערֶע וועט דיר געבִּין קְדָחוֹת עסִין, דיא קאַרְטָאפֶעל וועט זיא אַרוֹיס שְׁלֶעפִּין נאָך בַּייא דעם אויוִין שְׁטֵייעֶנְדֶעג, דיר וועט זיא געבִּין גאָלֶע וואַסֶער, איין גְרוֹיפּ וועט נאָך יאָגִין דיא אַנְדֶערֶע.

נאָ לִיבֶּע לֶעזֶער! וויא קְלֶעהְרְט איהר? מִן הַסְתָּם האָט מען שוין קיין קְרוֹפְּנִיק אֲפִילוּ אָהְן קאַרְטָאפֶעל אויך ניט גִיקָאכְט, עס איז שוין שְׁפֶּעטְלִיך,

מע

מע ליגט זיך ווייטער שלאפין , מע איז איבער געקומען די נאכט אויך אין צרות , געוואלגערט זיך אויף דער ערד אין טינוף , דער כלל מע קומט אב אז גאט זאל זיך דער בארעמען . —

הבוקר אור , עס איז שוין טאג , די מענער זענען אוועק אין בית המדרש , און די ווייבער האבין זיך גענומען צו דעם מעהל , מע האט אראפ געבראכט די געוויסע יורענע , וועלכע איז געוועזין פון די 10 זאכין וואס זענען בעשאפן געווארין ע״ש בין השמשות צו זיפין פסחדיג מעהל . אזא יורענע דארף זיין איין אלמנה שוין פון כמה יאר , האבין א שטיקעל ידיעה אין כשוף , זיין קלאהר אין אלע יורעשע מנהגים , קאנען אב שפרעכין איין עין הרע , אויס גיסין אייער , און וואקס , אויס וויקלען א בויך , פאר ריידען צעהן , וויסען וויא מע איז זיך נוהג מיט א קאלטינע , אויס זויגען די שלעכטע מילך פון פאר לענגערטער בריסט , אויס פליקין א פארך , אט אויף אזא זנאחערקע קאן מען שוין זיכער זיך פאר לאזין , אז זיא וועט וויסען וויא זיך נוהג צו זיין מיטין זעקיל , די אלמנה האט זיך אנגעטאהן לכבוד דעם זעקיל אין א ווייס העמד מיט א פאטשיילע ארום געבינדין דאס מויל , עס זאל ח״ו זיך ניט ארויס חאפען א שפריץ , מע האט א־יינגענומען א בעט מיט פרישען היא , פאר שפרייט מיט א קלאהרין ליילך , און מע זיפט שוין צו מזל , אלע אין שטוב זענען שרעקליך האר ניטען אב צו היטין די קינדער מיט די עופות , זייא זאלין זיך ניט דרייען ארום דעם בעט , עס פאר שטעהט זיך , אז דעם גאנצין טאג איז געוועהן די שטוב פיל מיט קללות , אלע קינדער האבין געשריגען און געווינט , ניט ווייניג קלעפ האבין זייא געקריגען דורכען טאג , א קינד קאן דאך זיך ניט היטין , עס פאר שטעהט גאר ניט דעם גרויסען יחוס פון דעם זעקיל , (אין אמת איז ער אסאך קליגער פון דער מוטער : אז מע זאל גאר ניט טאהרין צו געהן צו איהם . —

בקיצור , גיקאכט האט מען געווים גאר ניט , נאר ווער קיקט אויף דעם , אבי דאס מעהל איז שוין ב״ה איבער געזיפט בכשרות , שטארק פארגעניגען האבין געהאט די ווייבער צו קוקען אויף די זעקליך וויא זייא זענען שוין גרייט צום באקען , פאר גרויס פאר געניגין איז געבליבין אז מע זאל קאכען וועטשערע (מחמת מע האט דאך שוין פארט געפאסט אנדערטהאלבין מעת לעת) און דוואקא ניט קיין קרופניק , מהיכא תיתי מע איז שוין באלד אויף א לאר , מארגען וועט מען שוין באקען מצה למזל , דאן קמען עס קאבין טאקי א רעכט מאכל , דאס מאכל דארף ניט זיין צו עסען מיט ברויט , וואָרום ברויט וועט מען עסען מיט א קנאביל ארער מיט א ציבעלע , דער עיקר איז דאס פארבייסין , נא האט מען גיקאכט מיזיסטקענע פארפיל , (דאס הייסט די גראבע מעהל מיט די קלאייען וואס בלייבט אין זיפ איבער) מחמת פון דעם מעהל איז דאך אראפ מיזיסעטקע וואס דער פון וועט מען באקען אויף ערב

פסח

פֶּסַח מִיזִיקֶעטְקֶנֶע בִּילְקֶעס, וָואס מֶע רוּפְט זֵייא „כְּהָא לַחְמָא׳ס, הָאט מֶען דֶער פוּן אַרָאפּ גֶענִימֶען אַצוּנְד אַ בִּיסֶעל אוּנ גִיקָאכְט פַּארְפִיל.

דֶער עוֹלָם אִיז גֶעוֶועהְן שְׁטַארְק צוּ פְרִידִין פוּן דֶעם, אִין אֱמֶת אִיז דָאךְ דָאס בַּאלְד אַ שַׁבָּתְדִיג מַאֲכָל, אַי פְלֵייש? אַ פָּנִים דָאס שְׁטִיקֶעל סְטֶערְוֶועס גִיבְּט עֶפֶּעס אַ טַעַם? וְויא מִיט דֶעם אַזוֹי אָהְן דֶעם, דֶער עוֹלָם הָאט זִיךְ מַמָּשׁ מְחַיֶה גֶעוֶועהְן מֶען אִיז גָאר פְרִישֶׁער גֶעוָוארִין, אָט דָאס זֶעהְט מֶען וָואס אַ גוּטֶער בִּיסֶען אִיז! נָאךְ דֶעם עֶסֶען הָאט מֶען זִיךְ גֶעלֵייגְט שְׁלָאפֶען מִיט דֶעם תְּנַאי אַז מָארְגֶען זָאלְמֶען אוֹיף שְׁטֶעהְן טְשׁוּט טָאג, זִיךְ גֶעמֶען מִכֹּח מַצָּה בַּאקִין. —

גַאנְץ פְרִיה זֶענֶען דִיא מֶענֶער אַוֶועק גֶעגַאנְגֶען דַאוֶונֶען וָותִיקִין, אַ גַאנְצֶע טָאג הָאט מֶען פַאר בְּרַאכְט אִין גָאר קִיךְ, מֶען הָאט שׁוֹין ב״ה אָבּ גֶעבַּאקֶען דִיא מַצָּה, עֶטְלִיכֶע טֵייגְלֶעךְ זֶענֶען גֶעוָוארִין חָמֶצְ׳דִיג, הָאט מֶען דֶער פוּן וַוייטֶער גִיקָאכְט פַּארְפִיל, דֶער כְּלַל מֶע הוּלֶעט מֶע עֶסְט וְויא אִים יוֹם טוֹב.

נָא וַיְהִי עֶרֶב וַיְהִי בוֹקֶר, עֶס אִיז שׁוֹין דִינְסְטָאג, אַ טָאג פַאר עֶרֶב פֶּסַח, אָט אוֹיף דֶעם טָאג שְׁטֶעהְט דִיא וֶועלְט, גַאנְץ פְרִיה הָאט מֶען זִיךְ גֶענוּמֶען כָּשֵׁר מַאכִין דֶעם אוֹיוֶוען, דְרַייא מָאהְל הָאט מֶען גֶעבְּרֶענְט גָאר אָהְן רַחְמָנוֹת, הָאלְץ הָאט מֶען גֶעוָוארְפִין אָהְן אַ חֶשְׁבּוֹן, וָוארוּם דִיא בַּאלִיבָּאסְטֶע אַלֵיין וָואס זִיא וָואלְט זִיךְ פַאר אַ שְׁטִיקֶעל הָאלְץ אַ מַעֲשֶׂה אָנְגֶעטָאהְן, הָאט זִיא דַאמָאלְס אוֹיךְ גָאר קֵיין דֵעה נִיט גֶעוָואלְט זָאגִין, עֶס פַאר שְׁטֶעהְט זִיךְ, דָא שְׁפִּילְט מֶען זִיךְ שׁוֹין מִיט דֶער נְשָׁמָה, אַלֶע שְׁכֵנוֹת אוּנ אֲפִילוּ דִיא שָׂרוֹת אוֹיךְ, הָאבִּין זִיךְ בֶּעשֶׁעפְּטִיגְט מִיט דֶעם אוֹיוֶוען כָּשֵׁר מַאכִין, יֶעדֶע הָאט בֶּעזִינְדֶער גֶעוָוארְפִין הָאלְץ, מֶע הָאט אַלְץ מוֹרָא גֶעהַאט טָאמִיר אִיז מֶען אֶער נָאךְ נִיט יוֹצֵא, אִין אוֹיוֶוען הָאט מֶען אָנְגֶעוָוארְפִין שְׁטֵיינְדְלִיךְ כָּשֵׁר צוּ מַאכִין אַלֶע טִישֶׁען אוּנ בֶּענְקְלִיךְ, אוּנ אַ פֶּעסֶ׳ל אוֹיף וַואסֶער, דֶעם גְרוֹיסִין כַּשֵׁר שְׁטֵיין הָאט מֶען שׁוֹין אוֹיךְ אַרָאפּ גֶעבְּרַאכְט (דֶער שְׁטֵיין גֶעפִינְט זִיךְ מֶעהְר נִיט וְויא אֵיינִיגֶע אִין שְׁטָאדְט, בַּייא דִיא יוֹסְטֶע בַּעֲלֵי בָּתִּים) אוּנ עֶר לִיגְט שׁוֹין אוֹיךְ לְכַּזֵל אִין אוֹיוֶוען, דָא הָאט מֶען שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבִּין אַרְבֵּייטִין מִיט דִיא לֶעצְטֶע כּוֹחוֹת, עֶס אִיז גֶעוָוארִין אִין שְׁטוּב אַ רַעַשׁ מִיט אַ מְהוּמָה, אַז אֵיינֶער הָט נִיט גֶעוְויסְט פוּן דֶעם אַנְדֶערִין, אֵיין יוֹדֶענֶע שְׁלֶעפְּט פִּינָ׳ם אוֹיוֶוען דִיא גְרוֹיסֶע כַּשֵׁר טֶעפּ מִיט זוּדֶעגֶען צְקִרָאפּ, דִיא אַנְדֶערֶע שַׁארְט אַרוֹיס דִיא קְלֵיינֶע שְׁטֵיינְדְלִיךְ וָואס זֶענִין רוֹיט וְויא פַייֶער, דִיא מֶענֶער זִיכִין מִטְלִין וְויא אַזוֹי אַרוֹיס צוּ נַארִין דֶעם גְרוֹיסִין כַּשֵׁר שְׁטֵיין, אַנְדֶערֶע שְׁטֶעלִין אוֹיף דִיא כֵּלִים אוֹפִין גַאס צוּם כָּשֵׁר מַאכִין, הוּא הַא, מֶע שְׁרַייעֶט „הִיט זִיךְ! גֶעהְט אַוֶועק אִין צַלְדֶע שְׁוַוארְצֶע יָאהְר, מֶע וֶועט אַייךְ גָאר אָפְּבְּרִיהֶען, אִיהְר וֶועט נָאךְ קַאלִיקֶעס בְּלַייבִּין״ מֶע טְרַאגְט דֶעם גְרוֹיסִין טָאפּ וָואס מֶע הָאט שׁוֹין אִין אִיהְם צְוויינְגֶעוָוארְפִין דִיא

קליינע שטיינדליך, עס קאכט וויא אין א קעסיל, איין מאנספערזאן א פראסטער מענש אבער א אטוואזשניק האלט אויף א שטיק האלץ דעם גרויסן כשר־שטיין אונ לייגט איהם ארויף אויף דעם לאנגען טיש, אופין טיש גיסט מען דאס זודענד וואסער; אונ ער פליהט ארום מיטין שטיין וויא א מזיק, קולות אונ קללות הערט מען פון אלע זייטין, געוואלד קינדער, דא שפיהלט מען מיטין לעבין, א זא גיהנם א שפאס? דרעהט זיך ניט דא ארום. — אט אזוי האט זיך געארבייט עטליכע שעה, מע האט זיך אב געבריהט כמה פינגער, געמאכט פיל קינדער פאר קאליקעס, איך זאג אייך דעם אמת, א זא טוהמיל א זא געפילדער האב איך נאך ניט געהערט ביי דעם גרעסטין פאזשאר רחמנא ליצלן, אין שטוב איז מיט סכנות נפשות, מע׳ קאן ניט אויס האלטין די היטץ מיט דער פארע וויא אין א באד, אלע שרייען אונ וויינען, די אפגעבריהטע גלידער האט מען ארום געשמירט מיט לייהם, אונ מע ליגט אין צרות.

די מענער האבין זיך קאם־ארויס געכאפט וויא פון׳ם גיהנם, אונ געמאכט פיס אין בית המדרש אריין, הערין דעם מגיד וואס ער וועט דא זאגין מכח בדיקת חמץ, נאך מנחה וואס מען האט אפ געדאווענט פאר פריה, איז דער מגיד ארויף אויף דער בימה אונ האט אנגעהויבין צו האלטין א ריידע מכח בדיקת חמץ. —

---

## 10.

## ער דרוש פון בדיקת חמץ.

דער שטאט בעל דרשה׳ער איז גיוועזען זעהר אויפגעבראכט ביי זיך, ער האט אויך אריין גיכאפט די צוויא גרויס ארטיגע וועטשערעס, דאס איז: איינע פון די מיזיסטקענע פארפיל״, אונ די אנדערע „וויצענע פארפיל״ ון די חמצדיגע טייגליך, מצה איז שוין ביי איהם אויך גיוועהן אבגעבאקין, יא כלי בית כשר גימאכט, אט דא האט ער אן גיהויבען שטארק צו שטאל־ ירען מיט יציאת מצרים גאר אויף אנאנדערין אופן, עס איז פאר איהם וויניג יוען וואס מע איז פטור גיווארין פון פרעה׳ן אונ פון די שקלאפעריי, ער אט זיך ניט בעניגט מיט דעם רייכטוהם וואס יודען זענין פון מצרים ארויס, יין האט ער גיזאגט, די רעכטע נקמה איז נאר גיוועזן, וואס מע האט בעזיגט עם סם, מע האט צו שטערט זיי גאנצע ארבייט, וואס ער האט מכח דעם שאהן אסאך יאהרען

דיזער סם איז פון דיא גרעסטע און קלינסטע פּאקוקניקעס אין דע
סטרא אחרא, ער האט תיכף וויא מען האט דיא וועלט באשאפען, זיך גינומע
מיט אלע מעגליכקייטען נאך יאגען דיא קדושה, דיא ערשטע זאך האט ע
זיך פאר שטעלט אין גישטאלט פון א שלאנג, און עס האט איהם געגליק
ארויף פיהרען אדם וחוה אויפן עץ הדעת, און דורך דעם זייא ארויס טרייב
פון דעם גן עדן — ווען־קין האט ער אויך ארויף גיפיהרט גאר ניט שלעכט
זיין א רוצח אויף א אייגענעם ברודער, געה זייא נע ונד! האט ער גילאכט
געה ווער פאר שווארצט אין צרות און אין שרעק — עפּעס מיט דעם למ
האט ער אויך אפּ גיטאהן א שפּיטצעל, מע קאן עפּעס ניט דער געהן קלאָ
דיא געשיכטע, ער האט עפּעס ערמארדערט א מענשין און פארוואונדעט
קינד, מע ווייסט ניט וועמען? מע ווייסט ניט וואס? עס טוהט זיך אפילו חוש
מכח דעם אין דיא דרוש ספרים, נאר ניט יעצט איז דיא צייט מכח דעם מארי
צו זיין — מכח דעם חנוך האט ער ימח שמו עפּיס אפּ גיטאהן א מעשה גא
הינטען ארום, מע האט איהם גאר פּליצלונג אויף גיחאפּט, פּרעגט פא
וואס? פאר וועמען? קיינער ווייסט ניט, אפילו דיא מקובלים שנארען מכ
דעם גאנץ שטארק, זייא האבין עפּיס דער שמעקט א שטיקעל ידיעה פו
דער זייט, אז חנוך איז גאר מיט איין מאהל ערהייבט גיווארין, ער זיצט גא
וויא א פירשט אין דיא הויכע פענסטער און מע רופט איהם פאק גאר מט"ט
הלוואי וואלט דאס אמת גיוועזין וואלטען מיר אוודאי ניט בעדארפט זארגען
הא? וויא מיינט איהר? דאכט זיך אז ער וואלט גיהאלטין שטאהל און אייזע
פאר אונזערע ליטוואקעס, חאטש אפילו דער גאנצער מט"ט איז אויך א פּני
קיין גרויסער תקיף ניט אין פמליא של מעלה, ווארום ווערליג איינער דע
צעהלט (מן הסתם ווייסט ער דאך) האט מען איהם גאר במחילה ארי
גישמיסען בעת דער געוויסער אחר 1) איז ארויף אין פרדס, אמת ניט קי
גלאטע שמיץ, נאר פאייערדיגע, נאר וואס מאכט דאס אויס? אבי גישמיסען
איהר מיינט אז דער סם קאן אמאל ניט בשעת ער צו קריגט זיך מיט איהם
אויס ווארפין און רופען איהם „געשמיסינער . . .“ אז חנוך וואלט באמ
גיוועהן מט"ט וואלט פארט ניט גיוועהן שלעכט, נאר וואס מאכט מען? א
מע קאן קיין טאלק ניט דער געהן, אין מיטין איז גאר דא א ידיעה פון א זיי

אז

---

1) דער געוויסער „אחר“ איז איינער פון דיא 4 גרויסע תלמודיסטען וואס
זייא זענין אריין אין „פרדס“: ר' עקיבא, בן עזאי, בן זומא, און דיזער אחר
דער אחר איז ארויס פון פרדס שטארק גיחאפּט, ער איז גיווארין איין אפּיקורו
און צו ליב איהם האט דאס געבאך דער מט"ט גיהאט דעם גוטען פּסק, חלעב
א רחמנות, עס שניידט טאקי ביי דעם הארצין. —

אַז חַנוֹךְ אִיז גָאר קֵיין מָאהְל נִיט גִיוֶועהְן מט״ט, נָאר וִויא דִיא מַעֲשֶׂה אִיז דֶער
סַם הָאט דָא עֶפִּיס גִיטָאהְן.

נָאר דָאס אִיז נָאךְ גִיוֶועהְן אַלֶעס קַיְאק טַאק, אָט בִּימֵי נֹחַ הָאט עֶר יוֹא
אוֹיף גִיטָאהְן אַ רְצִיחָה, עֶר הָאט זִיךְ גָאר פַאר שְׁטֶעלְט פַאר אַ שַׂרְבָן, אַחוּץ
וָואס עֶר הָאט פַאר פִיהְרְט מִיאוּסֶע גִישֶׁעפְטִין צְווִישִׁין דִיא מֶענְשִׁין, מִיט
זְשֶׁערֶעבְּטְשִׁיקֶעס, מִיט פִּיפֶּערְנָאטֶערְס, מִיט יַאשְׁצִירְקֶעס, הָאט עֶר גָאר
גִיפִיהְרְט שִׁידוּכִים צְווִישִׁין דִיא חַיוֹת, אַ בֶּער מִיט אַ הָאלֶענְדֶערְקֶע, אַ בָּאק
מִיט אַ טָאטֶערְקֶע, אַ קְלַאטְשֶׁע מִיט אַ טוּקֶערְקֶע, אוּנ נָאךְ אַזֶעלְכֶע קְרוּמֶע
שִׁידוּכִים, וִויא רש״י שְׁרַייבְּט אוֹיף דֶעם פָּסוּק „כִּי הִשְׁחִית כָּל בָּשָׂר אֶת דַרְכּוֹ
עַל הָאָרֶץ" אָט אַזוֹיא הָאט דֶער מַמְזֵר צוּ מִישְׁט דִיא גַאנְצֶע נַאטוּר, דִיא זַאךְ
אִיז אַזוֹיא וַוייט גִיקוּמֶען בִּיז עֶס אִיז גִיוָוארִין גָאר אַ מַבּוּל, אָט דָא הָאט שׁוֹין
דֶער סַם גִימֵיינְט אַז עֶר אִיז שׁוֹין גָאר תַּקִיף, אָבֶּער ...ם גְלִיק אִיז נֹחַ אַ פָּנִים
קֵיין מְחוּתָּן נִיט גִיוֶועהְן מִיט דֶעם סַם, עֶר הָאט גָאר בַּייא אִיהְם אִין שְׁטוּב
קֵיין שׁוּם דְרִיסַת הָרֶגֶל נִיט גִיהַאט, נָא דֶערִיבֶּער אִיז נֹחַ גִיבְּלִיבֶּען אֵיין אָרִינְדֶ־
לִיכֶער מֶענְשׁ אוּנ אִיז נִיצוֹל גִיוָוארִין פוּן דֶעם מַבּוּל, אָט דָא אִיז אִיהְם גִיוָוארִין
וַוייטֶער זוֹיעֶר אִין פִּיסְק, אִיז עֶר זִיךְ גייַארִין אַ שְׁטִיקֶעל מְחוּתָּן בַּייא נֹחַ׳ס
קִינְדֶער אִין שְׁטוּב אוּנ הָאט פָארְט אָבּ גִימַאכְט אַ שְׁטִיקֶעל אַרְבֵּייט דוּרְךְ דֶעם
שַארְלִיטַאן חָם, וָואס עֶר אִיז גִיוֶועהְן אַ גְרָאבֶּע יַארְמוּלְקֶע, דֶער פָּאדְלֶע
זְמֶענְיֶע הָאט נֶעבַּאךְ דֶעם אַלְטֶען פָאטֶער נֹחַ אַ שֵׁיין פֶּעקִיל אָבּ גִיטָאהְן...

נָאךְ דֶער גֶעשִׁיכְטֶע אִיז עֶר גָאר גִיפַאלִין אוֹיף אַ נַייעֶם פְּלַאן, זִיךְ פַאר
שְׁטֶעלִין פַאר אֵיין אַרְכִיטֶעקְטוּר, צוּ רֵיידֶען דֶעם עוֹלָם מַאכִין אַ הוֹיכֶען טוּהְרֶעם
...ז אִין הִימֶעל אוּנ מַאכִין דָארְט אַ מִלְחָמָה מִיט דִיא מַלְאָכִים, פַאר וָואס הָאבִּין
...יא גֶעשִׁיקְט זַייעֶרֶע קִינְדֶער אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנ דוּרְךְ זֵייא אִיז גִיוָוארִין אַ
מַבּוּל, אִיהְר פַאר שְׁטֶעהְט פְלֶעגֶער פוּן אַ סִימְבִּירְנִיק? גָאט וֵייסְט וָואס דֶער
...ן הָאט זִיךְ גִיקָאנְט אוֹיס לָאזִין, נָאר הַשי״ת הָאט זֵייא צוּ מִישְׁט דָאס לָשׁוֹן
...א אִיז גִיוָוארִין אַ מְהוּמָה, דֶער בֶּעט אַ הַאק, טוּהְט יֶענֶער אִיהְם אַ וָוארְף
... קֶעלְנֶע לֶעהְם אוּנ טְרֶעפְט אִיהְם גְלַייךְ אִין פָּנִים (דֶער עוֹלָם וֶוערְט צוּ זֶעצְט
...ן גִילֶעכְטֶער) אָט אוֹיף אַזָא אוֹפָן אִיז צוּ שְׁלָאגִין גִיוָוארִין דֶער גַאנְצֶער פְּלַאן
...ן דֶעם יִמַּח שְׁמוֹניס.

נָאךְ דֶעם אַז עֶר הָאט אַ קוּק גִיטָאהְן אַז מֶע קָאן מִיט אַמָאהְל נִיט מַאכִין
...ין רֶעשֶׁענְיֶע, הָאט עֶר זִיךְ מְיַישֵׁב גִיוֶועהְן גְלַאט פִיהְרֶען דֶעם עוֹלָם אִין חֵדֶר
...ריין, מַאכִין זֵייא פַאר גֶעצִינְדִינֶער, אוּנ דוּרְךְ דֶעם זֵייא אַרַיין שְׁטִיפֶּען אִין
...ער בְּלָאטֶע בִּיז דֶעם הַאלְז, אוּנ אַרוֹיס שְׁטֶעלִין זֵייא דֶער נָאךְ אַ צוּנְג, אַזוֹיא
...יא דֶער שְׁטֵייגֶער אִיז גִיוֶועהְן פוּן דִיא לֵצִים, אֵיידֶער דֶער בַּאהְן אִיז נָאךְ
...וָוארִין פְלֶעגִין זֵייא קְרִיגִין עֶפִּיס אַ וֶוענְגְכְמַאן, פְלֶעגִין זֵייא אִיהְם אַרוּם פִיהְרֶען
...יז הַאלְבֶּע נַאכְט, דֶער נָאךְ אַז דֶער הָאן הָאט אַ קְרֵייא גִיטָאהְן פְלֶעגְט דֶער

לאז

לֶץ אַרוֹיס לָאזֶין אַ צוּנְג אוֹיף כַּמָּה מַייל, פְּלוּצִים גִישְׁט וֶוערִין, אוּנ דֶער אַ
גֶעבַּאךְ פְּלֶעגְט זִיךְ אַרוּם זֶעהְן אַז עֶר שְׁטֶעהְט גָאר אִין אַ בְּלָאטֶע; נִישְׁטָא גַ
וֶועג, נִישְׁטָא קֵיין שְׁטֶעג, אָט אַזוֹיא הָאט דֶער סַם אַרוּם גִיפִיהְרְט יֶענְץ דִירוֹ,
עֶר הָאט זַייא שׁוֹין גוּט פַּאר שְׁטוּפְּט טִיף אִין דֶער בְּלָאטֶע.

דֶער אַלְטֶער תֶּרַח אִיז אוֹיךְ נָאךְ אִיהְם נָאךְ גִיגַאנְגִין, עֶר הָאט עֵ
גִיהַאלְטִין דֶער בַּייא אַרוֹיס צוּ שְׁטֶעלִין דִיא צוּנְג, הָאט דֶער וַוייל אַ קְרֵי
גִיטָאהְן דֶער הָאן, טְרֶעפְט יוּדֶען אַדְרַבָּה וֶוער אִיז דָאס גִיוֶועהְן דֶער הָאן? וֶו
הָאט דָאס גֶעקְרֵייֶעט, אַז דֶער סַם אִיז דֶער פוּן צוּ מִישְׁט גִיוָוארִין? דָאס 
אַבְרָהָם אָבִינוּ, אַ גוּטֶער הָאן, הַא! (דֶער עוֹלָם שְׁטִיקְט זִיךְ פוּן גִילֶעכְטֶע,
עֶס אִיז טַאקִי אַ גִיט פֶערְטִיל), עֶר הָאט אַ קְרֵייא גִיטָאהְן מִיט אַ שְׁטַארְ
שְׁטִימְמֶע, עֶר הָאט אִין אֵיין קוֹל גִישְׁרִיגֶען אַז אַלֶע גֶעצִין זֶענֶען הֶבֶל הֲבָלִי
אָט דָא אִיז דֶער סַם גִיבְּלִיבֶּען אַבִּיסֶעל בֶּע . . . עֶר הָאט אַפִילוּ אָבּ גִיטָא
אַבְרָהָם אָבִינוּ אַ שְׁטִיקֶעל קוּנְץ, פוּן וַואגֶען שָׂרָה הָאט נֶעבַּאךְ דֶעם טוֹ
בֶּעקוּמֶען עֶר הָאט בַּייא דֶער עֲקֵדָה גִיקֶעהְרְט דִיא וֶועלְט, גִיפִיהְרְט רְכִילוּר
אַמָאהל פוּן אַבְרָהָם'מֶען, אַמָאהל פוּן יִצְחָק'ן, דָא אִיז עֶר גִילָאפִין צוּ שָׂרָה'ן
עֶר אִיז דַאמָאלְס אוּם גִילָאפִין וִויא אַ פַּאר סַאמְטֶע מוֹיז (דֶער עוֹלָם שְׁמֵייכֶעל
אוּנְטֶער) אוּנ שָׂרָה נֶעבַּאךְ אִיז טַאקִי גִישְׁטָארְבִּין דוּרְךְ זַיין בְּשׂוֹרָה רָעָה מִ
דֶער עֲקֵדָה, נָאר פוּן דֶעסְטְוֶועגִין אִיז עֶר גִילֶעגִין אִין דֶער עֶרְד וִויא אַ בַּארְג

אָט דָא מִיט יִצְחָק'ן אִיז אִיהְם עֶפִּיס יָא אַבִּיסֶעל אָבּ גִיגָאלְטֶען עֶר הָא
אִיהְם אַרַיין גִירִיקְט אַ גוּטֶעןְ בֶּנְדִיק, „עֵשָׂו הָרָשָׁע" אָבֶּער דֶער פַאר יַעֲ
אִיז אִיהְם גִיוֶועהְן וִויא אַ בֵּיין אִין הַאלְז (דֶער עוֹלָם הָאט שְׁטַארְק הֲנָאָה), נָ
וִויא עֶס הָאט זִיךְ גִימַאכְט אַז יַעֲקֹב הָאט גִימוּזְט מַאכִין אַ פְּלֵיטָה אַוֶועק קֵ
חָרָן צוּ בְּלַייבִּין 20 יָאהְר בַּייא דֶעם גוּטֶען שְׁווִינְדְלֶער לָבָן, אָט דָא הָאט זִ
שׁוֹין דֶער סַם גִישַׁארְפְט דִיא צֵיין אַז עֶר וֶועט שׁוֹין דוּרְךְ דֶעם לָבָן מַאכִין חָלִי
אַ כְּלָיָה (נִיט דֶער לֶעבִּין וֶועט עֶר דָאס) אַזוֹיא וִויא עֶס שְׁטֶעהְט „וְלָבָן בִּקֵּ
לַעֲקוֹר אֶת הַכֹּל" נָאר מִיט אוּנְזֶער פָאטֶער יַעֲקֹב מַאכְט מֶען נִיט קוּנְקְ
טוּנְקִיל, עֶר הָאט אִיהְם יָאר נִישְׁט גִיהֶערְט אַפִילוּ אִין דֶער פַּיאטֶע, דֶער 
הָאט שׁוֹין דַאמָאלְס גִיאַרְבֵּייט אוֹיף אַלֶע כֵּלִים, גִיזֶעהְן אַרוֹיס פְּרַאוֶוען דֶע
גוּטֶען שְׁוֶוער נָאךְ יָאגִין זַיין אֵיידֶעם, גִישִׁיקְט גֶעגִין אִיהְם זַיין בְּרוּדֶער עֵשָׂו
אָבֶּער דֶער פוּן הָאט זִיךְ אוֹיךְ אוֹיס גִילָאזְט גָאר נִישְׁט מִיט גָאר נִישְׁט.

נָא וִויא עֶר הָאט גִיזֶעהְן אַז עֶר בְּלַייבְּט חוֹזֵק קְרַאנָאם, אִיז עֶר גִיוָוא
אַ מְחוּתָּן בַּייא דִיא שְׁבָטִים, גִיפִיהְרְט רְכִילוּת פוּן יוֹסֵף הַצַּדִּיק צוּ דִיא בְּרִידֶ
בִּיז עֶר הָאט זַייא אַרוֹיף גִיפִיהְרְט פַאר קוֹיפֶען אִיהְם פַאר אַ קְנֶעכְט אוּנ דוּרְ
דֶעם אַרַיין פִירֶען אַלֶע יוּדֶען קֵיין מִצְרַיִם, אָט דָארְטִין הָאט שׁוֹין דֶער סַם גִיפִינְ
זַיין גַאנְצֶע חֶבְרָה, עֶר הָאט דָארְטִין אַזוֹיא פִיל גֶעשְׁווינְדִילְט גֶעאַרְבֵּייט, בִּ
עֶר הָאט דִיא יוּדֶען טַאקִי אַרַיין גִיפִיהְרְט טִיף אִין דֶער טוּמְאָה אַרַיין, זַייא זֶענֶ
שׁוֹין

ּוין גיוועזין דורך גיגאַנגין מ״ט שַׁעֲרֵי טוּמְאָה, אונ הֶעטין נאָך איין ווײַלע ח״ו
דיא יוּדען זאָלין גיוועזין זיין אין מִצְרַיִם, וואָלטין מיר ח״ו שוין ניט ניצול
גיוואָרין פון זיינע הענד, דער סַם איז שוין אין מִצְרַיִם אַרוּם גיגאַנגין זייער
תַּקִיף, ער האָט גימיינט ער איז שוין פאַרטיג, נאָר אַ מַכָּה אין דיא זייטען (דער
פראָסטער עוֹלָם האָבין הֲנָאָה פון אַזאַ אויסדריק), משֶׁה רַבֵּינוּ האָט איהם מיט
זיין שטעקין אויס גישלאָגין אַלע ציין, אָט דאָ איז ער קוים פאַר קראָכין, ערגיץ
אונ גישוויגען וויא אַ הינד.

פון דעסטוועגין האָט ער זיך ניט גיפוילט אונ איז נאָך גיקראָכין וויא אַ
חַזִיר אין דער מִדְבָּר, אונ האָט טאַקי כִּמְעַט אונז גאָר אונגליקליך גימאַכט,
ער האָט גיוויזען גאָר אַ פּלאַן צו מאַכין איין „עֵגֶל״ ער האָט גיקריגען דאָרטין
אַסאַך חֶבְרָה לייט וואָס האָבין דער צו מַסְכִּים גיוועזן אונ עס האָט איהם אַזוֹיא
גוט געגאָלטין, אַז אַהֲרֹן אַליין איז גיוועהן דער מאַכער דער פון, נאָר משֶׁה
רַבֵּינוּ האָט אונז דאַמאָלס מַצִיל גיוועהן פון אַ כְּלָיָה ח״ו, אָט פון דער גאַנצער
גישיכטע זעהט מען אַרויס, וויא ווייט דער סַם סטאַרעט זיך אונז צו קוילען,
(אַזוֹיא לאַנג זאָל ער וואַרטין וויא לאַנג ער וועט ניט אויס פירען).

אַחֲרֵי הַדְּבָרִים הָאֵלֶּה, נאָך דעם גאַנצין שמוּעס, וועל איך אייך דער
קלעהרין דעם פּלאַן פון בְּדִיקַת חָמֵץ אונ בִּעוּר חָמֵץ, דער סַם איז דער
רעכטער חָמֵץ, ער איז דער שְׂאוֹר שֶׁבְּעִיסָה וואָס איז מְעַכֵּב דיא גְאוּלָה וועהן
זייט פון יְצִיאַת מִצְרַיִם אָן, וואָלט מען גיוועהן מאַכין דעם בְּדִיקַת חָמֵץ, וויא
דיא מְקוּבָּלִים האָבין דאָס אויס געקינצעלט, וואָלט שוין דער סַם לאַנג פאַר־
לוירען זיין כֹּחַ, נאָר דער עוֹלָם איז נעבאַך פאַר טראָגין, אָט מע קוּמט אַהיים
מע נעמט אַ לעפעל מיט אַ פענע אונ מיט אַ וועקסין ליכטעל, אונ מע קלויבט
אַריין עטליכע שטיקליך ברויט, וואָס מע האָט זייא אַליין אונטער גיליינט אונ
דאָס איז שוין בְּדִיקַת חָמֵץ ווערדליג אין פַּשְׁטוּת, נאָ דעריבער איז מען נאָך
עד הַיּוֹם פון איהם ניט פָּטוּר, מען איז מְבַעֵר חָמֵץ אַלע יאָהר, וואָס ז שטיקליך
ברויט, אונ וואָס וועט זיין מיט׳ן סַם? וועניג האָט ער אונז גיטאָהן נאָך דער
מַעֲשֶׂה פון דעם עֵגֶל? ער איז דעם יַרְדֵן אויף אַריבער, גימאַכט אַ „פֶּסֶל מִיכָה״
אויף גישפּיהלט אַ מַעֲשֶׂה (אַזאַ יאָהר זאָל ער האָבין) מיט פִּלֶגֶשׁ בְּגִבְעָה,
גיוואָרין אַ שטיקעל איינגעהער ביי דָוִד הַמֶּלֶךְ אונ האָט דאָרטין אויך גימאַכט
אַביסעל צָרוֹת, עס איז ניט כְּדַאי צו ריידין, בְּקִיצוּר ער איז גאָר גיוואָרין אַ
שטאַרקער דיפּלאָמאַט, אונ האָט פאַר פיהרט אַ פּאָליטישע מַחֲלוֹקֶת יָרָבְעָם
בֶּן נְבָט מיט שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ, ביז יָרָבְעָם איז גאָר קעניג גיוואָרין איבער 10 שְׁבָטִים
אונ דאָס האָט איהם גיבראַכט צו מאַכין צוויא עֲגָלִים.

אָט דאָ האָט איהם אָפּ געגאָלטין, מיט דעם האָט ער יאָ גימאַכט דיא
יוּדען אונגליקליך, דיא 10 שְׁבָטִים מיט דיא 2 שְׁבָטִים האָבין זיך שטענדיג
גיקריגט ביז עס האָט זיך אויס גילאָזט אַ טייך פון בלוּט, דאָס בֵּית הַמִּקְדָּשׁ

איז פאר ברענט געווארן, דיא יודען זענען פאר טריבען געווארן אין בבל, נ: ווען אפילו מיר האבין זיך דער נאך עפעס וויא עס איז יא צו געשלאגין צו: שטיקעל ממשלה, געמאכט ווייטער א בית המקדש, נאר עס איז שוין ני געוועהן גאר דאס, דער סם האט געפראוועט זיינע שטיק, געמאכט בייא אונ צדיקים, מינים ואפיקורסים, געפיהרט שנאת חנם צווישען קמצא ובר קמצא ביז דאס צווייטע ביהמ"ק איז אויך חרב געווארן, אונ מיר זענין פאר טריבע געווארן אין אלע עקין פון דער וועלט, איך האב פיינד צו זאגין, דער וויל אי ער תקיף.

דער הויפט חסרון איז, וואס מע נעמט זיך ניט צו איהם, איינער אי געוועזן וואס ער האט זיך יא גענומען צו איהם אפילו גאנץ שטארק מיט אל כלים, ר' יוסף דילה ריינש, ער זכרונו לברכה האט גאר געמאכט א נסיעה צו איהם אזש אונטער דיא הרי חושך, ער ז"ל איז צו איהם ניט געקומען וויא א נאר אונ א שלימעזאלניק, ער האט געוויסט מיט וועמען ער האט צו טאהן דער כלל ער ז"ל איז צו איהם טאקי געקומען וויא א העלד, פארשידענע מיטלען האט ער מיט זיך מיט גענומען, דורך דעם צו בעזיגען פריהער דעם שווארצין הינד 1).

נאר

---

1) טרעפט איהר יודען מיט וואס איז ער געגאנגין צו איהם? נישט קשה שרעקט זיך ניט, ער האט זיך גוט בעווארענט, ער ז"ל האט אן געטאהן אופן הארצען צווייא מויער קעפליך פרישע פון צפת, פון בעסטין סארט, אויף אלע פינגער פינגערליך פון לולב, אויף איין פיס א חליצה שיכל, אופן קאפ דיא יום כפור'דיגע יארמולקע, אופן גוף א קיטעל דורך אי"ם מיט געלע פלאמעס פון דיא ארבע כוסות, אונ דיא אויערין כאר שטעקט פון דיא געשטעפטע פלודערין פון דעם אלטען צדיק, אין האנד האט ער געהאלטין דעם מלקה קאנטשעק פון בית הכנסת הגדול, אונטערין נארטיל איז געוועזן פאר שטעקט א שופר א שווארצער א ביסעל פאר דרייהט פון א בארן פון צפת, הלואי זאל מען ניט בעדארפין, אין דיא קעשענעס האט ער פאר פאקט שטערין שוסליך, כבאמפף פינגערליך, ראקעווי אייגליך, וואלף ציינדליך, ציגענע באבקעס, קרעלען פון א הינדיק, א נאדיל טע'שיל מיט פראטערס, א פוכטע שלעסיל נויט שווים פון א ב"ד שמש, א ביסעל האר פון א פאטיליצע אונ דוועקא פון א גרוש, א שטיקעל ריקען פון א אמסטערדאמער של"ה, א עק פון א משוגען קעלביל, שתי שערות פון א טוקערקע א בלינדע אויף איין אויג, א שטריקעל פון א ערוב, הא! וואס זאגט איהר? ער ז"ל איז טאקי ניט געגאנגין וויא א שלימעזאלניק, ער האט טאקי רעכט געוועהר מיט גענומען.

נאר וואס איז דיא פעולה ? אז ער ז"ל האט זיך צום סוף בענארישט, מן הסתם איז נאך ניט בעשערט געוועזן פון זיין ליבען נאמען, איהר פאר־שטעהט א מעשה ? אז ער האט איהם שוין גינומען אין פלען, נא האט ער בעדארפט אויף איהם גאר רחמנות האבין ? מיר דאכט אז ער וואלט זיך אפילו אוים גיצויגען וואלט איך איהם גיהערט טאקי וויא דעם הינד, נא ער ז"ל איז אבער געוועזן א וויבער מענש, אונ דער סם דער שווינדלער האט פאר איהם גיקלאגט אונ גיוויינט, וואס איז ? ער וויל אז ער זאל איהם געבען א שמעק צו טאהן אביסעל ווארך, עס איז איהם טאקי געוועזן ניט גוט, נאר וואס הארט דאס דיר ? ווען איך וואלט געוועזן דער בייא וואלט איך בעסער גיטאהן, איך וואלט איהם א שמעק גינעבין עפעס איין אנדערע זאך, אט דא וואלט ער נחת גיהאט, נאר וואס רעדט מען ? ער ז"ל האט אים טאקי א שמעק גיגעבין דעם ווארך, נא נא, וויא מיינט איהר ? ער האט זיך אביסעל אויף איהם ארויף גיחאפט, אונ דיא שפיהל איז געווארין פארען טייפעל, אונ דער סם איז גיבליבען בייא זיין שליטה 1) . —

על

---

1) חאטש איך בין א שטארקער מתנגד, פון דעסטוועגין האב איך ליב צו זאגין איין אמת, אז דיא חסידישע צדיקים טוהן פארט מכח דעם סם, זייא זוכען פארט עצות אונ תחבולות איהם שוואך צו מאכין, אונ פון איהם גאר פטור צו ווערין, הגם עס האט נאך ביז יעצט קיינעם ניט מצליח געוועזן דער פלאן, ונהיפך, דער סם ימח שמו ווערט נאך אלע מאהל שטארקער אונ פעסטער, נאר מע קאן זייא אויך ניט בעשולדיגען זייער כוונה איז דאך גוט, איינער א געוויסער צדיק אין מיינע צייטען האט זיך צו איהם גינומען גאר מיט אלע כלים, דער פלאן איז אפילו געוועזן זייער אגוטער אונ א גישמאקער, ער האט זיך מישב געוועזן גאר צו געהן מיט א פרישען דרך, עס הייסט : אלעם זיך צו שמייכלען צום סם מאכין מיט איהם כלומערשט איין האנד, שלאגין מיט איהם בלאט, ווייזען שטארקע הפקרות, אונ אז עס וועט שוין האלטין גאר בייא דעם שפיץ, אט דא וועט ער איהם אן פייפען, אונ פון דעם וועט דער גאנצער כח הטומאה נישטאזשניט ווערין, אונ עס וועט ווערין ליכטיג אין דער גאנצער פמליא של מעלה, אט אויף דעם אופן האט איהם דער סם פאר־גיגעבין א פלאן זיך כמטמא צו זיין מיט דעם חטא פון אשת איש ר"ל, דער צדיק איז דער צו מרוצה געווארין, אונ האט זיך טאקי משתדל געוועזן וויא ער זאל קומען צו אזא נסיון, ער האט זיך מפורסם גימאכט פאר א בעל מופת, פיל ווייבער האבין איהם גירופען צו זיך אהיים העלפין זייערע קראנקע קינדער, אט דא האט ער גיקריגען א מקום צו טאהן להכעים דעם סם, צו ווייזין איהם אז ער האט שוין גיקאנט כמלא זיין זיינע תאוות, אונ ער וועט זיך מתגבר זיין,

אונ

עַל כֵּן בְּרִידֶער ! אִיז דִיא בֶּעסְטֶע עֵצָה, מֶע זָאל נָאר הָאטְשׁ דֶער ווייל אִיהְם אָן טָאהְן צָרוֹת, מִיטִין בְּדִיקַת חָמֵץ אוּנ בִּעוּר חָמֵץ, עֶס אִיז אֲפִילוּ דָא אִין

---

אוּנ דוּרְךְ דֶעם גֶעבִּין אַ כֹּחַ אִין דֶער קְדוּשָׁה, נָאר עֶר אִיז אָבֶּער צוּא פִּיל גִיקְרָאכִין אִין סַכָּנָה, דֶער סַם דֶער צִינַאנְגֶער הָאט אִיהְם טַאקִי גוּט פַאר פִּיהְרְט טִיף אִין בְּלָאטֶע, עֶר אִיז טַאקִי גֶעבַּאךְ נִכְשַׁל גִיוָוארִין אִין כַּמָּה חֲטָאִים, אַסַאךְ וַוייבֶּער זֶענֶען גֶע-גֶט גִיוָוארִין אִיבֶּער דֶעם צַדִיק, דִיא מַעֲשֶׂה הָאט זִיךְ גִיטְרָאפֶען אִין דֶער שְׁטָאט פ׳ · אִין דֶער גוּבֶּערְנְיֶע מ׳, דִיא זַאךְ אִיז דַאמָאלְס גִיוֶוען מְפוּרְסָם אִין דִיא צֵייטוּנְגֶען.

נָאךְ פִּיל צַדִיקִים נָאר פוּן דִיא מְפוּרְסָמִים בַּייא דֶער יֶעצְטִיגֶער צֵייט אַרְבֵּייטֶען מַמָּשׁ מַעֲשִׂים מִכֹּחַ דֶעם, זֵייא גֶעהְן אוֹיךְ מִיט דֶעם גַאנְג, נָאר נִיט אוֹיף אַזַא שְׁרֶעקְלִיכֶען אוֹפֶן וִויא דֶער צַדִיק פוּן פ׳, זֵייא גֶעבִּין נָאר אַבִּיסֶעל נָאךְ דֶעם סַם, פִּירֶען זִיךְ אִין כַּמָּה עִנְיָנִים נָאר אֵייראָפֵּייֶעשׁ כְּדֵי דֶער סַם זָאל זַיין גֶעגַארְט, אוּנ זָאל זִיךְ נִיט שְׁטַארְק הִיטֶען פוּן זֵייא אוּנ זָאל זִיךְ נִיט סְטַארֶען מִיט זַיינֶע תַּחְבּוּלוֹת אַרָאפּ פִּירֶען זֵייא ח״ו נָאר פוּן דֶעם דֶרֶךְ הַיָּשָׁר, אוּנ אַרַיין בְּרֶענְגִין זֵייא נָאר אִין דֶער כְּפִירָה ר״ל – מֶע הָאט דָאךְ שׁוֹין גִיזֶעהְן דִיא פְּרַאקְטִיק גֶעבַּאךְ פוּן דֶעם „בֶּער״ וִויא עֶר הָאט יָא גִיוָואלְט גְלִיקְלִיךְ מַאכֶען דֶעם גַאנְצִין כְּלַל יִשְׂרָאֵל, אוּנ הָאט זִיךְ מִיט דִיא צֵיין גִינוּמֶען צוּם סַם עֶר זָאל נָאר אִיהְם דֶער גֶעהְן דֶעם עֶק, נָא הָאט מֶען דָאךְ גִיזֶעהְן דֶעם סוֹף וָואס דֶער סַם הָאט אִיהְם אָב גִיטָאהְן, עֶר אִיז שׁוֹין כִּמְעַט גִיוֶועהְן אוֹיף יֶענֶער זַייט בֶּענְקִיל . . . מִיט גְרוֹיס מִיהֶע אוּנ מַאטֶערְנִישׁ הָאבִּין אַלֶע צַדִיקִים אַרוֹיס גֶערִיסִין דֶער בֶּער פִינֶ׳ם סַם, וִויא בַּייא אַ הִינְד פוּן דִיא צֵיין, בֶּאֱמֶת זֶענִין דִיא אַלֶע פְּלַאנֶען אוֹיךְ אֲפִילוּ קַאלְטֶע רְפוּאוֹת, דֶער סַם אִיז קְלִיגֶער פוּן זֵייא, דֶער ווייל דָאס וָואס זֵייא גֶעבִּין אִיהְם נֶעמְט עֶר צוּ, אוּנ פוּן דֶעסְטְוֶועגִין הִיט עֶר זִיךְ גַאנְץ שְׁטַארְק אוּנ מֶע קָאן מִיט אִיהְם גָאר נִישְׁט מַאכֶען, נָאר וִויא דִיא מַעֲשֶׂה אִיז, טוּהְן זֵייא דָאךְ עֶפֶּעס, מֶע זֶעהְט חָאטְשׁ אַז מֶע טְרַאכְט וֶועגִין אִיהְם, מֶע רֶעזִיקִירְט זִיךְ צוּ טָאהְן אָפְּט מָאהְל אַ רֶעכְטֶע עֲבֵירָה, אַבִּי אִיהְם חַאפֶּען בַּייא דֶער טְשָׁאפְּרָאנְגֶע.

אָבֶּער אוּנְזֶערֶע גְדוֹלִים ווילֶען נָאר מִיט אִיהְם קיין שוּם עֲסָקִים מַאכִין, הַגַם זֵייא גֶעבִּין נִיט קיין כֹּחַ אִין דֶער סִטְרָא אַחְרָא, אָבֶּער זֵייא גֶעבִּין נִיט קיין כֹּחַ אִין דֶער קְדוּשָׁה אוֹיךְ, מֵחֲמַת זֵייא ווילֶען זִיךְ נִיט בְּרֶענְגֶען לִידֵי נִסָּיוֹן . . . אַי עֶס שְׁטֶעהְט דָאךְ „בִּמְקוֹם שֶׁבַּעֲלֵי תְשׁוּבָה עוֹמְדִים, אֵין צַדִיקִים גְמוּרִים יְכוֹלִים לַעֲמוֹד״ אוּנ נָאר דִיא בַּעֲלֵי תְּשׁוּבָה קָאנֶען דֶעם סַם מַעֲבִיר זַיין פוּן זַיין מֶמְשָׁלָה, נָאר אַ לִיטְוַואק אָבֶּער הָאט זִיךְ פַיינְד רֶעזִיקִירֶען, דֶער ווייל וִויא דִיא מַעֲשֶׂה אִיז דֶער סַם בּוּשֶׁעוֶועט אוּנ עֶר אִיז תַּקִיף, ה׳ יְרַחֵם ! –

אין דעם אַסאַך צו רייִדען, נאָר עס איז שוין שפּעט, מע דאַרף שוין באַלד בודק חמץ זיין, עס איז שוין צייט דאַווענען מעריב — דער מיט האָט דער מגיד געענדיגט דיא דרשה, דער עולם האָט טאַקי באַלד אָב גידאַווענט, אַהיים, אַהיים, גיצוויינד דער גאַנצער עולם. —

מיט גרויס חשק. אונ פיל נקמה האָט דער עולם זיך גיוואָלט אַ נעם טאָהן אין בדיקת חמץ מכח דעם סם, אויף צרות האָט דער מגיד ניט גיזאָגט וואָס מע קען דעם סם טאָהן, ער האָט נאָר גלאַט געדילט אַ קאָפּ, אַז דיא מקובלים שישקען זיך שטאַרק אַז מיט בדיקת חמץ קאָן מען איהם פאַרדריקען אַ גוטע קאַנע, נאָ וויא דריקט מען איהם? אַדרבה, פאַר וואָס האָט דער מגיד ניט געוויזען. דעם עולם דאָס ערשטע מאָהל וויא מע טוהט? חלעבין דער עולם וואָלט זיך אַוודאַי ניט גיפוילט אונ וואָלטין איהם פאַר דריקט אַזויא טיף אַז דער שוואַרצער יאָהר וואָלט איהם גינומען, נאָר וואָס מאַכט מען אַז מע ווייסט ניט קיין שום פּלאַן, דעריבער האָט מען דער ווייל בודק חמץ גיוועזן נאָך דער אַלטער מעטאָדע.

יעדער שכן האָט זיך אָן גיצינדען אַ סטאַטשיק, וואָס דער קנויט איז פון נאָרען פון פעלר מעסטען, אַנידער געלייגט אויף אַלע פענסטער צו שטיקליך ברויט, אַ טייהל זענין מדקדק עס זאָל זיין 10 שטיקליך ברויט, גינומען אַ הילצערנעם לעפיל (אַ טרפה'נעם פון אַ שאלה) מיט עטליכע פעדערין, אונ אַ טיכעל מיט אַ פאָדים, גימאַכט אַ ברכה „על בדיקת חמץ” אונ האָט תיכף אָן גיהויבין צו זוכין דעם חמץ, אַלע קינדער לויפען נאָך דיא רעוויזאָרען, ביא זייא ווייזט דאָס אויס עפּעס וויא אַ שפּילעכען פון „שלעפּע באַבע” פון אַלע זייטען געהט קולות „טאַטע, קום אַהער” אָט דאָ האָט מען דאָך אויך גילייגט אַ שטיקעל ברויט? אַלע קינדער אין איין גילעכטער „טאַטע געניג שוין זוכען, אויף דיא פענסטער איז שוין מעהר נישטאָ, דוא ווייסט ניט אַ פנים, אַז עס ליגט אַלעס אין דער רעשעטע? דיא מיזיטעקענע בילקעס וועסטו אויך צו נעמען? הא? וויא וועסטו זייא אַריין לעגין אין דעם לעפיל? זעה טאַטע נעם זייא ניט איך וויל עסין, די מאַמע זאָגט דאָך אַז מאָרגען וועט מען דם עסין מיט מילך? דער טאַטע בייזערט זיך אָן מיט שטום לשון, ער טאָר ניט מפסיק זיין, אונ אין אמת שמייכעלט ער אונטער דיא וואָנצען, ער פאַר שטעהט אויך אַ ביסעל אַז ער מאַכט זיך גוט נאַריש, אַלע ווייבער טרייבען אָב דיא קינדער בלומערשט מיט בעס אונ אין גרונד האַפט זייא אויך אָן אַ גילעכטער.

נאָ ב״ה דאָס אויך גיפּאַטערט, דער לעפיל אין זיין פּאַלגעם קאַסטיום ליגט שוין אופן הענגלאַכטער, נאָ וואָס טוהט מען ווייטער? מען האָט גיבראַכט דיא סטופּע אונ מע נעמט זיך שטויסען מצה מעהל למזל, ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט מען פאַר בראַכט מיט דעם שטויסען דיא מצה, אונ זאָלץ אויך, עס גליסט זיך שוין דעם עולם אפילו שטאַרק עסין, מע האָט אַגאַנצע טאָג

אין

אין מויל ניט גיהאט , נאר ווער ז ווען ז עס איז אפילו קיין שטיקעל ברויט אויך נישטא , נא ווייטער שלאפין אויף דער ערד שוין דיא לעצטע נאכט , מ׳ וועט שוין פטור ווערין פון דיא עופות אויך , עס איז שוין גרינגער אופן הארצין ; עס נעמט אפילו קיין שלאף ניט , נאר וואס טוהט מען ? אט ליגט מען אונ מע דרעהט זיך פון איין זייט אויף דער אנדערער זייט , אבי איבער שטיפען דיא נאכט , אונ זיך צו כאפין צו דיא כל המירניקעם . —

## 11.

## ערב פסח למזל טוב .

כמעט האיר השחר , עס איז נאך ניט ליכטיג געווארין , איז שוין דער עולם אויף געשטאנען , תיכף ומיד אבגעדאווינט דעם ערשטין מנין , געכאפט נאך אין בית המדרש א גוטין שנאפס , ביי א סיום פון א בכור , געגאנגען געשווינד אהיים , אב געגעסין דיא מיזיסעטקענע בילקעס , מיט א האלבע גלאז מילך , (א גאנצע גלאז מילך טאר מען זיך ניט פארגינען , עס קאסט דאך א גראשין א גלאז) . איך האב פיינד צו זאגין א בילקע אפילו א גרויסע , דיא קינדער האבין דאס געבאך ניט גיקאנט אויף עסען אין גאנצין , דיא ווייבער זענען דעמעלט געוועהן אביסעל אויפגערעמט , אונ האבין איינגערעדט דיא מאנען זייא זאלין עסען נאך בילקע „עס עס דאס איז דאך שוין ביז נאכט״ האט זיא איהם געזאגט , אין דעם ארט אשטייגער וויא זיא האט אויף איהם רחמנות , אונ זשאלעוועט איהם ניט דיא בילקעס , וואס מע וועט זייא באלד נאר מיזען ארויס ווארפין פאר דיא הינד , „אין אמת״ , האט ער גיענטפערט , קאן איך נאך ניט עסען , מען איז ניט געוואהנט צו עסען אזוי פריא , אט שפעטער וואלט נאר קיין עולה געוועהן צו קאכין אין פסח׳דיגען אביסעל קארטאפעל , „זעה זעה ; א טרפה האלז״ ער האט נאך דאס ניט פאספיעט אויף פרעסין , אונ פאר זארגט שוין אויף שפעטער , זיין גאנץ עסק איז נאר דיא אכילה , נא דיר א נאטור אביסעל ; —

תיכף נאכען עסען , האבין זיך דיא מענער גענומען מאכין (רשימות) צעטלען פון זייערע חמץ , איבער געבין דעם בעל הבית מיט א קבלת קנין כדין וכדת , ער זאל דאס פאר קויפען ביים רב , יעדערער שרייבט זיין רשימה , טרעפט וואס ? אדרבה קיקט זיך צו וואס ער שרייבט דא ? ווערלינג מיר ווייסען דאכט זיך אז עס איז גאר נישטא וואס צו שרייבין , אונ וואס צו פאר קויפען

קיין

קיין בְּרוֹיט , קיין מֶעהְל , קיין גֶערְשְׁטֶענֶע גְרוֹיפֶּען , נָא וָואס דֶען דְרֵייט עֶר אַ טוֹתַ ? וָואס אִיז עֶר דָא אַזאַ שְׁטַארְקֶער מוֹכֵר פוּן חָמֵץ , אוּנ מַאכְט נָאךְ דֶעם בַּעַל הַבַּיִת פַאר אַ קָאמִיסֶענֶער מִיט אַ קַבָּלַת קִנְיָן ? נֵיין עֶר הָאט פָּארְט חָמֵץ , עֶר מוּז דָאס פַאר קוֹיפֶען , וָואס פָּארְט ? עֶר הָט אַ מִילְטֶער , אַ לָאקְשֶׁען בְּרֶעט , אֵיין אַלְט פֶּעסֶ״ל , אוּנ דֶעסְטְגְלַייכִין ! אָט דָאס אִיז דִיא גַאנְצֶע רְשִׁימָה , עִיקָר שְׁבַחְתִּי דֶעם טָאפּ פִינֶ׳ם קְרוּפְּנִיק , חָלֶעבֶּען אַ רֶעכְט גֶעשֶׁעפְט , וָואס זָאגְט אִיהְר דֶער צוּ ? בְּקִיצוּר דֶער בַּעַל הַבַּיִת הָאט אִיבֶּער גֶענִימֶען דִיא קָאמִיסִיָאן , עֶר הָאט זִיךְ אָנְגֶענוּמֶען מִיט גֶעלְד וְויא גְרוֹיס עֶר אִיז , בַּייא יֶעדֶער שָׁבֵן אַ קָאפִּיקֶע , אוּנ אִיז גֶעגַאנְגֶען צוּם רָב עֶנְדִיגֶען דִיא מְכִירָה .

בַּייא דֶעם רָב אִין שְׁטוּבּ , אִיז פִיל אוּנ פִיל פוּן מוֹכְרֵי חָמֵץ , אַזוֹי וְויא אוֹיף דֶער בִּירְזְשֶׁע , דֶער רָב מִיט דִיא דַיָּינִים זִיצֶען אַרוּם אַ לַאנְגִין טִישׁ , אוּנ מֶע נֶעמְט צוּ דִיא צֶעטְלִין , אוּנ מֶע אִיז מִיט יֶעדֶערִין מְקַבֵּל קִנְיָן , דֶער רָב פוּן זֵיינֶער זַייט אִיז זֶעהְר סְפְּרַאוְנֶע אִינֶ׳ם גֶעשֶׁעפְט , עֶר הָאט שׁוֹין מִיטִין בָּאר גוֹי גִיעֶקְט , אוּנ זִיךְ צוּ שְׁרִיבִּין , גֶעמַאכְט אַ פָּארְמַאלִינֶע קָאנְטְרַאקְט אוּנ בֶּעוָוארֶענְט אַלֶעס וְויא אַ מֶענְשׁ , וְויא אֵיין אַלְטֶער סוֹחֵר , גֶעהַאפְּט בַּייא אִיהְם אַ רֶעכְטִין אַדְרָאף נִיט וֵוינִיגֶער פוּן 30 קָאפִּיקֶעס , אַ שְׁפַּאס אַזוֹי פִיל סְחוֹרָה , חָמֵץ פוּן אַ גַאנְצֶער שְׁטָאדְט ? עֶס טְרֶעפְט עֶפֶּעס אָן טַאקִי אַ רֶעכְטִ׳ע סוּמֶע מוּז מֶען לְכָל הַפָּחוֹת הָאבִּין חָאטְשִׁי אַ פֶּעסְטִין אַדְרָאף , עֶר זָאל טַאקִי בַּאלְד נָאךְ פֶּסַח גֶעבִּין גָעלְד , אוּנ צוּ נֶ״מֶען דִיא סְחוֹרָה , נָאר אִין אֱמֶת , הָאט דָאס נָאךְ נִיט גֶעטְרָאפִין , אַז דֶער בָּאר גוֹי זָאל אוֹיס הַאלְטִין דֶעם קָאנְטְרַאקְט , עֶר אִיז אַ פָּנִים תָּמִיד אִין דֶער צַייט שְׁרֶעקְלִיךְ פַאר עֶנְגְט אִין גֶעלְ״ט , אוּנ וִוידֶער אִיז עֶר גְלַאט קֵיין שְׁטַארְקֶער גֶשֶׁעפְטְסְמַאן , עֶר הָאט גָאר לִיבּ אַבִּיסֶעל דֶעם טְרִינְק , נָא אַז עֶס קוּמְט נָאךְ פֶּסַח , אוּנ דֶער לִיבֶּער קוֹיפְמַאן בְּרוֹיכְט טַאקִי מְסַלֵּק זַיין אֵיינִיגֶע טוֹיזֶענְד רוּבֶּל אוּנ צוּ נֶעמֶען דִיא אַלֶע מִילְטֶערְס , לָאקְשֶׁענְבְּרֵייטֶער , אִין דֶם גְלַייכֶען אוּנ קְרֶעדִיט הָאט עֶר נִיט דָא אֲפִילוּ אוֹיף אֵיין גְרָאשִׁין מֵילָא אִיז נִיט דָא קֵיין אַנְדֶערֶע עֵצָה , נָאר אַרוֹיס לָאזֶען אִיהְם פוּן גֶעשֶׁעפְט , מֶע מַאכְט דָאס מִיט אִיהְם זֵייעֶר לַייכְט , וַוייל דֶער בֵּית דִין שַׁמָשׁ אִיז בַּייא אִיהְם אַ גְרוֹיסֶער תַּקִיף , גוּט בַּאקַאנְט פוּן אֵיינִיגֶע יָאהְרִין , עֶר קָאן שׁוֹין זַיין קַאראַקְטֶער , עֶר ווֵייסְט מִיט וָואס מֶע קָאן אִיהְם נֶעמֶען , מַאכְט עֶר מִיט אִיהְם אֵיינִיגֶע גוּטֶע שְׁנַאפְּסִין , אוּנ ווַייזְט אִיהְם אַ פְּלַאן , אַזוֹי וְויא עֶר אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ גֶעדְרִיקְט יֶעצְט אִין מְזוּמָן , דִיא בֶּענְק פוּן בָּאר גֶעבִּין שׁוֹין אוֹיךְ נִיט קֵיין קְרֶעדִיט , לָבֵן אִיז פַאר אִיהְם דֶער בֶּעסְטֶער פְּלַאן צוּ זַיין רוּהִיג אִין אַזאַ צַייט , נִיט צוּ הַאנְדְלִין , אוּנ בֶּעסֶער זִיךְ צוּ זֶעהְן מִיט דֶעם מְזוּמֶנֶעם רוּבֶּל דֶעם אַדְרָאף (אֵיינִגְנְטְלִיךְ אִיז דֶער אַדְרָאף אוֹיךְ נִיט זַיינֶער , דֶער ב״ד שַׁמָשׁ הָאט אִיהְם גֶעגֶעבִּין בְּמַתָּנָה גְמוּרָה עֶר זָאל זִיךְ הָאבִּין מִיט וָואס צוּ קֶערֶעוֶוען) אוּנ נָאךְ מִיט אַ רוּבֶּל אָבּ טְרֶעט גֶעלְד , דֶער בָּאר גוֹי חַאפְּט אַ שְׁוַּאַ: , אוּנ חַאפְּט אַרוֹיס

דיא

דיא צוייא רובל, אונ טרינקט בראנפען אויף וואס דיא וועלט שטעהט, אין אמת איז דער באר גוי אסאך קליגער פינ'ם ב"ד שמש, דען דער גוי האט נאך פאר פסח געוואסט אז עס וועט זיך אזוי אויס לאזין, נאר וואס ארט דאס איהם, אז ער האט זיך אביסעל נאריש געמאכט, אט האט ער געמאכט עטליכע גוטע שנאפסין אונ געקריגין צוייא רובל מזומן אויך, א שלעכט עסק הא? —

בקיצור, בייא דעם רב קאכט אין שטוב, אויף אונ אב מענשין, מע טרייבט דאס געשעפט גאר אויף א גרויסין אופין, א פישקע שטעהט אופין טיש, יעדערער נאך דער מכירה ווארפט אריין דיא עטליכע קאפיקעס, — אין מיטין איז שוין דא ווייבער אונ מיידליך, דיא מיט א הינדיג, דיא מיט א הינדיטשקע, אנדערע מיט הענער, איינינגע גאר מיט קאטשקעס, וואס איז: א שאלה: דער דין וואס זיין קאפ ליגט אצינד גאר אין דער פישקע, נעמט צו בייא א יודענע איהר הינדיטשקע (וואס זיא האט נעבאך פון איהר געליטין 4 קאלעכדיגע וואכין, וויניג איז זיא פון איהר אויס געשטאנען: וויניג בליט האט זיא פון איהר אויס געטרינקין) אונ קיקט גאר ניט אויף דער יודענע וואס זיא שטעהט נעבאך בלאס וויא דער קאליך, אונ מאכט דאס גאר קאלט בליטיג טרפה, אלע ווייבער געבין נעבאך אב זייער בליט אט דעם צו טראגענעם דין, וואס פסקיט וויא עס פאלט איהם אריין אין מויל, דער דין האט דערמאלט אנגעטוען געניג צרות, א שטאדט מענשין מיט צו בראכענע הערצער, איז מען גליך געלאפין אין יאטקע נאך פלייש, א קלאג! א געשרייא! 20 קאפיקעס א פינט סטערווא, גאלע ביינער, דיא קצבים זענען שכור, שעלטין אונ זידלין דיא שוחטים מיט דעם בעל טאקסע, אין טאטענס טאטען אריין, דיא בעסטע אקסין זענען טרפה געווארין, געוואלד: מע דארף בדלות ווערין, דיא ווייבער פאר שעלטין זיך דאס געביין, וואס עסט מען דא? וואס וועל איך דא האבין פון דיא דרייא פינטילעך פלייש? קיין וואג איז ב"ה אויך נישטא, מאגערע וויא פארלע, אט אזעלכע זמירות האט מען געהערט זינגענדיג אין יאטקע. —

איהר ווייסט ליבע לעזער! איך האב אייך מורא איבער צו שרעקין מיט א בשורה רעה ר"ל, בייא אונזערע זאגערקע נעבאך, איז אויך טרפה געווארין דיא הינדיטשקע, איהר פאר שטעהט איין אונגליק? זיא וועט דארפין קויפען פרעמד שמאלץ, איך וייס ניט וויא אזוי זיא וועט דאס אויס האלטין· געוואלד: ניטצען שמאלץ פון אזא הינדיטשקע וואס האט ניט געפראוועט קיין נקיות בייא איהר אויף דעם אויבערבעט? מילא א כפרה דיא הינדיטשקע, פאר איהר מיט איהר מאן אונ דיא קינדערליך, נאר מיט דעם שמאלץ איז טאקי איין הארץ וויטיג, איבער אלעמען איז נאך דיא הינדיטשקע געוועהן אזא געראטענע, וועדליג דיא זאגערין בעריהמט זיך איז דאס גאר געווארין פון

א בייז אויג, זיא ווייסט אפילו פון וועמען, זיא איז גראדע אריין געקומען בשעת דעם פליקען.

בקיצור, דיא ווייבער זענען געבאך שטארק צו רידערט, עס איז טאקי ממש ניט דא וואס צו קאכין, פיש איז בליט יקרות, פלייש קדחות מיינע שונאים, שמאלץ נימער ערגער. — אין מיטין זענען געקומען דיא מענער פון מרחץ, רויטליך אופין פנים, דיא קעפליך אב געגאלט, דער אינטערשטער האלבער קאפ, מיט סימנים פון באנקעס אונ דרוקע געהאקטע, עס גיט צו חן, וויא עס ווייזט אויס האבין זייא א פנים גאר ניט געוואוסט פון דעם אונגליק, דיא ווייבער האבין נאר געווארט אויף א סלוטשאיי, אז מע זאל זיך עפעס נאר מיט זייא זאטשעפען, אט דא וועלין זייא שוין אויס לאזין אלע בייזע חלומות, אויף זייערע קעפ, דיא מענער האבין זיך עפעס דער וואוסט, אונ האבין דאס פאר שטאנען זעהר גיט, זייא זענען שוין פראקטעש אין אזעלכע געלייגענהייטין, האבין זייא גאר געשטומט, זייא האבין זיך גענומען ארוים ווארפין דאס הייא פינעם שטוב, גוט אויס גיקערט, אריין געטראגין דיא בעטען, מיט פרישין הייא, דיא טישין אונ דיא בענק, עס פינקעלט אין אלע ווינקאלעך, דיא פסח'דיגע כלים אריינגעטראגין, מיט אייןווארט, עס וואלט אין אמת געוועהן גאר א מחיה, ווען עס וואלט זיך ניט געטראפין דיא מעשה מיט דיא הינדעטשקים, וואס טוהט מען אבער? עס איז ניט בעשערט קיין מנוחה, יעדער שכן האט גענומען מיט זיך זיינע עלטערע צוייא יונגלעך מיט דרייא פלעשליך, אונ מארש נאך משקה ארבע כוסות. —

ליבע לעזער! לייג צו דעם מוח, אונ הערט דיא השגה פון א ליטוואק אין משקה. — פאר זיך זעלבסט האט ער גענומען א גאנצע קווארט וויין געמישט שטארקין מיט זיסין, אויף 15 קאפיקעס א קווארט, הוילע זיסע א קווארט פאר דעם ווייב במקח 10 קאפ', איין קווארט מער אויף 7 אונ האלבע קאפיקע פאר דיא קינדערליך, נא געמאכט דיא פאקופקע, דאכט זיך ניט שלעכט? אלעס מיט שכל, מיט טאלק, געקומען מיט דעם טראנספארט אהיים, אריין אין שטוב מיט דיא פלעשליך בשלום, — דאס ווייב שטעהט ביים אויוען שווארץ וויא דיא סאזשע, דער שלייער אן א זייט, דיא סמאהע אויף דיא ליפען, דיא נאז בעט זיך אויס שנייצען, נאר עס איז נישטא קיין צייט, זיא לייגט דאס אב צום סדר, קללות ליגט אין זאפאס אינטער דיא ליפען נאר וואס זייא שיטין זיך ניט אויס. —

דער מאן האט זיך געוואלט אביסעל צו שמייכלען צו דער יפת תואר, מחמת ער האט געוואלט פארט מאכין א שמועס מכח קארטאפעל קאכין, אונ ער האט געוויסט אז דא איז געשפיהליט מיט דער נשמה, דא געהט שוין אין נפשות, דערום האט ער גענומען א ביסעל וויין אין א כוס, אונ איז פאר־ געקומען דער פרינצעסען מיט דיא ווערטער „פאר זיך נאר אביסעל וויין, איך

האב

הָאבּ דֶעם וַויין גֶענוּמֶען טַאקִי נָאר פַאר דִיר לַהֲלוּטִין , דָאס אִיז גָאלֶע זִיסֶער , אֶפְשַׁר גֶעפֶּעהְלְט עֶר דִיר נִיט ? הָאבּ אִיךְ נָאךְ צַייט אִיבֶּער צוּ בַּייטֶען , אִיךְ הָאבּ מִיט דֶעם שֶׁענְקֶער אַזוֹי אוֹיס גֶערֶעדְט״ , „טְשֶׁעפֶּע זִיךְ אָב פוּן מִיר״ הָאט זִיא אִיהְם גִיעֶנְטְפֶערְט מִיט אַ חֵן , עֶס אִיז מִיר שׁוֹין זִיס ב״ה אָהְן דֶעם וַויין , טַאקִי פַאר מִיר דַארְפְסְטוּ אָן גְרֵייטֶען כּוֹסוֹת , אִיךְ וָואלְט זִיךְ דַאכְט מִיר קָאנֶען אַרַיין חַאפֶּען אִין בֶּעט , וָואלְט אִיךְ מִיךְ בֶּעסֶער אַבִּיסֶעל אוֹיס גֶערוּהְט , נִיט זִינְדִיגִין זָאל מֶען מִיט דִיא רֵייד , מֶע חַאפְּט פֶּסַח ! פֶּסַח ! לְסוֹף וֶועט מֶען קֵיין כֹּחַ נִיט הָאבִּין אֲפִילוּ צוּ עֶסֶען , אִין אֱמֶת גֶעשְׁמִיֶעכְט , עֶס אִיז ב״ה נִיט דָא וָואס צוּ עֶסֶען , נָאר כַּפָּרָה פוּן הִינְגֶער וֶועט מֶען נִיט שְׁטַארְבִּין , קֵיין פִישׁ קָאךְ אִיךְ נִיט אוֹיף בַּייא נַאכְט , בֶּעסֶער אוֹיף מָארְגִין , וָואס זָאגְסְט דִיא ? קְנֵיידְלִיךְ וָואלְט אִיךְ אֲפִילוּ גֶעמַאכְט , עֶס אִיז אָבֶּער דֶער וַוייל נָאר קֵיין שְׁמַאלְץ נִישְׁטָא , ב״ה גֶעהָארֶעוֶועט אוֹפִין שְׁוַוארְץ יָאהְר 4 וָואכִין , מֶע טָאהְר נִיט זִינְדִיגִין מִיט דִיא רֵייד , נָאר אוֹיף מָארְגִין הָאט מֶען מִיר צוּ גֶעזָאגְט אַ קְוַואטִירִיל שְׁמַאלְץ , אִיךְ קְלֶעהְר חָאטְשִׁי אַרַיין טָאהְן עֶטְלִיכֶע קַארְטָאפֶעל אִין יוֹיךְ , וָואס דֶען ? נָאר גָאלֶע וַואסֶער ? פוּן דֶעם שְׁטִיקֶעל גַאוְויַאדֶענֶע קָאן עֶפֶּעס אַ טַעַם הָאבִּין ? פַאסָאלְיֶעס טָאהְר מֶען נִיט, סִיאִיז דָאךְ פֶּסַח ! אִיבֶּער אַלֶעמֶען אִיז אֵייֶער אוֹיךְ אַ יַקְרֶת גָדוֹל , אַזוֹי חְלֶעבֶּען קָאכְט מֶען אָב פַאר יֶעדֶערִין אֵיין אֵיי , אִיז דָאס אוֹיךְ אַ שְׁטִיקֶעל פַארְפָארֶע, פַאר דִיר הָאבּ אִיךְ מוֹרָא וֶועל אִיךְ מוּזֶען אָב קָאכִין אַ גַאנְץ אֵיי , וָואס דֶען ? וָואס וֶועסְטוּ עֶסֶען ? דָאס בִּיסֶעל יוּשְׁקֶע , גָאט זָאל מִיךְ נִיט שְׁטְרָאפִין פַאר דִיא רֵייד , „נָא מַיין וַוייבּ״ , הָאט אַ זָאג גֶעטָאהְן דֶער מַאן הַאלְטֶענְדִיג דֶעם כּוֹס , אַז עֶר הָאט פַאר שְׁטַאנֶען נָאךְ דִיא רֵייד אַז זִיא אִיז אַ צִינְד אַבִּיסֶעל וֵוייבֶער . „נָא נֶעם פָארְט אַבִּיסֶעל וַויין , אָט דֶער קְוִיק זִיךְ , טוּה מִיר אוֹיךְ צוּ לִיעֶבּ , וָואס קָאן דָאס שַׁאדֶען ?״

בְּקִיצוּר , דִיא יְפֵיפִיָה הָאט גֶענוּמֶען אַ בִּיסֶעל וַויין אוּנ הָאט זִיךְ בֶּעלֶעקְט, אוּנ דֶער וַוייל הָאט עֶר אַרַיין גֶעוָוארְפִין אַ פָאר וֶוערְטֶער , אֶפְשַׁ״ר אִיז אַ סְבָרָא אָב קָאכִין אַבִּיסֶעל קַארְטָאפֶעל ? בִּיז נַאכְט אִיז נָאךְ אַ הִיפְּשֶׁע צַייט , עֶס קְלֶעמְט זֵייעֶר דָאס הַארְץ , נָא נָאךְ דֶעם בִּיסֶעל וַויין הָאט זִיא שׁוֹין נִיט גִיקֶענְט אַזוֹי פִיל מֵעִיז פָּנִים זַיין , אוּנ הָאט צוּ גֶעשְׁטֶעלְט אַ טֶעפִּיל קַארְטָאפֶעל .

דֶער מַאן , הָאט דֶער וַוייל אַלֶעס מֵכִין גֶעוֶועהְן וָואס מֶע בֶּעדַארְף צוּם סֵדֶר , אָן גֶערִיבִּין חְרֵיין , גֶעמַאכְט הַרוֹסֶת , אוֹיס גֶעבִּיטֶען 6 מַצוֹת אוֹיף שְׁמוּרָה , אָן גֶעגְרֵייט דִיא הַגָדוֹת , אֵיינְגֶעמַאכְט צִיצִית אִין דִיא נַייֶע אַרְבֶּע כַּנְפוֹתִין , דֶער וַוייל אִיז דִיא קַארְטָאפְלִיֶעס פַארְטִיג גֶעוָוארִין , מֶע הָאט זִיךְ טַאקִי מַמָשׁ מְחַיֶה גֶעוֶועהְן , וָוער עֶס הָאט נִיט גֶעזֶעהְן דִיא שִׂמְחָה פוּן דִיא מֶענְשִׁין בְּשַׁעַת עֶסֶען דִיא קַארְטָאפְלִיֶעס , הָאט קֵיין שִׂמְחָה נִיט גֶעזֶעהְן אִין זַיין לֶעבִּין .

עֶס אִיז שׁוֹין גֶעוֶועהְן קָרוֹב צוּ מִנְחָה , מֶע הָאט גֶעלֵייגְט אַ וַויים טִישְׁטִיךְ אוֹיפִין לַאנְגִין טִישׁ, אַרוֹיף גֶעשְׁטֶעלְט אַ סַאךְ שַׁבָּת׳נִיקֶעס אוֹיס גֶעפִּיצְטֶע (מַחֲמַת

אלע

אַלֶע שְׁכֵנִים וֶועלִין אָבּ רִיכְטִין דֶעם סֵדֶר אִין אֵיינֶעם) אוֹיס גֶעבֶּעט יֶעדֶערִין זַיין הֲכִיבָה מִיט קְלָאהְרֶע קִישֶׁענְס , אוֹפִין טִישׁ אוֹיס גֶעשְׁטֶעלְט פִיל כּוֹסוֹת , מִיט פְלֶעשְׁלִיךְ וַויין , דֶער כְּלַל אִיז עֶס בְּלִישְׁטְשֶׁעט אִין אַלֶע זַייטִין , דֶער עוֹלָם הָאט זִיךְ אָנְגֶעטָאהְן נַייֶע הֶעמְ־ער , אוּנ נַאייֶע פְלוּדֶערֶען , מִיט נַאייֶע לַייבְּצוּדָאקְ־ס , נַאייֶע שִׁיךְ אוּנ זָאקִין , אוֹיךְ יַארְמִילְקֶעס שְׁפָּאגֶעל נַאייֶע , אוּנ מֶע הָאט גֶעמַאכְט פִּים אִין דִיא בָּתֵּי מִדְרָשִׁים. דָארְטִין אִיז אוֹיךְ זֵייעֶר קְלָאהְר אוּנ וַויים , אַלֶע הֶענְגְלַייכְטֶערְס בְּלִישְׁטְשִׁין , דִיא טִישִׁין אָבּ גֶעהִיבְּלֶעוֶועט , עֶס אִיז נַחַת וִויא מֶע קֶעהְרְט זִיךְ , אִין דֶער הֵיים הָאבִּין זִיךְ דִיא וַוייבֶּער אוֹיךְ אַרוּם גֶעוַואשִׁין , אוֹיס גֶעשְׁלֵייעֶרְט , אוֹיס גֶעפִּיצְט גֶענוּמֶען דָאם יוֹם כִּפּוּר'דִיגֶע טִיכֶעלֶע אוֹפִין קָאפּ , טַאקִי וִויא אַ מַלְכָּה , גֶעבֶּענְשְׁט לִיכְט , עֶס אִיז רוּהִיג , לִיכְטִיג , אוּנ צִיכְטִיג , אַלֶע צוּ פְרִידִין , אַבִּי ב״ה שׁוֹין אִיבֶּער גֶעקוּמֶען ! —

---

## 12.

## דֶער עֶרְשְׁטֶער סֵדֶר.

אַלֶע מַאנְסְבִּילִין זֶענֶען אַהֵיים גֶעקוּמֶען פִינֶ'ם בֵּית הַמֶדְרָשׁ. „גוּט יוֹם טוֹב. גוּט יוֹם טוֹב ו״ אַלֶע זֶענֶען פְרֵיילִיךְ חָלֶעבֶּען , עֶס אִיז דָאךְ עֶפֶּעס פָּארְט גֶעוָוארִין אַ נַאייֶע וֶועלְט , עֶס אִיז אִין שְׁטוּבּ אַ טִישׁ אַ בַּאנְק , אַ בֶּעט , רֵיין פַּיין , מֶע הָאט דָאךְ פָּארְט ,עפֶּעס גִיקָאכְט , אַ בִּיסֶעל וַויין אִיז אוֹיךְ דָא ב״ה , טַאקִי מַעֲשֶׂה פִּירְשְׁט , אַלֶע קִינְדֶער אִין נַאייֶע יַארְמוּלְקֶעס , נַאייֶע הֶעמְדְלִיךְ אוּנ שִׁיכְלִיךְ , אִין שְׁטִיבּ אִיז לִיכְטִיג וַויים אוּנ זוֹיבֶּער , דִיא בַּאלִיבָּאסְטֶע הָאט שׁוֹין ב״ה דִיא נָאז אוֹיךְ אוֹיס גֶעשְׁנַאצְט גָאר מַעֲשֶׂה מַלְכָּה , וָואס קָאן מֶען מֶעהְרֶער פַאר לַאנְגֶען ? —

בְּקִיצוּר , מֶע הוֹיבְּט זִיךְ אָן מֵכִין זַיין צוּם סֵדֶר , זַאלְץ וַואסֶער , עֶפֶּעס אוֹיף אַבְּרָכָה פְּרִי אֲדָמָה , אוּנ אַלֶעס וָואס נָאר נֵייטִיג אִיז , — אַלֶע מֶענֶער הָאבִּין זִיךְ אָנְגֶעטָאהְן אִין דִיא קִיטְלֶען , דִיא קִינְדֶערְלִיךְ הָאבִּין דָאס דֶער זֶעהְן הָאבִּין זֵייא אַ גֶעשְׁרַייא גֶעטָאהְן , טַאטֶע ! טַאטֶע ! דִיא ווִילְסְט אוֹיךְ זִיפִּין מֶעהְל ? דָאס זֶעקִיל אִיז דָאךְ שׁוֹין נִישְׁטָא ? (אַלֶע לַאכֶען מִיט אַ גְרוֹיס גֶעלֶעכְטֶער) , זֵייא הָאבִּין זִיךְ אַרוּם גֶעבִּינְדִין אוֹיף דִיא קִיטְלֶען מִיט שְׁלֵייעֶרְס , אוּנ אִין בִּיזִים אַרַיין גֶעטָאהְן דִיא פִּישֶׁקֶע טַאבַּאק אַ נָאז טִיכֶעל , אוּנ מֶע הָאט זִיךְ אֵיינְגֶעפּוּנְדֶעוֶועט יֶעדֶערֶער אוֹיף זַיין אָרְט , אֵיינְגֶעזֶעצְט זִיךְ זֵייעֶר פֶעסְט , דֶער וֶועכְטֶער גֶעבַּאךְ אַלֶעס שָׁרוֹת , הָאט זִיךְ אוֹיךְ גֶעמַאכְט אַ שְׁטִיקְ־ל הֲסִיבָּה , אַוַודַאי נִיט מַעֲשֶׂה

שכן

שָׂבֵן, נָאר עֶפֶּעס מוז עֶר דָאךְ אוֹיךְ מַאכֶן, מֶע בַּארְף דָאךְ בַּאהַאלְטֶן דֶעם אַפִּיקוֹמָן אוּנְטֶערִין קִישֶׁען ? —

נָא אַלֶע זִיצֶן שׁוֹין אִין אָרְדֶענוּנְג, דִיא מַצוֹת זֶענֶען שׁוֹין אִיבֶּערְגֶעלֵייגְט אִין דְרַייא פַּאכֶן אִין אַ קְלָאהְר הַאנְדְטִיכֶעל, כְּדֵי מֶע זָאל זִיךְ טְרֶעפֶּען צוּ יֶעדֶער מַצָה, מֶע זָאל ח״ו קֵיין טָעוֹת הָאבֶּען, מַחֲמַת עֶס טְרֶעפְט אַ מָאהְל, הַלְוַאי זָאל זִיךְ נִיט אַזוֹי טְרֶעפִין וִויא עֶס טְרֶעפְט, אַז נָאךְ כּוֹרֵךְ אַז מֶע טְרֶעסִילְט שׁוֹין אוֹיס דֶעם הַאנְדְטִיךְ פַּאלְט אַרוֹיס נָאר אַ גַאנְצֶע מַצָה, דֶערוּם הָאט מֶען דָאס אַלֶעס גוּט בֶּעוָואָרֶענְט, אַז דֶער שָׂטָן זָאל דָא גָאר קֵיין שׁוּם שְׁלִיטָה נִיט הָאבִּין, דֶעם הַאנְדְטִיךְ מִיט דִיא דְרַייא מַצוֹת הָאט מֶען אַרוֹיף גֶעלֵייגְט אוֹיף אַ גְרוֹיסִין טֶעלֶער, אוֹיף דִיא מַצוֹת פוּן אוֹיבֶּען אַרוֹיף גֶעשְׁטֶעלְט אַ שָׁאל מִיט אַלֶע פְּרִיפַּאסֶען, אֵיין אֵיי, אַ זְרוֹעַ, שְׁטִיקְלִיךְ צִיבֶּעלֶע אוּנ קַארְטָאפֶעל, חְרֵיין צוּ רִיבֶּענֶע, אוּנ אוֹיךְ אוֹיבֶּערְשְׁטֶע קֶעפְּלִיךְ פוּן חְרֵיין, אוּנ דִיא חֲרוֹסֶת, דָאס אַלֶעס אִיז אוֹיס גֶעלֵייגְט מִיט אַ פְּלַאן, נָאךְ דֶער אַרְכִיטֶעקְטָארֶע פוּן דִיא פּוֹסְקִים, אִיהְר שְׁפִּיהְלְט זִיךְ מִיט דֶער זְרוֹעַ, אוּנ מִיט דֶער בֵּיצָה ? אַזַא פַּאסְ־טְרוֹיקֶע אִיז נִיט קֵיין קְלֵיינִיקֵייט ? דִיא מְקוּבָּלִים מַאכִין גָאר מְשׁוּגָע דֶעם קָאפּ מְכֹּחַ דֶעם, נָאר אוּנְזֶערֶע לִיטְוַואקֶעס גֶעהְן טְרִיט בַּייא טְרִיט נָאכִין שֻׁלְחָן עָרוּךְ, אוֹיךְ גִישְׁט קָשֶׁה . . .

אוֹיף גִיעֶפֶענְט דִיא הַגָדוֹת, אָנְגֶעגָאסִין דִיא כּוֹסוֹת, פְּרִיהֶער דֶער בַּעַל הַבַּיִת, אוּנ דֶער נָאךְ דִיא שְׁבֵנִים, אֵיינֶער נָאךְ דֶעם אַנְדֶערִין גֶעמַאכְט קִדוּשׁ בְּקוֹל רָם, אַלֶע וַוייבֶּער עֶנְטְפֶערִין „אָמֵן !“ מִיטִין פִילִין מוֹיל, אוּנ מֶע טְרִינְקְט, דִיא מֶענֶער הָאבִּין אַ צִיעֶ גֶעטָאהְן פִינֶ׳ם כּוֹס גֶעשְׁמַאק טַאקִי עַל פִּי דִין אַ רוֹב כּוֹס, דִיא וַוייבֶּער הָאבִּין נָאר כְּמְעַט פַאר זִיכְט אַ טְרָאפִּין, הָאבִּין זֵייא זִיךְ בַּאלְד פַאר קְרִימְט, זֶענֶען נִיט גֶעוָואהֶענְט צוּ וַויין, דִיא קִינְדֶער הָאבִּין נָאךְ אִין מִיטִין קִידוּשׁ אוֹיס גֶעחַלַאפְּטְשֶׁעט דִיא כּוֹסוֹת בִּיז דֶעם דְנָא, דִיא וַוייבֶּער קְוֶועלִין נָאר אָן פוּן דִיא קִינְדֶער, דִיא מֶענֶער שְׁמֵייכְלֶען אוֹיךְ אוּנְטֶער, נָאר אוֹיס רֵיידִין טָאהְר מֶען נִיט .

נָא „וּרְחַץ !“ הָאט דֶער בַּעַל הַבַּיִת אַ זָאג גֶעטָאהְן מִיט אַ שְׁטַארְקֶער שְׁטוּמֶע, אִין דֶער אַרְט, וִויא דֶער פֶעלְדְפֶעבֶעל בְּשַׁעַת עֶר מַאשְׁטִירְט זַיין רָאטֶע, אוּנ שְׁרַייעֶט „שַׁאגָאם מַארְשׁ !“ דָא הָאט בַּאלְד יֶעדֶע אֵשֶׁת חַיִל גֶעבְּרַאכְט צוּ צוּם מַאן אַ שִׁיסֶעל, אוּנ אַ קְוָוארְט וַואסֶער, מִיט אַ הַאנְדְטִיךְ, עֶס אִיז מְקוּיָם גֶעוָוארִין זַיין פְּרִיקַאזַאנְיֶע .

לִיבֶּע לֶעזֶער ! אִיהְר וֶועט אֶפְשַׁר פְרֶעגִין, פַאר וָואס אִיז עֶר דָא גֶעוָוארִין אַזַא גְרוֹיסֶער גְרַאף ? קְרַאנְק אִיז עֶר אַלֵיין גֶעהְן צוּ דֶער פָאמִינִיצֶע ? עֶרְשְׁטֶענְס מוּז אִיךְ אַייךְ עֶרְקְלֶערִין, אַז עֶס אִיז טַאקִי אֲפִילוּ פַאר אַ גוּמֶענַאסְטִיקֶער אוֹיךְ נִיט גְרִינְג אַרָאפּ קְרִיכִין פוּן אַזַא סִיעֶדֶעלֶע, אוּנ צְוֵוייטֶענְס אִיז דָאס אַ כָּמוֹ, עֶס הֵייסְט : עֶר אִיז יָעצְט מַעֲשֶׂה פִּירְשְׁט, דִיא וַוייבֶּער הָאבִּין קֵיין פַאר

איבעל

איבעל ניט אויף דעם, עס פאר שטעהט זיך, אז אין מיטן יאהר, וואלט זיא איהם קרחות דער לאנגט וואסער, ער איז ניט קראנק אליין צו געהן אונ זיכין דיא קווארט, אונ דעם האנדטיך וואס ער איז שווארץ וויא דיא בלאטע, ולסוף אז ער געפינט דעם האנדטיך אויך ניט, טוט ער גאר א מאהל אן חרפה, ארויס שלעפען דאס העמד פון דיא הויזין אונ אפ ווישין זיך, שרייען אונ פרעגין קאן ער דאמאלס ניט, ער טאהר ניט מפסיק זיין, נא וואס קאן מאכין א שטומע צינג: ער ווינקט, מריקעט, אונ קריצט מיט דיא ציינדן, קיינער ענטפערט איהם ניט א גוט ווארט, נא ניט ער זיך איין עצה וויא א למדן, אבער אין דער נאכט, פיהרט זיך דאס עסק מיט גרויס דרך ארץ, איך האב פיינד צו זאגין, פארט א מלך . . .

דער בעל הבית שרייעט „כרפס!“ טוט דער עולם צו דער ציבעלע מיט דיא קארטאפעל, איינגעטינגט אין זאלץ וואסער, אונ געמאכט בורא פרי האדמה, אונ געגעסין, א שפאס הונגער: דער עולם קייעט דיא קארטאפעל גאנץ געשמאק.

פליצלינג האט דער בעל הבית א קלאפ געטאהן וויא מיט א בארעבאן „יחץ!“, אט דא זענען געבאך אנדערע שכנים וואס זייא זענען ניט שטארק געלערנט, אונ ביותר דער וועכטער, זייער צו מישט געווארין, וואסער מצה צו ברעכט מען דא? קלעהר אהין, קלעהר אהער, עס איז נישטא קיין צייט כמעט זיך מישב צו זיין, דער בעל הבית שרייעט ראפטאם נאר „יחץ!“ זייא האבין נעבאך געפלאנטעט מיט דיא הענד אין האנדטיך, דער גאנצער גם איז וואס קיינער זעהט ניט וואס זייא שווינדלין דארטין, בקיצור זייא האבין אויך ארויס בעקומען א ערך פון א האלבע מצה, אונ אריינטער געריקט אונטערין קישען, גאט ווייסט וואס זייא האבין דארטין אן געמאכט פאר א חורבן, אבי קיינער זעהט חאטש ניט דיא צרות.

דער בעל הבית בבחינת ראטנע קאמאנדיער, שרייעט וויא אין א מאן הויז „מגיד!“ דיא קינדער האבין אן גיהויבען צו שרייען „טאטע! וואס האסטו עפעס בעהאלטין דיא מצה אונטערין קישען? גיב אונז אויך, מיר ווילען עסין, „שווייגט שקצים!“ האבין דיא מאמעס בלומערשט א גישרייא גיטאהן אונ האבין דער צו אביסעל גישמייכעלט, דער עולם האט אויף גיהויבין דיא שיסלען מיט דער מצה, איינינגע האבין זייערע מלכות גיהאלפין, אנדערע האבין געבאך אליין געמוזט הויבען צוא משא, אלע מיט א העלע יטימטמע „כהא לחמא עניא . . . ביז לשנה הבאה בני חורין“.

מע גיסט אן דעם אנדערין כוס, איינינגע יונגליך האבין גיפרעגט „מה נשתנה“ אונ דיא פעטער האבין גיענטפערט „עבדים היינו לפרעה במצרים“ דער עולם האט זיך גיזאגט דיא גאנצע הגדה, ביז אין גרויסען „לפיכך“ דא האבין זייא זיך אלע אויף גישטעלט (דיא קינדער אלע מיט א געוויין, טאטע

דוּא גֵייסְט שׁוֹין שְׁלָאפִין מֶ׳ע הָאט דָאךְ נָאךְ נִיט גִיגֶעסִין דֶעם קְרוּפְּנִיק ? אַלֶע לַאכֶען) מֶע הָאט גִינוּמֶען דִיא כּוֹסוֹת אִין דִיא הֶענְד אוּנ מֶע שְׁרַייעֶט „לְפִיכָךְ״ אַז דִיא וָוענְט צִיטֶערִין אַזְשׁ, דִיא קִינְדֶער הָאבִּין זִיךְ צוּ חָלִיפֶּעט, עֶס הָאט זַייא דִיא סְצֶענֶע זֵייעֶר שְׁרֶעקְלִיךְ אוֹיס גֶעוִויזֶען, עֶס שְׁטֶעהִין מֶענְשִׁין אִין הֶעמְדֶער אִיבֶּערִין קָאפְּטִין, גְלֶעזְלִיךְ וַויין אִין דִיא הֶענְד, אוּנ מֶע שְׁרַייעֶט אָהְן אַ אוֹיפְהֶערוּנְג, אַ חוּץ דֶעם אִיז בַּייא זַייא עֶפִּיס נִיט גְלַאט גִיוֶוען דֶער גַאנְצֶער פַּארַארָאק, מֶע הָאט שׁוֹין דָא פַּאר בְּרַאכְט בַּאלְד צְוַוייא שָׁעָה, הָאט מֶען עֶרְשְׁט בְּסַךְ הַכֹּל גִיגֶעסִין אַ בְּרֶעקִיל צִיבֶּעלֶע מִיט אַ שְׁטִיקֶעל קַארְטָאפְלֶע, נָא דִיא סֵדֶר פְּרַאוֶוער הָאבִּין זִיךְ קוֹים וַוייטֶער בֶּעוֶעצְט רוּהִיג, דִיא כּוֹסוֹת אַנִידֶער גִישְׁטֶעלְט אוּנ גִיזָאגְט בִּיז גָאַל יִשְׂרָאֵל, גִימַאכְט הַגָּפֶן אוּנ גִיטְרוּנְקֶען אָן גִישְׁפַּארְט וִויא אַ גְרַאף.

„רָחְץ ו׳״ אִיז אַרוֹיס זֵייעֶר הֶעל פוּן דֶעם בַּעַל הַבַּיִת מוֹיל, דִיא מֶענֶער רִירֶען זִיךְ נִיט פוּן דֶעם אָרְט, מֶע הָאט זַייא צוּ גִיטְרָאגִין נָאךְ אַמָאהל וַואסֶער, גֶעוַואשִׁין זִיךְ מִיט אַ בְּרָכָה, אוּנ גִינוּמֶען וַוייטֶער פְּלָאנְטֶען אִין הַאנְדְטִיךְ, דִיא פְּרָאסְטַאקֶעס הָאבִּין דָארְטִין אַוַודַאי אָן גִימַאכְט צָרוֹת אִיבֶּער צָרוֹת, נָאר אַ כַּפָּרָה, אַבִּי יֶעדֶער הָאט אַרוֹיס גֶערִיקְט צְוַוייא שְׁטִיקְלִיךְ מַצָּה, אוּנ הָאט זַייא צוּ זַאמֶען צוּ נוֹיף גֶעלֵייגְט אוּנ גִימַאכְט צְוַוייא בְּרָכוֹת, אוּנ וַוייטֶער גִיגֶעסִין וִויא אַ גְרַאף, נָא דֶער עוֹלָם הָאט אַבִּיסֶעל אִיבֶּער גִיחַאפְּט מִיט דֶער הַמּוֹצִיא, אוּנ דֶער בַּעַל הַבַּיִת הָאט אַ בֶּעפֶעהְל גִיגֶעבִּין „מָרוֹר ז׳״ אָט דָא אִיז אַרִיבֶּער וִויא אַ פְרָאסְט אִיבֶּער דִיא בֵּיינֶער בַּייא אַלֶע מֶענֶער, יֶעדֶער הָאט זִיךְ שְׁטַארְק פְּרִיגָאטָאוֶועט צוּ דֶעם גוּטֶען עֵסֶק, מֶע הָאט גִימַאכְט פוּן דֶעם חְרֵיין אַ גַאלְקֶע וִויא אַ זַיִת דִיא גְרוֹיס, אַיינְגֶעטִינְקְט אִין חֲרוֹסֶת, גִימַאכְט דִיא בְּרָכָה „עַל אֲכִילַת מָרוֹר״ אוּנ אַרַיין גִיוָוארְפִין אִין מוֹיל מִיט אֵיין מָאהְל.

אַהַא ! עֶס טוּהְט זִיךְ שׁוֹין חוֹשֶׁךְ, דֶער גְלָאצְט מִיט דִיא אוֹיגֶען, דֶער וַוארְגְט זִיךְ, אַלֶע הָאבִּין זִיךְ שְׁרֶעקְלִיךְ צוּ הוּסְט, גוּט פַּאר סְמַארְקֶעט, טְרֶערִין הָאט גִיגָאסִין פוּן זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען, „דִיא אֵיינֶגֶענֶע זַאךְ אִיז ב״ה אַלֶע יָאהְר״ הָאט זִיךְ אָן גִירוּפֶען דִיא זָאגֶערִין, עֶר בֶּעדַארְף אוֹיךְ עֶסִין חְרֵיין ? אִיךְ בִּין דָאךְ אַ יוּדֶענֶע, פוּן דֶעסְטְוֶועגִין וַויים אִיךְ אוֹיךְ אַ דִין, מֶע קָאן מִיט סַאלַאטֶע אוֹיךְ יוֹצֵא זַיין, חְלֶעבִּין נִיט זִינְדִיגֶען זָאל מֶען מִיט דִיא רֵייד, מֶע דַארְף נָאךְ מָרוֹר עֶסִין, עֶס אִיז ב״ה בִּיטֶער אָהְן מָרוֹר, נָאר וָואס רֶעדְט מֶען מִיט אִיהְם ? עֶר וִויל דָאךְ זַיין פְרִיהְמֶער וִויא אַלֶע, (בֶּאֱמֶת טוּהְט דָאס אִיהְר גְרוֹיס הֲנָאָה, זִיא הָאט פָארְט אַ פְרוּמֶען מַאן, נִישְׁקָשֶׁה דֶער שְׁוַוארְצֶער יָאהְר וֶועט אִיהְם נִישְׁט גֶעמִין) קָאנְסְט נִישְׁט ? עֶס נִישְׁט, גָאט אַלֵיין הָאט אוֹיךְ נִיט גִיהֵייסֶען זִיךְ מֵמִית זַיין, אַ שְׁפַּאס אַזַא חְרֵיין עֶרְשְׁט כִּמְעַט אָן גֶערִיבֶּען, אוּנ נָאךְ דֶער צוּ דִיא קֶעפְּלִיךְ ?

נָאךְ אַ הִיפְּשֶׁע צֵייט זֶענִין זַייא גִיקוּמֶען צוּ זִיךְ אַרוּם גֶעוִוישְׁט זִיךְ, גוּט

אוֹיס

אוים גֶעשְׁנַאצְט דִיא נעזֶער, אוּנ יֶעס וָואלְט שׁוֹין גָאר גוּט גִיוֶועזֶן, אָבֶּער דֶער „כּוֹרֵךְ" שְׁטֶעהְט נָאךְ אִין וֶועג, וַוייטֶער חְרֵיין, אֱמֶת דָאס אִיז שׁוֹין אַבִּיסֶעל גְרִינְגֶער וַוייל מִיט כַּזָּה אִין אֵייגֶעם, דָאךְ אָבֶּער חְרֵיין, אוּנ נָאךְ תֵּיכֶף נָאךְ דֶער עֶרְשְׁטֶער פָּארְצֶיעַ חְרֵיין; נָאר וָואס הֶעלְפְט דָא דֶער יִשּׁוּב הַדַעַת? אַז דֶער בַּעַל הַבַּיִת שְׁרֵייעְט אִין אֵיין קוֹל „כּוֹרֵךְ" חָאטְש טוּה זִיךְ אַ מַעֲשֶׂה אָן, סְלוֹוְשְׁבֶּע; דֶער עוֹלָם הָאט אַ טַאפּ גִיטָאהְן אִין הַאנְדְטִיךְ, מֶע הָאט אַרוֹים גִיחַאפְּט שְׁטִיקֶער מַצָּה, גָאט וֵוייס צוּ פוּן דֶער דְרִיטֶער מַצָּה צוּ גֵיין, אִיךְ הָאבּ מוֹרָא אַז דֶער וֶועכְטֶער הָאט דָאס גִימַאכְט גָאר קָאק פַּאפַּאלֶע, נָאר אַ כַּפָּרָה, אִיךְ בִּין שׁוֹין גֶערֶעְן אַז מֶע זָאל זִיךְ שׁוֹין צוּ שְׁלָאגְן צוּ עֶפִּים אֵיין אֲכִילָה, יֶעדֶער הָאט אַנִידֶער גֶעלֵייגְט אַ גְרוֹים שְׁטִיק מַצָּה, אוֹיס גֶעבֶּעט גוּט מִיט חְרֵיין פוּן דֶער פוּלֶער הַאנְד, פַאר דֶעקְט דֶעם חְרֵיין וַוייטֶער מִיט אַ שְׁטִיק מַצָּה, אוּנ אַז אַלֶע זֶענֶען גִיוֶועזֶן פַארְטִיג הָאבִּין אַלֶע גִיגֶעבִּין אַזָאג „זֵכֶר לְמִקְדָּשׁ כְּהִלֵּל..." אוּנ הָאבִּין זִיךְ אַ וָוארְף גִיטְאהְן אוֹיף דֶער לִינְקֶער זַייט וִויא דִיא פָּאמֶעשְׁטְשִׁיקֶעס אוּנ הָאבִּין גִיגֶעסִין דֶעם גֶעפִּילְטֶען פְלָאדֶען, גִיגֶעסִין אוּנ גֶעהוּסְט, אוּנ אַלֶעם אָן גִישְׁפַּארְט מַעֲשֶׂה גְרַאף, נָא שׁוֹין פָּטוּר גִיוָוארִין דֶעם כּוֹרֵךְ אוֹיךְ, הֶלֶעבִּין עֶס אִיז שׁוֹין צַייט פָּארְט עֶפִּים עֶסִין הַא?

אַרָאפּ פוּן דֶעם טִישׁ דִיא פְלֶעשְׁלִיךְ מִיט דִיא כּוֹסוֹת, דִיא קְעָרָה מִיט דֶער זְרוֹעַ, אוּנ דִיא חֲרוֹסֶת, אוּנ גִיגֶעסִין זָאל וֶוערִין, אַי עֶס אִיז נִישְׁטָא וָואס? וִויא הֵייסְט עֶס? וָואס דֶען הָאט דָא אַזוֹיא גִיקָאכְט 4 וָואכֶען דוּרְךְ אַנַאנְד? אִיהְר פְרֶעגְט מִיךְ? אַדְרַבָּה אִיךְ פְרֶעג אַייךְ? —

מֵילָא בְּקִיצוּר, לָאזִין שׁוֹין דִיא וַוייבֶּער גֶעבִּין וָואס עֶס אִיז דָא, מֶע גִיט טַאקִי אֵיין אֵיי אוֹיף צְוֵוייעֶהְן, אָבֶּער דֶעם מַאן דֶעם כּוּלְטַאן אַגַאנְצֶע אֵיי, מֶע הָאט גִימַאכְט זַאלְץ וַואסֶער, אָן גִישְׁטָאפְּט זִיךְ מִיט מַצָּה, וָואס דֶען זָשֶׁע זָאל מֶען טָאהְן? מֶע אִיז דָאךְ הִינְגֶערִיג, נָאךְ דִיא אֵייעֶר הָאט מֶען דֶער לַאנְגְט דִיא יוֹיךְ, דָאס הֵייסְט אַ שִׁיסֶעל הֵייסֶע וַואסֶער מִיט קַארְטָאפֶּעל, פַארְשָׁאטֶען מִיט מַצָּה פַארְפִיל, קֵיין רֵיחַ פוּן פְלֵייש הָאט דָאס אוֹיךְ נִיט גִיהַאט, וָוארוּם וָואס פַאר אַ טַעַם קָאן גֶעבִּין אַ הַאלבּ פוּנְט פְלֵייש אִין אַ גַאנְץ גְרוֹיסִין טָאפּ?

„אִיךְ וֵוייס נִיט" הָאט אַ שְׁכֵנָה אַזָאג גִיטָאהְן, „אִיךְ וֵוייס נִיט, אִיךְ בִּין עֶפֶּעס אַ קְנַאפֶּער מַאמִין אַז דִיא הַיינְטִיגֶע שַׁאֲלוֹת זֶענֶען גִיוֶועזֶן מִיט אַ טָאלְק", אִיהְר וַוייבֶּערְלִיךְ הָאט אַכְטוּנְג גִיגֶעבִּין וִויא דֶער רַבָּן אִיז גִיזֶעסִין שַׁאפֶּקֶע נַא בָּאקֶע, עֶר הָאט דַאכְט מִיר גָאר אֲפִילוּ נִיט גִיקְלֶערְט מִכֹּחַ דִיא שַׁאֲלוֹת, עֶר הָאט נָאר גֶעקוּקְט אִין פִּישְׁקֶע אַרֵיין, מֶע זָאל וַוארְפִין דִיא קָאפִּיקֶעס, גָאט זָאל מִיךְ נִיט שְׁטְרָאפִין פַאר דִיא רֵייד.

נָא מֶע הָאט שׁוֹין וִויא עֶס אִיז אָפּ גִיגֶעסִין, דִיא קִינְדֶערְלִיךְ זֶענֶען גֶעבַּאךְ אֵיין גִישְׁלָאפֶען גִיוָוארִין אוֹיף דִיא הֶיסֵבָה בֶּעטֶען, דִיא וַוייבֶּער הָאבִּין אוֹיךְ וִויא עֶס אִיז אָפּ גֶעבֶּענְשְׁט אוּנ גִינַאנְגִין אוֹיךְ שְׁלָאפִין, דָא זֶענֶען זִיךְ דִיא מֶענֶער

גיבליבען

גֶיבְּלִיבֶּען אַלֵיין זִיצֶען בַּייא דֶעם טִישׁ, זֵייעֶר רוּהִיג אוּנ שְׁטִיל, נָא פַאר וָואס זָאל מֶען אִין אֱמֶת אַבִּיסֶעל נִיט שְׁמוּעֶסְן? דִיא נאַכְט אִיז נָאךְ גְרוֹיס מֶע וֶועט זִיךְ נָאךְ אוֹיס שְׁלָאפֶען, נִישְׁקָשֶׁה! —

„הֶערְט אִיהְר ר׳ נָחוּם!” הָאט גִיזָאגְט ר׳ חַיִים דֶער זָאגֶערֶען׳ס מַאן, אֱיינֶעכְטֶען הָאבּ אִיךְ זִיךְ גִיזֶעהְן מִיט ר׳ שְׁלֹמה נִיחַאמְקֶעס, הָאט עֶר מִיר דֶער צֶעהְלְט אַ שְׁמוּעֶס פוּן דֶעם אַפִּיקוֹרוֹס, וָואס עֶר הָאט גִימַאכְט הַיינְטִיגֶען שַׁבָּת פַאר מַעֲרִיב אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ, אִיךְ זָאג אַייךְ דֶעם אֱמֶת, אַז עֶס הָאט זִיךְ מִיר אוֹיף גִישְׁטֶעלְט דִיא הָאר קַאפּוֹיעֶר הֶערִינְדִיג אַזֶעלְכֶע רֵייד, דָאס הָאט מִיר אַזוֹיא פִיל צוּ רוּדֶערְט דֶעם מוֹחַ אַז אִיךְ גֶעה אַרוּם פוּן דֶעם וִויא אַ מְשׁוּגָעֶנֶער, אִיךְ הָאבּ בִּיז יֶעצְט גָאר נִיט גֶעוְוּסְט אַז דֶער יַמַח שְׁמוֹנִיק אִיז אַזוֹיא פִיל אִין אַלֶע סְפָרִים, אִיךְ הָאבּ אִיהְם גִיהַאלְטִין בִּיז יֶעצְט גְלַאט פַאר אַ טוּפְקֶר, אוּנ דֶער צוּ פַאר אַ פְּרָאסְטַאק, עֶרְשְׁט זֶעה אִיךְ, אַז אִיךְ הָאבּ גִילֶעבְּט אִין טָעוּת, מֶע קָאן אִיהְם אוּנְטֶערְין הַאנְד נִיט אַוֶועק מַאכִין, הַיינְט בִּין אִיךְ גִיוֶוען בַּייא נַחֲמָן שֶׁענְקֶער נָאךְ מַשְׁקֶה, הָאבּ אִיךְ אִיהְם גְרַאדֶע דָארְטִין דֶער זֶעהְן, בִּין אִיךְ אַ בִּסְלֶען גִיוֶוען מַאכִין מִיט אִיהְם אַ שְׁטִיקֶעל שְׁמוּעֶס, אִיךְ קָאן זִיךְ מִיט אִיהְם אַבִּיסֶעל שׁוֹין פוּן לַאנְג אָן, נָא הָאבּ אִיךְ מִיט אִיהְם דָארְטִין פַאר בְּרַאכְט אַ הִיפְשֶׁע צַייט, גִירֶעדְט פוּן פַארְשִׁידֶענֶע עִנְיָנִים, וָואס זָאל אִיךְ אַייךְ זָאגֶען, עֶר אִיז אַ רֶעכְטֶער לַמְדָן, עֶר הָאט זֶעהְר פִיל סְפָרִים גִיזֶעהְן, עֶר אִיז גוּט קְלָאהְר אִין דֶער יוּדִישֶׁער גֶעשִׁיכְטֶע פוּן עֶק בִּיז עֶק, עֶס אִיז בֶּאֱמֶת מִיט אִיהְם אַ פַארְגֶענִיגֶען צוּ רֵיידֶען. —

דֶער כְּלַל אִיז ר׳ נָחוּם! אִיהְר קָאנְט דָאךְ מִיךְ, אִיךְ בִּין דָאךְ ב״ה אַ שְׁטִיקֶעל יוּד, נָאר הֶערְט אִיהְר, וָואס זָאל מֶען דָא זִיךְ נַארֶען, עֶר אִיז אִין אַסַאךְ עִנְיָנִים זֶעהְר גֶערֶעכְט, מֶע וֶוערְט טַאקִי פַאר שְׁוַוארְצְט אִין אַסַאךְ זַאכִין גָאר אוּמְזִיסְט, אִין אֱמֶת גִירֶעדְט אִיז דָאס אַ לֶעבִּין? וֶוייניג אִיז מֶען דָא אוֹיס גֶערִיסֶען גִיוָוארִין פוּן פוּרִים אָן, פְּרֶעגְט וָואס? נָאר אִיבֶּער דִיא פַאר שִׁימֶעלְטֶע מִנְהָגִים, וָואס זֵייא הָאבִּין קֵיין שׁוּם וֶוערְטָה נִיט, לוֹיט דֶעם רֵיינֶעם דִין פוּן דֶער תּוֹרָה אוּנ אֲפִילוּ פוּן דֶער גְמָרָא, וָואס וָואלְט דָא גִיוֶוען וָואס צוּ טָאהְן? אוּנ וָואס הָאט דָא זִיךְ אוֹיס גִילָאזְט פוּן דִיא אַלֶע צָרוֹת? אַ שִׁיסֶעל וַואסֶער מִיט קַארְטָאפֶעל, גֶעוַואלְד! עֶס שְׁטֵייט דָאךְ „וְשָׂמַחְתָּ בְּחַגֶּיךָ” זָאלְסְט דִיךְ פְרֵייעֶן אִין דַיין יוֹם טוֹב, אוּנ אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים הָאבִּין דָאס גָאר פַאר שְׁטַאנִין אִין פַּשְׁטוּת, אַז „אֵין שִׂמְחָה אֶלָּא בְּבָשָׂר”, עֶס הֵייסְט: מֶע קָאן נִיט זַיין פְרֵייעֶלִיךְ אַז מֶע הָאט נִיט גִיגֶעסִין אַ רֶעכְט שְׁטִיקֶעל פְלֵייש.

נָא צַדְרַבָּה! פְּרֶעג אִיךְ אַייךְ, וֶוער אִיז אִין דֶעם שׁוּלְדִיג? דִיא תּוֹרָה אָדֶער דִיא גְמָרָא הָאט אוּנְז גִיהֵייסֶען מַאכִין אַ טַאקְסֶע? עֶס אִיז זֶעהְר רִיכְטִיג וָואס דֶער עוֹלָם זָאגְט אַ וֶוערְטִיל „אַז קֵיין מֶענְשׁ קָאן אַזוֹיא פִיל נִיט טָאהְן שְׁלֶעכְטְס דֶעם אַנְדֶערִין, וִויא פִיל דֶער מֶענְשׁ טוּהְט זִיךְ אַלֵיין”, עֶס אִיז טַאקִי

אמת

אמת, זעהט וואס מיר אליין האבין זיך גיטאהן? מיר האבין מיט געוואלד אויף זיך ארויף גיצויגען א טאקסע, אונ זיא זויגט אויס דאס לעצטע ביסעל כוחות פון אונזערע יודען, אויף אונז בייא יעצטיגער צייט איז מקוים געווארין דיא קללה פון דער תוכחה „שורך טבוח לעיניך ולא תאכל ממנו" (דברים כ"ח ל"א) דאס הייסט: דיין אקס ליגט פאר דיר גיקוילעט אבער דוא וועסט פון איהם נישט עסין, ווארום ווער עסט באמת פון דיא אלע אקסען וואס מע קוילעט שטענדיג? אדער עס ווערט טרפה דורך דיא פיל חומרות וואס דיא פוסקים אחרונים האבין זיך ניט געפיילט נאר מחמיר צו זיין, חאטש זייא פירען איבער דורך דעם יודיש געלד, זייא פאר געסין אז דורך איין טראפפין טינט וואס זייא האבין אן גישריבען „ויש להחמיר" (מע דארף מחמיר זיין) גאר אויף רש"י כתב האבין זייא חרוב גימאכט ששים רבוא שטעט, נא דאס איז אז עס ווערט גאר טרפה, אבער למשל אז עס טרעפט שוין גאר א גליק אז דער שוחט דער גרויסער בהמות דאקטער איז מסכים, אז דער אקס איז גיוועין גיזונד, נא דאכט זיך איז שוין גאר גוט, אט דא קומט דיא טאקסע אונ שטעלט בדלות דעם עולם, פון דעם איינעם אקס וואס ער איז דא על פי גם כשר גיווארין וויל מען אלע לעבערדיגע זעק אן שטאפען, דעם קצב מיט'ן שוחט, דיא נאמנים מיט דיא שטאט אויפזעהר, דעם רב מיט דיא דיינים, אונ דעם בעל טאקסע נאך מעהר פון אלעמען, דיא אלע ציהען נאר פון דעם איינעם אקס, פאר שטעהט מען דאך אז עס איז קיין וואונדער ניט וואס עס קאסט 20 קאפיקעס א פונט פלייש.

נא ווער קאן אין אמת אונז העלפין אין אזעלכע גישעפטין? דאכט זיך נאר דער רב זאל לעבין, אין אמת געשמועסט דיא קליינע רבנים אדער דיא מורי הוראות האבין טאקי מורא אפילו פאר א פוסק נאר איין אחרון, בייא זייא איז תורת אמת וואס דער „תבואות שור" האט אויף אונז גוזר גיוועין, פון דער גמרא אליין האבין זייא ניט בכח ארויס צו נעמין א פסק הלכה, אנדערע באציהען גאר דינים פון דעם „חיי אדם אונ חכמת אדם" זייא קענין במחילה זייער ווייניג לערנין, אונ בפרט דער שוחט ער ווייסט גאר ניט פון זיין חיות צו זאגין, אט מאכט מען נאר טרפה אונ טרפה, אבער א רב א גאון מיט א גוטען קאפ, ער ווייסט דאך יוא דעם מקור פון גאנץ הלכות טרפות, ער דארף ניט קוקען דעם „תבואות שור" אונ דעם „זבח שמואל" אין דיא ציין, ער ווייסט וויא דיא תורה איז חס אויף יודיש געלד, ער דארף פאר שטעהן דיא צייט, מע דער צעהלט פון הגאון ר' חיים פילעפאוועער ער איז גיוועין א שטארקער מיקל, ער האט גאר ניט געקוקט אויף קיין שום פוסק, ער פלעגט נאר העדרין דיא גמרא אליין, אסאך שאלות וואס אין אנדערע שטעט זענין טרפה גיוועזין, זענין בייא איהם גיוועין כשרות, מע זאגט אז ער האט גימאכט א ספר „מתיר אסורים" אויס צו ווייזען אז דיא אלע חומרות פון דעם

רַמָ"א אונ פון נָאךְ פִּיל פּוֹסְקִים, הָאבִּין נָאר קֵיין שום אָרְט נִיט אִין דֶער גְמָרָא, נָאר וֶוער וֶועט דְרוּקֶען אַזַא סֵפֶר? גְלַייכֶער דְרוּקֶען שַׁאֲלוֹת תְּשׁוּבוֹת מִכֹּחַ עֲגוּנוֹת, מִכֹּחַ קָאלְטֶעֶנְווַאטֶע בְּתוּלוֹת, מִכֹּחַ דֶעם גֵר'ס צוֹאָה, פִּלְפּוּלִים שֶׁל הֶבֶל, דְרָשׁוֹת פון פַארְפוּילְטֶע מַגִידִים, זוֹיֶערֶע פְּרוּשִׁים אוֹיף תַּנַ"ךְ, אַלֶע יָאהְר אַ פְרִישֶׁען פֵּירוּשׁ אוֹיף דֶער הַגָדָה, אָבֶּער וָואס טוֹיג אַ סֵפֶר וָואס קָאן אַ טוֹבָה טָאהְן דֶעם עוֹלָם וָואס אִיז נוֹגֵעַ אִין לֶעבִּין. —

נָאךְ מַיין שֵׂכֶל דַאכְט מִיר אַז אַלֶע גְאוֹנִים וָואלְטִין זִיךְ בֶּעדַארְפְט אוֹיף קְלוֹיבֶּען אִין אֵיין אָרְט, אונ מַאכִין עֶפֶּ"ס אַ שְׁטִיקֶעל טָאלְק מִכֹּחַ דִיא חוּמְרוֹת, מְבַטֵל צוּ זַיין אַסַאךְ נַארִישֶׁע מִנְהָגִים אונ אוֹיף גֶעבִּין אַ פְּלַאן מְבַטֵל צוּ זַיין דִיא בִּיטֶערֶע טַאקְסֶע אוֹיךְ, צוּ וָואסֶערֶע צָרוֹת דַארְף מֶען זִיא? אַי וָואס? פון וַואנֶען וֶועט מֶען נֶעמִין שְׂכִירוֹת פַאר דֶעם רָב? דֶעם קַאזָאנִיֶע רָב? דִיא דַיָנִים? אוֹיף בִּקוּר חוֹלִים? עֶרְשְׁטֶענְס גֶעהְט דָאךְ דִיא טַאקְסֶע 10 מָאהל אַזוֹיא פִּיל וִויא דִיא סוּמְמֶע וָואס מֶע גִיט אוֹיס אוֹיף דִיא אַלֶע זַאכִין, אונ צְוֵייטֶענְס, צוּ אוֹיף אַזֶעלְכֶע גִישֶׁעפְטֶען בְּרוֹיכְט מֶען גָאר זַיין אַ מְשׁוּגֶענֶער אונ מַאכִין אַ טַאקְסֶע פון אַזַא פְרֶעמֶעדְט וָואס אִיז דֶער עִיקָר חִיוּת פון דֶעם מֶענְשִׁין? אונ דֶער נַאלָאג פַאלְט נָאר גֶעבַּאךְ אוֹיף דֶעם אָרִימֶען מַאן, דִיא גַאנְץ גְרוֹיסֶע זֶענִין ב"ה פָּטוּר גִיוָוארִין דִיא טַאקְסֶע, זַייא גֶעבִּין זִיךְ ב"ה אֵיין עֵצָה.... אַסַאךְ גְלַייכֶער צוּ מַאכִין אַ נַאלָאג שְׁטֶעלִין יֶעדֶער נָאךְ זַיין עֶרֶךְ, דִיא גְבִירִים וָואלְטֶען אַלֵיין גִיוָואלְט מַחֲזִק זַיין אַ בִּקוּר חוֹלִים, צָאהְלֶען דֶעם רָב אונ דִיא דַיָנִים, אַזוֹיא וִויא עֶס פִיהְרְט זִיךְ אִין אוֹיסְלַאנְד, דָארְט אִיז שׁוֹין לַאנְג בָּטֵל גִיוָוארִין דִיא פְלֵייש טַאקְס. —

נָא ר' נָחוּם? וָואס זָאגְט אִיהְר, אִיז עֶר דֶען נִישְׁט גִירֶעכְט?, הַיינְט מִיט דֶער קִינְדֶער עֶרְצִיהוּנְג וָואלְטֶען דֶען דִיא גְאוֹנִים נִיט גֶעדַארְפְט זֶעהְן מַאכִין עֶפִּיס אַ פַארַאדָאק? דָאס אִיז דֶען אַ פָּנִים פון אַ תַּלְמוּד תּוֹרָה? דָאס פִיהְרְט עֶפִּיס צוּ אַ תַּכְלִית? אונ וָואס וֶוערְט שׁוֹין אַפִילוּ פון דִיא בַּעֲלֵי בַּתִּישֶׁע קִינְדֶער? מֶע הָאט דָאךְ בֶּאֱמֶת פַאר דֶעם גֶעלְד וָואס עֶס קָאסְט, גִיקָאנְט מַאכִין פון זַייא מֶענְשִׁין, בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת פון כָּל הַסָארְטִין, לוֹמְדִים גִילֶערִינְטֶע, וָואס זַייא וָואלְטִין גִיקָאנְט פַארְדִינֶען זַייעֶר פַּרְנָסָה בְּכָבוֹד, אונ וָואלְטִין פַאר שְׁפָּארֶען צוּ זַיין פּוּסְטֶע פַאסְנִיקֶעס, אָפּ לֶעבִּין אִין דַחְקוֹת אונ אִין עֶנְגְשַׁאפְט, וָואס מֵיינְט אִיהְר, אַז אַלֶע וָואלְטִין דָאס גִיוָואלְט פַאר שְׁטֶעהְן, וָואלְט מֶען דָאס אֶפְשַׁר נִיט גִיקָאנְט אוֹיס פִירֶען גָאר גְרִינְג? נָאר מֶען אִיז טאקי ב"ה גוּטֶע בְּהֵמוֹת, מֶע גֶעהְט אוּם אִין עוֹלָם הַתּוֹהוּ, מֶע מֵיינְט אַז עֶס מוּז שׁוֹין אַזוֹיא זַיין, עֶס אִיז אַזוֹי בַּאשֶׁערְט פִינֶ'ם הִימֶעל.

הֶערְט נָאר ר' חַיִים! הָאט זִיךְ אָן גִירוּפֶען ר' נָחוּם, אָט מִכֹּחַ דֶער טַאקְסֶע, אִיהְר זָאלְט אוֹיף מִיר קֵיין פַארְאִיבֶּעל נִיט הָאבִּין, וַוייסְט אִיהְר כִּמְעַט גָאר נִיט וָואס אִיהְר רֶעדְט, וִויא הֵייסְט מְבַטֵל זַיין דִיא טַאקְסֶע? עֶס וֶועט

זיך

זיך עֶפּיס דיא זאַך נָאר אָן אונז? דָאס אִיז דָאך גִימאַכְט בִּפְקוּדַת הַמֶּמְשָׁלָה, אִיהְר זֶעהְט דָאך אַז דָאס גֶעלְד צָאהְלְט מֶען דָאך אוֹיס אִין קַאזְנַאטְשֵׁייסְטְוָוא? אָט דֶער פוּן זֶעה אִיךְ וָואס פַאר אַ בְּהֵמָה דֶער אַפִּיקוֹרוֹס אִיז, עֶר גֶעמְט אָן דִיא טַאקְסֶע אוֹיךְ פַאר אַ מִנְהָג, אַשְׁטֵיינֶער וִויא כַּפָּרוֹת עָלָאגִין, זֶעהְט אִיהְר אָט אוֹיף דֶעם מִנְהָג פוּן דִיא כַּפָּרוֹת גִיבּ אִיךְ אִיהְם אוֹיךְ אַבִּיסֶעל גִירֶעכְט, חָאטְשׁ אִין אֱמֶת הָאט דֶער מִנְהָג אַגְרוֹיסֶען אָרְט אִין חָכְמַת הַקַּבָּלָה, זֵייא מַאכִין דֶער פוּן גָאר אַגַאנְץ גְרוֹיס גִישֶׁעפְט, נָאר וֶועדְלִיג מִיר מֶענְשִׁין הָאבִּין קֵיין שוּם יְדִיעָה נִיט אִין זֵייעֶרֶע סוֹדוֹת, מִיר וֵוייסֶען גָאר פָּשׁוּט אַז כַּפָּרוֹת אִיז נִיט קֵיין דִין פוּן דֶער גְּמָרָא, זָאלִין זֵייא זִיךְ מַאכִין וָואס זֵייא ווִילֶען, דִיא מְקוּבָּלִים זֶענִין בַּייא אוּנְז קֵיין פּוֹסְקִים נִיט, נָאר דֶער עוֹלָם אִיז אִין דֶעם אַזוֹיא פַאר פִיהְרְט אַז דִיא כַּפָּרוֹת זֶענִין בַּייא זֵייא אַזוֹיא וִויכְטִיג אַקוּרַאט וִויא יוֹם כִּפּוּרִים אַלֵיין אֲפִילוּ אַזֶעלְכֶע וָואס עֶסִין שׁוֹין גָאר אִים יוֹם כִּפּוּר, פוּן דֶעסְטְוֶועגִין כַּפָּרוֹת טוּעֶן זֵייא הָאבִּין, אִיךְ הָאבּ פַיינְד צוּ זָאגִין, אֱמֶת דֶער מִנְהָג גִיט אוֹיךְ נִיט צוּ קֵיין נַחַת אוּנְזֶער עוֹלָם, אָבֶּער מִכֹּחַ דֶער טַאקְסֶע אִיז דָאךְ גָאר נִישְׁטָא וָואס צוּ רֵיידֶען, דָאס אִיז נִיט קֵיין מִנְהָג וָואס לִיגְט בַּייא יוּדֶען אִין דִיא הֶענְד.

אָט ר׳ נָחוּם! הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּפִין ר׳ חַיִים, אָט דֶער פוּן אַלֵיין קָאנְט אִיהְר זֶעהְן, וִויא יֶעדֶער זַאךְ וָוס עֶקְסֶעסְטִירְט נָאר אַ לַאנְגֶע צֵייט, וֶוערְט שׁוֹין אַזוֹי שְׁטַארְק אֵיינְגֶעוָוארְצֶעלְט אִינֶ׳ם הַארְצִין, אַז עֶס דַאכְט זִיךְ, אַז עֶס מוּז שׁוֹין אַזוֹי זַיין, אָט פוּן דֶעם מִנְהָג כַּפָּרוֹת זֶעהְט אִיהְר שׁוֹין אַלֵיין, וִויא בְּלִינְד מֶע אִיז, וִויא מֶע מַאכְט זִיךְ נַארִישׁ, אָט אִיךְ וֶועל אַייךְ אוֹיף קְלֶעהְרִין, אַז דִיא טַאקְסֶע אִיז נִיט וִויא אִיהְר מֵיינְט, דָאס אִיז גָאר נִיט קֵיין גֶעזֶעץ פוּן דֶער מֶמְשָׁלָה, נָאר זִיא אִיז שׁוֹין בַּייא יוּדֶען אַ מִנְהָג שֶׁל תּוֹרָה, — פָארְהֶער אַז דִיא מֶמְשָׁלָה הָאט גֶענוּמֶען פָּאדַאט פוּן יֶעדֶער נֶפֶשׁ, הָאט זִיא מַסְכִּים גֶעוֶועהְן צוּ דֶעם פְּלַאן פוּן דֶער טַאקְסֶע, וָואס אֵיינִיגֶע רוֹצְחִים הָאבִּין דָאס אוֹיף גֶעטָאהְן צוּ מַאכִין דָאס זִיךְ פַאר אַ גֶעשֶׁעפְט, דִיא מֶמְשָׁלָה הָאט גֶעזֶעהְן, אַז דִיא פָּאדַאטְקֶעס אִיז שְׁוֶוער אוֹיף צוּ נֶעמֶען, יֶעדֶעס שְׁטֶעטִיל בְּלַייבְּט שְׁטֶענְדִיג אַ בַּעל חוֹב, אוּנ קוּמֶען אָבּ דֶעם חוֹב נָאר מִיט מַאנֶעפֶּעסְטִין, הָאט דִיא מֶמְשָׁלָה מְקַבֵּל בְּאַהֲבָה גֶעוֶועהְן דֶעם פְּרָאיֶעקְט, דֶער פוּן אִיז זִיכֶער גֶעוָוארִין דִיא סוּמֶע פוּן דֶעם פָּאדַאט, אוּנ דֶער וַוייל הָאבִּין שׁוֹין דִיא בַּעֲלֵי טַאקְסֶעס מִיט דִיא שְׁטָאט בַּעֲלֵי טוֹבוֹת בְּדַלוּת גֶעשְׁבֵּעלְט דֶעם עוֹלָם גָאר אָהְן אַ חֶשְׁבּוֹן, אָבֶּער הַיינְט, אַז קֵיין פָּאדַאט עֶקְסֶעסְטִירְט שׁוֹין מֶעהְר נִיט אוּנ דִיא מֶמְשָׁלָה הָאט דָאס אִיבֶּער גֶעגֶעבִּין אִין דֶער הַאנְד פוּן דִיא יוּדֶען, דָאס גַאנְצֶע גֶעלְד גֶעהְט שׁוֹין נָאר אַוֶועק אוֹיף זֵייעֶרֶע הִצְטָרְכוּת, נָא אִיז דָאךְ דִיא קַשְׁיָא, וָואס ווִיל מֶען הָאבִּין פוּן אָרִימֶע לַייט, צוּ וָואס הָאט מֶען מַסְכִּים גֶעוֶועהְן אַז דִיא טַאקְסֶע זָאל שׁוֹין אַזוֹי בְּלַייבִּין בִּיז מָשִׁיחַ׳ן? (אוּנ אֶפְשַׁר אִיז אַ סְבָרָא זִיא גָאךְ אַרֵיין פִירִין קֵיין יְרוּשָׁלַיִם מִיט מוּזִיקֶע? חָלֶעבֶּען פַאר דִיא אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל גַבָּאִים וָואלְט דָאס

גֶעוֶועהְן

געוועהן אגוט געשעפט), נאר דיא מעשה איז, אז דיא טאקסע האט שוין ביי־ אונז א פנים ניט וויא א פראסט מיטיל צו ליעב געלד, נאר זיא ווייזט אונז שוין אויס גאר וויא א צדקניות מיט א פנים של קרושה, עס הייסט: זיא היט אב יודען פון טרפה פלייש, דיא טאקסע איז געווארין איין קשר מיט דיא שוחטים אונ רבנים, אונ עס ווייזט אויס שוין באמת, אז אהן דער טאקסע וועט געמיין אוועק פון דיא שוחטים מיט גאנץ הלכות טרפות, — נא יעצט פאר שטעהט איהר שוין, אז דיא טאקסע איז יעצט גאר אלעם מנהג ישראל? אבער איין זאך ארט מיך שטארק, פאר וואס אויף אלע דינים פאר לאזט מען זיך אויף דעם יודען אליין, מע ברויכט איהם גאר ניט היטין, מן הסתם וויל יעדער יוד מקיים זיין דיא תורה, נאר אין הלכות טרפות איז מען זייא שטארק חושד? אז מע וואלט זייא בעדארפט אב היטין אין אלע זאכין, וואלט מען בעדארפט מאכין א טאקסע אויף דברים שבצנעה אויך? . —

נאר וויא זאגט מען, וואס קומט ארויס פון אזעלכע חקירות? מיט וועמען איז דא צו טאלקעווען? אפשר מיטין רב? גיין א טעות, ער נעמט דער פון שבירות, פלייש עסט ער אויך אהן טאקסע, אונ דוואקא פעטס, מחמת דער קצב מיינט, אז עס ווערט א מאהל כשר איין אקס, האט איהם דאס דער רב א טובה געטאהן, מיט דיא תקיפים אונ דיא עזי פנים פון דער שטאדט, זייא האבין שכל, זייא נעמען שוין שטענדיג פון דער טארסע א געוויסע מטבע, אונ ווער רעדט שוין פלייש, אפילו דיא עפענטליכע לעהרער וואס זענין אין דיא יודישע שולען, וואס האלטין זיך אויף דער רעכנונג פון דער טאקסע, למשל אדעסער תלמוד תורה, לאזין אויך א פול ניט פאלין אויף דער טאקסע, זייא מיינען אז ארימע לייט וועלין האבין א שטיקעל פלייש וועלין זייא קיין ברוידט ניט האבין, אפשר מיט דיא עטליכע נגידים? זייא קלעהרין דאך זאל זיך דאס גאנצע שטעדטיל שלאגין קאפ אין דער וואנט, אבי מע טשעפעט אונז ניט אויף דיא שטאדט זאכין: פארין רב, אויפ'ן בקור חולים, נא גלאט מיט דיא מיטעלע בעלי בתים? הערט א חשבון, פיל פון זייא זענען גרויסע שוטים, זייא קוקען אויף דער טאקסע וויא אויף א דבר שבקדושה, אנדערע וואלטין שוין אפשר יא פאר שטאנען, זענין זייא געבאך ביי זיך אליין געפאלין, זייא האבין מורא אנציהויבין מיט א שטאדט, אט אזוי געהן אוועק דיא טעג מיט דיא יאהרין אין צרות אונ אין דחקות.

הערט איהר, עס איז גאר א חרפה אויס צו זאגין, מע האט דאך שוין אב געגעסין, מיר ווילען שוין בענטשין, על אמונתי זאג איך אייך, אז איך בין טויט הינגעריק, וואס זאגט איהר יודען? איך בין דאכט מיר אויך ניט אזא פרעסער אונ מע איז ב"ה שוין טאקי געוועהנט אומגעהן שטענדיג כמעט וויא הינגעריק, איך זאג אייך, אז מע טראכט ניט מכח דעם, איז נאך סיאק טאק, אבער אז מע בעקלערט דאס ביטין שכל קרענקט דאס גאר אשרעק. . .

„עס איז שוין אפשר גאַנץ שפעט? האַ: מע דאַרף שוין עסן דעם אפיקומן!" יאַ יאַ האָבן אַלע געזאָגט, „עס איז שוין באַלד 12 דער זייגער", אַז מע האָט אָבּ געגעסן דעם אַפיקומן, האָט מען געבענטשט מיט מזומן על כוס שלישי, מע האָט געזאָגט דיא הגדה, ביז מע האָט זיך קאָם דער שלאָגן צום „חד גדיא". —

„איהר האָט געוויס געהערט ר' נחום!" האָט אַ זאָג געטאָהן ר' חיים, דעם דרוש אויף חד גדיא, פון אונזער שטאָדט מגיד? „וואָס זאָגט איהר דער צו?" וואָס זאָל איך זאָגן האָט גיענטפערט ר' נחום, ווער פאַר שטעהט דאָס ניט, אַז אין חד גדיא ליגן סודי סודות, קאַרג פשטים האָט מען געמאַכט אויף דעם? עס איז ביא מיר גאַנץ זיכער, אַז אַסאַך מעהר וויא פיל עס איז שוין אָבּ געדריקט איז אַוודאַי דאָ בכתב יד, באמת וואָלט געוועהן אַ יושר אונ זייער ניצליך, אַז איינער זאָל אויף קלויבּן אַלע פרושים געדריקטע אונ געשריבּענע אונ אָבּדריקן חד גדיא מיט אַלע פרושים, מהיכא תיתי, פאַר וואָס זאָל דאָס ערגער זיין פון כתבי קודש: מן הסתם אַז דאָס האָט אַ זכיה אַז אַלע יודען זאָגן דאָס, אונ פיל גאונים ודרשנים מיטשין זיך צו פאַר שטעהן דעם ענין דער פון, איז דאָס געוויס קודש קדשים, דעריבּער פאַר שטעה איך ניט אייער שאלה „וואָס זאָג איך אויף דעם מגיד'ס פירוש!" מהיכא תיתי מען קאָן זאָגן אַלעס, דיא תורה ווערט דאָך אויך געדרשה'עט אויף זיבּעציג אופנים . . .

אַי ר' נחום: האָט איהם איבּער געשלאָגן ר' חיים, איהר רופט גאָר דעם חד גדיא תורה? וואָס פאַר אַ תורה האָט איהר פאַרט געזעהן אין חד גדיא? אונ זאָל שוין אפילו זיין, אַז דער מחבר פון דעם האָט עטוואָס באַהאַלטן אין זיין רעטעניש, וואָס איז דאָס פאַר אַ קינץ? וואָס פאַר אַ טובה האָט ער דערמיט געטאָהן יודען? ווער איז ער? ווען איז דאָס געמאַכט געוואָרין? אונ צו וואָס איז דאָס אַזוי געהעטיג זיך צו מיטשען אונ צו טרעפן וואָס ער האָט געמיינט מיט זיין גאַנצין חד גדיא? . —

„הערט ר' חיים!" האָט זיך אָנגעריפן ר' נחום מיט כעס, אָט דער פון זעהט מען טאַקי אַרויס וויא אַפּיקורסית קלעבּט זיך שטאַרק, איהר מעגט אויף מיר אפילו שטאַרק תרעומות האָבּן, דאָס איז אַלס דיא רייד פון דעם אַפּיקורס, ער האָט שוין אין אייך אַריין געלאָזט דעם גיפט פון אַפּיקורסת, פע! איהר מעגט זיך שעמען גאָר אַזעלכע רייד איבּער ריידען.

„איהר זייט אַ פּנים גוט אין כעס" האָט געזאָגט ר' חיים מיט אַ שמייכעל, איהר מוזט געוויס מיינען, אַז דעם חד גדיא האָבּן נאָך יודען געזינגען אין דער מדבר? נאַ וואָס וואָלט איהר אַשטייגער געזאָגט, אַז איהר וואָלט געזעהן איין הגדה פון דיא גאַנץ אַלטע דרוקין וואָס דאָרטן שטעהט נאָך גאָר ניט קיין זכר פון דעם חד גדיא? נאַ איז דאָך באמת רעכט געוועהן זיך ליגן שלאָפן אָהן

חַד גַּדְיָא ? הַא ? אוּנ וָואס וָואלְט אִיהְר אַשְׁטֵייגֶער זָאגִין אַז מֶע זָאל אַייךְ וַוייזֶע אֵיין אַלְט בִּיכֶעל אַ דַייטְשֶׁעס וָואס אִיז פִּיל מִיט קִינְדֶערְשֶׁע לִידֶעלִיךְ, אוּנ דָארְטִי גֶעפִינְט זִיךְ דֶער חַד גַּדְיָא גָאר אוֹיף דַייטְשׁ ? נָא וָואס פַאר אַ פָּנִים וָואלְטִי דֶער נָאךְ בַּייא אַייךְ גֶעהַאט דִיא אַלֶע פְּרוּשִׁים ? אִיךְ זָאג אַייךְ דֶעם אֱמֶת, אִיךְ הָאבּ פָארְהֶער אוֹיךְ גָאר נִיט גֶעוְוִיסְט פוּן דִיא אַלֶע זַאכִין, נָאר אַ מֶענְשׁ אִיז דָאךְ נִיט קֵיין בְּהֵמָה, מֶע קָאן דָאךְ נִיט אָבּ לֵייקֶענֶען אַ זַאךְ וָואס מֶע זֶעהְט מַמָּשׁ מִיט דִיא אוֹיגִין, עֶר הָאט טַאקִי מִיר אוֹיף גֶעקְלֶעהְרְט אוּנ גֶעוְוִיזִין מִיט בַאיוֹת בְּרוּרוֹת, אַז דֶער חַד גַּדְיָא קוּמְט גָאר נִיט אַרוֹיס פוּן יוּדֶען, נָאר בְּפֵירוּשׁ פוּן אֵיין נִיט יוּדִישֶׁען דִיכְטֶער (מְשׁוֹרֵר) וָואס הָאט אוֹיף גֶעשְׁטֶעלְט לִידְלִיךְ פַאר קִינְדֶער צוּם זִינְגֶען, אוּנ אַזוֹי וְויא אִין דִיזֶער נַאכְט זֶענֶען גֶעמַאכְט גֶעוָוארִין פִּיל צֶערֶעמָאנְיֶעס כְּדֵי דִיא קִינְדֶער זָאלִין פְרֶעגִין, אוּנ נָאךְ בֶּעסֶער, כְּדֵי דִיא קִינְדֶער זָאלִין נִיט שְׁלָאפִין, דֶערִיבֶּער הָאט זִיךְ אֵיינֶער מְיַשֵּׁב גֶעוֶועהְן, אוּנ הָאט אִיבֶּער גֶעזֶעצְט דֶעם חַד גַּדְיָא אוֹיף תַּרְגּוּם לָשׁוֹן (וָואס יוּדֶען הָאבִּין דֶעמֶעלְט גֶערֶעדְט), בִּכְדֵי אַז דִיא קִינְדֶער זָאלִין דָאס זִינְגֶען אוּם נִיט צוּ שְׁלָאפִין, בֶּאֱמֶת הָאט דֶער חַד גַּדְיָא בֶּעדַארְפְט שְׁטֶעהְן אִין אָנְהוֹיבּ פוּן דֶער הַגָּדָה נִיט צוּם סוֹף, עֶס זָאל אוֹיס קוּמֶען צוּ זִינְגֶען בְּשַׁעַת דִיא קִינְדֶער זֶענֶען שׁוֹין לַאנְג אַנְשְׁלָאפִין גֶעוָוארִין נָאר מִיט דֶער צַייט הָאט מֶען דִיא גַאנְצֶע גֶעשִׁיכְטֶע דֶער פוּן גָאר פַארְגֶעסִין, אוּנ מֶע הָאט אָנְגֶעהוֹיבִּין גָאר צוּ מַאכִין אוֹיף דֶעם פְּרוּשִׁים, אוּנ מֶע וְויל אַלֶעם טְרֶעפִין וֶוער אִיז דִיא קַאץ ? וֶוער אִיז דֶער הִינְד ? חָאשְׁט אִין אֱמֶת, אִיז דָאךְ קֵיינֶער נִיט מְחוּיָּב גָאר צוּ קְלֶעהְרִין אוֹיף דֶעם גֶעדַאנְקִין וָואס דֶער מְחַבֵּר הָאט גֶעמֵיינְט, וָוארוּם אוֹיךְ מַיין בָּאבֶּעס דַאֲגָה אִיז דָאס, אִיךְ הָאבּ אַ פָּנִים מֶעהְר נִיט וָואס צוּ טָאהְן ?

נָאר וַוייל דָאס שְׁטֶעהְט שׁוֹין פָארְט אִין דֶער הַגָּדָה, אוּנ דֶעם מַעְתִּיק אִיז גֶעפֶעהְלִין גְרַאדֶע דָאס אִיבֶּער צוּ זֶעצֶען, נָא מִן הַסְּתָם הָאט עֶר דָאךְ אִין דֶעם עֶטְוָואס גֶעזֶעהְן וִויכְטִיקַייט, דֶערִיבֶּער וֶועל אִיךְ אַייךְ אִיבֶּער זָאגִין, וָואס דֶע אַפִּיקוֹרֶס הָאט מִיר בֶּעמֶערְקְט, אִיהְר וֶועט מִיר דַאכְט זִיךְ מוֹדֶה זַיין, אַז דָאס אִיז דֶער בֶּעסְטֶער פֵּירוּשׁ. —

עֶר זָאגְט, אַז דָאס גַאנְצֶע לִידֶעלֶע אִיז גֶעגְרוּנְדֶעט אוֹיף דֶעם אֵייגֶענֶעם גֶעדַאנְקִין וָואס גֶעפִינְט זִיךְ אִין פִּרְקֵי אָבוֹת, „אַף הוּא רָאָה גֻלְגּוֹלֶת אַחַת שֶׁצָּפָה עַל פְּנֵי הַמָּיִם, אָמַר עַל דַּאֲטֵפְתְּ אַטְפוּךְ, וְסוֹף מְטַיְּפָיִךְ יְטוּפוּן” דָאס הֵייסְט: עֶר (הִלֵּל) הָאט גֶעזֶעהְן אַ קָאפּ שְׁוִוימְט אוֹפִין וַואסֶער, הָאט עֶר אִיהְם גֶעזָאגְט, דֶער פַאר וָואס דִיא הָאסְט אַנְדֶערֶע דֶער טְרוּנְקֶען, הָאט מֶען דִיךְ דֶער טְרוּנְקֶען, אוּנ אוֹיךְ דִיא וָואס הָאבִּין דִיךְ דֶער טְרוּנְקֶען וֶועלִין דֶער טְרוּנְקֶען וֶוערִין. — דֶער מְחַבֵּר פוּנֶ׳ם חַד גַּדְיָא הָאט גֶעוָואלְט אוֹיף קְלֶעהְרִין דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט, אַז זֵייא זָאלִין זַיין גֶעהִיט פוּן רְצִיחָה, וַוייל עֶס אִיז דָא אַ גָאט וָואס עֶר אִיז אַ בּוֹחֵן כְּלָיוֹת וָלֵב, עֶר וֵוייסְט אַלֶע מַחְשָׁבוֹת פוּן אַלֶע בַאשֶׁעפֶענִישִׁין עֶר

שענקט

שֶׁענְקְט נִיט קֵיינֶעם, אוּנ אִיהְם קָאנְמֶען נִיט אָבּ נַארִין, אֵיינֶער ווִיל דֶער טְרִינְקֶע דֶעם אַנְדֶערִין, אוּנ נָאךְ מִיט אֵיין אוֹיס רֵייד אַז עֶר טוּהְט דָאס נָאר מַחְמַת עֶר ווִיל זִיךְ נוֹקֵם זַיין אָן דֶעם רוֹצֵחַ, אָבֶּער אִין אֱמֶת אִיז דָאס אַ שֶׁקֶר מוּהְלָט, עֶר טוּהְט עֶס נָאר מַחֲמַת עֶר ווִיל זִיךְ זִיכִין זַיינֶע אֵייגֶענֶע נִיטְצִין, אוּנ דֶערִיבֶּער הָאט עֶר אוֹיךְ דֶעם פְּסַק פוּן דֶעם אַנְדֶערִין רוֹצֵחַ, אוּנ דָאס מֵיינְט דִיא מְלִיצָה, ווִיא עֶר הָאט גֶעזֶעהְן אַ קָאפּ שְׁווִימְט אוֹיפִין וַואסֶער, הָאט עֶר צוּ אִיהְם גֶעזָאגְט מִיט חָכְמָה, דִיךְ הָאט מֶען דֶער טְרוּנְקֶען, פַאר וָואס דִיא הָאסְט דֶער טְרוּנְקֶען עֶמִיצִין, נָאר וַוייל דַיינֶע דֶער טְרִינְקֶער הָאבִּין דָאס אִין אֱמֶת אוֹיךְ נִיט גֶעטוּהְן אוֹיס יוֹשֶׁר נָאר צוּ טֶעדְטֶען אַ רוֹצֵחַ, זֵייא הָאבִּין אוֹיךְ נָאר גֶעהַאט זֵייעֶר אֵייגֶענֶעם אִינְטֶערֶעס דֶער בַּייא, דֶערִיבֶּער וֶועלִין זֵייא אוֹיךְ דֶער טְרוּנְקֶען וֶוערִין.

אָט דֶעם ווִיכְטִיגִין גֶעדַאנְק הָאט אֶפְשַׁר דֶער דִיכְטֶער אוֹיךְ גֶעמֵיינְט מִיט דִיזֶען לִיעד, עֶר שְׁטֶעלְט פָאר פַאר אַ קִינְד לְמָשָׁל: ווִיא זַיין טַאטֶע הָאט גֶעקוֹיפְט אַ צִיגֶעלֶע פַאר צְווֵייא גִילְדִין, אִיז גֶעקוּמֶען דִיא קַאץ אוּנ הָאט דָאס אוֹיף גֶעפְרֶעסִין, חָלֶעבֶּען אַ רְצִיחָה, דִיא קַאץ: וָוס פַאר אַ מְחוּתָּן בִּיזְט דוּא צוּ דֶעם טַאטֶענְס צִיגֶעלֶע? דֶעם הִינְד הָאט דָאס פַאר דְרָאסִין אוּנ הָאט דֶער פַאר אַ בִּיס גֶעטָאהְן דֶער שׁוּנְרָא, נָאר וַוייל דֶער הִינְד אִיז דָאךְ בֶּאֱמֶת נִיט אַזוֹי אַ שְׁטַארְקֶער בַּעַל מִדּוֹת טוֹבוֹת, נָאר אַלֶעם חוֹנֵף הָאט עֶר זִיךְ גֶעוָואלְט צוּ שְׁמֵייכְלֶען צוּם טַאטְען אוּנ הָאט זִיךְ נוֹקֵם גֶעוֶועהְן אָן דֶער שׁוּנְרָא, גְלַייךְ עֶר וָואלְט גָאר קֵיין עַוְלָה נִיט גִיקֶענְט צוּ זֶעהְן, דֶער פַאר אִיז גֶעקוּמֶען דֶער שְׁטֶעקִין אִין הָאט גוּט גֶעבְּרָאכִין דִיא בֵּיינֶער דֶעם הִינְד, פַאר וָואס עֶר הָאט גֶעבִּיסֶען דִיא שׁוּנְרָא, אָבֶּער דֶער שְׁטֶעקִין אִיז אוֹיךְ נִיט אַזוֹי אֵיין עֶרְלִיכֶער מַאן, אַז עֶר זָאל וֶועלִין שְׁטֶעלִין דִיא וֶועלְט אוֹפִין אֱמֶת, גֶעווִיס הָאט עֶר עֶפִּים אַ שִׂנְאָה גֶעהַאט צוּם הִינְד, אוּנ הָאט דָא גֶעקְרִיגִין אַ גֶעלֶעגֶנְהֵייט זִיךְ נוֹקֵם צוּ זַיין אָן דֶעם הִינְד, דֶערִיבֶּער אִיז גֶעקוּמֶען דָאס פַייעֶר אוּנ הָאט פַאר בְּרֶענְט דֶעם שְׁטֶעקִין, אוּנ אַזוֹי הָאט דָאס וַואסֶער פַאר לָאשִׁין דָאס פַייעֶר, דֶער אָקְס אוֹיס גֶעטְרִינְקֶען דָאס וַואסֶער, דֶער שׁוֹחֵט הָאט גֶעקוֹילֶעט דֶעם אָקְס, אוּנ דֶער מַלְאַךְ הַמָּוֶת הָאט גֶעקוֹילֶעט דֶעם שׁוֹחֵט (דָא לִיגְט אַ טִיפֶע קְרִיטִיק, ווִיא עֶס קָאן נָאךְ גָאר זַיין, אַז דֶער מֶענְשׁ הָאט נָאךְ אֶפְשֶׁר גָאר קֵיין רֶעכְט נִיט צוּ קוֹילֶען בַּעֲלֵי חַיִּים אוּם זֵייא אוֹיף צוּ פְרֶעסִין...) — דָאס אִיז דֶער גַאנְצֶער זִין פוּן דֶעם לִיעֶד, בֶּאֱמֶת הָאט דֶער דִיכְטֶער דָאס גִיקָאנְט פָאר שְׁטֶעלִין אִין גֶעשְׁמַאקֶערֶע פְרֶעדְמֶעטֶען, וָואס פוּן זֵייא וָואלְט דֶער גֶעדַאנְק הֶעלֶער זִיךְ אַרוֹיס גֶעווִיזִין, נָאר וַוייל דָאס אִיז אָבֶּער גֶעמַאכְט גֶעוָוארִין פַאר קִינְדֶער, הָאט עֶר גֶעמוּזְט אוֹיס זִיכִין אַזֶעלְכֶע פְרֶעדְמֶעטֶען וָואס דֶעם קִינְד אִיז דָאס לַייכְט צוּ פַאר שְׁטֶעהְן. —

„נָא ר׳ נָחוּם! גִיפֶעהְלְט אַייךְ דֶער פֵּירוּשׁ?״ נִיט בֶּעסֶער ווִיא דִיא אַלֶע פְּרוּשִׁים וָואס אִיהְר הָאט שׁוֹין גִיזֶעהְן זַייט אִיהְר לֶעבְּט? זָאגְט דֶעם אֱמֶת, אוּנ

ונד

גְרוּנְד גֶעשְׁמִיעֶסְט, בְּרוּיכְט מֶען גָאר נִיט דֶעם גַאנְצִין חַד גַדְיָא, אֲפִילוּ מִיט אַזַא פֵּירוּשׁ, גֶענִיג פַאר אוּנְז וָואס מִיר דַארְפִין זִיכִין פְּרוּשִׁים אוֹיף וָואס בַּייא אוּנְז אִיז בֶּאֱמֶת וִויכְטִיג, נִיט זוּכִין פְּרוּשִׁים גָאר אוֹיף חַד גַדְיָא, חָלֶעבֶּען אַ פְּלַאן, אַז עֶס אִיז נִיט דָא וָואס צוּ טָאהְן אִיז דָאס אוֹיךְ אַ גֶעשֶׁעפְט. —

נָא עֶס אִיז שׁוֹין שְׁפֶּעט עֶס שְׁלֶעפֶּערְט זִיךְ שׁוֹין, אַלְזָא ר׳ נָחוּם, אִיהְר קָאנְט זִיךְ זָאגִין חַד גַדְיָא, אוֹיבּ אִיהְר זֶענְט דֶערוֹיף אַגְרוֹיסֶער זוֹלֵל וְסוֹבֵא, אִיךְ וֶועל שׁוֹין דָאס נִיט זָאגִין כָּל זְמַן אִיךְ וֶועל לֶעבִּין, אִיךְ קָאן זִיךְ נִיט נַארִישׁ מַאכִין וִויא אַ קְלֵיין קִינְד, אָדֶער וִויא אַ מְשׁוּגֶענֶער, מִמָה נַפְשָׁךְ, בִּין אִיךְ אַ מֶענְשׁ, דַארְף אִיךְ זַיין אַ מֶענְשׁ מִיט שֵׂכֶל. —

„אַ גוּטֶע נַאכְט ר׳ נָחוּם!“ ר׳ נָחוּם הָאט אַ זִיפְץ גֶעטָאהְן אוּנ הָאט גָאר נִיט גִיעֶנְטְפֶערְט, עֶר אִיז טַאקִי אוֹיךְ אַבִּיסֶעל מְבוּלְבָּל גֶעוָוארִין, מִיט וָואס אָבּ שְׁלָאגִין דִיא רֵייד, הָאט עֶר נִיט גֶעהַאט בְּכֹחַ, אוּנ הָאט אִין אֵיין וֶוענְס מוֹרָא גֶעהַאט מַסְכִּים זַיין דֶער צוּ, אֶפְשַׁר אִיז דָאס מַעֲשֶׂה שָׂטָן אַ קְרַאפְּט פוּן דֶער סִטְרָא אַחֲרָא רַחֲמָנָא לִיצְלָן! —

דֶער עוֹלָם שְׁלָאפְט זֵייעֶר גִישְׁמַאק, זֵייעֶר רוּהִיג, יֶעדִין זֶענִין אָבְּגֶעגַאנְגִין דִיא בֵּיינֶער, אַ שְׁפַּאס אַז מֶע וֶוערְט פָּטוּר אַזוֹי פִיל שְׁמוּטְץ! הַיינְט פַאר גֶעסְט נִיט, אַז זֵייא זֶענֶען שׁוֹין זִיכֶער גִיוֶועהְן אַז דִיא וַוייבֶּער וֶועלִין שׁוֹין צְוֵוייא טָאג נָאךְ אַנַאנְדֶער קֵיין גֶעלְד נִיט פַאר לַאנְגֶען, זֵייא הָאבִּין זִיךְ גִיקֶענְט פַאר שְׁלָאפִין אוֹפִּין טָאג, אוּנ נָאךְ פַאר זַאמֶען דָאס דַאוֶוענֶען, נָאר אֵיינֶער הָאט זִיךְ אוֹיף גִיחַאפְּט אוּנ אָן גִימַאכְט אַ טְרֶעוָואגֶע: „שְׁטֶעהְט אוֹיף שְׁכֵנִים! עֶס אִיז שׁוֹין שְׁפֶּעט, מֶע הָאט שׁוֹין לַאנְג אִין שׁוּהְל גֶערוּפִין“ אַלֶע שְׁכֵנִים נִיט טוֹיט נִיט לֶעבֶּעדִיג הָאבִּין זִיךְ אוֹיף גֶעחַאפְּט, אָנְגֶעטָאהְן אוּנ מַארְשׁ אִין דִיא בָּתֵּי מֶדְרָשִׁים.

דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם הָאט אָבּ גִידַאוֶוענְט יֶעדֶער אִין זַיין קְלֵייזֶעל, אַלֶע מִיט אֵיין מָאהְל הָאבִּין זִיךְ אַשִׁיט גֶעטָאהְן גְלַייךְ אִין דֶער רוֹיסֶער שׁוּהְל הֶערִין דֶעם שְׁטָאדְט חַזָן, 1) נָא ב״ה דֶער חַזָן הָאט גִיקָאנְטְשֶׁעט דֶעם מוּסָף, אוּנ הָאט שטארק

---

1) אִיבֶּער הוֹיפְּט הָאבִּין זֵייא זֵייעֶר חֵשֶׁק גִיהַאט צוּ הֶערִין דֶעם נַאיֶיעם חַזָן זַיין מִן הַמֵצַר אִין טָאטֶערִישׁ, חָלֶעבִּין עֶס אִיז טַאקִי גָאר אַ מְחַיֶה צוּ הֶערִין וִויא אַזַא גוּטֶער חַזָן בֶּעט זִיךְ אוֹיף טָאטֶעדִישׁ, פַארְנוֹיטְה חָאטְשׁ אוֹיף בֶּעטְלֶע־רֶעשׁ „לֹא אָמוּת אִיךְ וִויל נִיט שְׁטַארְבִּין כִּי אֶחְיֶה נָאר לֶעבִּין“, אוּנ אִין אֱמֶת אִיז דֶער שְׁטָאט חַזָן גִיוֶועְן אִין דֶער נְגִינָה גָאר אַ מַזִיק, דִיא פְּסוּקִים: „עָזִי וְזִמְרָת יָהּ וַיְהִי לִי לִישׁוּעָה, קוֹל רִנָה וִישׁוּעָה בְּאָהֳלֵי צַדִיקִים“ פְלֶעגְט עֶר מִיט דִיא קְלֵיינֶע זִינְגֶערְלִיךְ, אוּנ מִיט דֶעם פַייפֶער גָאר זִינְגֶען וָואלִיכֶעשׁ אַזוֹיא פְרֵיילִיךְ, אַז עֶס הָאבִּין זִיךְ כִּמְעַט גִיהוֹיבֶּען בַּייא אִיטְלִיכֶען דִיא פִּיס צוּם טאנצין

שטארק קונה שם געווען, דער גאנצער עולם איז ארויס פון דער עוהל העכסט צו פרידין, אונזערע שכנים זענען שוין אויך ב"ה דא אין דער היים, מע האט זיך געזעצט צום טיש, אונ מע האט טאקי גענעסין א גוטען מיטאג, א שטיקעל פיש, א שיסעל יויך מיט מצה פארפיל, איך האב אייך מורא איבער שרעקין

מיט

---

טאנצין, ניט נאר ביי קעסט קינדער, נאר אפילו ביי בעטאנקטע בעלי בתים, אפילו ביי מעריבאליקעס אונ יאדעשליווע, אדער דער פאר צום „לא אמות כי אחיה" האט מען גיקאנט שטארבין אונטער זיינע הענד, אפילו דיא וואס האבין גיהאט שטיינערנע הערצער, אשטייגער: בעזערעטניקעס, וואכערניקעס, זבארשטשיקעס, שוחטים, העקערס, בעלי טאקסעס, פלעגין אויך קלאגין אויף זייערע יאהרין וואס זייא זענין גיבוירען גיווארין, ער האט זיך גיבעטין וויא ביי א גזלן אויף טאטעריש, גיוואלד! „לא אמות, נאר כי אחיה" דער גאנצער קונסט זיינער איז גיוועזן נאר דער מיט, אז ער פלעגט מיט זיין זינגעכץ כמעט אב טייטשען דאס ווארט, ער האט א פנים גוט כאר שטאנען פירוש המלות.

איבער הויפט זענין גיוועזן אויף איהם דיא רעכטע מבינים, שניידער, שיסטער, אונ פועלים אפילו פון אנדערע מיני מלאכות, מחמת זייא זינגען שטענדיג ביי דער מלאכה, איינער איז דארטין גיוועזן א שניידער טאקי שוין א בעל הבית, איז ער גיוועזן אגרויסער מבין אויף זינגען אונ ניט קיין גרויסער פראכטאק, ער איז גיווארין א שטיקעל למדן, נאר ווייל ער פלעגט שטענדיג געהן הערין מגידים, ער פלעגט שוין גאר אפט אונטער חאפין ביי דעם מגיד א פסוק, א שטיקעל אגדה, מיט איהם צו ריידען האט מען גימיינט אז ער איז א רעכטער יודע ספר, ער פלעגט זיך ניט רירען אהן א פסוק, אהן א ווערטיל פון דער גמרא, ער איז אמאהל גיוועזן אויף א בן זכר, וויא מע האט גיגעבין „ניסלעך", דער עולם קנאקט אויף וואס דיא וועלט שטייט, אונ ער זיצט אונ שווייגט, אט דא האט איהם איינער א פרעג גיטאהן, „פאר וואס קנאקט איהר ניט קיין ניס?" אויף דעם האט ער תיכף אזאג גיטאהן „אזנים לכותל" „נישטא קיין צייהן", ער האט זיך אמאהל מיט איינעם שטארק געקריגט אונ כמעט גישלאגין, האט ער צו איהם אזאג גיטאהן מיט כעס „געה אוועק פון מיר, אז ניט, וועל איך דיך מאכין „תחת ושתי" (ער האט גימיינט „תחת חרב", אמאהל אום שבועות האט זיינער איין ארבייטארער גימאכט קידוש אונ האט גיזאגט „זמן חרותינו" נוא האט ער איהם תיכף אב גילאזט א פאר פעטש, אונ האט צו איהם אזויא גיזאגט: „דוא עם הארץ! מילא פסח זאגט מען „זמן חרותינו" איז דאס נאך סיאק טאק, מע עסט דאך פארט „חרוסת" אבער וואס איז היינט פאר א חרותינו אויף דיין קאפ? —

מיט

מיט דער בשורה טובה, מע האט געמאכט קניידליך אויך פון איין איי, איין פלאמען צימעס מיט קארטאפעל איז אויך געוועהן, אט זעהט איהר דאס איז שוין

---

אט דער איינגענער ליטעראט פלעגט שטענדיג זאגן מבינות אויף דעם חזן, ער האט אמאהל דער צעהלט אין א געזעלענשאפט, וויא ער האט דעם דאזיגען חזן אמאהל געהערט דאווינען אים ראש השנה, האט ער פון זיין זינגעכץ פאר שטאנען דעם פשט פון יעדען ווארט, למשל: ער האט אגעשריא געטאהן „עוז בידך" האט מען ממש געזעהן וויא ער האט געהאלטין א ציג אין דער האנד, ער האט געזאגט צו כל נדרי דעם „ונסלח" האט מען פשוט געזעהן וויא שלוחים פליהען ארום אין אלע ווינקעליך פון דער שוהל.

יעצט אים פסח, אז דער גאנצער עולם איז אן געקומען אין שוהל אונ מע האט פארזאמט הלל, איז אוודאי געבאך דיא בית המדרש לייט ניט גוט געווארין אופן הארצין, זייא האבין שטארק מקנא געוועזן דיא שוהל מענשין וואס זייא האבין טאקי געהאט איין עונג יום טוב צו הערין דעם הלל, האבין זייא אן געהויבען פאנאנדער פרעגין דיא בעלי מלאכות, נאר ווער וועט האבין איין העזה צו זאגין א ווארט, אז עס געפינט זיך דער גרויסער שטאט מבין; האבין זיך אלע אקעהר געטאהן צו איהם, וואס זאגט איהר צום היינטיגען הלל; איהר זענט דאך יוא א מבין; „וואס זאל איך אייך זאגין?" האט ער געענטפערט, איך הער דאך שוין דעם אלטין חזן ב"ה מער וויא 20 יאהר, ער האט דאך שוין געזאגט הלל אויף אלע אופנים, איך האב אים שוין אמאהל געהערט זאגין מן המצר גאר פראסטע יודיש, מיינט איהר איז דאס ניט געוועזן וויא געבוירען, ער איז אויך א קינסטלער, נאר וויא דער האט היינט געזאגט איז דאס נאך ממש ניט געהערט געווארין, איך וויים ניט צו דער בעל ההלל אליין, דער גוטער יאהר ווייסט איהם ווער ער איז געוועזין, נאר מן הסתם האט ער דאך אוודאי געקאנט גוט זינגען, וויא דען? ער האט גלאט געזאגט דיא ווערטער; וואס פאר א פנים האט דאס געקאנט האבין? איהר פיהלט עפים א טעם אים ראש חודש אז עס שטעלט זיך אנידער גלאט א יוד פון אגאנץ יאהר אונ זאגט הלל? פון דעסטוועגין קאן איך אייך זאגין אז דער בעל הלל אליין האט בעסער געוויס ניט געזאגט, וויא דער חזן היינט. —

בקיצור, וואס זאל איך אייך דא שטארק מאריך זיין, איהר וועט מיר אפשר ניט גלייבען, נאר מה לי הבא מה לי התם (ער האט געמיינט מה לי לשקר) וואס איז; עס שטעהט מיר אוודאי דער פון א בעל הבית צו ווערין; ער האט אזאג געטאהן אויף טאטעריש „כי אמילם" הערט איהר; איך זאל אזויא נחת האבין, איהר אונ אלע יודען, אז מע זאל טאקי עפים זעהן פיל ישועות אונ נחמות, מיט איין ווארט, עס זאל טאקי אזו גיכען זיין תוהו ובוהו

וויא

שוין טַאקִי לַייטִין גְלַייךְ, מֶע הָאט אַבִּיסֶעל גֶעשְׁמוּעֶסְט בַּאם טִישׁ, גֶעזָאגְט מְבִינוֹת מִכֹּחַ דֶעם חַזָן, אוּנ מֶע הָאט זִיךְ אַבִּיסֶעל צוּ גֶעלֵייגְט שְׁלָאפִין.

נאך

---

וִויא מֶע הָאט טַאקִי מַמָשׁ גִיזֶעהֶן בְּחוּשׁ, אַ פֶערְדְם מִיהֶעל, אָדֶער אַ וִוינְדֶם מִיהֶעל מִיט אַלֶע פִּישְׁטְשֶׁעוְקִים, אַ שָׁאד וָואס אִיהְר הָאט הַיינְטִיגֶען הַלֵל נִיט גִיהֶערְט, אִיהְר וָואלְט הֲנָאָה גִיהַאט וָואס הֲנָאָה הֵייסְט. —

אִיךְ הָאבּ זֵייעֶר פַארְגֶענִיגֶען גִיהַאט צוּ הֶערִין דִיא לֶעצְטֶע פְּסוּקִים וָואס מֶע זָאגְט זֵייא צְוֵוייא מָאהְל, עֶר הָאט גִיאַרְבֵּייט אִין טַאקְט, אַלֶע מְשׁוֹרְרִים זֶענִין גִינַאנְגִין נָאכֶען טַאק, דֶער בַּאס אִיז גִיפְלוֹיגִין מִיט זַיין בֶּערִישֶׁען טָאהֶנֶן אִין מִיטִין, עֶר הָאט גִיוִויזֶען שְׁרֶעקְלִיכֶע קוּנְצֶען גֶעמִישְׁטֶע הַאלְבֶּע טָאנֶען מִיט פֶּערְטִיל, אַרַיין פוּן דַייטְשׁ קֵיין וָואלֶעכִישׁ, אוּנ בְּחֲזָרָה גָאר אִין קָאזַאטְשֶׁקֶע גִיזַאנְג, דֶער חַזָן הָאט זִיךְ אַרַיין גִיחַאפְּט אַלֶע מָאהל מִיט אַ רֶעכְט בִּיסֶעל טְרֶעלִיכְלִיךְ, אוּנ גִישְׁמַאק גִיפְלוֹיגִין דָא אַרוֹיף דָא אַרָאפּ, אַמָאהְל זִיךְ פַאר־שְׁלָאגִין אִין אֵיין קְוִויטְשׁ גַאנְץ טִיף, אַז אִיךְ הָאבּ גִימֵיינְט אַז עֶר וֶועט ח"ו גָאר דֶער שְׁטִיקְט וֶוערִין, אָבֶּער עֶר אִיז פוּן דֶעם קְוִויטְשׁ אַרוֹיס מִיט אַ גַאנְצֶע חַאלְיַיאסְטֶערֶע טְרֶעלֶען, אַז מֶע אִיז כִּמְעַט טוֹיב גִיוָוארִין פוּן דֶעם טְרֶעלֶערַייא, אַלֶע זֶענִין אַרוֹיס פוּן דִיא כֵּלִים, מֵילָא וָואס זָאל אִיךְ אַייךְ מַאֲרִיךְ זַיין? בְּקִיצוּר אִיךְ בִּין דָאךְ שוֹין ב"ה נִיט קֵיין יוּנְגֶער מַאן, אִיךְ הָאבּ שוֹין אִין מַיין לֶעבִּין אִיבֶּער גִיהֶערְט אַלֶע וֶועלְט חַזָנִים, וָואס הָאבִּין גֶערִידֶערְט גַאנְץ לִיטָא, אַשְׁטֵייגֶער: קַאשְׁטַאן, גָאטְס ווֹאוּנְדֶער, קַאנַארִיק, פָּאסְטֶערְנַאק, קְלָאג מִיטֶער, שְׁכוּדֶער, פִּידֶעלֶע, דְרָאנְג, דָאס בַּעַל הַבֶּעסִיל, זָאג אִיךְ אַייךְ אַז דִיא אַלֶע חַזָנִים לִיגֶען אִין אִיהְם אַלֵיין. —

בְּקִיצוּר, מֶע הָאט זִיךְ שְׁטַארְק פַארְטִיעֶפְט אִין חָכְמַת הַמוּזִיקָע מִיט דֶעם שְׁנֵיידֶער בִּיז דֶער חַזָן הָאט אָן גִיפַאנְגֶען מוּסַף, נָא אִין אָבוֹת הָאט עֶר אִין אֱמֶת גִיוִויזֶען קוּנְצֶען אִיבֶּער קוּנְצֶען, עֶר הָאט שְׁטַארְק גֶערוּדֶערְט מִיטִין בַּייא קוֹל, גֶענִיצְט אַבִּיסֶעל דָאס פִּידֶעל קוֹל, אַלֶע מְשׁוֹרְרִים הָאבִּין נֶעבַּאךְ גִיהָארָאוֶועט וִויא אִין טַאטְשֶׁקֶעס, גִישְׁווִיצְט, גִיפַייפְט, גֶעבְּרִימְט, גִיחַאפְּט אִין טַאקְט, אוּנ דֶער חַזָן פְלִיהְט דוּרְךְ אִין דֶעם בֶעשׁ וִויא אַ רוּחַ, אָפְּט אוּנ אָפְּט מִיט אַ וָוארְט, נָא ב"ה מֶע הַאלְט שׁוֹין בַּייא „נַעֲרִיצְךָ" דָא אִיז אַרוֹיס דֶער טֶעהְנָאר וִויא אֵיין אַקְטָאר מִיט אַ שְׁטֶעהְלֶע אִין אִיטַאלְיֶענִישׁ, „כְּבוֹדוֹ מָלֵא עוֹלָם" הָאט עֶר גִיזָאגְט מִיט גֶעמִישְׁטֶע טָארְנֶען, אַבִּיכֶעל אוּנְטֶער דֶער נָאז אִין קְוִויטְשׁ אַרַיין, אוּנ פַאר קְרָאכִין נִיט וַוייט אִין בַּייא קוֹל, נָאר אִין דֶעם וָוארְט „אַיֵה" הָאט עֶר גִילֵייגְט דִיא גַאנְצֶע כּוֹחוֹת, גִיאַרְבֵּייט מַיינֶע שׂוֹנְאִים מִיט דֶער גַאל, אַ גוּט פֶערְטִיל שָׁעָה אִיז עֶר אַרוּם גִיפְלוֹיגִין מִיטִין הַאלְז בִּיז עֶר הָאט זִיךְ אַלֵיין קוֹים דֶער שְׁלָאגִין צוּם וָוארְט „אַיֵה" אוּנ הָאט אִיהְם פְּלִיצְלוּנְג אַרוֹיס

גיווארפין

נאך דעם שלאף איז דער גאנצער עולם געגאנגען אין גרויסען בית המדרש, הערין דעם שטאדט מגיד, וויא ער זאגט ווייטער שיר השירים, ער האט שוין געהאלטען אין דער לעצטער פרשה פסוק ח׳, דאס הייסט: „אחות לנו קטנה ושדים אין לה״ אין בית המדרש איז זעהר פיל אן געפאקט מענשין פון כל האסארטען, מע שוויצט גאר געשמאק, דער ריח איז אויך זעהר איינגענעהמע, נא מאך בעסער, מע מוז הערין דעם מגיד! —

---

גיווארפען פון דעם מויל — „מקומו הוא יפן ברחמים״ האט ער גיזאגט גאר אין בעטלעריש אז עס איז אזש אריבער אקעלט איבערין לייב, פאר „שמע ישראל״ האט דער באס גימאכט א שטעהל אין יודיש, און דער חזן טוט נאך איהם און האט גישריגען „שמע ישראל״ אז דיא פענסטער האבין גיציטערט, דיא העגגלייכטערס האבין זיך אזש גישאקילט. —

אין שוהל איז דער וויל איין ענגשאפט אז גאט זאל זיך מרחם זיין, איינער דעם אנדערין קוועטשט ארוים דיא נשמה, דיא העמדער זענין גיוועזין אוים צו דרייען, עס איז שוין נאך איינם דער זייגער, קיינער האט נאך אינ׳ם מויל נישט גיהאט, א יוא איין עונג יום טוב? וויא גיפעלט אייך איין השגה פון אונזערע ליטוואקעס: שוויטצען און דארען אים יום טוב ביז צוויא דעם זייגער? אפילו נאך דער נעכטיגער וועטשערע קאן מען שוין אביסיל ווארטין, איך האב פיינר צו זאגין, מע האט זיך טאקי גוט אונטער גיפאקט, חלעבין אגאנץ איי, וואס לויט דער גמרא איז מען דער מ׳ט יוצא וויא מיט א פערטיל פונט פלייש, און א שיסעל זודיגע וואסער מיט מצה פארפיל, היינט פאר געסט ניט טאקי דיא דרייא זתים מצה אליין, דיא המוציא, דער כורך און דער אפיקומן, נאר גלאט לכבוד יום טוב האט מען שוין גימעגט עפעס פאר זובען, נאר אויך דיא איינגענע מעשה, דעם אנדערין איז גוט צו זאגין, וויא ווארפט מען אוועק אין מיטין און ניט הערין דעם „ומפני חטאינו?״ מע איז טאקי פאר שוויטצט גיווארין נאך א גוטע שעה, עס איז אבער כדאי גיוועזין, דער חזן האט אשיט גיטאהן-מיט טרעלען פינ׳ם האלו דעם „חטאינו״ האט זיך ממש געשיט חטאים וויא פון אזאק, דער נאך אז ער האט אגישרייא גיטאהן „גלינו מארצנו״ האט מען טאקי ממש ניהערט וויא ער זאגט פינ׳ם הארצין ארוים, און עס איז נעבאך אמת, דאס קול האט מען אוודאי גיקאנט הערין פון דאגען ביז אויסלאנד, דער גאנצער עולם האט זיך צו חליפט אופן קול אזויא וויא אים יום כפור.

## 13.

## דער דרוש פון דעם קליינעם שוועסטעריל.

דער מגיד איז שוין ווייטער אויף דער בימה, אונ דווקא מיטין אחור צום ארון קודש, אונ נאך א ביכעל הכנה, פתח את פיו, האט ער גיעפינט זיין טויל אונ האט אזוי גיזאגט, איך בעט דעם עולם, עס זאל זיין שטיל, איך וויל אייך זאגין א גאנץ טיפין דרוש, עס וועט זיין וואס צו הערין. —

שלמה המלך דער צעהלט אונז אין שיר השירים, אז מיר האבין א קליין שוועסטעריל, אונ זיא האט ניט קיין שדים, אונ דערום פרעגט ער אונז, וואס וועט מען מיט איהר מאכין אז מע וועט קומען ריידין איהר א שידוך?

נא ברידער! וויא גיפעהלט אייך א שמועס פון אזוינעם וואס ער איז גיוועהן קליגער פון אלע מענשין? וואס הייסט עס? דאס שוועסטעריל איז דאך נאך א קליינס, נא בעדארף זיא דאך נאך גאר ניט האבין קיין שדים? אונ נאך וואס זאל מען שוין זארגין וועגין א שידוך? אז זיא וועט גרעסער ווערין, איז צו גאט אין האפענונג אז זיא וועט מן הסתם זיין מיט אלע יודעשע טעכטער גלייך? אונ ווידער איז א פליאה, ווער איז דאס קליינע שוועסטעריל, וואס מע דארף פאר איהר זארגין? פון וועמען רעדט מען דא? היינט לאמיר זעהן, וואס ער זאגט ווייטער „אם חומה היא" איז דאס שוועסטעריל א מויער „נבנה עליה טירת כסף" לאמיר אויף איהר בויען א זילבערנעם פאלאץ, „ואם דלת היא" איז זיא א טיהר, „נצור עליה לוח ארז" לאמיר זיא בעלעגערין מיט א ברעט פון צעדער האלץ. — נא פרעג איך אייך, האט דאס עפעס א טעם אדער א ריח? נאך א מאהל אויב א קליין שוועסטעריל איז א מויער, וויא איז דאס א שוועסטעריל א מויער? נאר לאמיר שוין רעכינען אז דאס שוועסטעריל איז א מויער, מילא וואס זשע? זאל מען אויף איהר בויען א זילבערנעם פאלאץ? וואס זשע וועט זיין דער פון? אונ אויב זיא איז א טיהר, זאל מען אויף איהר אנידער לייגין א ברעט, אונ דווקא פון צעדער האלץ, נא אז דאס שוועסטעריל וועט שוין אים געהן מיט א ברעט, וועט שוין דאס זיין א מעלה צו אין שידוך? חאטש זיא האט ניט קיין שדים. —

דער כלל ברידער! דיא פרשה איז דיא שווערסטע אין גאנץ שיר השירים, געניג פענעם זענין צו בראכין געווארין, געניג טינט איז פאר גאסין געווארין, אויף דיא שווייערע פסוקים, אט דא האב איך א נקמה אויף דיא פשטנים, זייא זאגין שטענדיג, אז מיט פשט אליין קאן מען דורך געהן גאנץ תנ"ך, אונ ברענגין דער צו א שטארקע ראיה, וואס איז? דיא גמרא זאגט „אין המקרא יוצא מידי פשוטו" דאס הייסט: דיא מעגסט זיך זאגין דרשות וויא פיל דוא ווילסט, אבער דער פסוק וועט פון זיין פשט ניט ארויס בשום אופן,

לאוין

לאזין זייא אדרבה ווייזין זייער קונץ בייא דעם פסוק, לאזין זייא איהם ער קלעהרין על פי פשט, נאר מיינט ניט אז איך האב שוין אלע קשיות אוי גיפרעגט, ניין! אט הערט נאר גיט צו דוא תשובה פון שלמה המלך, אויף דע שאלה „מה נעשה לאחותינו ביום שידבר בה ?" דאס הייסט: וואס וועלין מי טאהן מיט אונזער שוועסטער, אז מע וועט איהר ריידין א שידוך? „אני חומ ושדי כמגדלות" איך בין א מויער אונ מיינע שדים איז וויא טוהרמעס, נא ווי גיפעהלט דאס אייך? פארהער האט ער דאך גיזאגט אז זיא האט גאר ניט קי שדים, אין צום סוף לאזט זיך אויס, אז זיא האט שוין גאר גרויסע שדים ווי טוהרמעס? אונ אויב עס איז יא אזוי, נא וואס זשע איז דא גיוועהן דיא שאלה וואס מע וועט טאהן אז מע וועט איהר ריידין א שידוך? (דאכט מיר אזא כלה.. מעג גאט בענשין אלע יודעשע קינדער), הייגט הערט דעם סוף „אז" דעמעל (ווען דעמעלט?) „הייתי בעיניו" בין איך גיוועהן אין זיינע אויגין (אין וועמע אויגין?) „כמוצאת שלום" אזוי וויא דיא וואס גיפינט פרידען, — איך זאג איין דעם אמת, אז איך האב ניט אזוי פיל האר אין מיין קאפ, וויא פיל פרושינ איך האב שוין גיזעהן אין מיין לעבין אויף דיא פסוקים, — וואס פארט מיינ איהר איז שוין ניט גיוועהן דאס קליינע שוועסטעריל בייא דיא מפרשים אין דיא הענד? „דער פסל מיכה, דיא עשרת השבטים, דער בית שני, דיא תור שבעל פה, דער ריש גלותא, דיא שומרונים מיט זייער בית המקדש אויפן הו גריזים, דער בית חוניו אין אלכסנדריא של מצרים", אנדערע זאגין אז דא קליינע שוועסטעריל זענעו גאר דיא קראימעס, וואס האבין ניט קיין שדים דאס הייסט: זייא האבין ניט דיא תורה שבעל פה? אנדערע זאגין אז דעו פסוק געהט אויף אזעליכע חכמים וואס זענען אהן תורה, מחמת עס שטעה „אמור להכמה אחותי את" זאג דער חכמה: דיא ביסט מיין שוועסטער, או דיא חכמה אליין אהן תורה, איז זיא גלייך טאקי וויא אהן שדים .

נאר דיא אלע פירושים זענין נאך אלץ ניט געניג רעכט צו מאכין דעכ פסוק, וועד רעדט שוין פון דיא פשטנים, מיט זייא קאן מען גאר נישט מאכין א פשטן זאגט, אז שיר השירים איז גאר פשוט, דא שמועסען א חתן מיט א כלה, ער ריהמט זיא, אונ זיא איהם, אי נאך וואס זאגט מען דאס אלע ערב שבת פאר נאכט? אונ ניט נאר יונגליך אדער איידעמס, טאקי יוסטע בעל בתים, אונ פרושים פון טיף זאמעט אויך, וויא פאסט דאס פאר זייא נאן זינגען מיט טראפ א ליבע, אונ קומען דורך דעם צו א הרהור ח"ו? דא ארט דעם פשטן גאר ניט, פון זיינעט וועגין איז רעכט, אז מע זאל טאקי ני זאגין, אונ ניט לייענען שיר השירים פסח אויך, — נא הא איז ער גערעכט אדרבה זאל ער זיין א בריה אונ מפרש זיין אין פשט דאס קליינע שוועסטעריל? -

חאטש א חיץ דעם איז גאר אונמעגליך אז דער הייליגער שלמה המלך זאל גלאט מאכין א שיר פון א חתן מיט א כלה? טאקי א טיפער ענין פאר אזו

חָכָם וִויא עֶר ע״ה אִיז גִיוֶועזִין, אַ שְׁפַּאס שְׁלֹמֹה הַמֶלֶךְ! גֶעוַואלְד גִישְׁרִיגִין, עֶר וֶועט זִיךְ נַארִישׁ מַאכִין מִיט אַזוֶֹינֶע זַאכִין? —

דִיא פַּשְׁטָנִ"ם הָאבִּין נָאךְ אַ הָעָזָה, אוֹיף דֶעם צוּ עֶנְטְפֶערִין, וָואס אִין פָּסוּק שְׁטֶעהְט אוֹיף שְׁלֹמֹה'ן אַז וַוייבֶּער הָאבִּין אִיהְם אַרָאפּ גִיפִיהְרְט פוּנֶ'ם דֶרֶךְ הַיָשָׁר, גִּבֶּן פַּאסְט שׁוֹין פַאר אִיהְם מַאכִין אַ שִׁיר פוּן לִיבֶּע אוֹיךְ? נֵיין, דִיא גְמָרָא זָאגְט אוּנְז אִין דֶער מַסֶכְתָּא שַׁבָּת „כָּל הָאוֹמֵר שְׁלֹמֹה חָטָא, אֵינוֹ אֶלָא טוֹעֶה" דֶער וָואס זָאגְט אַז שְׁלֹמֹה הָאט גִיזִינְדִיגְט הָאט אַ טָעוּת, זַיין גַאנְצֶער חֵטְא אִיז מֶעהְר נִיט גִיוֶועהְן, נָאר וָואס עֶר הָאט נִיט גִישְׁטֶערְט זַיינֶע וַוייבֶּער פוּן עֲבוֹדָה זָרָה דִינֶען, אָבֶּער עֶר אַלֵיין, הָאט גֶעוִויס ח"ו נִיט אָבְּגֶעטְרֶעטִין פוּן גָאטֶעס וֶועג.

דֶער כְּלַל אִיז, פַּשְׁטוּת קָאן טַאקִי אַ מֶענְשִׁין פַאר פִיהְרִין אִינֶ'ם תְּהוֹם אַרַיין, וָוארוּם נָאךְ דֶעם גַאנְג פוּן פַּשְׁטוּת וָואלְטִין מִיר גֶעבַּארְפְט דֶענְקִין, אַז דָוִד הַמֶלֶךְ אִיז דָאךְ גֶעוִויס גִיוֶועהְן אַ שְׁטַארְקֶער חוֹטֵא, (אוּנ דָאס פַּאסְט גָאר נִיט פַאר אִיהְם וָואס הָאט שְׁטֶענְדִיג גִיזָאגְט תְּהִלִים), דִיא קִינְדֶער פוּן עֵלִי הַכֹּהֵן חוֹטְאִים וּפוֹשְׁעִים, אוּנ וִויא? נָאךְ אִין מִשְׁכָּן, דִיא קִינְדֶער פוּן שְׁמוּאֵל הַנָבִיא זֶענִין גָאר גִיוֶועהְן פְּרָאסְטֶע חַאבַּארְנִיקֶעס, חָלֶעבֶּען אַ גוּטֶער תַּכְלִית פַאר אוּנְזֶערֶע קַדְמוֹנִים! (אַזַא יָאהְר זָאל זַיין מַיינֶע שׂוֹנְאִים, וָואס פַאר אַ חֵן דָאס הָאט).

אָבֶּער דִיא הֵיילִיגֶע גְמָרָא פַאר זָאגְט אוּנְז גַאנְץ שְׁטְרֶענְג, אַז מִיר זָאלִין דָאס גָאר נִיט קְלֶעהְרִין, מִיר טָאהְרִין דָאס נִיט לֶערְנֶען פָּשׁוּט, דֶערִיבֶּער קָאן מֶען זִיכֶער זַיין, אַז שִׁיר הַשִׁירִים אִיז אוֹיךְ נִיט וִויא דִיא פַּשְׁטָנִים זָאגִין.

— נָאר אִין דֶעם אִיז פַאר הַאנְדִין אַ טִיפֶער נִמְשָׁל, אוּנ וַוייל דֶער נִמְשָׁל לִיגְט טִיף פַאר שְׁטֶעקְט אִין אַ מָשָׁל פוּן אַ לִיבֶּע, דֶערִים זֶענֶען דָא אַזוֹי פִיל בַּעֲלָנִים צוּ טְרֶעפִין דֶעם נִמְשָׁל, מֶע זָאל וֶועלִין אָבּ דְרוּקִין אַ שִׁיר הַשִׁירִים מִיט אַלֶע מְפָרְשִׁים, וָואלְטִין אֶפְשַׁר אַ פָּאר אָקְסִין נִיט גִיקֶענְט דָאס רִירִין פוּנֶ'ם אָרְט נָאר דָאס זֶעהְט אִיהְר אִיז יָא רִיכְטִיג, אַז אֵיידֶער מֶע וֵוייסְט נָאךְ דֶעם נִמְשָׁל מוּז דָאךְ דֶער וַוייל דֶער מָשָׁל הָאבִּין אַ פְּשַׁט, אָט דֶערִיבֶּער זֶענֶען דִיא פְּסוּקִים פוּן דֶעם שְׁוֶועסְטֶערִיל זֵייעֶר שְׁוֶועהְר זַייא הָאבִּין גָאר אִין מָשָׁל קֵיין שׁוּם פְּשַׁט נִיט, נָא וִויא קָאנְמֶען זִיכִין דֶעם נִמְשָׁל, אַז מֶע פַאר שְׁטֶעהְט גָאר דֶעם מָשָׁל נִיט? —

לִיבֶּע לֶעזֶער! דֶער מַגִיד אִיז אַ פָּנִים צוּ דִיא אַלֶע מַעֲלוֹת נָאךְ אַ שְׁטִיקֶעל שְׁוִוינְדְלֶער אוֹיךְ, עֶר הָאט מִיט אַ כַּוָונָה אַזוֹי פִיל מַאֲרִיךְ גִיוֶועהְן אִין זַייטִיגֶע רֵייד, כְּדֵי דֶער וַוייל זָאל שׁוֹין וֶוערִין שְׁפֶּעט, אוּנ מֶע זָאל בַּארְפִין דַאוֶונֶען מִנְחָה, עֶר הָאט טַאקִי זַיינְם אוֹים גֶעפִיהְרְט, עֶס אִיז שְׁפֶּעט גִיוָוארִין, אוּנ נָאךְ אֵיידֶער עֶר אִיז גִיקוּמֶען צוּם פָּסוּק, הָאט עֶר אַ קִישׁ גִיגֶעבִּין דָאס פָּרוֹכֶת, אוּנ דֶער דְרוּשׁ אִיז שׁוֹין גִיקָאנְטְשֶׁעט גִיוָוארִין, אַז דֶער פֵּירוּשׁ אוֹיף דֶעם שְׁוֶועסְ־

טעריל

טֶערִיל ؛ אָהְן סַכָּנָה, וְויא הָאט מֶען בִּיז יֶעצְט גִילֶעבְּט אָהְן אַ פֵּירוּשׁ ؛ הָלֶעבְּט
מֶע וֶועט אֶפְשַׁר נִיט קָאנֶען עֶסִין אַ גַאנְץ יָאהְר קְרוּפְּנִיק מִיט נִשְׁט, אַז מֶע וֶועט
נִיט וְויסִין דִיא מַעֲשֶׂה מִיט דֶעם קְלֵיינֶעם שְׁוֶועסְטֶערִיל ؛ דֶער עוֹלָם הָאט דָאס
אֲפִילוּ אִיהְם גָאר נִיט פִירְגֶעהַאלְטִין, פוּן אַ יְרִיד הָאט עֶר זֵייא נִיט אַרָא
גִיפִיהְרְט, אַ דַאֲגָה, אַבִּי פַּאר בְּרַאכְט אַ גַאנְצֶען טָאג אִין עֶנְגְשַׁאפְט, גוּט אִיבֶּער
גִישְׁוִויצְט.

אִין אֱמֶת גִישְׁמוּעֶסט, וֶוען נִיט דֶער מַגִיד, וָואס דֶען וָואלְט מֶען גִיטָאהְן
אַגַאנְצֶען טָאג שַׁבָּת יוֹם טוֹב, גְלַאט זִיצִין אוּנ גֶענֶעצֶען ؟ אִיז נָאךְ עֶרְגֶער, קְ
מִלְחָמוֹת הֶערְט זִיךְ שׁוֹין אוֹיךְ נִיט, נָא פוּן וָואס רֶעדְט מֶען ؟ אָט הָאט דֶער
מַגִיד אַ בִּיסֶעל גֶעפְּלָאנְטֶעט מִיט דֶער צִינְג, דֶער כְּלַל אִיז ؛ מֶע לֶעבְּט אִין לִיטָא
אַ גַאנְץ יָאהְר וְויא פִירְשְׁטֶען מִיט כָּל טוּב, אוּנ אַזוֹי אוֹיךְ אוּם יוֹם טוֹב דָאס
גַאנְצֶע פַאר גֶעגְנִיגֶען אִין דֶער לִיטָא, אִיז נָאר דֶער חַזָן מִיט זַיין טָאטֶערְשֶׁען
הַמֵיצַר אוּנ דֶער מַגִיד.

מֶע הָאט אָבּ גֶעדַאוִונְט מִנְחָה, דֶער עוֹלָם הָאט זִיךְ אוֹיף גֶענוּמֶען אַ
רֶעדְלִיךְ, אוּנ מֶע הָאט גֶעשְׁמוּעֶסְט אִיבֶּער וִויכְטִיגֶע עִנְיָנִים, אִיהְר מֶעגְט אַוַודַאי
מֵיינֶען וֶועגִין חִנוּךְ נְעָרִים, אַ רֶעמֶעסְלִינֶע שׁוּהְלֶע, וֶועגִין גוּטֶע פָּארַאדְקֶעס אִין
שְׁטָאדְט זַאכִין ؟ פֶּע חָלִילָה ؛ וָואס פֶּעהְלְט דֶען דִיא אַלְטֶע מִנְהָגִים אוּנ פָּארַאדְקֶעס
יֶעדֶער בַּעַל הַבַּיִת הָאט שׁוֹין ב״ה אַ פְּרִישִׁין מְלַמֵד פַאר זַיינֶע קִינְדֶער נָאך
כְּמַעַט פוּן חֲנוּכָּה אָן בֶּעשְׁטֶעלְט, דֶער מַגִיד וֶועט תֵּיכֶּף נָאךְ פֶּסַח אָנְהוֹיבְּן
זָאגִין „רוּת", עֶס וֶועט זַיין מִן הַסְתָּם וָואס צוּ הֶערִין, עֶר וֶועט זִיךְ נוֹקֵם זַיין
אָן דֶער מוֹאָבִית „עָרְפָּה" מִיט אַ שְׁטֵייגֶער, עֶר וֶועט פוּן אִיהְר דִיא הוֹיט אַרָאפּ
צִיהֶען, פַאר וָואס זִיא הָאט זִיךְ נִיט מְגַייֵר גִיוֶועהְן, עֶס וָואלְט טַאקִי דֶערמֶעהְן
אַ סַאךְ פְרֵייהְלִיכֶער גִיוֶועהְן, מֶע וָואלְט טַאקִי דֶעם עֶרְשְׁטִין טָאג שָׁבוּעוֹת
גֶעלֵייֶענְט „רוּת" אוּנ דֶעם אַנְדֶערִין טָאג „עָרְפָּה" – אוּנ וִוידֶער וְויא וֶועט זִיךְ
נִיט מַאכִין עֶפֶּעס אַ פָּאר רֶעכְטֶע הַסְפֵּדִים חָלֶעבֶּען וֶועט מֶען זִיךְ קָאנֶען אַ בִּיסֶעל
אוֹיס וֵויינֶען דָאס הַארְץ, – דֶער חַזָן וֶועט אֶפְשַׁר מַאכִין אַ פְרִישִׁין „מִן הַמֵיצַר"
אוּנ אַ נַאיֶיעֶ׳ם „מִפְּנֵי חֲטָאֵינוּ" אַוַודַאי – עֶסִין וֶועט אֲפִילוּ נִיט זַיין וָואס, נָא
וָואס אִיז דָא דִיא דַאֲגָה ؟ זוּמֶערְלֶעבּ, אִיז גָאר נִיט אַזוֹי וִויכְטִיג דָאס עֶסֶען, דִי
לוּפְט אַלֵיין אִיז מְחַיֶה נְפָשׁוֹת, וַוייטֶער הוֹיבְּט זִיךְ אָן אַ יוּנְג צִיבֶּעלֶעקֶעלֶע
רֶעטִיכֶעל, אַ שְׁוַוארְצֶע יַאגֶדֶע, גִישְׁקָשָׁה, מֶע קֶען שׁוֹין וְויא עֶס אִיז אִיבֶּער
שְׁטִיפִין דֶעם טָאג, דֶערִיבֶּער הָאט דֶער עוֹלָם פוּן דִיא זַאכִין גָאר נִיט גִיהַאט
וָואס צוּ רֵיידִין, עֶס אִיז אַלֶעס אִין אָרְדֶענוּנְג, וָואס דֶען ؟ מֶע הָאט זִיךְ גְלַאט
גֶעשְׁמוּעֶסְט אַ בִּיסֶעל אִין הוֹיכֶע עִנְיָנִים, אַנְדֶערֶע וֶועגִין דִיא חַזָנִים, גִיזָאנְג
כְּבִינוֹת, גִישְׁפַּארְט זִיךְ, אַ בִּיסֶעל גֶעקְרִיגְט זִיךְ אוֹיךְ, אַנְדֶערֶע פִּינֶ׳ם מַגִיד
דִיא לוֹמְדִים כֹּחַ דֶער תּוֹרָה וָואס דֶער רַב הָאט גִיזָאגְט אִין דֶער פְּרִיָה, דֶער
פְּרָאסְטֶער עוֹלָם כֹּחַ דִיא וִוירְבֶּעס וָואס מֶע וֶועט מַאכִין אוּם חוֹל הַמוֹעֵד אַ

דיא חֶבְרוֹת: הַדְלָקַת הַנֵר, שׁוֹמְרִים לַבּוֹקֶר, מַגִידֵי תְּהִלִּים, חֶבְרָה קְטַנָּה, דֶער כְּלַל אִיז, עֶס הָאט גִיקָאכְט אִין גַאנְצִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ, אַלֶע הָאבִּין גִישְׁמוּעֶסְט, גִילַאכְט, גִיזִידֶעלְט זִיךְ, גִיזָאגְט וִויצִין אוּנ שְׁטֶעכְוֶוערְטְלִיךְ, פַאר וָואס נִיט? עֶס אִיז פָארְט גוּט אוּפִין הַארְצִין, עֶסֶען אוּנ טְרִינְקֶען אִיז ב"ה דָא לָרוֹב, מָארְגִין וֶועט דֶער חַזָן וַייטֶער אָבּ גֶעבִּין קָאנְצֶערְט, דֶער מַגִיד וֶועט גֶעוִוים מָארְגִין קָאנְטְשֶׁען מִיט דֶעם קְלֵיינֶעם שְׁוֶועכְטֶערִיל, אִין דֶער הֵיים, פוּן דִיא עוֹפוֹת אִיז מֶען שׁוֹין ב"ה אוֹיךְ גוּט פָּטוּר גִיוָוארִין, אַזַא יָאהְר אוֹיף וֶועמֶען אִיךְ וַוייס... חָלֶעבְּען גָאר אַ מְחַיָה, נָא דַארְף מֶען עֶפֶּעס זָארְגִין? —

נָא לִיבֶּע לֶעזֶער? לָאמִיר לָאזִין דֶעם עוֹלָם פַאר גֶענִינִין הָאבִּין, פוּן זַייעֶרֶע שְׁטוּתִים, אוּנ מִיר זָאלִין זִיךְ בֶּעסֶער פַאר קְלוֹיבִּין אוּנְטֶערִין אוֹיוֶוען, אֶפְשַׁר וֶועלִין מִיר נָאךְ אַמָאהְל דָארְטִין טְרֶעפִין יֶענֶע צְוַוייא מֶענְשִׁין מִיט דֶעם אַפִּיקוֹרֶס, דָארְטִין וֶועלִין מִיר פָארְט אֶפְשַׁר הֶערִין עֶפֶּעס אַ וִויכְטִיגִין שְׁמוּעֶס, דֶער עוֹלָם זָאגְט אַ וֶוערְטִיל: בֶּעסֶער מִיט אַ קְלִיגִין צוּ פַארְלִירִין, אֵיידֶער מִיט אַ נַאר צוּ גֶעוִוינֶען, אָט אַ קְלִיגֶער זָאגְט פָארְט עֶפֶּעס אַ דְבַר חָכְמָה, לָאמִיר גֶעהְן זַייא טוּזִין גֶעוִויס דָארְטִין זִיצִין, חָלֶעבְּען טַאקִי גִיטְרָאפִין, גוּט! גוּט! —

---

## 14.

## נָאךְ אַ מָאהְל אַ שְׁמוּעֶס אוּנְטֶער דֶעם אוֹיוֶוען.

דִיא עֶרְשְׁטֶע צְוַוייא, אוּנ אוּנְזֶער שָׁכֵן ר' חַיִים, הָאבִּין צוּ גִירִיפִין דֶעם אַפִּיקוֹרֶס, אוּנ הָאבִּין צוּ אִיהְם גִיזָאגְט מִיט דֶרֶךְ אֶרֶץ: זַייט אַזוֹי גִיט, זֶעצְט זִיךְ אַ בִּיסֶעל לֶעבִּין אוּנְז, אָט לָאמִיר אַ בִּיסֶעל טַאקִי פַאר בְּרֶענְגִין, עֶס אִיז מְמִילָא יוֹם טוֹב, מִיר הָאבִּין אַייךְ גִיוָואלְט פְרֶעגִין מִכֹּחַ דִיא שְׁוֶוערֶע פְּסוּקִים, וָואס דֶער מַגִיד הָאט דָא גִיטָאלֶקְעוִויט אַ גַאנְצֶע טָאג, אוּנ אִיז גִיבְּלִיבִּין בַּייא גָאר גִישְׁט, אִיהְר זַייט דָאךְ יָא אַ בְּרְיָה אִין תַּנַ"ךְ נָאר עַל פִּי פְּשַׁט, וָואס קָאן דָא אִין אֶמֶת'ן זַיין דִיא מַעֲשֶׂה מִיט דֶער „אָחוֹת לָנוּ קְטַנָּה וְשָׁדַיִם אֵין לָהּ?" עֶס הָאט דָאךְ טַאקִי גָאר קֵיין פְּשַׁט נִיט? —

„אוֹיבּ אִיהְר ווִילְט ווִיסִין אוּנ פַאר שְׁטֶעהְן דֶעם עִנְיָן דֶער פוּן", הָאט עֶר זַייא גִיעֶנְטְפֶערְט, מוּז אִיךְ אַייךְ פָארְהֶער גֶעבִּין אַ בֶּעגְרִיף פוּן דֶעם גַאנְצִין שִׁיר הַשִׁירִים, נָאר לֵייגְט צוּ דֶעם מוֹחַ, וֶועט אִיהְר דַאכְט מִיר מוֹדֶה זַיין אַז אִיךְ בִּין גֶערֶעכְט, אִיךְ וַוייס אֲפִילוּ, אַז אִיהְר וֶועט זִיךְ שְׁטֶעלִין דוּ בָּאם, מַחֲמַת אִיהְר הָאט דֶער פוּן גָאר אַנַאנְדֶערֶער בֶּעגְרִיף פוּן קִינְדְהַייט אָן, נָאר עֶס מַאכְט נִיט

 אוֹיס

אוים, יֶעדֶער מֶענְש הָאט דָאךְ שֵׂכֶל, מוז מֶען דָאךְ פָּארְט פַאר שְׁטֶעהְן וָואס גְלַייךְ אונ אֱמֶת אִיז. —

אִיהְר זָאלְט וויסֶען אַז דֶער גַאנְצֶער עִנְיָן פוּן מַאן אונ ווייב, וָואס אִין דֶעם בֶּעשְׁטֵייט דֶער גַאנְצֶער קִיוּם הַמִּין, אונ דָאס גַאנְצֶע גְלִיק פוּן דֶעם מֶענְשֶׁען'ס לֶעבֶּען, אונ וָואס דִיא הֵיילִיגֶע תּוֹרָה הָאט זִיךְ אוֹיס גֶידְרִיקְט „וְהָיוּ לְבָשָׂר אֶחָד" דָאס הֵייסְט: מַאן אונ ווייב זָאלֶען זַיין וִויא אֵיין גוּף, אִיז דָאס בַּייא אוּנְז גָאר פַאר דָארְבֶּען גֶיוָוארֶען, בַּייא אוּנְז אִיז דָאס דַוְוקָא נִיט וִויא „בָּשָׂר אֶחָד", נָאר צְווייא פַארְשִׁידֶענֶע נְפָשׁוֹת, אֵיינֶער פוּן דֶעם אַנְדֶערֶען אַ מֶרְחָק רַב, בַּייא אוּנְז הָאט מַאן אונ ווייב גָאר אַ פָּנִים וִויא אַ שׁוּתְּפוּת, צְווייא מֶענְשֶׁען אַז זֵייא מַאכֶען שׁוּתְּפוּת אִין אֵיין עֵסֶק, אִיז דָאךְ נִיט דֶער פַאר וָואס אֵיינֶער הָאט בֶּאֱמֶת לִיבּ גֶיקְרִיגֶען דֶעם אַנְדֶערֶען, וָואס דֶען? נָאר ווייל יֶעדֶערֶער בֶּעזוּנְדֶער קָאן דָאס גֶישֶׁעפְט אַלֵיין נִיט הוֹיבֶּען, דַארוּם מוּז עֶר צוּ נֶעמֶען נָאךְ אֵיינֶעם, אונ דוּרְךְ דֶעם וֶועט מֶען קָאנֶען דָאס גֶישֶׁעפְט מַאכֶען, דֶערִיבֶּער אוֹיבּ דָאס גֶישֶׁעפְט גֶעהְט נִיט גוּט, וֶוערְט צְווִישֶׁען דִיא שׁוּתְּפִים גְרוֹיסֶע מַחֲלוֹקֶת, אונ עֶס גֶעהְט אַזוֹיא ווייט בִּיז דָאס שׁוּתְּפוּת וֶוערְט צוּ רִיסֶען אונ דִיא שׁוּתְּפִים וֶוערֶען אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען שׂוֹנְאִים גְמוּרִים אוֹפֶען לֶעבֶּען, אָט אַזוֹיא מוּז זִיךְ אוֹיס לָאזֶען אֵיין אַהֲבָה וָואס זִיא אִיז תְּלוּיָה בְּדָבָר, דָאס הֵייסְט: אַז יֶעדֶער אִיז נָאר אִינְטֶערֶעסִירְט מִכֹּחַ זַיין טוֹבָה, עֶר מֵיינְט נִיט יֶענֶעם נָאר זִיךְ אַלֵיין.

נָא בַּייא אוּנְז אִיז דָאךְ דֶער קֶשֶׁר פוּן מַאן אונ ווייב, נִיט ווייל אֵיינֶער הָאט גֶעקְרִיגֶען אֵיין אַהֲבָה צוּם אַנְדֶערֶען, וָוארוּם זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גָאר נִיט גֶיקָאנְט פָּארְהֶער, נָאר וָואס דֶען אִיז דָא גֶיוָוארֶען אַ קֶשֶׁר פוּן אַ זָכָר מִיט דֶער נְקֵבָה? גְלַאט, דֶער זָכָר קָאן דָאךְ אַלֵיין נִיט עֶקְסֶעקְטִירֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט, אונ דֶעסְטְגְלַיכֶען דִיא נְקֵבָה אוֹיךְ, נָא הָאט אֵיינֶער אַ שַׁדְכָן אָבּ גֶישְׁלָאכְן אַ שִׁידוּךְ, (אַשְׁטֵייגֶער וִויא אַ מֶעקְלֶער שְׁלִיכְט אָבּ אַ שׁוּתְּפוּת), עֶר הָאט אַבִּיסִיל גֶעלְד אונ זִיא הָאט אוֹיךְ אַבִּיסִיל, עֶר וֶועט פַארְדִינֶען, זִיא וֶועט עוֹסֵק זַיין אִין שְׁטוּבּ זַאכֶען, זֵייא בֵּיידֶע וֶועלֶען דָאךְ קָאנֶען דֶער לֶעבֶּען קִינְדֶער, נָא כְּהַיְיבָא תֵּיתֵי נִיט קֵיין קְרִים שׁוּתְּפוּת, אָבֶער אַ חוּץ דֶעם אִינְטֶערֶעס, הָאט אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען גָאר קֵיין שׁוּם לִיבֶּע גֶיפִּיהְל נִיט, וֶוען אֵיינֶעם פוּן זֵייא וָואלְט זִיךְ גֶימַאכְט אַ בֶּעסֶער שׁוּתְּפוּת מִיט בֶּעסֶערֶע אוֹפַנִים מִיט מֶעהְר גֶעלְד, וָואלְט עֶר אַוַודַאי גֶימַאכְט יֶענְס שׁוּתְּפוּת אונ נִישְׁט דִיזֶעס, וָוארוּם עֶר לְמָשָׁל הָאט דָאךְ נִיט דַוְוקָא לִיבּ נָאר דִיא פְרוֹיא אונ נִיט קֵיין אַנְדֶערֶע.

— דֶערִיבֶּער אוֹיבּ דָאס עֵסֶק צְווִישֶׁען דִיא שׁוּתְּפִים גֶעהְט נִיט וִויא צוּם בֶּעסְטֶען, אִיז דָאךְ טָאג אונ נַאכְט קוֹלוֹת אונ קְלָלוֹת, אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען וָואלְט גֶערֶען גֶישָׁאכְטֶען, אַמָאהְל גֶעהְט דָאס אַזוֹיא ווייט בִּיז עֶס וֶוערְט גָאר אַ פֵּירוּד, אונ דָאס שׁוּתְּפוּת וֶוערְט בָּטֵל וּמְבוּטָל.

אָבֶּער דָאס מוּזט אִיהְר דָאךְ מוֹדֶה זַיין, אַז נִיט דֶער שֵׂכֶל אוּנ נִיט דִיא תּוֹרָה זֶענִין מַסְכִּים אוֹיף אַזַא לֶעבֶּענְסַארְט, נִיט אוּמְזִיסְט רֶעדְט שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ אִין מִשְׁלֵי, אַזוֹיא פִּיל פוּן דֶער „אִשָּׁה רָעָה", פוּן דֶער „אֵשֶׁת מְדָנִים", דָאס אִיז טַאקִי דָאס גְרֶעסְטֶע אוּנְגְלִיק אוֹיף דֶער װעלְט, שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ אַ חוּץ זַיין חָכְמָה אִיז עֶר נָאךְ זֶעהְר פְּרַאקְטִישׁ גִיוֶועזֶען, עֶר הָאט גִיקָאנְט דֶעם קַארַאקְטֶער פוּן דִיא װַייבֶּער, אִינ װַייל עֶר הָאט גִיהַאט אַלֵיין טוֹיזֶענְד װַייבֶּער, דַארוּם הָאט עֶר גִיזָאגְט „אָדָם אֶחָד מֵאֶלֶף מָצָאתִי, וְאִשָּׁה בְּכָל אֵלֶּה (גַּם הֵייסְט אִין מַיינֶע טוֹיזֶענְד) לֹא מָצָאתִי" עֶר הָאט גוּט בֶּעמֶערְקְט, אַז כִּמְעַט נִיט אֵיינֶע אִיז אִיהְם פַאר בּוּנְדֶען אוּים וַואהְרֶע לִיבֶּע, עֶס הֵייסְט, זִיא זָאל אִיהְם לִיבּ הָאבִּין אָהְן אַ שׁוּם אִינְטֶערֶעס, נָאר וָואס דֶען? דִיא צוּ לִיבּ זַיין עֲשִׁירוֹת, דִיא צוּ לִיבּ כָּבוֹד, זַיין אַזוֹיא אַ בֶּערִיהְמְטֶען קֶענִיג'ס פְרוֹיא, אָבֶּער זֵייא זָאלִין אִיהְם אַלֵיין לִיבּ הָאבִּין, נִיט זַיין אָבְּסְטַאנְגָאוּוְקֶע דָאס הָאט עֶר נִיט אַיינְגֶעזֶעהְן אֲפִילוּ בַּייא אֵיינֶער פוּן דִיא אַלֶע טוֹיזֶענְד. —

אוּנ דַארוּם הָאט עֶר גִימַאכְט דֶעם שִׁיר הַשִּׁירִים, פָאר גֶעשְׁטֶעלְט אֵיינֶע אַ גְרוֹיסֶע יְפַת תֹּאַר, וָואס זִיא הָאט גִיקָאנְט צוּ לִיבּ אִיהְר שׁוֹינְהֵייט אַרַיין אִין הֵיכְלֵי מְלָכִים, הָאטְשׁ זִיא אִיז גִיוֶועזֶען נָאר אַ הִירְטֶען, גִיפַּאסֶעט שָׁאף, נָאר זִיא הָאט זִיךְ פַאר לִיבְּט אוֹיךְ אִין אַ פַּאסְטוּךְ, עֶס פַאר שְׁטֶעהְט זִיךְ, אַז פִּיל פִירְשְׁטֶען אוּנ גְרַאפֶען הָאבִּין גִיוָואלְט זִיא בֶּעקוּמֶען צוּ זִיךְ, נָאר זִיא, וַוייל זִיא הָאט גִיהַאט דִיא וַואהְרֶע לִיבֶּע צוּ דֶעם פַּאסְטוּךְ אָהְן אַ שׁוּם אִינְטֶערֶעסֶע, דַארוּם הָאט זִיא גִיזָאגְט: „הֱבִיאַנִי הַמֶּלֶךְ חֲדָרָיו" דֶער קֶענִיג הָאט מִיךְ גִיבְּרַאכְט אִין זַיינֶע צִימֶערִין, פוּן דֶעסְטְוֶועגִין „נָגִילָה וְנִשְׂמְחָה בָּךְ", אִיךְ הָאבּ נָאר שִׂמְחָה פוּן דִיר אַלֵיין, דִיא אַלֶע בְּנוֹת יְרוּשָׁלַיִם הָאט זִיא זֵייא בֶּעשְׁוָוארִין „אִם תָּעִירוּ וְאִם תְּעוֹרְרוּ אֶת הָאַהֲבָה עַד שֶׁתֶּחְפָּץ" מַחֲמַת דִיא אַלֶע פְרוֹיעֶן נֶעמִין זִיךְ מַאנְגֶען צוּ לִיבּ זַייטִיגֶע זַאכִין, אַשְׁטֵייגֶער גֶעלְד, כָּבוֹד, אוּנ זֵייא עֶרְוֶועקִין זִיךְ כְּלוֹמֶערְשְׁט לִיבּ הָאבִּין אַ מַאן, דַארוּם הָאט זִיא גִיזָאגְט „זַייט נִיט מְעוֹרֵר דִיא אַהֲבָה צוּ לִיבּ אַנְדֶערֶע פְּרִיטְשִׁינְגֶעס, נָאר דִיא אַהֲבָה זָאל פוּן זִיךְ זֶעלְבְּסְט נִתְעוֹרֵר וֶוערִין" זִיא הָאט דָאס אִין זִיךְ זֶעלְבְּסְט גִיפִיהְלְט, מַחֲמַת קֵיין זַאךְ הָאט דָאךְ נִיט גִיקָאנְט אִיהְר מְעוֹרֵר זַיין לִיבּ צוּ הָאבִּין דֶעם פַּאסְטוּךְ, קֵיין גֶעלְד, קֵיין כָּבוֹד, נָאר דִיא אַהֲבָה זֶעלְבְּסְט הָאט זִיךְ אִין אִיהְר עֶרְוֶועקְט, אָט דָאס אִיז דִיא וַואהְרֶע לִיבֶּע, מִיט אַזַא פְרוֹיא קָאן מֶען שׁוֹין לֶעבִּין גְלִיקְלִיךְ בַּייא אַלֶע צוּ שְׁטֶענְדֶע, מִיט אַזַא פְרוֹיא קָאן שׁוֹין דָאס שׁוּתְּפוּת נִיט בָּטֵל וֶוערִין, וֶוען אֲפִילוּ דֶער עֵסֶק גֶעהְט ח״ו גָאר נִיט גוּט, וָוארוּם וִויא לְמָשָׁל אַ מֶענְשׁ קָאן נִיט אָבּ טְרֶעטִין פוּן זִיךְ אַלֵיין, עֶר מוּז פַאר שְׁוַוארְצְט וֶוערִין לְמָשָׁל פוּן אֵיין קְרַאנְקֶע הַאנְד, אָדֶער אֵיין פִיס, אַזוֹיא קָאן דֶער מֶענְשׁ זִיךְ נִיט שֵׁיידֶען מִיט זַיין וַוייבּ, וָואס זֵייא זֶענִין אוֹיף גִיקוּמֶען אִין אֵיינֶעם פוּן גָאלֶע לִיבֶּע, אָהְן אַ שׁוּם פְּנִיָּה, נָאר אַ סֶעקְרֶעטְנֶער כֹּחַ הָאט זֵייא צוּ גֶעצוֹיגִין אֵיינֶעם צוּם אַנְדֶערִין. —

אט

אָט אַזאַ פְּרוֹיא הָאט שְׁלֹמה פָאר גִישְׁטֶעלְט אִין שִׁיר הַשִּׁירִים, פַאר אֵיין בִּילְד אוּנ אַ מוּסְטֶער וִויא עֶס בְּרוֹיכְט צוּ זַיין אַ פְרוֹיא, עֶר הָאט דִיזֶע הִירְטֶעז גִישְׁטֶעלְט הֶעכֶער, וִויא אַלֶע זַיינֶע גְרוֹיסְאַרְטִיגֶע פְּרִינְצֶעסֶענְס אוּנ קֶענִיגְלִיכֶע טֶעכְטֶער, וָואס זַייעֶר לִיבֶּע צוּ אִיהְם אִיז גִיוֶועזִין נָאר דוּרְךְ זַייטִיגֶע סִבּוֹת, וָואס קָאנֶען נִיט אוֹיף אֵייבִּיג זַיין.

אִיךְ וֵייס גַאנְץ גוּט, אַז בַּייא אַזֶעלְכֶע מֶענְשִׁין וִויא אוּנְזֶערֶע יוּדֶען וָואס לֶעבִּין אָפּ דָאס גַאנְצֶע לֶעבִּין אִין מַחֲלוֹקֶת אִין קְלָלוֹת, הָאבִּין אַזֶעלְכֶע רֵייד אַ פָּנִים פוּן גָאלֶע שְׁטוּתִים, שְׁלֹמה הַמֶּלֶךְ אַ בַּעַל רוּחַ הַקוֹדֶש, וֶועט מַאכִין אַ שִׁיר מִכֹּחַ אַ לִיבֶּע פוּן אַ הִירְטֶען וָואס זִיא הָאט פַאר אַכְטֶעט שָׂרִים אוּנ מְלָכִים, אוּנ הָאט נָאר גִיהַאט אַ רֵיינֶע לִיבֶּע צוּ אַ גֶעמֵיינֶעם פַּאסְטוּךְ? טַאקִי אַ שַׁארְפֶער שְׁמוּעֶס פַאר אַזַא חָכָם? נָא דֶערִיבֶּר קָאן זִיךְ דָאס גָאר לֵייגִין אוֹיפֶן מוֹחַ בַּייא אוּנְזֶער מַגִיד, (וָואס עֶר פִיהְרְט אוֹיךְ גֶעווּיס אַ וַואהְרֶע לִיבֶּע מִיט זַיין מַגִידְ'קֶע) אַז שְׁלֹמה הַמֶּלֶךְ זָאל גָאר טָאלֶקְעוֶוען מִכֹּחַ אַזוֹינֶע הֲבָלִים? אָבֶּער אִין אֱמֶת, פִיהְרְט דֶער שִׁיר, נָאךְ דֶעם גַאנְג וִויא אִיךְ זָאג, צוּ אֵיין גְרֶעסֶערִין צְוֶועק, אֵיידֶער נָאךְ אַלֶע דְרוּשִׁים פוּן דִיא מַגִידִים.

בְּקִיצוּר, אָט דָאס אִיז דֶער פֵּירוּש פוּן שִׁיר הַשִּׁירִים נָאכִין גַאנְג פוּן דֶעם פַּשְׁטָן, זָאגְט אַלֵיין, דֶער מַגִיד הָאט דָאךְ שׁוֹין 4 וָואכֶען פַאר דִילְט אַייךְ דִיא קֶעפּ מִיט זַיין זָאגִין שִׁיר הַשִּׁירִים, נָא וֵוייסְט אִיהְר דֶען שׁוֹין יֶעצְט דֶעם פֵּירוּש פוּן דֶעם? מִיר דַאכְט אַז אִיהְר וֵוייסְט נָאךְ גָאר נִיט, אַקוּרַאט וִויא אֵיידֶער עֶר הָאט אָן גִיהוֹיבֶּען צוּ זָא:ן, פַאר וָואס? מֵחֲמַת זַיינֶע רֵייד הָאבִּין נִיט קֵיין מַמָשׁוֹת, וְהָא רַאֲיָה אַז דִיא אֵייגֶענֶע רֵייד וָואס עֶר הָאט דָא גִיפְּלָאנְטֶערְט אוֹיף שִׁיר הַשִּׁירִים, בֶּעט אִיהְם וֶועלִין זַייא גֶעהְן אוֹיף „רוּת" אוּנ אֶפְשַׁר אוֹיף „מְגִילַּת אֶסְתֵּר", אוּנ פַאר וָואס נִיט אוֹיף „אֵיכָה"?

אִיהְר זָאלְט וִויסֶען אַז גְרִינְגֶער פוּן אַלֶעם, אִיז זָאגִין דְרוּשׁ וָוארוּם דֶער דַרְשָׁן קוּקְט גָאר נִיט אוֹיפֶן עִנְיָן, נָאר אוֹיף עֶטְלִיכֶע וֶוערְטֶער פוּנֶ'ם פָּסוּק, דִיא וֶוערְטֶער וָואס שְׁטֶעהְן פָארְהֶער אוּנ נָאךְ דֶעם הֶערְט עֶר גָאר וִויא דֶעם קָאטֶער, נָא אוֹיף אַזַא אוֹפֶן אִיז טַאקִי גְרִינְג צוּ פְּלוֹידֶערִין וִויא עֶס אִיז, נָאר אָהְן אֵיין עֶק.

זֶעהְט אִיהְר! פְּשַׁט צוּ טְרֶעפִין דָאס אִיז יוֹא אַ קוּנְץ, נָאר אַוַודַאי אִיז נִישְׁט אִימֶעדוּם מֶעגְלִיךְ צוּ וִויסִין דֶעם פְּשַׁט אִין תַּנַ"ךְ, דָארְט וֶוערְט גִירֶעדְט פִיל מָאהְל וֶועגִין עִנְיָנִים וָואס זֶענִין גִיוֶוען בֶּעקָאנְט דֶעמָאלְט אוּנ דֶער שְׁרַייבֶּער הָאט אִין זַייא כְּקִצֵּר גִיוֶועזִין, מֵחֲמַת אַלֶע לֶעזֶער אִין זַיין צַייט הָאבִּין זַייעֶר גוּט פַאר שְׁטַאנֶען זַיין כַּוָונָה, אָט לְמָשָׁל אַזַא שְׁטֵייגֶער וִויא דִיא פְּסוּקִים „אָחוֹת לָנוּ קְטַנָּה וגו'" וָואס מֶען זֶעהְט אַז זַייא זֶענִין גִיוֶוען אָנְגֶעווִיזִין אוֹיף אַ גֶעוִויסֶער גֶעשִׁיכְטֶע, וֶועלְכֶע זִיא אִיז גִיוֶוען אַלֶעמֶען בֶּעקַאנְט, דֶערִיבֶּער אִיז יֶעצְט גָאר אוּמְזִיסְט דִיא מִיהֶע מֶען זָאל זוּכֶען אַ פְּשַׁט צוּ אַזֶעלְכֶע שְׁטֶעלִ', זַייא בְּלַייבֶּען

שויז

שוין אויף תָּמִיד אוּנְפֶערְשְׁטֶענְדְלִיךְ, אוּנ דָאס קְלֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶערִיל אִיז אויף אֵיינֶם פוּן דִיא שְׁטֶעלִין. —

דִיזֶער שְׁמוּעֶס וָואלְט זִיךְ נָאךְ אֶפְשָׁר גִיצוֹיגֶען כַּמָּה שָׁעוֹת, נָאר מֶע הָאט אִין מִיטִין מַפְסִיק גִיוֶוען מִיט מַעֲרִיב דַאוְוינֶען — נָא דַאכְט זִיךְ בּ״ה פְרֵייהְלִיךְ אִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ, עֶס אִיז דָאךְ יוֹם טוֹב זְמַן חֵרוּתֵנוּ, נָאר גָאר פְּלִיצְלוּנְג הָאט זִיךְ פַאר צוֹיגֶען אַ חְמַארֶע פוּן עַצְבוּת, אַלֶע הָאבִּין אַרָאפּ גִילָאזְט דִיא נֶעז, יֶעדֶער הָאט זִיךְ מֵכִין גִיוֶוען אַשְׁטֵייגֶער וִויא צוּ אֵיין גַאלָאוְוֶענֶעם עֵסֶק, וָואס אִיז? מֶע דַארְף דָאךְ צֶעהְלִין סְפִירָה! אֵייגֶענְטְלִיךְ קֶעהְר דִיא סְפִירָה זִיךְ גָאר נִישְׁט אָן מִיט עַצְבוּת, דַאכְט זִיךְ פַארְקֶעהְרְט, דִיא סְפִירָה צֶעהְלִין בְּרוֹיכְט צוּ גֶעבִּין דֶעם מֶענְשִׁין אַ שִׂמְחָה, וָוארוּם דִיא תּוֹרָה הֵייסְט אָב צֶעהְלִין פִיפְצִיג טֶעג אוּנ מַאכִין שָׁבוּעוֹת, וָואס זְשֶׁע אִיז דָא פַאר אֵיין אוּנְגְלִיק? הֶערְט אָבֶּער מִיט וָואס פַאר אֵיין בִּיטֶערִין קוֹל מֶע מַאכְט דִיא בְּרָכָה „עַל סְפִירַת הָעוֹמֶר״, אוּנ דֶער נָאךְ גִיט מֶען אַ גְשְׁרֵייא מִיט אַ זוֹיֶערֶער שְׁטִימְמֶע „הַיּוֹם יוֹם אֶחָד בָּעוֹמֶר״. עֶס זֶענִין גָאר פְּלִיצְלוּנְג גִיוָוארִין דִיא סְפִירָה טֶעג אַ סַכָּנָה צוּ פִיל זַאכִין, זֵייא הָאבִּין גִיקְרִיגֶען אַ פָּנִים וִויא דִיא טֶעג פוּן שִׁבְעָה עָשָׂר בְּתַמּוּז בִּיז תִּשְׁעָה בְּאָב, וִויא גִיפֶעלְט אַייךְ אַזַא מַעֲשֶׂה? דִיא מְקוּבָּלִים הָאבִּין זִיךְ שְׁטַארְק גִינוּמֶען צוּ דֶעם דִין פוּן סְפִירָה, עֶס הָאט זֵייא פַארְדְרָאסִין וָואס דָא אִיז עֶפֶּעס גָאר נִישְׁטָא וָואס צוּ זָאגִין, נָאר אַ בְּרָכָה מִיט דֶער צָאהְל פוּן דֶעם טָאג, נֵיין, נִיט אַזוֹיא גִיךְ טוּט מֶען אַ מִצְוָה, זֵייא הָאבִּין אַי נְגֶעפֶּרֶעגִילְט דִיא סְפִירָה צֶעהְלִין מִיט דִיא עֶשֶׂר סְפִירוֹת, אַיינְגֶעפְלָאכְטִין אֵיינֶע אִין דֶער אַנְדֶערֶער: חֶסֶד אִין גְבוּרָה, חֶסֶד אִין תִּפְאֶרֶת, תִּפְאֶרֶת אִין חֶסֶד, גְבוּרָה אִין תִּפְאֶרֶת, דֶער כְּלַל גֶעוִוידִין קוּנְץ שְׁטִיק, אוֹיס גִיקְלִיבֶּען עֶפֶּעס אַ רֶעכְטֶען מִזְמוֹר פוּן תְּהִלִּים, פַארְפַאסְט אַ בְּכָבוֹד׳דִיגֶען יְהִי רָצוֹן, נָא יֶעצְט אִיז שוֹין בּ״ה דָא צוּ זָאגִין טַאקִי חָאטְשׁ אויף אַ גַאנְצֶע הַאלְבֶּע שָׁעָה, מְהֵיכָא תֵּיתֵי יֶעצְט הָאט עֶס טַאקִי אַ פָּנִים פוּן אַ מִצְוָה.

בְּקִיצוּר, מֶע הָאט מְכַבֵּד גִיוֶועהְן עֶפֶּעס אֵיין אִישׁ נִכְבָּד מִיט סְפִירָה צֶעהְלִין, אִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ הָאט דָאס עֵסֶק גֶעקְרִיגִין אַ פָּנִים וִויא יוֹם כִּפּוּר צוּ כָּל נִדְרֵי, נָאר דָאס גַאנְצֶע גְלִיק אִיז גִיוֶועזִין, וָואס עֶס הָאט לַאנְג נִישְׁט גִידוֹיעֶרְט, אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערִין הָאט מוֹסֵר גִיוֶועהְן דֶעם יְסוֹד אַ בִּיסֶעל גֶעקְרִימְט זִיךְ, אוּנ מְתַקֵּן גִיוֶועהְן דִיא פְּגִימוֹת פוּן דֶער סְפִירָה, אוּנ דֶער נָאךְ וַוייטֶער פְרֵייהְלִיךְ, „גוּט יוֹם טוֹב! גוּט יוֹם טוֹב!״ הָאט אֵיינֶער גִיזָאגְט דֶעם אַנְדֶערִין אוּנ מַארְשׁ אַהֵיים. —

אִין שְׁטוּבּ אִיז לִיכְטִיג, דִיא וַוייבֶּער קָאכִין וָועטְשֶׁערֶע, גִיוֶועהְנְלִיךְ אַז דִיא וַוייבֶּער הָאבִּין שוֹין עֶפֶּעס אָנְגִיהוֹיבִּין זִיךְ אַלֶע צוּ דְרֵייעֶהְן אַרוּם דֶעם אוֹיוֶוען, אִיז שוֹין גַאנְץ רוּהִיג גִישְׁט גִיוֶועהְן, עֶס הָאט זִיךְ שוֹין גִיהֶערְט אִין עֶרְטֶער וַוייז גִיט וִויא אַ קְלָלָה, נָאר שְׁטֶעכְוֶוערְטְלִיךְ, נָאךְ גִיקְרִימְט זִיךְ אֵיינֶע דֶער אַנְדֶערֶער,

נאר

נָאר קוּרְץ אוּנ שַׁארְף, נִיט פַאר בְּרֵייטֶערְט דָאס עֶסֶק, אוּנְזֶערֶע שְׁכֵנִים הָאבִּין דֶער וַוייל מֵכִין גִיוֶועהְן פְרִישִׁין הֵריין, פַאר פַארְטִיגְט דִיא הֶיסֵבָה בֶּעטִין מִיט דֶער קְעָרָה, דִיא גְרוֹיסֶע פָּאסְטְרוֹיקֶע! אַוַודַאי נִיט אַזוֹי שְׁטְרֶענְג וִויא נֶעכְטִין, עֶס הָאט שׁוֹין נִיט גִיהַאט דֶעם גְלַאנְץ פּוּנִ׳ם עֶרְשְׁטִין סֵדֶר, נִישְׁטָא דִיא נֶעכְטִיגֶע אָרְדֶענוּנְג, דֶער נֶעכְטִיגֶער גִישְׁמַאק, מֶען אִיז שׁוֹין נִיט גִיוֶועהְן אַזוֹי פִּינְקְטְלִיךְ אִין יֶעדֶער זַאךְ, דִיא קִינְדֶערְלִיךְ זֶענֶען גָאר אַלֶע אַנְשְׁלָאפִין גִיוָוארִין, אוּנ גָאר נִיט גִיזֶעסִין צוּם סֵדֶר, נָאר וִויא דִיא מַעֲשֶׂה אִיז, אַבִּי אָבְּגֶעפְּרַאוֶועט ב״ה דִיא סְלוּזְשְׁבֶּע בְּשָׁלוֹם, אוּנ גִילֵייגְט זִיךְ שְׁלָאפִין. —

מֶע שְׁלָאפְט וַוייטֶער רוּהִיג, אוֹיף גִישְׁטַאנֶען, אוּנ תֵּיכֶף אִין דִיא בָּתֵּי מְדְרָשִׁים אַרֵיין, פוּן דָארְטִין אַלֶע אִין דֶער גְרוֹיסֶער שׁוּהְל, גִיהֶערְט דֶעם חַזָן, דֶער חַזָן הָאט זֵייא גוּט אָן גֶעוָואלִיכְט, גֶעבֶּעטְלֶערְט, אַ בִּיסֶעל גֶעטְרֶעלֶעלְט, דֶער כְּלַל עֶס אִיז גִיוֶועהְן אַ עוֹנֶג יוֹם טוֹב, מֶען הָאט ב״ה וִוידֶער אָבּ גִיגֶעסִין, זִיךְ אִיבֶּער גִישְׁלָאפִין, אִין שְׁטָאדְט אִיז שְׁטִיל רוּהִיג אוֹפֶּ׳ן הֶעכְסְטִין גְרַאד, דֶער עוֹלָם אִיז זַאט, אֲפִילוּ אוֹיף בַּא נַאכְט אִיז שׁוֹין גִיוֶועהְן אָנְגֶעגְרֵייט בַּייא יֶעדֶען אַ טֵייגֶעכְץ פוּן מַצָה, צָדֶער פוּן קַארְטָאפֶעל, מִיט אֵיינֶעם וָוארְט, עֶס אִיז שׁוֹין כִּמְעַט צוּ גוּט, דָאס עֶסֶק הָאט שׁוֹין גֶעמוּזְט לָאפְּנֶען, אַ יוּד קָאן נִיט מְקַבֵּל זַיין רוֹב טוֹבָה. יַעֲקֹב אָבִינוּ! אַז עֶר הָאט שׁוֹין גֶעוָואלְט נֶעבַּאךְ זִיצִין בְּשַׁלְוָה, עֶר אִיז שׁוֹין פָּטוּר גִיוָוארִין דֶעם גִיטִין שְׁוֶוער לָבָן, דֶעם בְּרִידֶער עֵשָׂו, אוּנ נִיט פַאר זִינְדִיגִין עֶר אִיז שׁוֹין גִיוֶועהְן טַאקִי אַ יוּסְטֶער בַּעַל הַבַּיִת מִיט אַלֶעם גִיטִין, מִיט קִינְדֶער, מִיט אֵיינִיקְלִיךְ, וָואלְט דָאךְ בֶּאֱמֶת שׁוֹין גָאר גִיט גִיוֶועהְן, אַ הַא אָבֶּער מַעֲשֶׂה שָׂטָן, הָאט זִיךְ אוֹיף גֶעשְׁפִּיהֶלְט דִיא גִישִׁיכְטֶע פוּן יוֹסֵף, אָט אַזוֹי זֶענִין אַלֶע יוּדֶען אִין דֶער בְּחִינָה פוּן יַעֲקֹב, וִויא עֶס וֶוערְט עֶטְוָואס בֶּעסֶער דֶער שְׁטַאנְד, אַהַא עֶס גִיבְּט שׁוֹין עֶטְוָואס נַייֶעס, אוּנ עֶס אִיז שׁוֹין וַוייטֶער נִיט גִיט, אָט לְמָשָׁל אַשְׁטֵייגֶער אוּנְזֶער שְׁטֶעדְטִיל, חְלֶעבֶּען וָואס זָאלִין מִיר זִיךְ דָא נַארִין, וֵויינִיג אִיז מֶען אָבּ גִיקוּמֶען 4 קַאלֶעכְדִיגֶע וָואכִין, גִילִיטִין הִינְגֶער, קֶעלְט אוּנ גְרִיזָאטֶע אִיבֶּערִין הַאלְז, גִיהָארִיוֶעט טָאג אוּנ נַאכְט, נָא דַאנְקִין גָאט דֶער לֶעבְּט „פֶּסַח", מְהֵיכָא תֵּיתֵי פָארְט יוֹם טוֹב, מֶע עֶסְט דָאךְ עֶפֶּעס, אִין שְׁטוּבּ אִיז רֵיין, שְׁטִיל, נָא וָואלְט דָאךְ דֶער וַוייל גִיט שְׁלֶעכְט גִיוֶועהְן, וִויא זָאגְט מֶען עֶפֶּעס אַ חַיֵי שָׁעָה אִיז אוֹיךְ גִיט, אַ שְׁפַּאס אַ פַאר גֶענִיגִין בַּייא אַזַא כָּארְט מֶענְשִׁין, אַז עֶר רִיהְט זִיךְ אָפּ אַ פָּאר טֶעג, אוּנ עֶר בֶּעקוּמְט סַךְ הַכֹּל מֶעהְר נִיט וִויא אֵיין צֶענְדְלִיג קְלָלוֹת פוּן זַיין וַוייבּ, עֶס אִיז דָאךְ פָארְט יו״ט, שֶׁעלְט זִיא נִיט אַזוֹי פִיל, גָאר נִיט שֶׁעלְטִין אִיז נִיט מֶעגְלִיךְ, מֶע טָאהְר אִיהְם נִיט שְׁטַארְק נָאךְ גֶעבִין, עֶר זָאל ח״ו נִיט פַאר גֶעסִין תַּרְבּוּת פוּן גְרוֹיס רָאשְׁקָאשׁ. —

בְּקִיצוּר, דֶעם עוֹלָם שְׁלָאפְט נֶעבַּאךְ זֵייעֶר רוּהִיג, אוּנ הָאבִּין זִיךְ נֶעבַּאךְ גָאר נִיט גִיפִיהֶלְט דֶעם גְרוֹיסִין אוּנְגְלִיק וָואס דָא וֶועט זִיךְ טְרֶעפִין, אִיהְר וֶועט הֶערִין אַ מַעֲשֶׂה, אִיהְר וֶועט נִשְׁתּוֹמֵם וֶוערִין. —

## 15.

# דֶער גֶעווִיסֶער הָאבֶּער.

אִין גַּאס הָאט פְּלִיצְלִינְג אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּ קָאכִין וְויא אִין אַ קֶעסִיל, וָואס אִיז? אַ וַואסֶער טְרֶעגֶער, מִיט אֵיין אָבְּגֶעגָאלְטִין קֶעפִּיל, נָאר צְוֵויא גַּאנְץ לַאנְגֶע פֵּאוֹת טְרֶעסְלִין זִיךְ אוֹיף בֵּיידֶע זַייטִין, אָהְן אַ הִיטִיל אוֹיף דֶער יַארְמוּלְקֶע, אָהְן אַ קַאפְּטֶען נָאר אִין אַ לַאיוֶוענְטֶענֶעם לַאנְגִין לַייבְּצִידַאק, מִיט לַייוֶוענְטֶענֶע פְּלוּדֶערִין, אַ פָּאר שְׁקְרַאבֶּעם אוֹיף דִיא פִּיס, דֶער קְרָאמִיסְלֶע אוֹפִין אַקְסִיל, לוֹיפְט שְׁרֶעקְלִיךְ פַאר סָאפֶּעט אִיבֶּערִין גַּאס, אַ סַאךְ בָּחוּרִים קְלֵיינֶע אוּנ גְרוֹיסֶע, אִין דִיא פָּאטֶערְם שְׁטְרַיימְלֶען (אַזוֹי אִיז גִיוֶועהְן דִיא מָאדֶע, שַׁבָּת אָדֶער יוֹם טוֹב בְּשַׁעַת דֶער פָּאטֶער אִיז גִישְׁלָאפִין, פְּלֶעגְט דָאס יוּנְגֶעל חַאפֶּען אוֹפִין קָאפּ דֶעם פָּאטֶערְם שְׁטְרַיימֶעל) בֶּעלֵייטִין אִיהְם, וְויא אַהִין לוֹיפְט עֶר? עֶס מוּז עֶפֶּעס זַיין, נָאר פָּשׁוּט עֶר לוֹיפְט צוּם רָב, אַ גִישְׁרַייא אַ גֶעפִּילְדֶער, עֶס אִיז שְׁלֶעכְט, אֵיין אוּנְגְלִיק הָאט זִיךְ גִיטְרָאפִין, וָואס אִיז? אָט דָאס רַבִּי! הָאבּ אִיךְ דֶער זֶעהְן אֵיינֶ'ם וַואסֶער בְּשַׁעַת אִיךְ הָאבּ אָנְגֶעשֶׁעפְּט, הַא? וָואס? יוֹא חָלֶעבֶּען, טַאקִי אַ „הָאבֶּער" אוּנ שְׁטַארְק צוּ וֵויינְט, „שְׁלֶעכְט מִיט דֶעם שְׁטֶעדִיל", וְויא דִיא קִינְדֶער הָאבִּין דֶער שְׁמֶעקְט דִיא גִיטֶע בְּשׂוֹרָה, אַלֶע טוּ אַהֵיים מִיט אַ גֶעוַואלְד, „אַ הָאבֶּער! אַ הָאבֶּער!" אַלֶע אִין שְׁטוּבּ הָאבִּין זִיךְ אוֹיף גֶעחַאפְּט נִיט טוֹיט נִיט לֶעבֶּעדִיג, דָאס וָוארְט „הָאבֶּער!" הָאט זֵייא אַ זֶעץ גִיטָאהְן אִין קָאפּ וְויא אַ דִינֶער ר"ל, זֵייא הָאבִּין שׁוֹין אַרוֹיס גִיזֶעהְן אַז דָאס אִיז עֶפֶּעס מַעֲשֶׂה שָׂטָן, דֶער וַוייל זֶענֶען דִיא יוּנְגְלִיךְ וַוייטֶער אַרוֹיס גִילָאפִין אוֹפִין גַּאס, אַ גֶעשְׁרַייא אַ גֶעקְווִיטְשֶׁעַרַייא, וְויא אִיז עֶר מִיטִין שְׁטְרַיימֶעל? לָאמִיר גֶעהְן הֶערִין וָואס עֶס הֶערְט זִיךְ: „אִיצִיקִיל אַהֶער גֶעה!" שְׁרַייעֶט דִיא מִיטֶער דוּרְכִין פֶענְסְטֶער, דִיא ווִילְסְט אַז דֶער טַאטֶע זָאל דִיר דִיא בֵּיינֶער צוּ בְּרֶעכִין? „אִיךְ וֶועל בַּאלְד גֶעהְן" עֶנְטְפֶערְט אִיצִיקִיל, דֶער וַואסֶער טְרֶעגֶער אִיז נָאךְ פִינֶ'ם רָב נִיט אַרוֹיס גִיגַאנְגֶען, „נָא וָואס הַארְט עֶס דִיר שַׁארְלַאטַאן?" שְׁרַייעֶט דִיא מִיטֶער, „וֶועסְטוּ גֶעהְן צוּ גֵיין? אַ שִׂמְחָה אוֹיף זַיין קָאפּ, קַדָּחוֹת וֶועסְטוּ שׁוֹין עֶסֶען, נִיט קֵיין טֵייגֶעכְץ, „קוּם שׁוֹין, צוּ דִיר רֶעדְט מֶען?" דֶער כְּלַל אִיז, גֶענִיג פֶּעטְש אוּנ שְׁלֶעק הָאבִּין בִּיקוּמֶען דִיא קִינְדֶער, בִּיז מֶע הָאט מִיט גֶעוַואלְד בַּייא זֵייא אַרָאפּ גִירִיסִין דִיא שְׁטְרַיימְלִיךְ.

נָא נָא, דָא אִיז אַבִּיסֶעל גִיוָוארִין אֵיין עוֹלָם אַרוּם דֶעם רָבִ'ס שְׁטוּבּ עֶס הָאט דִיא זַאךְ נוֹגֵעַ גִיוֶועהְן אַ סַאךְ מֶענְשִׁין, דֶער וַוייל אִיז דֶער וַואסֶער טְרֶעגֶער אַרוֹיס מִיט דֶער גִיטֶער בְּשׂוֹרָה, „דִיא גַאנְצֶע גַאס אִיז חָמֵצְדִיג" — גָאר נִיט גִיקְלֶעהְרְט הָאבִּין תֵּיכֶף אַלֶע בַּעֲלֵי בָּתִּים אוֹיס גִיגָאסִין דָאס וַואסֶער פוּן דִיא פֶעסֶער אוֹיף דֶער גַאס, אַלֶע טֵייגִיכְצִין, אוּנ אֲפִילוּ קְנֵיידְלִיךְ אוֹיךְ, הָאט מֶען

ארוים

אַרױס גִיװָארְפִין אִין אֵיין גֶעװִיסִין גְרָאבֶּען, דֶער כְּלַל װָאס עֶס הָאט זִיךְ נָאר גִיפִינֶען עֶסֶען בּוֹרֵג נָאס גֶעגֶען נָאךְ גִימַאכְט גִיװָארִין מִיט װַאסֶער, הָאט מֶען דָאס מְתִילָה גִיגֶעסִין אוּנ אָבִּין גִיװָארְפִין אִינָם גְרָאבֶּען אַרַיין, חֲזֵרִים זָענֶען בַּאלְד זִיךְ צוּ בַּאנְד גִילָאפִין, אוּנ הָאבִּין זִיךְ גֶענוּמֶען פַּאקִין דִיא סְעוּדָה, אַלֶע בָּחוּרִים פוּן שְׁטֶעדְטִיל, קְלֵיין אוּנ גְרוֹיס, מִקְרֵי דַרְדְקֵי יוּנְגְלִיךְ, חוּמֶשְׁנִיקֶעס, גְמָרָא יוּנְגְלִיךְ, עִילוּיִם, יוּנְגֶע אֵיידֶעמְלִיךְ, פּוֹעֲלִים פוּן אַלֶע סָארְטִין בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת, הָאבִּין זִיךְ אוֹיף גִיקְלִיבִּין אוּנ הָאבִּין גִיװָארְפִין שְׁטֵיינֶער אוֹיף דִיא חֲזֵרִים, עֶס הָאט זֵייא פֶערְדְרָאסִין װָאס דִיא טֵייגֶעכְצֶען קוּמֶען צוּ זֵייא אָהֶן, אָבֶּער דִיא חֲזֵרִים הָאבִּין דָאס מְקַבֵּל בְּאַהֲבָה גִיװֶען, גִידַאנְקְט דֶעם רָב, אוּנ דִיא בָּחוּרִים אוֹיף לְהַכְעִים הָאבִּין זֵייא מִיט שְׁטַארְק אַפֶּעטִיט אוֹיף גִיפְרֶעסִין גָאר אִין גַאנְצִין. —

עֶס הָאט גֶערִיסֶען בַּיים הַארְצֶען, אִין אַלֶע שְׁטִיבֶּער אִיז גִיװֶען חוֹשֶׁךְ, אַלֶע הָאבִּין אַרָאפּ גִילָאזִין דִיא נֶעז? אִין אֶמֶת אִיז דָאס טַאקִי אִין דֶער לִיטָא אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער אוּנְגְלִיק, װָארוּם װֶער פַארְגִינְט זִיךְ אַנַאנְץ יָאהְר מַאכִין אַ טֵייגֶעכְטְץ? סָארֶען דֶער בַּעַל טַאקְסֶע, דֶער זְבָּארְשְׁטְשִׁיק, דֶער גְלַאכְנֶע פוּן דֶער דוּמֶע, אָדֶער אַפָּאדְרַאטְשִׁיק, אוּנ אֵיין אָנְזֶעצֶער, אָבֶּער גְלַאט בַּעֲלֵי בָּתִּים װָעלִין אַזוֹינֶע שַׁארְלַאטַאנְסְקֶע גֶענְג נִיט פִיהְרֶען, אִין דֶער לִיטָא שְׁפִּיעֶלְט דָאס עֶסִין גָאר קֵיין רָאלְלֶע נִישְׁט, דֶער פַאר אָבֶּער שְׁפִּיעֶלְט בַּייא זֵייא אַ רָאלְלֶע זֵייעֶר יִחוּס, אַ שְׁפַּאס אַ יוּד פוּן דֶער „מִיר" אָדֶער חָלִילָה נָאר אַ „סְלוּצְקֶער"! עֶר װֶעט זַיין אַ נַאר אוּנ זִיךְ גְלַייכִין צוּ אַ װָאלִינֶער? עֶר זָאגְט: דֶער װָאלִינֶער אִיז אַ שׁוֹטֶה גְלוֹיבְּט אִין בעש"ט, הִיט נִיט דֶעם שׁוּלְחָן עָרוּךְ מִיט אַלֶע פִּישְׁטְשֶׁעװְקִים, אָט פַאר אַזוֹינֶע פַּאסְט טַאקִי צוּ זַיין אַ זוֹלֵל וְסוֹבֵא אוֹיךְ, אָבֶּער נִיט פַאר אַ לִיטְװַאק אַ חָכָם אַ לַמְדָן, עֶר דַארְף זִיךְ נִישְׁט קִימְּמֶערִין װֶעגִין אַזֶעלְכֶע פּוּסְטֶע זַאכִין וִויא עֶסִין אוּנ טְרוּנְקֶען, אַי דוּא לִיטְװַאק װָאס אִיז מִיט דִיר דִיא חָכְמָה? װָאס אִיז? דוּא װִילְסְט נִיט גְלוֹיבִּין אַז דֶער בעש"ט אִיז גִיפְלוֹיגִין אוֹיף אַ װָאלְקִין רַייטֶענְדִיג, אַז אַלֶעקְסֶע זַיין גוֹי פְלֶעגְט זִיצֶען מִיט'ן אָחוֹר צוּם פֶערְד 1), אוּנ עֶר פְלֶעגְט הָאבִּין קְפִיצַת הַדֶרֶךְ, אַז דֶעם מֶעזֶערִיטְשֶׁער מַגִּיד הָאט אַ טוֹיטֶער פִידְלֶער גֶעלֶערִינְט אַ קָאזַאטְסְקֶע, אוּנ עֶר הָאט דֶער מִיט

געזינגען

---

1) מַחְמַת צְװֵייא טְעָמִים אִיז עֶר גִיזֶעסִין מִיט'ן אָחוֹר צוּ דִיא פֶערְד, 1) עֶר זָאל נִיט זֶעהְן דִיא קוּנְסְט, וִויא דִיא עֶרְד װֶערְט פַאר שְׁוִוינְדֶען, 2) וַוייל עֶס אִיז טַאקִי נִיט קֵיין דֶרֶךְ אֶרֶץ צוּ זִיצֶען מִיט'ן אָחוֹר צוּם בעש"ט, אַי פַאר װָאס שְׁטֵייט דֶער מַגִּיד מִיט'ן אָחוֹר צוּם אָרוֹן קוֹדֶשׁ? עֶר אִיז דַאכְט מִיר אַזַא יַחְסִין וִויא דֶער בעש"ט? הַא? נָא בְּלַייבְּט אַ קַשְׁיָא, װָאס קָאן נֶעבַּאךְ דָאס אָרוֹן קוֹדֶשׁ טָאהְן? אַז דֶער מַגִּיד אִיז פָארְט אַ מֶענְשׁ נִיט קֵיין צִיװִילִיזִירְטֶער, אָהְן דֶרֶךְ אֶרֶץ, אָהְן בּוּשָׁה? פַאר פַאלֶען! —

געזינגען „לכה דודי" אונ דורך דעם מציל צו זיין דעם פידלער פון גיהנם, אז דער בעלזער צדיק פאר זיין התגלות האט מחיה מתים געוועהן, איהר מיינט אפשר א יורען א מטופל פון קינדער, אדער א בן יחיד, אדער גאר א רב א גאון פינ'ם שטעדטיל? ניין פע חלילה, נא אדרבה טרעפט צו ליב וואס האט ער גיטאהן להכעים דעם בורא, מחיה זיין וואס ער האט ממית געוועזן? הערט איהר אז איהר וועט אפילו זיין מיט טויזינד קעפ וועט איהר אויך ניט טרעפין, דיא מעשה איז אזויא, ער זכרונו לברכה האט גיהאט א בהמה, זעהר א גוטע, זיא פלעגט געבין דרייא טעפ מילך א טאג, פון קאלב צו קאלב, דיא מילך איז געוועזן גאלע סמעטינע, נאך א מעלה, דיא בהמה איז ניט געוועזן א הייסע מוטער צו איהר קינדער, גאר ניט גיבענקט נאך דעם קעלביל, נא דער בעלזער צדיק פלעגט פון איהר שטארק מקבל נחת זיין, ער פלעגט זיך ממש דער קוויקען מיט דעם גלעזיל צוקארייע מיט מילך, מיט א מאהל א הא: דיא בהמה האט באקומען איין עין הרע, אונ האט זיך אב גיזאגט, א געוויין א גישרייא, מיין בעלזער איז אריין שטארק אין קפידא, אונ האט זיך ארויף גיחאפט טאקי מיט כעס צום בית דין של מעלה, גיפרעגט שאלות אויף דיא מלאכים, אויס גיווארפין וואס זייא האבין גיגעסין פליישיקס מיט מילכדיגס בייא אברהם אבינו ע"ה, פאר וואס זייא האבין זיך משדך געוועזן מיט דיא בנות האדם פארין מבול, פאר וואס האט יענער מלאך גיהויבין דעם האלז בייא אסתר המלכה, גיגעבין א שטאך ווארט גאר דעם מלאך גבריאל, פאר וואס ער האט זיך גיפארעט מיט ושתי, מאכען איהר א וויא הייסטמען'עס אופן שטערין, דער כלל איז, ער ז"ל אלעם גרויסער היסטאריקער, האט אויף יעדערין גיפינגען זיין שאלה, אונ האט זייא געוויזען אז זייא זענין קעגין איהם בקליפת השום. —

בקיצור, ער האט גוזר געוועזן מיט א שטארקין פאר זאג, אז מע זאל תיכף נעמין א פלעשעלע מיט טל של תחיה אונ דער מיט מחיה זיין דיא בהמה, דיא מלאכים האבין דאס באלד מקיים געוועזן, זייא האבין שוין געוואלט זייגער פטור ווערין, זייא האבין א קוק גיטאהן, אז ער איז גוט קלאהר אין דער גאנצער הימעלשער גישיכטע, האבין זייא טאקי פאר איהם מורא גיהאט, אונ נאך אלע גישעפטין האט זיך דער בעלזער ניט אין גאנצין פאר לאזט אויף דיא מלאכים אונ איז אליין אויך צו גיגאנגין צו דער בהמה, אונ מיט זיין אייגענעם שטעקין האט ער זיא א פארקע גיגעבין ביז זיא האט זיך צו טשעכעט אונ אויף גישטאנען אונ תיכף ומיד האט זיא דיא בעלזערקע אויס גימאלקין א גאנץ שעפיל מילך, אונ דער בעלזער האט תיכף גיטרונקען א גלעזיל צוקארייע פון תחית המתים של בהמה מילך. —

נא דוא ליטוואק! דוא מאכסט דער פון חוזק, דוא לאכסט אין דיא פויסטען, וואס איז? דוא ביסט א חכם, אין אמת וועל איך זיך מיט דיר ניט

שטארק

שְׁטַארְק שְׁפַּארִין , עֶס קָאן אֶפְשַׁר זַיין אַז דָאס אִיז טַאקִי אַ שְׁטִיקְעל שֶׁקֶר , נָאר אֵיין זַאךְ וֶועל אִיךְ דִיךְ פְרֶעגְן , אַז דוּא בִּיסְט יוֹא אַ חָכָם , פַאר וָואסְזֶשֶׁע גְלוֹיבְּסְטוּ אַז דֶער גָאוֹן מִיט דֶעם מהר"ל מִפְּרָאג הָאבִּין גִימַאכְט אַ גוֹלֶם ? מַאכִין אַ גוֹלֶם אִיז אַ פָּנִים גְרִינְגֶער וִויא מְחַיֶּה זַיין אַ בְּהֵמָה ? מִיט וָואס בִּיסְטוּ אַזוֹיא זִיכֶער אַז ר' חַיִּים וַואלָאזְשִׁינֶער אִיז גִיפָארֶען פוּן וַואלָאזְשֶׁען קֵיין ווִילְנָא עֶרֶב ש"ק אִין בָּאד אַרַיין , אוּנ דֶער בעש"ג אִיז אוֹיךְ גִיזֶעסִין מִיט'ן אָחוֹר צוּ דִיא פֶערְד , אוּנ הָאבִּין גִיהַאט קְפִיצַת הַדֶּרֶךְ ? מִיט וָואס פַארְדִינְט דִיא מַעֲשֶׂה מֶעהְר מֶע זָאל זִיא גְלוֹיבֶּען וִויא דִיא מַעֲשֶׂה מִיט אַלֶעקְסֶע פוּן דֶעם בעש"ט ? וָואס פַאר אֵיין פַּאקְט הָאבְט דוּא צוּ גְלוֹיבֶּען אַז דִיא בָּאמְבֶּע אִיז גֶעבְּלִיבֶּען הֶענְגִין אִין צָסְטְרֶהָער שׁוּל אִין דֶער לוּפְטֶען , ווייל דֶער מהרש"א הָאט אַזוֹיא גִיהֵייסֶען , אָדֶער אַז ר' זֶעלְמֶעלֶע אִיז אַ מָאהְל פַאר טְרַאכְטֶערְהַייט אַרִיבֶּער גִיגַאנְגִין פוּן אַ גַאנִיג אִין דֶער לוּפְטֶען אוּנ דֶער נָאךְ צוּרִיק אַרוֹיף גִיגַאנְגֶען אוֹפֶן גַאנִיג בְּשָׁלוֹם אוּנ הָאט גָאר נִיט גֶעפִיהְלְט ? וָואס הָאסְטוּ אַזוֹיא הֲנָאָה פוּן דִיא סִפּוּרִים פוּן ר' חַיִּים וִויטַאל אוּנ זֵייא זֶענִין בַּייא דִיר תּוֹרַת לָאקְשִׁין ? מִיט אֵיין וָוארְט אוֹיבּ דִיא אַלֶע זַאכֶען קָאנֶען זַיין , קָאנֶען שׁוֹין זַיין אוֹיךְ דִיא גֶעשִׁיכְטֶעס פוּן דִיא חֲסִידִישֶׁע צַדִיקִים , אוּנ עֶס קָאן שׁוֹין זַיין אֱמֶת דִיא מַעֲשֶׂה פִינֶ'ם אַלְטֶען סַאווְרַאנֶער , אַז עֶר הָאט גִישְׁפָּאלְטֶען אַ מִילְטֶער וַואסֶער מִיט זַיין שְׁטֶעקִין , עֶר הָאט זִיךְ גִיוָואלְט לֶערְנֶען שְׁפַּאלְטֶען דֶעם יַם סוּף , אָדֶער דֶעם יַרְדֵן , הָאט עֶר גִימַאכְט אֵיין פְּרָאבֶּע אוֹיף אַ מִילְטֶער , מֶע זָאגְט פַּאק אַז דִיא סַאוְורַאנִירֶען הָאט אִיהְם דִיא עֵצָה גִיגֶעבִּין עֶר הָאט גָאר גִיוָואלְט מַאכִין אַ נְסִיעָה צוּם יַם סוּף , זֶעהְן אוֹיבּ עֶר אִיז אִין דֶער מַדְרֵגָה צוּ שְׁפַּאלְטִין אַזוֹיא וִויא דֶער גְרוֹיסֶער „מֹשֶׁה רַבֵּינוּ" (מַחְמַת עֶר הָאט גִיהַאט דֶעם נָאמֶען „מֹשֶׁה") אוּנ עֶר אִיז גִיוֶוען דֶער פוּן זֶעהְר אוּנְרוּהִיג , הָאט זִיא אִיהְם פָאר גִילֵייגְט אַז עֶר זָאל אִין דֶער הֵיים אַ פְּרָאבֶּע מַאכִין מִיט דֶער מִילְטֶער , אַ שְׁפַּאס דֶער סַאוְורַאנֶער ? וֶועדְלִיג מֶע דֶער צֶעהְלְט (עֶס קָאן זַיין אַז דָאס אִיז אוֹיךְ אַ לִיגֶען) הָאט עֶר זִיךְ אַ מָאהְל בֶּערִיהְמְט , אַז עֶר וָואלְט נָאר גִיוָואלְט זִיךְ אַרוֹיף הַאפֶּען אִין פַּמַלְיָא שֶׁל מַעְלָה , אוּנ אַבִּיסֶעל אוֹיס סַאוְורַאנִיוֶוען וֶועמֶען עֶר וֵוי כְּט , וָואלְט בַּאלְד מָשִׁיחַ גִיקוּמֶען , נִשְׁבַּר ? עֶס אִיז נָאךְ נִיט דִיא צַייט , דֶער גוּטֶער יָאהְר וֵוייסְט אִיהְם , צוּ עֶר אִיז גִיוֶועהְן בִּתְחִילָה אַ מְגֻזָּם , אוּנ אֶפְשַׁר אַ קַשְׁיָא אוֹיף אַ מַעֲשֶׂה הַא ? דֶער כְּלַל אִיז ווִילְסְטוּ זַיין אַ חָכָם , דַארְפְסְטוּ נִיט גְלוֹיבֶּען אִין קֵיין פִּזְמוֹנוֹת אוֹיף קֵיינֶעם , וָואס דֶען ? זַיין גְלַאט אַ כְּלוּצְקֶער אוּנ אִין אֵיין זַאךְ גְלֵייבֶּען אַלֶעס וָואס אִין דֶער וֶועלְט , אוּנ אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶער זַאךְ דַוְקָא נִיט גְלֵייבֶּען 1) ?

הערט

---

1) בֶּאֱמֶת אִיז מַאקִי גָאר אַ גִילֶעכְטֶער צוּ זֶעהְן , וִויא אֵיינִיגֶע פוּן דִיא הַיינְטִיגֶע מַשְׂכִּילִים אִין רוּסֶעןלַאנְד , אוּנ אוֹיךְ אֵיינִיגֶע אִין דַייטְשְׁלַאנְד , ווִילֶען

נאר

הֶערְט אִיהְר, אִיךְ בִּין אוֹיךְ אַ לִיטְוַאק, נָאר וָואס אַ אֶמֶת אִיז אֵיין אֱמֶת, וִויא בַּאלְד זַיין אַ נַאר, אִיז שׁוֹין אַסַאךְ גְלַייכֶער צוּ זַיין אַ וָואלִינֶער נַאר, מַאכִי אַ חָסִיד, דֶער וַוייל וִויא דִיא מַעֲשֶׂה אִיז טוּהְט מֶען אַ גוּטֶען טְרִינְק בְּרַאנְפֶען, מֶע הַאפְּט אַלֶע כָּאהָל אַ גוּטֶען בִּיסֶען אוֹיךְ, מֶע פַאר טְרַייבְּט פוּן זִיךְ דָאס עַצְבוּת, אִיךְ פְרֶעג אַייךְ? וָואס אִיז שׁוֹין דִיא מַעְלָה, אַז דֶער לִיטְוַואק גֶעהְט אִים שְׁטֶענְדִיג וִויא אַ קְלָאג מוּטֶער, אוּנ הָאט אַ פָּנִים פוּן אַ גַזְלָן, גְרִיבְּלְט טָאג אוּנ נַאכְט דֶעם שֻׁלְחָן עָרוּךְ, עֶסְט קַדָחוֹת, קְלוֹיבְּט אַ גְרָאשִׁין צוּ
גראשין

---

נָאר אַיינְרֵיידֶען אַ קִינְד אִין בּוֹיךְ, וָואס אִיז? „אַז דִיא עֶרְשְׁטֶע חֲסִידִישֶׁע רֶבֵּיִים, אוּנ אִיבֶּער הוֹיפְּט דֶער בעש"ט, זֶענִין גָאר גִיוֶוען רֶעפָארְמַאטָארֶען, אוּנ הָאבִּין גָאר גִיוָואלְט אוֹיף בְּרֶעכִין אַ שִׁיטָה חֲדָשָׁה אִין יוּדֶענְטוּהְם, אוּנ דַארוּם זֶענִין דִיא חֲסִידִים פֵייהִיגֶער צוּ דֶער בִּילְדוּנְג וִויא מִתְנַגְדִים" עֶס הֵייסְט: מֵחֲמַת מֶע הָאט זֵייא אַבִּיסֶעל אוֹיף גֶעמִינְטֶערְט, אוּנ אַרָאפּ גִיטְרִיבֶּען פוּן דִיא אַלְטֶע כִּידֶעלֶעס, קָאן מֶען דָאךְ שׁוֹין גְרִינְגֶער מִיט זֵייא אַ טָאלְק מַאכִין אֵיידֶער מִיט דִיא מִתְנַגְדִים וָואס ווִילֶען זִיךְ נִיט רִירֶען פִינֶ׳ם אָרְט — נָאר דָאס זֶענִין זֵייא אוֹיךְ מוֹדֶה, אַז דִיא יֶעצְטִיגֶע רֶבֵּיִים, ווֵייסֶען גָאר נִיט פוּן קֵיין שִׁיטָה, אוּנ פוּן אַ שׁוּם רֶעפָארְעם, זֵייא ווֵייסֶען מֶעהְר נִיט נָאר צוּ מַאכִין דִיא קָאפִּיקֶעס, אוּנ לֶעבִּין וִויא דִיא גְרַאפֶען נָאךְ גֶעבִּין זִיךְ כָּל הַתַּאֲווֹת עוֹלָם הַזֶּה. —

נָא לִיבֶּע לֶעזֶער! וִויא שְׁמֶעקִין אַייךְ אַזוֹינֶ׳ע פוּסְטֶע חֲקִירוֹת? מֵילָא אוֹיף דִיא אֵיינִיגֶע חַכְמֵי אַשְׁכְּנַז אִיז נָאךְ נִיט דָא אַזוֹיא פִיל תַּרְעוֹמוֹת צוּ הָאבִּין, חָלֶעבֶּען פוּן וַואנֶען זָאלִין זֵייא אַזוֹיא גוּט קָאנֶען דִיא חֲסִידִים מִיט זֵייעֶרֶע רֶבֵּיִים? זֵייא הָאבִּין פוּן זֵייא אַ יְדִיעָה נָאר פוּן דֶער וַוייטֶען, וָואס זֵייא הָאבִּין גִיהֶערְט אוּנ גִילֶעזֶען פוּן דִיא חֲסִידִישֶׁע סְפָרִים, קוּמְט דָאס חֲסִידוּת אוֹיס בַּייא זֵייא אַזוֹיא וִויא אַ מִין סִיסְטֶעם, וָואס מֵיינְט עֶפֶּעס אַ צְוֶועק צוּ פַאר בֶּעסֶערִין דֶעם כְּלַל יִשְׂרָאֵל, אָבֶּער אִיהְר רוּסִישֶׁע מַשְׂכִּילִים, אִיהְר קָאנְט דָאךְ יוֹא גוּט דָאס גַאנְצֶע חֲסִידוּת: אִיהְר הָאט דָאךְ יוֹא גִיזֶעהְן דִיא גַאנְצֶע חֲסִידִישֶׁע לִיטֶערַאטוּר, נָאךְ וָואסְזֶשֶׁע מַאכְט אִיהְר זִיךְ נַארִישׁ, אוּנ מַאכְט בִּלְבּוּלִים אוֹיף זֵייא, אַז זֵייא מֵיינֶען עֶפֶּעס, זֵייא דֶענְקִין עֶפֶּעס, אִיהְר הָאט שׁוֹין אַ פָּנִים דָאס גַאנְצֶע יוּדֶענְטוּהְם אוֹיס גֶעפִּיצְט, אוּנ עֶס פֶעהְלְט אַייךְ מֶעהְר נִיט נָאר דִיא סְעקְטֶע חֲסִידִים אוֹיסְפֵּיינֶען, אוּנ מַאכִין זֵייא גָאר פַאר אוֹיפְגִיקְלֶעהְרְטֶע, וָואס אִיז? זֵייא זֶענֶען אַטְוַואזְשְׁנִיקֶעס דַאוֶוענֶען שְׁפֶּעטִיר אַבִּיסֶעל, נִיט וִויא דֶער שֻׁלְחָן עָרוּךְ הֵייסְט, נָא נִיט אַ שַׁארְפֶּער רֶעפָארֶעם? נִיט אַ גְרוֹיסֶע נַפְקָא מִינָּה, צוּ מֶען דַאוֶוענְט פְרִיהֶער אָדֶער אַבִּיסֶעל שְׁפֶּעטִיר? אַדְּרַבָּה וָואס נָאךְ זֶעהְט מֶען פוּן זֵייא חָכְמוֹת? וָואס אִיז? זֵייא לֶערְנֶען ווֵיינִיגֶער, אוּנ קָאנֶען מַאכִי כִּמְעַט גָאר נִיט, נָא וָואס אִיז דָאס פַאר אַ מַעְלָה? אָט דֶערִיבֶּער זֶענִין זֵייא מַאכִי גְרֶעסֶערֶע אַבֶּער־
גלויבער

גראשין , וואס איז ? מאכען א תכלית , ער וויל שוין לעבין פון פראצענט , ער וויל אלעם איבער שטיפען דיא יאהרין , אפשר מיינט איהר לעבין ? פע ! צו וואס ? מע דארף נאר איבער קומען דיא נארישע וועלט , אט דעריבער וויל ער ניט זעהן עפעס א תכלית מאכין פון זיינע קינדער , זייא זאלין קאנען לעבין וויא מענשין , וואס הארט דאס איהם , אז זייא וועלין איך עסען קרופניק דאס גאנצע לעבין , אבי זייא זאלין זיין ערליכע יודען , אי זייא וועלין לעבין פון ווינד , זייא וועלין דאך געווים זיין קבצנים , פאלשע מענשין , אונ דעסטגלייכען , נא וואס קאן מען העלפין , אבער קדיש וועלין זייא פארט זעכער זאגין , הא ? אונ אפשר נאך לערנען א פרק משניות אויך , אונ ווייטער אויך מיין באבעם דאנה , מיין טאטע האט מיך אויך ניט פאר זארגט , פון דעסטוועגין שלאגט מען זיך דורך דיא יאהרין , אמאהל אזויא אונ אמאהל אזויא .

איהר.

---

גלויבער , מחמת זייא ווייסען גאר ניט פון זייער חיות צו זאגין , זייא קוקען ניט אן קיין רעכט ספר , למשל , א מתנגדישער יונגער מאן , חאטש ער איז א שטארקער ארטדאקס , על כל זה קוקט ער פארט א מאהל אן א שטיקעל אבן עזרא , א שטיקעל רלב"ג , דיא הקדמה פינ'ם רמב"ם צום סדר זרעים , זיין פירוש אופן פרק חלק אין סנהדרין , זיינע שמונה פרקים , א שטיקעל עקרים , נא פון דיא אלע ענינים קאן ער דאך פארט ניט בלייבען אזא שוטה אונ גלויבין אלע נארישקייטען , ער הויבט פארט אן צו פאר שטעהן , אז ניט אזויא וויא זיין מוטער דענקט אונ קלעהרט , אזויא איז טאקי דער אמת , דיא זאך איז עפעס איידעלער אונ פיינער – דארום בייא דיא מתנגדים געפינען זיך אפט אונ אפט מענשין משכילים , מענשין מיט וויסענשאפט , מענשין וואס זענין טאקי נוטה צו רעפארעם אין פיל פרעדמעטען , ניט אזויא זענין דיא חסידים , זייא קוקען גאר ניט , אונ קאנען טאקי גאר ניט קוקען אין אזעלכע ספרים , זייא זענין מענשין וואס עס איז כמעט נישטא קיין רפואה צו זייא , נאך זייער ש טה וואלטין יודען געהאלטין אין רוסלאנד נאך מיט הינדערט מדרגות נידעריגער וויא יעצט , דיא ממשלה וואלט אונז גאר געהאלטין פאר פראים , דאך פון מתנגדים וואקסין ארויס מענשין , דאקטורים , אדוואקאטען , וויכטיגע בוכ־האלטערס , גלאט גרויסע ליטעראטען , דורך זייא זעהן פארט אויס יודען עטוואס פאר מענשין , וועער שמועסט שוין פון דיא וויכטיגע מענשין וואס געפינען זיך אין אויסלאנד , האט דאס אויך ניט מיט געבראכט דאס חסידיזמוס , אונ דער רעפארעם פינ'ם בעש"ט , נאר למודיות אונ ידיעות , קאנען ארויף ברענגין דעם מענשין צו איין גרויסע מדרגה , אבער ניט רעפארמעם מכח זמן קריאת שמע .

---

## 16.

# אין דער מיט א שמועס פון איין ערעלען בעל הבית.

איהר פאר שטעהט ליבע לעזער ׃ דיא חכמה פון דיא ליטוואקעס ׃ אזויגע חכמות אויף אלע מיינע שונאים גיזאגט גיווארין, נאך מעהר פארדרוס איז, אז מען מאכט נאר מיט זייא א שמועס, דאכט זיך זייא זענין קלוג אונ פרום, אונ גלויבען אין דער גמרא וויא אין תורת משה, נא אז עס איז יוא אזויא, פאר וואסזשע פאלגט איהר ניט אונזערע חכמים (וואס זייא זענין באמת גיוועזען קלוג אונ פרום) האבין גיזאגט ׃ ערשטענס, האבין זייא גיהייסען עסין אונ טרינקען, ניט שטיפען דיא יאהרין, איינער פון זייא האט זיך גאר גרויסארטיק אויס גידריקט מיט דיא ווערטער „האי עלמא כבי הילולא דמי, חטוף ואכול חטוף ישתה, ואם תאמר אניח לבני אחרי ׃ בשאול מי יגיד לך ׃ בני אדם דומים לעשבי השדה, הללו נוצצים והללו נובלים" עס הייסט ׃ דיא וועלט איז אקורבאט וויא א חתונה, חאפ אונ עס, חאפ אונ טרינק, אפשר וועסטו וועלין זאגין, איך וועל בעסער איבער לאזין מיינע קינדער ׃ ווער אבער וועט דיר אין גריב דער צעהלין וויא מיט זייא וועט זיך פאסירען ׃ מענשין זענין גלייך צו גראז אין פעלד, דיא שפראצין אונ דיא וויאלען" (עירובין נ"ד), נאך איינער פון זייא האט זיך סאטירעש אויס גערדריקט „באתרא דליעול ירקא, ליעול בשרא וכורא" איידער אריין ברענגין אין זיך קרויט אונ קארטאפעל, איז אסאך בעסער פלייש אונ פיש, איינער א געוויסער תלמודיסט, האט גיוואלט אלעס עקאנאם, מאכין א סדר אינ'ם עסען פאר אלע מענשין, דער וואס פאר מאגט למשל צוויא הינדערט גילדען זאל עסין צווייא מאהל אין טאג פלייש, דער אזויא פיל, אונ דער אזויא פיל, דערויף האט גיזאגט איינער א וויכטיגער אמורא, אז דאס איז אלעם גישמועסט גיוועזין בייא דיא פאהריגע דורות, ווען דיא מענשין זענין גיוועזען שטארק אונ גיזונד, אבער היינט, זאגט ער ׃ „כל מי שיש לו אפילו פרוטה אחת בכיסו יריצנה תיכף לחנוני" ווער עס האט אפילו ניט מעהר וויא איין גראשין אין קעשענע, זאל ער איהם באלד אויס געבין אויף עפעס איין עסין, נאך איינער האט נאך מעהר גיזאגט ׃ יעצט אין מיין צייט דארף מען אפילו בארגין אונ עסין, נא וואס זאגט איהר ליטוואקעס אויף דעם ׃ זייא האבין א פנים נישט גיוואלט אבי נאר וויא איבער קומען דיא נארישע וועלט ׃ איהר ווייסט וואס נאך האט איינער פון זייא גיזאגט אין ירושלמי ׃ אז א מענש וועט דארפין געבין דין וחשבון, פאר וואס ער האט עפעס גיזעהן זאכין אויף דער וועלט, אונ האט פון זייא קיין הנאה נישט ניהאט, ווארום דאס וואס גאט האט נאר בעשאפין אויף דער וועלט, האט ער עס גימאכט אז זיינע ברואים זאלין דער פון פארגעניגען האבין. —

צווייטענס

צְווייטֶענְס : הָאבִּין זֵייא גִיהֵייסֶען לֶערְנֶען אַ מְלָאכָה , כְּדֵי יֶעדֶערֶער זָאל זַיין פַאר זִיכֶערְט מִיט פַּרְנָסָה , נִיט ווִיא דִיא שׁוֹטִים זָאגִין „מַאן דְיָהִיב חַיֵי יָהִיב מְזוֹנֵי" ווֶער עֶס גִיט לֶעבִּין ווֶעט גֶעבִּין עֶסִין , יוֹא אֶמֶת : אָבֶּער פוּן הִימֶעל ווֶעט עֶר אוּנְז נִישְׁט אַרָאפּ ווַארְפִין גִיבַּאקֶענֶע בִּילְקֶעס , מֶע מוּז דָאךְ אִין זִיךְ הָאבִּין אַ קוּנְסְט דוּרךְ ווֶעלְכִין מֶע זָאל קָאנֶען בֶּעקוּמֶען אַלֶע בַּאדֶערְפְנִיסֶע ? דִיא גְמָרָא בְּרֶענְגְט אַ גוּט ווֶערְטִיל „שֶׁבַע שְׁנֵי הֲוָה כַפְנָא , וְאַבָּבָא דְאוּמָנָא לָא חָלִיף" עֶס הֵייסְט : זִיבֶּען יָאהְר אִיז גִיוֶוען אַ הִינְגֶער , אָבֶּער אוֹיף דֶער טִיהְר פוּן אַ בַּעַל מְלָאכָה אִיז עֶר נִיט פַאר בַּייא גִינַאנְגִין , ווֶער לֵיידֶעט בֶּאֱמֶת נוֹיט אוּנ דַחְקוּת : נָאר אַ פּוּסְטֶער מֶענְשׁ , אָהְן אַ פְּרָאפֶּיסְיָאן , ווָאס לֶעבְּט פוּן ווִינְד , אָבֶּער אַ בַּעַל מְלָאכָה , ווִיא דִיא מַעֲשֶׂה אִיז , קְרִיקְט עֶר פָארְט דֶעם גִילְדֶען . —

הֶערְט לִיבֶּע לֶעזֶער : „נָאר לֵייגְט צוּ דֶעם מוֹחַ" אֵיין ווָארְט פוּן אַ מֶדְרָשׁ ווָאס צוּ אִיהְם אִיז נִיט דָא קֵיין גְלַייכִין אִין דֶער גַאנְצֶער יוּדִישֶׁער לִיטֶערַאטוּר .

אִין מֶדְרָשׁ תְּהִלִּים (מזמור ק״ג) אוֹיף דֶעם פָּסוּק „לְשׁוֹמְרֵי בְרִיתוֹ וּלְזוֹכְרֵי פִקוּדָיו" (תהלים ק״ג י״ח) זָאגְט ר׳ תַּנְחוּמָא מ״ט דִיא ווֶערְטֶער „מָשָׁל לְאַלְמָנָה אַחַת שֶׁהָיָה לָהּ בֵּן" בַּייא אֵיין אַלְמָנָה אִיז גִיוֶוען אֵיין זוּהְן „כָּל זְמַן שֶׁלֹּא נָשָׂא אִשָּׁה" אַז עֶר הָאט נָאךְ קֵיין ווַייבּ נִיט גִינוּמֶען , „הָיָה נִזְקָק לָהּ" הָאט עֶר אַלֶעם גִיפָּאלְגְט דִיא מוּטֶער „כֵּיוָן שֶׁנָּשָׂא אִשָּׁה" ווִיא בַּאלְד עֶר הָאט נָאר אַ ווַייבּ גִינוּמֶען , „אָמְרָה לֵיהּ אִימֵּיהּ" הָאט דִיא מ״טֶער צוּ אִיהְם גִיזָאגְט „יָדְעָנָא אֲנָא לֵית אַתְּ מִזְדַּקֵּק לִי כְּמָה דַהֲוֵית" אִיךְ ווֵייס אַז יֶעצְט ווֶעסְטוּ שׁוֹין נִיט זַיין צוּ מִיר אַזוֹיא שְׁטַארְק צוּ גִיבִּינְדֶען ווִיא פָארְהֶער , „אֶלָּא הֱוֵה דָכִיר לִי" דַארוּם בֶּעט אִיךְ דִיר , הָאטְשׁ נִיט פַאר גֶעס אָן מִיר , „כַּךְ כָּל הַשָּׁנִים שֶׁהָיוּ יִשְׂרָאֵל בַּמִּדְבָּר" אַלֶע יָאהְרֶען ווָאס דִיא יוּדֶען זֶענִין גִיוֶוען אִין דֶער מִדְבָּר , „הָיָה הַמָּן יוֹרֵד לָהֶם" פְלֶעגְט דֶער מָן גֶעהְן צוּ זֵייא , „וְהַבְּאֵר עוֹלָה לָהֶם" אוּנ דֶער בְּרוּנֶען אִיז זֵייא אַנְקֶעגִין גִינַאנְגִין , אִיז „לְשׁוֹמְרֵי בְרִיתוֹ" „שֶׁהָיוּ זוֹקְקִין לָהֶם וְהָיוּ יְכוֹלִין לִהְיוֹת שׁוֹמְרִין אֶת הַתּוֹרָה וִיגֵיעִים בָּהּ" עֶס הֵייסְט : ווַייל דִיא יוּדֶען אִין דֶער מִדְבָּר זֶענִין גִיזֶעסִין רוּהִיג מִיט גְרֵייטֶען מַן , אוּנ מִיט פַארְטִיגֶען ווַאסֶער , הָאבִּין זֵייא בֶּאֱמֶת גִיקָאנְט הִיטֶען דִיא מִצְוֹת אוּנ לֶערְנֶען שְׁטֶענְדִיג דִיא תּוֹרָה , „אֲבָל עַכְשָׁיו שֶׁאָדָם מִזְדַּקֵּק לְפַרְנָסָתוֹ" ווִיא בַּאלְד יֶעצְט אַז דֶער יוּד גֶעבַּאךְ אִיז צוּ גִיבִּינְדֶען צוּ זַיין פַּרְנָסָה , אִיז נָאר „וּלְזוֹכְרֵי פִקוּדָיו" עֶס הֵייסְט : מֶע זָאל הָאטְשׁ גִידֶענְקִין אָן זַיינֶע מִצְוֹת , ווָארוּם הִיטֶען אִיז שׁוֹין נִיט מֶעגְלִיךְ . —

אִיהְר פַאר שְׁטֶעהְט לִיבֶּע לֶעזֶער : דֶעם מַאֲמַר , ווִיא פַיין אוּנ קְלוּג עֶר אִיז גִיזָאגְט גִיוָוארִין , ווִיא רִיכְטִיג דָאס אִיז דֶער מָשָׁל פוּן דֶער אַלְמָנָה : אַז זִיא הָאט נֶעבַּאךְ שׁוֹין גָאר נִיט פַאר לַאנְגְט פוּן אִיהְר זוּהְן נָאךְ דֶעם אַז עֶר הָאט חֲתוּנָה גִיהַאט , אַז עֶר זָאל זַיין צוּ גִיבִּינְדֶען צוּ אִיהְר ווִיא פָארְהֶער , ווָארוּם אֵיידֶער עֶר הָאט חֲתוּנָה גִיהַאט אִיז עֶר גִיוֶוען בַּייא דֶער מוּטֶער אוֹיף קֶעסְט ,

נִיט

ניט גיהאט קיין שום דאגה, איז ער געוועזן מחויב צו פאלגין זיא, אלעס וואס זיא האט איהם פארבאטען, אבער נאך זיין חתונה, אז ער איז שוין אליין א מענש פאר זיך, א בעל הבית, פיהרט אליין א הוצאה, בעדארף שוין זיכען פרנסה, קאן מען ניט פארלאנגין אז ער זאל אין זינגען האבין טאג אונ נאכט דיא מוטער? דארום האט זיא געזאגט בייא איהם געבעטין: „מיין קינד! יעצט ביסט דוא שוין ניט מחויב זיין צו מיר צו געבינדען וויא פריהער, נאר לכל הפחות גידענק חאטש שטענדיג פון מיר, פאר געס ניט דיין מוטער וואס זיא האט דיר אזויא פיל טובות גיטאהן אזויא פיל צרות גיהאט פון דיר. —

אונ דאס איז פינקט דער נמשל מיט אונז יודען, דיא תורה איז אונז גיגעבין גיווארין אז מיר זענין געווען בייא גאט אויף קעסט, גרייטען מן, פלייש וואסער, נא מהיכא תיתי, פאר וואס זאלין ניט קעסט קינדער זיצען אונ לערנען אונ היטען אלע מצות? דעריבער זאגין אפט אונזערע חכמים „לא נתנה תורה אלא לאוכלי המן" דאס הייסט: דיא תורה איז נאר גיגעבין גיווארין דעם דור המדבר, וואס האט קיינע גישעפטין ניט גיהאט, גיגעסין מן אהן דאגות, דאס דור האבין גיקאנט טאקי מקיים זיין דיא תורה קרוגאם וויא מע בעדארף, אבער אז מיר יודען זענין שוין ב"ה גאנץ לאנג אראפ פון קעסט, מיר האבין זיך געטוזט וואלגערין ב"ה אין פרעמדע דירות, מע האט געניג צרות פון דיא בעלי בתים גיהאט, עס איז ענג, קאלט, רויכיג, סיראכט, פיל מיט וואנצין אונ פרייסען, וואס האבין אונז נישט גיגעבין קיין מנוחה, געביסען אונ גיגעבין א שלעכטין גערוך אויך, געניג געלד ברויכט מען צו צאהלין פאר אזוינע שלעכטע אונ ענגע דירות, דא ליג נישט, דא שטעל ניט, אונ דאס טוה ניט, אונ דאס איז נאך א טובה אונ א גליק גיוועזין אז מע האט גיקריגען חאטש וויא דעם קאפ אנידער צו לייגין, וויא פיל מאהל האט מען שוין אונז גאר פון דער דירה אויך ארויס געיאגט, אונ מיר האבין זיך געבאך געוואלגערט אויף דיא פעלדער אונ אין דיא וועלדער, וויא פיל מענשין זענין צו פרוירען גיווארין, פון הינגער אויס גיגאנגין, ביז מע האט גיקריגען איין אנדער שטיקעל דירה, וויא זיך דיא נשמה צו דער האלטין, נישטא דיא דירה בייא דעם טאטען אין שטוב מיט אלע וויגארעם, ריין, ציכטיג, טריקען, ווארעם, אונ אהן געלד אויך — אט דאס האט ר' יוסי גיהערט א ביטערע שטימע וויינט אונ קלאנגט פון דיא חורבות „אוי לי שהחרבתי את ביתי והגליתי את בני" ווייא איז מיר, אז איך האב מיין דירה חרוב גימאכט אונ מיינע קינדער ארויס גיטריבען, אזויא וויא עס וואלט דעם פאטער אליין פאר־דראסין וואס ער האט דיא קינדער אראפ גילאזט פון קעסט, אונ ארויס געיאגט פון זיין שטוב, זייא זאלין זיין נע ונד, געבאך מגולגל ווערין אלע מאהל אין איין פרישער דירה, קוים קוים וואס מע זעצט זיך איין מיט צרות, מע ווערט שוין געוואהנט מיט'ן בעל הבית, מע קאן שוין זיין נאטור, אהא! מע דארף

שויז

שוין איין אנדערע דירה, א הויז וואס עס איז נישטא פון וואנען צו לעבין, עס קומט אלעס אהן מיט קאפף דרעהניש, מיט גרויס יגיעה, אונ כמעט מיט סכנות נפשות, נא פון אזוינע מענשין פאר לאנגט שוין גאט נאר „ולזוכרי פקודיו" מע זאל אן איהם האטש ניט פאר געסין, אבער ניט וויא פאר הער, אין דער מדבר האט גאט פאר לאנגט „ולשומרי מצותיו לעשותם" מע זאל טאקי טאהן אונ היטען דיא מצות וויא ער וויל. —

נא ברידער! פאר שטעהט איהר א מעשה? גאט וואס ער איז א זן ומפרנס, האלט אונז ניט פאר קעסט קינדער, אונ וויל גאר ניט אז מיר זאלין זיין פון דיא „שומרי מצותיו" נאר פון דיא „זוכרי פקודיו" אונ דיא רבנים מיט דיא גאונים לעגין אויף אונז ארויף נאר פרישע מצות אונ חומרות, אזוי וויא מיר וואלטין גיוועהן ביא זייא אויף קעסט, וואס אין אמת איז דאך גאר דער היפך, זייא זענען דאך ביא אונז אויף קעסט, אונ דאס איז פאק דיא גאנצע צרה, זייא ווייסין גאר ניט פון דאגות פרנסה, פאר שטעהן ניט דיא צייט, האבין אויף אונז ניט קיין רחמנות, וויא דיא אלמנה געבאך אויף איהר קינד. —

אונ אז ר' תנחומא, האט גיקאנט געבין אזא משל נאך אין זיינע צייטין, וואס וואלט ער שוין למשל גיזאגט ביא דיא יעצטיגע יאהרין, ביא אזא שרעקליכין יקרות, בא אזא דוחק אין פרנסה, אזוינע קעסט קינדער וויא מיר זענען יעצט, וואלט אוודאי געניג גיוועהן, אז מיר זאלין נאר זיין פון דיא „זוכרי פקודיו" אונ א פשיטא שוין מע זאל אויף אונז ניט מחמיר זיין טאג אונ נאכט, חומרות אונ גזירות, אונ אפילו אז דער פוסק אליין זעהט אז דיא חומרא האט גאר קיין ממשות ניט, עס איז זיך גאר נישטא אויף וואס סומך צו זיין, שרייבט ער זיך גאר „והמחמיר תבוא עליו ברכה" עס הייסט: וויא איינער רעדט, האטש על פי דין מעג מען, נאר עס איז גלייבער מחמיר צו זיין, אונ ער זאגט דער פאר צו א ברכה, הגם דער פוסק לעגט אויף דער ברכה קיין זאלאג ניט, קיין וועקסלין אויך ניט, נאר דער ליטוואק מחמת ער האט גרויס חשק צו ברכות, אט גלייבט ער דעם פוסק אויך, מע קאן טאקי לעבין אין פריידין פון דער הבטחה פון דיא פוסקים, מע זעהט שוין ב"ה דיא דאזיגע ברכות, א שפאס דאס גליק פון זייא! . . .

אונ דאס איז נאך אלעס ווייניג פאר אונז, עס איז נאך צו גוט, קומען נאך דיא מגידים דיא שוטים שיטין זאלץ אויף דיא וואונדין, שרעקין דעם עולם, אז דיא אלע צרות וואס מע האט דא אויף דער וועלט, איז ערשט א טיפה מן הים, אנקעגין דיא צרות אונ דיא יסורים, וואס מע וועט נאך האבין אין דער היממעלשער ליטא אויף יענער וועלט, פרעג פאר וואס? פאר דיא פאר פלוכטע קרופקעס וואס דער ליטוואק האט זיך געבאך איבער זייא געמיטשעט אונ געשוויצט זיין גאנץ לעבין? פאר דיא קללות וואס ער פלעגט זיך אנהערין אלע טאג פון דער ליטוועטשקע דיא יפת תואר? איהר פאר שטעהט וואס פאר איין

גליק

גליק ער האט דא געהאט אויף דער וועלט, אז עס איז נאך כדאי דער פאר פארשווארצט ווערן נאכן טויט אויך? האבין חבוט הקבר, אויס גערייסין ווערין פינ'ם מלאך דומה, געוואָרפין ווערין אין כף הקלע, מגולגל ווערין אין כמה גלגולים, אין חיות, אין עופות, אין פארשיידענע מענשין, אים געהן אביסעל אין עולם התוהו, טאקי אין דיא תכריכים, אונ אויף זייא א קאפטען, אונ זיך אימדרעהן אויף אלע ירידים, דער נאך ליגין אין גיהנם 12 חדשים אין גרויסע יסורים וואס עס איז ניט צו בעשרייבין, חלעבען טאקי א יושר, ניט קיין קרומע נאך בעשאפען צו ווערדען א ליטוואק, זיך מארדעווען זיבעציג יאהר, זיין א גרוש, איין אלמן, א מחוסר פרנסה, א שטיקעל הלוש, א רעכטער מטופל מיט קינדער פון עטליכע ווייבער, עסין אלע ווייטאקען, ניט האבין קיין מנוחה, טאג אונ נאכט, אונ זיין געדריקט פון אלע זייטין, נא דאכט זיך א ניט געשעפט געמאכט? הא? ניין, דעם מגיד דעם נארישין גזלן איז דאס נאך ווייניג, ער שלעפט נאך דעם ליטוואק דארטין אויך צו דער פמליא של מעלה, ער הייסט איהם אן טאהן יסורים גאר אהן רחמנות, איי דער ליטוואק האט דאך זיך גוט באוואָרענט? געשלאגין אלע יאהר כפרות, געמאכט וועקסענע ליכט, גיגאנגען צו תשליך, נא דאכט זיך יעדער יאהר גיט ארום געריינינגט זיך פון עבירות? דיא מיתה איז אויך מכפר, הא? א קדיש אויך גילאזט, אונ אפט טאקי עטליכע, אונ מע שוואגט ניט אין דעם, מע זאגט קדשים אופין פיד, מע האקט פרקים משניות וויא אין קרויט, מע שטעלט תפלה ליכט, מע מאכט „אל מלא רחמים'ס אלע מאנטאג אונ דאנערשטאג", נא וואס נאך זאל מען טאהן? ניין דער מגיד איז נאך דער פון ניט צו פרידין ער איז נאך גיט אין כעס, ער וויל נאר מכבד זיין דעם בידנע ליטוואק טאקי מיט אזעליכע יסורים ער זאל איהם האבין צו גידענקין, למשל גאר א קלייניקייט, ער הייסט עפענען דאס מויל בייא איין ליטוואק א יוכטען בעל הבית, אונ אן שיטין אין איהם (גחלי רתמים) הייסע קוילין, פאר וואס? ער האט פאק זיך פאר געסין א מאהל, אונ האט גיגעסין פלייש פון בשר חוץ, אדער גיזאגט א גלייך ווערטיל, נא האט איהר געהערט אזא רציחה? ער הייסט אונטער לעגען א אויער אונטער א זאוויעסע, אונ דיא טיהר זאל זיך דארטין דרייהען סך הכל זיבין יאהר, פאר וואס? דער ליטוואק האט א מאהל פאר הערט א ברכה אין ניט געזאגט אמן, אן טשעפען א שלאנג מיט זיבין קעפ אן דעם . . . פאר איין עבירה וואס איז ניט דערמאנט ניט אין דער תורה ניט אין דער גמרא. — נא וואלט ניט גיוועהן א יושר, אז בייא אזא מגיד זאל ארויס דיא צינג פינ'ם האלז נאך אויף דער וועלט? דארטין בין איך בטוח אז ער וועט האבין זיין פסק, ער וועט דארטין שטעהן נא אטענאיא סטאוועקע מיט אלעמען, וואס ער האט אויף זייא בלבולים גימאכט.

— פון אונזער פעטער עשו וועט ער זיך אויך ניט נארין, דער פאר וואס ער האט אויף איהם אויס געטראכט אז אין דעם טאג וואס ער האט פאר קויפט

דיא בכורה, האט ער געהארגיט א מענשין, אונ גיגעסין אהן נטילת ידים, ניט גיבענטשט, ניט געקישט דיא מזוזה, אונ דעסטגלייכין, נא למשל, אז ער וועט דאס איהם אלעס אוים ווייזין, אז דאס איז דורך גאלע שקרים, וויא פיל פעטש וועט ער קריגין פון איהם, ער וועט איהם געבין טאקי וויא עשו קאן געבין. — איהר מיינט, אז סיכרא איז שוין גאר איין אב געשלאגענע הושענא, חלעבען, ער איז דאך פארט גיוועהן א פעלד מארשאל, נא וואס איז דאס פאר א פנים צו זאגין אויף איהם אין גאנצע געשיכטע מיט דער פרויא יעל, היינט טאקי פאר איהר איז עס אויך ניט אזוי פאסיג, אונ נאך מיט דער גיטער צאהל „זיבין". — דער כלל איז, ער וועט האבין געניג אויף זיין חלק, דיא אטשגע סטאוקעס וועלין זיך ציהען יאהרין לאנג, א שפאס וויא פיל מענשין ער האט בעליידיגט? מע קאן מאכין דער פון א גאנצין ביך, מיזאל אוים רעכענין אלע פערזאנען פון תנ"ך, וואס אויף יעדערין האט ער אוים געטראכט פשוט א ממזר בלבול.

— איך האב נאר הנאה, אז איך שטעל מיר פאר, וואס פאר א פסק ער וועט האבין פון דעם גיטין המן, פאר וואס ער האט אוים געקלעהרט, אז בשעת ער איז געגאנגין פאר מרדכי היהודי אונ גישריגין „ככה" האט זיין טאכטער אויף איהם ארויף געווארפען א דיישקע מיט . . . אין אמת, וואס איז דאס פאר א שכל גלאט דער צעהלין זאבאבאנים? פאר וואס דער צעהלט אונז ניט דיא מגילה אזוינע נארישקייטין?

נאר וואס איז אבער דיא פעולה וואס שפעטער וועט זיין, דער וויל שרעקט ער דעם עולם מיט זיינע שטותים, אונ דער יוד איז געבאך צו בראכין פון דחקות, פון דאגות, פון פארשיידענע צרות, אונ פון דעם מגיד'ס שקרים.

— אונ ווער איז אין דעם אלעמען שילדיג? נאר דער גאון, דער שטאדט רב, ער דארף קיקען אויף אלע פאראדקעס, ניט לאזין זאגין אזעליכע מגידים, וואס מאכין משוגע דעם עולם מיט אזעליכע דומהייטין. —

וואס זאגט איהר צו דעם ליבע לעזער! אפשר ווייסט איהר פון וואס פאר איין ענין זענען מיר פאר קראבין אין דעם שמועס? א הא? איך האב מיך שוין דער מאנט, פון דעם האבער! אין אמת האט מיר דאס געשעפט אזוי פיל צו רידערט דעם מוח, אז איך בין גאר צו מישט, איך האב שוין באלד פאר געסין וויא מיר האלטין, דיזער אונגליק האט דאמאלס מיך אויך געטראפען, נאך עד היום שטעהט מיר דאס טייגעכץ פאר דיא אויגין, אונ איבער אלעמען, איז עס עפעס גיוועהן אזוי געראטען (נאר אויף קורצע יאהר) אז עס טרעפט ביא א ליטוואק מעהר ניט, אפשר וויא צוויא מאהל אויף זיין גאנצין לעבין, מיר האט דאס הארץ דעמעלט געזאגט, אז עס וועט גלאט ניט אב געהן, דאס זעליגע טייגעכץ, איז גיוועהן טאקי צו פיל געראטין, מחמת איך האב טאקי געהאט כמעט א גאנצע קווארט שמאלץ, איך האב דאמאלס זייער גליקליך געשפיהלט

מיט

מִיט דֶער הִינְדִיטְשֶׁקֶע, זִיא (מַיינֶע רֵייד זָאל אִיהְר נִיט צוּ שְׁוֶוער זַיין) אִיז טַאקִי גִיוֶועהְן אַ מְפוּרְסֶמֶת אִין דֶער הֶענְדִיטְשֶׁקְנֶער וֶועלְט, קַארְג אִיז מַיין וַוייבּ פוּן אִיהְר פַאר פִינְסְטֶערְט גִיוָוארִין, קַארְג הָאט זִיא אִין אִיהְר גִישְׁטָאפְּט ? אִיךְ הָאבּ פַיינְד צוּ זָאגִין, מַיין וַוייבּ אִיז אַ גוּטֶע קְלִיפָּה, אִיךְ הָאבּ פוּן אִיהְר קַאלְט'ס אוּנ וַוארֶעמְ'ס, נָאר אִין ד׳ א זַאכִין אִיז זִיא אַ בְּרִיָה נִפְלָאָה, אַלֶע שְׁכֵנִים הָאבִּין אוּנְז טַאקִי מְקַנֵא גִיוֶוען, אָט אַזוֹיא אִיז טַאקִי אוֹיס גִיגַאנְגִין אַ שְׁלֶעכְטֶער סוֹף, גִיהָארִיוֶועט פַאר דִיא הַזֵרִים, אִיךְ נָאךְ אַלֶעס מַאכְּסֶפֶערְזָאן, הָאבּ זִיךְ פֶּארְט וִויא עֶס אִיז אַרוֹיס גִ׳שְׁלָאגֶען אַ בִּיסֶעל פִינֶ'ם קָאפּ, חְלֶעבִּין מֶע קוּמְט צְווִישֶׁען מֶענְשִׁין, אָט פַאר רֶעדְט מֶען זִיךְ אַבִּיסֶעל אוּנ מֶע פַאר גֶעסְט, אִין מִיטִין אִיז מֶען דָאךְ אַ שְׁטִיקֶעל יוּד, נִיט קֵיין עַם הָאָרֶץ, קְלֶעהֶרְט מֶען אַמָאהְל, אַז עֶס דַארְף אֶפְשַׁר אַזוֹיא זַיין, אָבֶּער מַיין וַוייבּ, בֶּעשִׁירֶעמְט זָאל מֶען וֶוערִין, זִיא הָאט נִיט גִיקָאנְט אִיבֶּער טְרָאגִין דֶעם אוּנְגְלִיק, וִויא מֶע הָאט נָאר דָאס טֵייגֶעכְץ אַרוֹיס גִיטְרָאגִין פוּן דֶער שְׁכוּב, הָאט זִיא זִיךְ גְלַייךְ אַרַיין גִיקְלִיבֶּען אִין בֶּעט אַרַיין, אוּנ הָאט גִיקְרֶעכְצְט, אַז עֶס הָאט גֶערִיסֶען בַּיים הַארְצִין, וֶועדְלִיג זִיא זָאגְט, הָאט זִיא אַרַיין גִיהַאקְט אִינֶ'ם טֵייגֶעכְץ גוּטֶע צְוֵוייא לֶעפִיל עֶמַאלְץ, נָא פוּן קְלֶעמֶענִיש אוּנ הַארְץ וֵוייטָאק, הָאט זִיא מִיךְ אוֹיךְ מְכַבֵּד גִיוֶוען מִיט עֶטְלִיכֶע גוּטֶע קְלָלוֹת, חָאטְשׁ אִיךְ בִּין נֶעבַּאךְ גָאר נִיט שׁוּלְדִיג, אֶפְשַׁר הָאבּ אִיךְ בֶּעדַארְפְט שְׁטֶעהְן אַגַאנְץ יוֹם טוֹב אוּנ הִיטֶען דִיא בְּרִינֶען ? מֵיינְט אִיהְר אֶפְשַׁר אַז מַיין קְלִיפָּה אִיז קְרַאנְק אוֹפֶן שֵׂכֶל, אוּנ הָאט נִיט גֶעוִויסְט אַז אִיךְ בִּין אִין דֶעם גָאר נִיט שׁוּלְדִיג ? נֵיין, זִיא הָאט דָאס זֵייעֶר גוּט גֶעוִויסְט, נָאר צוּ וֶועמֶען דֶען וֶועט זִיא אוֹיס לָאזִין אִיהְר שְׁוֶוער הַארְץ ? וָואס אִיז גִיוֶוען אִיהְר טַעֲנָה, צוּ וָואס הָאבּ אִיךְ גִידַארְפְט גְרַאדֶע דִינְגֶען אַ דִירָה נָאר אִין דֶער גַאס ? זֶעהְט מֶען דָאךְ וִויא אַזוֹיא דָאס אוּנְגְלִיק שְׁלֶעפְּט זִיךְ נָאךְ מִיר — מֵילָא פוּן דֶעם טֵייגֶעכְץ אִיז דָאךְ שׁוֹין גָאר קֵיין רֵיידֶע נִיט, עֶס ווִילְט זִיךְ אָבֶּער עֶסִין, אוּנ דָא הָאטְשׁ לָאפְּנֶע מַיינֶע שׂוֹנְאִים, עֶס אִיז נִישְׁטָא מַמָשׁ וָואס אִינֶ'ם מוֹיל צוּ נֶעמֶען, נָאר אַ שְׁטִיקֶעל טְרִיקֶענֶע מַצָה. —

דִיא פִיר טֶעג חוֹל הַמוֹעֵד, אִיז מֶען גָאר אוֹיס גִיגַאנְגִין כִּמְעַט פַאר הִינְגֶער, מֶע אִיז אִים גִיגַאנְגִין פַאר עֶמַאכְט, מֶע הָאט נָאר גִיזֶעהְן חָאטְשׁ דִיא נְשָׁמָה צוּ דֶער הַאלְטִין, מִיט אַ קַארְטָאפֶעל, אוּנ מִיט אַ שְׁטִיקֶעל מַצָה צוּבְּרִיהְטֶע אִין זוּדִיגֶע וַואסֶער. —

בְּקִיצוּר, עֶס אִיז שׁוֹין ב״ה וַוייטֶער עֶרֶב יוֹם טוֹב, אַלֶע וַוייבֶּער אִין דֶער יַאטֶקֶע אַרַיין, גִיהַאפְּט צוּ דְרַייא פוּנְט סְטֶערְוֶוע, גָאלֶע בֵּיינֶער, אוּנ נִי טֵייהֶער, נִישְׁט מֶעהְר וִויא 20 ק׳ פִּיקֶעס אַ פוּנְט, פִישׁ הָאט מֶען גָאר נִיט גִיקוֹיפְט, וָוארוּם קְרִיסְטֶען הָאבִּין שׁוֹין אָן גִיהוֹיבֶּען צוּ קוֹיפֶען אוֹיף זֵייעֶרֶ׳ חַגָאוֹת, פְלָאמְעֶן אוֹיף צִימֶעס הָאט מֶען אוֹיךְ נִישְׁט גִיקוֹיפְט, וָואס אִיז ? אִיבֶּער אַ מַעֲשֶׂה ! אֵיין יוּדֶענֶע אִיז גִיקוּמֶען צוּם קְרֶעמֶער קוֹיפֶען פְלָאמֶען, הָאט זִיא

דער

דֶער זֶעהְן אַז אִין פֶּעסֶעל צְוִוישִׁין דִיא פְּלָאמֶען, אִיז פַאר שִׁיט גִיוָוארִין הִירְז, אוּנ רַייז, הָאט זִיא אָן גִימַאכְט אַגְרוֹים גֶעפִּילְדֶער, חָמֶצְדִיגֶע פְּלָאמֶען פַאר קוֹיפְט אִיהְר? אוּנ אִיז גִילָאפִין תֵּיכֶף צוּם רָב מִיט דֶער שַׁאֲלָה, הָט דֶר רָב גְזָאגְט עֶס אִיז אֲפִילוּ עַל פִּי דִין נִישְׁקָשֶׁה, נָאר וַוייל דֶער קְרֶעמֶער אִיז פוּן דֶעם אַפִּיקוֹרוֹס לַייט, עֶר אִיז שׁוֹין אוֹיךְ אַבִּיסֶעל גִיחַאפְּט גִיוָוארִין, הָאבּ אִיךְ מוֹרָא אַז דֶער קַל הָאט דָאס גִיטָאהְן בְּכַוָּונָה, לָכֵן פוּן אַ גֶדֶר וֶועגִין אִיז בֶּעסֶער מַחְמִיר צוּ זַיין, בַּאגֶעהְט זִיךְ אָן פְּלָאמֶען צִימֶעס. —

נָא עֶס אִיז שׁוֹין לַייכְט צוּ פַאר שְׁטֶעהְן, וָואס דָא אִיז גִיוֶוען צוּ עֶסֶען, דִיא אַנְדֶערֶע טֶעג יוֹם טוֹב „שְׁבִיעִי שֶׁל פֶּסַח" הָאט דֶעם עוֹלָם גוּט גֶעהִינְגֶערְט, בִּיז צְוַוייא דֶעם זַייגֶער נָאךְ הַאלְבִּין טָאג, פָארְהֶער יֶעדֶערֶער אִין זַיין שׁוּלְכֶען, אוּנ דֶער נָאךְ אִין דֶער גְרוֹיסֶער שׁוּהְל הֶערִין דֶעם חַזָּן, קוּים זִיךְ פַאר שְׁלֶעפְּט אַהֵיים, גִימַאכְט קִידוּשׁ אִיבֶּער מַצָּה, גִיגֶעסִין דָאס עֶרְשְׁטֶע גֶערִיכְט אֵיין אֵיי מִיט צִיבֶּעלֶע, אוּנ דִיא גוּטֶע יוֹיךְ מִיט מַצָּה פַארְפִיל, גִיבֶּענְטְשְׁט, אוּנ צוּ גִילֵייגְט זִיךְ אַבִּיסֶעל שְׁלָאפִין, אִיבֶּער גֶעדְרִימֶעלְט אַבִּיסֶעל, גִיטְרַגֶקֶען נָאכֶען שְׁלָאף אַ גְלֶעזִיל וַויין, טְפוּא, וָואס זָאג אִיךְ? אִיךְ בִּין גָאר מְשׁוּגָע, אִיךְ מֵיין אַ גְלָאז לַאקְרִיץ, אֵיינְס אוּנ טַאקִי דָאס צְוֵוייטֶע, נִישְׁט גֶעזְשַׁאלִיוֶועט פָארְט יוֹם טוֹב! אוֹיף אַלֶעמֶען אַ צַייט, מֶע הָאט זִיךְ אָן גִיטְרִינְקֶען, אוּנ הֶענְדָאם פֶּענְדָאם, אִין גְרוֹיסִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ אַרַיין, הֶערִין דֶעם מַגִּיד, חְלֶעבִּין מֶע הָאט שׁוֹין לַאנְג נִיט גִיהֶערְט, נָא כְּהֵיכָא תֵּיתֵי, עֶס ווִילְט זִיךְ פָארְט ווִיסֶען פָארְדְרָאבְּנֶע דִיא מַעֲשֶׂה מִיט קְרִיעַת יַם סוּף. —

דֶער בֵּית הַמֶּדְרָשׁ אִיז גֶעפַּאקְט, אַז עֶס אִיז נִישְׁטָא אַ שְׁפִּילְקֶע קֶעפִּיל ווִיא אַרַיין צוּ שְׁטֶעקִין, דֶער מַגִּיד פַארְלִיהְרְט נִיט זַיין מוֹטְה, עֶר שְׁטָאלְצִירְט טָאג טֶעגְלִיךְ, אִין זַיינֶע דְרָשׁוֹת, מִיט דֶעם גֶעלְד וָואס יוּדֶען הָאבִּין זִיךְ אָנְגֶע־זַאמִילְט אִין מִצְרַיִם אוּנ אוֹפֶן יַם, אַי, פוּן יֶענֶעם גֶעלְד אִיז דָאךְ שׁוֹין נִישְׁטָא אֲפִילוּ אַ פֶּערְטִיל קָאפִּיקֶע? נְבוּכַדְנֶצַּר אוּנ טִיטוּס הָאבִּין שׁוֹין בַּייא אוּנְז אֲפִילוּ אוּנְזֶערֶע אֵייגֶענֶע בֶּעבִּיכֶעס אוֹיךְ צוּ גִינוּמֶען? נֵיין, דֶער מַגִּיד וַוייזְט גָאר אַ פְּלַאן אַז דָאס אִיז גָאר אוּנְזֶער טוֹבָה, אוּנ דֶער צוּ הָאט עֶר גֶעפִיהְרְט אַגַאנְץ לַאנְגִין מָשָׁל מִיט אַ בֶּן יָחִיד וָואס אִיז אַרוֹיס לְתַרְבּוּת רָעָה, אוּנ הָאט דָאס אַרַיין גֶערִיקְט מִיט גְרוֹיס מַאטֶערְנִישׁ אִין דִיא פְּסוּקִים „אָחוֹת לָנוּ קְטַנָּה וְשָׁדַיִם אֵין לָהּ" עֶס הֵייסְט: מִיר זֶענִין יֶעצְט בִּבְחִינַת קְלֵיין שְׁוֶועסְטֶערִיל, אוּנ מִיר הָאבִּין נִיט קֵיין שָׁדַיִם, מִיר הָאבִּין נִיט קֵיין יְנִיקָה פוּן פַּרְנָסָה, נָאר אִין אֱמֶת אִיז דָאס אוּנְזֶער גְלִיק, דוּרְךְ דֶעם בַּחְקוֹת לֶערְנֶען מִיר דִיא תּוֹרָה מֶעהְר, אוּנ דָאס אִיז דֶער פְּשַׁט „אֲנִי חוֹמָה וְשָׁדַי כַּמִּגְדָּלוֹת" אִיךְ הָאבּ נִיט קֵיין שָׁדַיִם פוּן פַּרְנָסָה, אָבֶּער פוּן תּוֹרָה אוּנ פוּן הֲלָכָה, בִּין אִיךְ ווִיא אֵיין טוּיֶער — אַזוֹיא הָאט זִיךְ דֶער מַגִּיד גֶעשְׁווִיצְט אוּנ גִיוָוארְפִין מִיט אַלֶע אֵבָרִים, בִּיז עֶר אִיז דוּרְךְ גִיקְרָאכִין דִיא אִיבֶּערִיגֶע פְּסוּקִים, אוּנ אַלֶעם נָאר אוֹיס וַוייזֶען, אַז דָאס גְרוֹיסֶע

ענִיוּת אוּנ דָאס שִׁפְלוּת, אִיז נָאר דָאס גְרֶעסְטֶע גְלִיק פַאר אוּנְז, (אַזַא יָאהְר זָאל עֶר הָאבִּין).

דֶער נָאךְ הָאט עֶר אָן גִיהוֹיבֶּען זִיךְ נוֹקֵם זַיין אָן דִיא מִצְרַיִם, נָאר אוֹיף אַנַאנְדֶערִין אוֹפָן, עֶר הָאט דֶער צֶעהֶלְט גֶעשִׁיכְטֶען פוּן דִיא עֶשֶׂר מַכּוֹת, אַז עֶס אִיז גִיוֶועזִין אַ פַּחַד צוּ הֶערִין, מֶע הָאט טַאקִי אַבִּיסֶעל גִילַאכְט אוֹיךְ, וָוארוּם דֶער מַגִיד אִיז גִיוֶועְן אַגַב אוֹרְחָא אַשְׁטִיקֶעל לֵץ אוֹיךְ, עֶר הָאט לְמָשָׁל פָאר־גִישְׁטֶעלְט, וִויא דִיא צְפַרְדְעִים הָאבִּין שְׁפַּאצִירְט בַּייא דִיא מִצְרַיִם אוּנְטֶער דִיא הוֹיזָען, אוּנ דֶערְסְטִקְגְלַייכֶען.

דֶער כְּלַל, עֶר הָאט דֶער צֶעהֶלְט ווּאוּנְדֶערְלִיכֶע מַעֲשִׂיוֹת, וָואס דֶער עוֹלָם הָאט פוּן זַייא שְׁטַארְק הֲנָאָה גִיהַאט, אִין אֱמֶת, הָט דֶר מַגִיד פִיל מֶעהְר גִיטָאהְן דִיא מִצְרַיִם וִויא משֶׁה רַבֵּינוּ, אִיבֶּער אַלֶעמֶען אִיז עֶר עֶפֶּעס אַווִילְדֶער בַּעַל עֵצָה, עֶר הָאט גִיגֶעבִּין דִיא יוּדֶען אֵיין עֵצָה, אַז אִין דִיא דְרַייא טֶעג וָואס עֶס אִיז גִיוֶועְן פִינְסְטֶער זָאלִין זַייא גֶעהְן אִין דִיא הַייזֶער פוּן דִיא מִצְרַיִם, אוּנ אוֹיס קוּקְעְן וִויא עֶס שְׁטֶעהְן זֵייעֶרֶע זִילְבֶּערְנֶע אוּנ גָאלְדֶענֶע כֵּלִים, כְּדֵי אַז דֶער נָאךְ בְּשַׁעַת אַרוֹיס גַאנְג פוּן מִצְרַיִם, אַז זַייא הָאבִּין גִיבֶּעטִין עֶפֶּעס לַאיֶיעְן כֵּלִים אוּנ תַּכְשִׁיטִים אוֹפֶּן וֶועג, אוּנ דִיא מִצְרַיִם הָאבִּין זִיךְ גֶעפְּרִיוּוְט פַאר לַייקֶענְין אַז זַייא הָאבִּין נָאר נִישְׁט, הָאט מֶען זַייא אוֹיס גִישְׁטָאבִּין דִיא אוֹיגֶען, אוּנ מֶע הָאט זַייא פָאר גִיזָאגְט וִויא יֶעדֶע זַאךְ שְׁטֵעהְט — אִיךְ זָאג אַייךְ דֶעם אֱמֶת אִיךְ וָואלְט זַייא אֶפְשַׁר נָאךְ בֶּעסֶערֶע עֵצוֹת גִיגֶעבִּין, נָאר וָואס וֶוערְט דֶער פוּן, אַבִּי יֶעצְט הָאבִּין מִיר נִישְׁט אַ קָאפִּיקֶע בַּייא דֶער נְשָׁמָה, גְלַאט קְוִויקֶען זִיךְ מִיט קַאלְטֶען בָּארְשְׁט! אֵיין אֱמֶת מֶעג מֶען זָאגִין, וֶועדְלִיג דָאס דוֹר הַמִּדְבָּר הָאט דֶער צֶעהֶלְט, אַז זַייא זֶענִין דָארְטִין אִין מִצְרַיִם גִיזֶעסִין „עַל סִיר הַבָּשָׂר" פִיש גִיגֶעסִין בְּחִנָּם, אַ חוּץ קַאוָואנֶעס, צִיבָּאלִיס, קְנָאבִּיל, אִיז דָארְט נָאךְ אֶפְשַׁר בֶּעסֶער גִיוֶועְן וִויא אִין דֶער לִיטָא, דֶער וַוייל וִויא דִיא מַעֲשֶׂה אִיז גִיוֶועזִין הָאבִּין זַייא דָאךְ גִיהַאט וָואס צוּ עֶסִין, דָא הָארָאוֶועט מֶען אוֹיךְ טָאג אוּנ נַאכְט וִויא אִין לֶעהְם, אוּנ לְבְּסוֹף עֶסְט מֶען קַדָחוֹת, קְנֶעכְט אִיז מֶען אוֹיךְ ב"ה, אוּנ אַז נִיט בַּייא פַּרְעהֹ'ן, אִיז שׁוֹין גוּט? וָואס פֶעהְלְט אוּנְז, דֶער זְבָּארְשְׁטְשִׁיק? דֶער בַּעַל טַאקְסֶע? דֶער רָב מִיט דִיא דַיָנִים? דִיא גַבָּאִים פוּן דִיא שׁוּהְלֶען?— פוּן דֶערְסְטֶועגִין נָאךְ דִיא אַלֶע זַאכִין, אִיז דֶער מַגִיד בַּייא זִיךְ שְׁטַארְק פַארְרִיסֶען, עֶר קְוִויקְט זִיךְ אַלֶעם מִיט דֶער מַפָּלָה פוּן דִיא מִצְרַיִם, עֶר אִיז שְׁטַארְק אִין כַּעַס, פַאר וָואס הָאט בֶּעדַארְפְט זַיינֶער אֵיין עֶלְטֶער זֵיידֶע (חָאטְשׁ עֶס קָאן זַיין, אַז עֶר הָאט נָאר אַ טָעוּת, זַיין זֵיידֶע אִיז דָארְטִין אֶפְשַׁר נָאר נִיט גִיוֶועְן, וָוארוּם עֶר קוּמְט נָאר אַרוֹיס אֶפְשַׁר פוּן אַ גֵר) זַיין אַ פֶּעטְשְׁנִיק אִין מִצְרַיִם? מֵילָא דֶער נָאךְ אַז עֶר הָאט זִיךְ שׁוֹין גוּט נוֹקֵם גִיוֶועְן אָן זַייא מִיט דִיא מַכּוֹת, הָאט עֶר אָן גִיהוֹיבֶּען פִירֶען אַ שְׁמוּעֶס מִכֹּחַ קְרִיעַת יַם סוּף, עֶר אִיז נִיט יוֹצֵא מִיט דֶעם נֵס וָואס שְׁטֵייט אִין דֶער תּוֹרָה, דָאס אִיז בַּייא אִיהְם

נאר

גָאר אֵיין קְלֵיינִיגְקֵייט , עֶר הָאט גָאר גִימַאכְט אַ פְּלַאן , אַז דֶער יַם סוּף הָאט זִיךְ גִישְׁפָּאלְטִין אוֹיף 12 חֲלָקִים , אוּנ יֶעדֶער שֵׁבֶט אִיז גִיגַאנְגִין דוּרְךְ אַנַאנְדֶער טֵייהְל , דִיא וֶוענְט וַואסֶער זֶענִין גִיוָוארִין וִויא בְּרִילְיַאנְטֶען , צְווִישִׁין זֵייא הָאט גִיוַואקְסִין אַלֶערְלֵייא פְּרוּכְטִין , אוּנ דִיא יוּדֶען דוּרְךְ גֵייֶענְדִיג הָאבִּין זִיךְ גֶעקְוִויקְט מִיט זֵייא , עֶס אִיז מִיר אַ פֶּלֶא , פַאר וָואס הָאט עֶר נִיט גִיזָאגְט , אַז צְווִישֶׁען דִיא וֶוענְט זֶענֶען גִישְׁטַאנֶען שִׁיסְלֶען קְרוּפְּנִיק , גֶעדִיכְט מִיט קַארְטָאפֶּעל ? —

בְּקִיצוּר , אָט אוֹיף אַזַא אוֹפָן הָאט עֶר גִיטוּמֶעלְט אַ קָאפּ בִּיז מִנְחָה , נָא עֶס אִיז שׁוֹין נָאךְ מִנְחָה , דֶער עוֹלָם הָאט זִיךְ אַבִּיסֶעל פַאנַאנְדֶער גִישְׁמוּעֶסְט פוּן פַארְשִׁידֶענֶע עִנְיָנִים , אוּנ אִיךְ בִּין פַאר קְרָאבִּין אוּנְטֶערִין אוֹיוֶוען , אֶפְשַׁר וֶועל אִיךְ טְרֶעפִין וַוייטֶער אוּנְזֶערֶע מֶענְשִׁין , אוּנ וֶועל הֶערִין עֶפֶּעס וַוייטֶער אַ גוּט וָוארְט , חְלֶעבִּין יוֹא גִיטְרָאפִין , עֶס טוּהְט מִיר הֲנָאָה , אָט וֶועל אִיךְ עֶפֶּעס הֶערִין . —

# 17.

## דֶער לֶעצְטֶער גֶעשְׁפְּרֶעךְ .

דִיא אֵייגֶענֶע צְווֵייא מֶענְשִׁין , אוּנְזֶער ר׳ חַיִים אוּנ דֶער אַפִּיקוֹרוֹס אוֹיךְ זִיצֶען צוּ זַאמֶען אוּנ שְׁמוּעֶסִין , זֵייעֶר רוּהִיג , טַאקִי אִיבֶּער וָואס וִויכְטִיג אִיז , „הֶערְט אִיהְר בְּרוּדֶער ?״ הָאט זִיךְ דֶער אַפִּיקוֹרוֹס אָן גִירוּפֶען , אִיהְר וֵוייסְט אַז עֶס אִיז שׁוֹין נָאךְ יוֹם טוֹב , מִיט דִיא דְרָשׁוֹת פוּן דֶעם מַגִיד , אוּנ מִיט דֶעם „לֹא לָנוּ״ פוּן דֶעם חַזָן , קָאן מֶען קֵיין וֶועלְט נִיט פִירֶען , דָאס אִיז אַלֶעס פּוּסְטֶע גִישֶׁעפְטִין , אָט וָואס אִיךְ וֶועל אַייךְ זָאגִין , אִיךְ קְלֶעהְר גָאר מַיינֶע קִינְדֶער שׁוֹין מֶעהְר נִיט לָאזִין לֶערְנֶען בַּייא דִיא הִיזִיגֶע מְלַמְדִים , מֶע זֶעהְט בּ״ה דֶעם גְרוֹיסִין תַּכְלִית וָואס עֶס וֶוערְט פוּן דִיא אַלֶע קִינְדֶער וָואס פַאר בְּרֶענְגִין זֵייעֶרֶע יוּנְגֶע יָאהְרִין אִין דִיא חֲדָרִים , אוּנ גֶעהְן אִים דֶער נָאךְ אִין צָרוֹת , זוּכִין פַּרְנָסָה אָפְט דוּרְךְ פַאר בְּרֶעכִין , אוּנ אוֹיךְ נִיט אַלֶע מָאהְל גִילְט דֶער שְׁווִינְדֶעל , אַזֶעלְכֶע מֶענְשִׁין זֶענִין גְלַאט אֶבְיוֹנִים , בַּטְלָנִים , שְׁנָארֶערְס , מֵיינְט אִיהְר אֶפְשַׁר אַז זֵייא קָאנֶען חָאטְשׁ אַבִּיסֶעל לֶערְנֶען ? נֵיין , דָאס רוֹב זֶענִין גָאר פְּרָאסְטַאקִים , דִיא בַּאַגוֹת הָאבִּין זֵייא אַזוֹיא פִיל פַאר שְׁלָאגִין דִיא קֶעפּ , אַז זֵייא הָאבִּין גָאר פַארְגֶעסִין דָאס בִּיסֶעל גְמָרָא , אוֹיף וָואס זֵייא הָאבִּין פַאר בְּרַאכְט זֵייעֶר לֶעבִּין בִּיז 20 יָאהְר , תַּכְ׳ךְ הָאבִּין זֵייא גָאר אִין דִיא אוֹיגֶען נִיט גִיזֶעהְן , זֵייא זֶענִין נִיט אוּמְשְׁטַאנְד אַפִי׳וּ אֵיין רֶעכְטֶען בְּרִיף צוּ שְׁרַייבִּין . —

אַז דער פון זעהט מען וויא ריכטיג איז, דער מאמר פון אונזערע חכמים „כל תורה שאין עמה מלאכה סופה בטלה" קוקט גוט, אונ בעטראכט דיא ווערטער, זייא זאגין ניט „אַז דיא תורה וואס מיט איהר איז נישטא קיין מסחר, וועט דיא תורה בטל ווערין", ווארום אין אמת, איז מסחר אַזאך וואס שטערט אין גאַנצין דאס לערנען, דער מסחר איז מבלבל דעם מוח, אונ שטערט, אי פון תורה, אי פון מצות, גוט האט געזאגט איינער אַ חכם „המסחר הוא אבי השקר" דאס הייסט דער האנדעל איז דער פאטער פון בעטריגערייא, דער פסוק זאגט אויך דאס אייגענע, „כנען בידו מאזני מרמה לעשוק אהב", זעהט אַ דבר פלא, ער זאגט ניט, אַז דער סוחר מוז זיין אַ גראבּיטעל, נאר נאך ערגיר, דער סוחר האט גאר ליב גראבעזש, אפילו בשעת ער האט גאר קיין נויט ניט צו דעם, ער קאן לעבין ערינדליך פון זיין גישעפט, ניין, ער ליבט דעם שווינדעל, ער קריקט שוין גאר איין נאטירליכע תשוקה צו רויבען, אונ דארום זאגט דער פסוק „לעשוק אהב" ער ליבט צו רויבען, דארום האבין דיא תלמודיסטען גיזאגט, אַז דער וואס לערינט ניט זיין קינד אַ מלאכה, איז אַקוראט וויא ער וואלט איהם גילערינט זיין אַ גזלן, ווארום אַז ער וועט ניט האבין אין זיך איין זיכערען פּראפעסיאן, פון וואס צו פארדינען, אונ וועט זוכען נאר פרנסה פון דעם מסחר, איז ער דאך אַ גזלן, אין יעדער גראשין ליגט פרעמדע בלוט, פרעמדע מיהע, אונ דאס איז נאך צלעם גישמועסט, אַז ער קריקט חאטש דאס קערביל, אוי וויא גישריגען! וויא פיל מענשין וואלטין געקען גיוועזין עפּעס מאבען אַ שווינדעל, איין אנזעין, אבער עס געהט ניט. —

איך האב הנאה צו הערין אַ שמועס פון משוגעים „עט! מע דארף גאר ניט קאנען, וועמען עס איז בעשערט צו זיין אַ נגיד, הלעבען מעג ער אפילו זיין חתיכה אויך ניט קאנען מאבען, פון דעקסטוועגין פיהרט ער גישעפטין, אַט למשל וואס פעהלט „דעם, אונ דעם", אַ שארפער פיכמעניק? קאן ניט מאבין אַ צלם פאר איין אלף, פון דעקסטוועגין איז ער גאר אַ קארגער עושר? אונ וויא פיל שרייבערס, האב איך גיזעהין אום געהן אהן שטיוועל?" —

אַט דאס איז דער שמועס פון בלינדע מענשין, זייא קוקען נאר אויף דעם וואס דאס מזל האט אים גראדע גיטראפין אונ איז פינ'ם מסחר איין עושר גיווארין, געוואלד! פאר וואס זאל מען אבער ניט קוקין אויף דיא 95 פראצענט וואס שטארבין ממש פון הינגער, זייא האבין ניט פון וואנען אַ טאג איבער צו קומען? אונ ווידער האבין דיא נארישע מענשין מעהר ניט קיין בעגריף, נאר אדער פון אַ שוסטער, אדער פון אַ שרייבער, זייא האבין קיין שום ידיעה ניט, וואס דייטש „מלאכה", אדער וואס הייסט „ווישענשאפט" איין שוסטער אדער אַ שניידער, הייסט בייא דעם אונגעבילדעטע יודען אַ בעל מלאכה, אַ שרייבער איז בייא איהם איין גילערינטער, איהר ווייסט ליבע ברידער

איהר

אִיהְר זָענְט נִיט גִיוָועןְ אִין דֶער גְרוֹיסֶער וֶועלְט , אִיהְר לֶעזְט קֵיין בִּיכֶער נִיט , אִיהְר וֵוייסְט נִיט וִויא הוֹיךְ גִישֶׁעצְט אִיז דִיא מְלָאכָה יֶעצְט אִין דֶער וָועלְט , אִיהְר וָואלְט נָאר גִיזֶעהְן בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת , קִינְצְלֶער , מַאשֶׁענִיסְטֶען , וָואס דִיא מְלָאכָה הָאט זֵייא רֵייךְ גִימַאכְט , אוּנ וָואס פֶעהְלְט טַאקִי אַ גוּטֶען בַּעַל מְלָאכָה פוּן דֶעם סָארְט מְלָאכוֹת ? אַגוּטֶער שוּסְטֶער הָאט דֶען קֵיין בְּרוֹיט נִיט ? אַרֶעכְטֶער שְׁנֵיידֶער וֶוערְט דֶען נִיט בַּא וַואקְסִין ? זֵייא וֶוערִין דֶען נִיט קֵיין עֲשִׁירִים מִיט אֵייגֶענֶע הַייזֶער ? זֶעהְט נָאר אִין דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטֶעט . —

וַוייטֶער בְּרִידֶער וָואלְט אִיהְר זִיךְ עֶרְקִינְדִיגְט , אַז אַ שְׁרַייבֶּער וִויא אִיהְר מֵיינְט אִיז גָאר נִיט קֵיין גִילֶערִינְטֶער , אֵיין גִילֶערִינְטֶער מֶענְשׁ וֶוערְט אָן גִירוּפִין וָואס בֶּעזִיצְט וִויסֶענְשַׁאפְטֶען , מַאטֶעמַאטִיק , פִיזִיק , מֶעכַאנִיק , כֶעמִיא , מֶעדִיצִינֶען , אוּנ נָאךְ אַזֶעלְכֶע פִיל פְּרֶעדְמֶעטֶען וָואס מַאכִין גְלִיקְלִיךְ דֶעם מֶענְשִׁין , אִיהְר וֵוייסְט אַז דִיא אַלֶע עִנְיָנִים , הֵן פוּן מְלָאכָה , הֵן פוּן וִויסֶענְשַׁאפְט קָאן אַ מֶענְשׁ בִּיז 20 אוּנ הֶעכְסְטֶענְס בִּיז 25 יָאהְר , דֶער גֶעהְן בִּיז אִין גְרוּנְד . —

נָא זָאגְט אַלֵיין , זֶענִין מִיר נִיט רוֹצְחִים ? וָואס פִיהְרֶען מִיר אִיבֶּער אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער גָאר בְּחִנָם ? אִיךְ וֵוייס גַאנְץ גוּט דֶעם תֵּירוּץ פוּן דִי שׁוֹטִים : „גִישְׁקָשֶׁה! מֶע הָאט גִילֶעבְּט אָהְן דִיא אַלֶע קוּנְצֶען , אוּנ מֶע וֶועט וַוייטֶער אוֹיךְ לֶעבִּין , אָט לָאמִיר זִיךְ נִיט נַארֶען , פוּן וַואנֶען לֶעבִּין מִיר ? מִיר זֶענִין ב"ה נִיט קֵיין בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת , אוּנ נִיט קֵיין אוֹיס גִילַאקְסִירְטֶע , נִיט גִינַאנְגְן אִין דִיא חַאלַאסֶען , אוּנ פוּן דֶערְסְטְוֶוענִין לֶעבְּט מֶען וִויא עֶס אִיז , חָלֶעבִּין פוּן הִינְגֶער אִיז נָאךְ קֵיינֶער נִיט גִישְׁטָארְבִּין" , אָט אַזוֹיא זֶענִין דִיא טַעֲנוֹת פוּן דִיא בְּהֵמוֹת , אִיהְר פַאר שְׁטֶעהְט בְּרִידֶער , אַז בַּייא אֵיין לִיטְוַואק וֶוערְט דָאס גִירוּפֶען „גֶעלֶעבְּט" זִיצֶען אִין אַ דִירָה פוּן פִיעֶר אֵיילֶען אוֹיף פִיעֶר אֵיילֶען , אִין עִפּוּשׁ , אוּנ סִירָאסְט , עֶסִין קַדָחוּת , טָאג אוּנ נַאכְט קְרִיגֶען אוּנ שֶׁעלְטִין זִיךְ מִיט'ן וַוייבּ , זַיין אַ עֶבֶד לַעֲבָדִים , אַ שָׁפָל וְנִבְזֶה צוּ לִיבּ אֵיין גִילְדֶען , נָא אִיז דָאס אַלֶעבִּין ? אִין אֱמֶת זֶענִין כִּמְעַט אַלֶע לִיטְוַואקֶעס אַזוֹיא וִויא טוֹיטֶע .

אִיהְר הָאט שׁוֹין אֶפְשַׁר גִיהֶערְט דֶער פוּן , אַז אוּנְזֶער גוּטֶער קֵיסָר הָאט מִיט אוּנְז גִיטָאהְן חֶסֶד , אוּנ הָאט אוּנְז גִיגֶעבִּין אֵיין אוּקַאז , אַז גֶעבִּילְדֶעטֶע , אוּנ בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת מֶעגִין זִיצֶען אִין גַאנְץ רוּסְלַאנְד ? נָא צוּ וָואס זָאלִין מִיר זִיךְ צוּ נַאנְד קְוֶועטְשִׁין אַלֶע אִין אֵיינֶעם , אִין דִיא טְרִיקֶענֶע אוּנ דַארֶע שְׁטֶעדְט ? אֶפְשַׁר אִיז אַ שַׁאדֶע אָפּ צוּ לָאזִין דֶעם מַגִיד , מִיט דֶעם חַזָן , וָואס דָאס אִיז דֶער גַאנְצֶער נַחַת פוּן דֶער לִיטָא ? מֶעהְר דַארְפְט מִיר אִיז נִישְׁטָא נָאךְ וָואס צוּ בֶּענְקֶען , אַ וַואהְרֶער גֶעבִּילְדֶעטֶער מֶענְשׁ , אוּנ אֵיין גוּטֶער בַּעַל מְלָאכָה קָאן יוֹא אַמָאהְל עֶסֶען אַ שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט , וָואס אִיז נִיט גֶעקְנֵייטֶען אוֹיף פְּרֶעמְדֶען שְׁוֵויים , וָואס קֵיינֶער זִיפְצְט נִיט אוּנ קְרֶעכְצְט נִיט אוֹיף זֵייא „אָט אַזַא מֶענְשׁ לֶעבְּט טַאקִי , עֶר הָאט הֲנָאָה פוּן זַיין וָועלְט , אוֹיף אִיהְם קָאן מֶען זָאגִין אַז עֶר

אִיז

איז זיבער מיט זיין פרנסה", ער קאן זיבער נעמען א ווייב, אונ זיא זאל איהם זיין טאקי א הילף, ניט וויא דיא ליטוואטשקעס געבאך, וואס קאנען זיך ניט פאר לאזין אויף זייערע באנק קוועטשערס, אונ מוזען נאך אליין אויף האריוועןי, מבזה זיין זיך מיט גאס פרנסות, זיין טענדלערנס, סעדעכעס, פאר ברענגין גאנצע טעג אין קללות, אונ אין פאלשע שבועות, אים געהן עוארץ, אונ חושך, פאר שלומפערט, פאר שמאכט, איבער געגריזעטע, ציקאכטע אונ צו בראטענע, פון קנאה, אונ פון שנאה, וואס עס מאכט טאקי איין איינדרוק אופן מאן אויך. —

איז דען מעגליך אז בא אזא מאן אונ ווייב, זאלין זיך אויס האדיווען ארינדליכע קינדער? קארג קללות הערין זייא זיך אן שטענדיג? קארג הערין זייא טאג וויא נאכט, וויא איינער דעם אנדערין רופט אויס וואס אין דער קארט? נא וואס פאר א פנים קענען שוין האבין דיא עלטערין ביי דיא קינדער? וויא קאנען זייא שוין דרך ארץ האבין פאר אזוינע שמוציגע עלטערין? ווייניג שווינדלעריי אונ שקרים, זעהן זייא טאג טעגליך, אין דעם געשעפט פון זייערע עלטערין? אונ וואס מאכט דאס אלעס? נאר דער דוחק פון דער פרנסה, הינדערט יודען אין איין שטעדטעל האבין איין געשעפט, מוז מען דאך טאהן כל הפסלנות, אונ ערשט איז נישטא פון וואנען צו לעבין, נא קריגט מען זיך, שעלט מען זיך, גריזעט איינער דעם אנדערין אב דיא הויט פון דיא דארע ביינער. —

דיא גמרא ברענגט א גיט ווערטיל „כד מישלם שערא מכדא, נקיט ואתא תיגרא בביתא" עס הייסט: „אז עס קאנטשין זיך שוין דיא גערשטין פינ׳ם פאס, הויבט זיך אן א מחלוקת אין שטוב" עס איז טאקי ריכטיג, ביי אונז ליטוואקעס איז ב״ה דאס פאס שטענדיג פוכטע, אונ דער פאר איז דיא שטוב פיל געפאקט מיט קללות אונ יללות, ניט צום אויס האלטין. —

על כן, איז ביי מיר געבליבין בהסכם, אז איך מוז מיין עלטערין זוהן אב געבין תיכף נאך יום טוב פאר א בעל מלאכה, אונ דעם יונגערין לאזען שטודירין, דא וועל איך געווינען אין צווייעהן, ערשטענס? וועל איך זייא מאכין פאר מענשין, פאר זייא וועט שוין זיין דיא וועלט אפען אונ פרייא צו זיצען וויא בעקוועמער עס וועט זיין צו דער פרנסה, זייא וועלין פאר שפארין זיך בעשעפטיגין מיט דיא פוכטע עסקים, א שטייגער: שדכנות, מלמדות, מעקלעריי, א קרעמער אונ א פינף אדער זעקס מאהל אנזעצין, ער אונ דאס ווייב בעזינדער, א שענקער ארוים קוקען אויף שיכורים, אונ צו נעמען א גנבה׳עלע אויף דער ווייל, אים קארין מיט א כרב פון א נשרף, קלויבען חתימות אויף איין עלטער זיידענס א ספר, אונ דער נאך ניט דריקין, אדער גלאט א שנארער. דאס זענען אלעס אזוינע פרנסות וואס בעשטעהן נאר פון בעטרוג אונ שווינדעל, אונ העכער וויא 50 פראצענט גילטען אפילו דיא דאזיגע

פרנסות

פרנסות אויך נישט, בלייבען זייא גלאט בעטלער'ס, בטלנים, תהלים זאגער מקבלים, שנארער, — צווייטענס, אז מע מאכט קינדער פאר מענשן, קאן מען חאטש האפען, אז מע זאל פון זייא ווען עס איז לויז ווערין, ניט טראגין זייא אויף דיא דארע פלייצעס, ביז אין טויט, א קינד מיט א טאלאנט דארף ניט קאסטין קיין נדן, קיין קליידער, קיין קעסט, ער קיקט שוין ניט ארויס אופן טאטענס געלד, ער פיהרט שוין אליין א הוצאה פון כמה יאהר נאך פאר דער חתונה. —

געוואלד געשריגין! מיר זענען דאך באמת משוגעים און מטורפים, מיר ציטערין דאך פאר איין מאמר פון דער גמרא, וואס נאר איינער האט זיך ארויס געריעדט איז דאס באלד גיבליבין א דין, און גלייך דאס אריין געצווינגען אין שלחן ערוך אריין אינ כן יקום. — נא פאר וואס זשע ווילין מיר זייא ניט פאלגין מכח קינדער ערציעהונג? „דיא חכמי הגמרא קלעהרין עפעס, וויא לאנג איז דער פאטער מחויב אויס האלטין זיינע קינדער, וואס ער דארף זייא לערנען" זעהט מען דאך דיא גרויסע שטותים פון אונז, אז מע לאזט אים געהן ליידיג גרויסע קינדער און מע גיט זייא עסען, און מע מאכט זייא נאך חתונה, און דער נאך גיט מען זייא ווייטער קעסט, נא איז א חידוש אז מע דארף טאהן אלע פסלנות אין דער וועלט? א שפאס א פעסטער מענש, אהן א שום טאלאנט, אהן א שום זיכערע פרנסה, זאל נאר וועלין זיין א פאדראטשיק מפרנס זיין א גאנצע פאמעליע, קינדער מיט איניקליך, גרושות מיט חליצות, אין וואס איז מיט איהם דאס תקיפות? אדרבה פרעגט איהם? —

אט פרעגט למשל אונזער ר' שמערלין וואס איז זיין תקיפות? ער איז א קרעמער, ער האט ערשט בסך הכל צווייא מאהל באנקראטירט, ער אליין פארט שוין ניט נאך סחורה, ער שיקט שוין דאס ווייב, ער מאטערט זיך ביז ער זאל חתונה מאכין דעם מוזיניק, און אבגעבין איהם דיא קעסט, דאמאלס וועט ער שוין מאכין דעם לעצטען אנזעץ, פאר קויפען זיין שטוב (וואס זיא איז שוין פון כמה יאהר אויף איין פרעמדען נאמען) און ארויס פאהרין קיין ארץ ישראל, שוין אראפ ווארפען פון זיך דיא נארישע וועלט, וויא פיל איז דער שעור צו הארעווען? חלעבען דיא קינדער זענען שוין ב"ה לייטען גלייך, דעם עלטערין האט ער איבערגעגעבין דיא קלייט, מיט דעם נשאר און דיא חובות, זיין ביסעל געלד וועט ער אויך צו לייגען, וועט ער קאנען פירין דיא קלייט, ווייטער וועט ער דאך אויך שכל האבין אלע מאהל באנקראטירען, ביא איהם וועט שוין דאס זיין א אב מלאכה. — דער אנדערער זוהן איז אויך ב"ה פאר זארגט, ער איז אשטיקעל מעקליר, מישט זיך אריין אפט מאהל אין איין שידוך, א גבאי אין צווייא חברות, און דער צו זיצט זיין ווייב מיט א טישל אויך. — דיא איידעמס אויך זייער לייטע"ע, פיינע בעלי קריאות, קאנען גיט שרייבין סופרעש, איינער איז גאר א יודע נגן, און א רעכטער בעל תפלה, דער כלל,

זַייא זֶענֶען מוּשְׁלָמִים בְּכָל הַמַּעֲלוֹת, מוֹחֲלִים, שׁוֹפָר גְּלָאזֶער, פְּלֶעכְטִין בֵּייטַאלִיךְ צוּ הֲדַסִים, אָבּ שְׁרַייבִּין דָאס קְדָחוֹת, חָלֶעבֶּען זַייא וֶועלִין שׁוֹין פוּן הִינְגֶער נִיט שְׁטַארְבִּין, זַייא וֶועלִין זִיךְ שׁוֹין דוּרְכְשְׁלָאגִין וִויא עֶס אִיז דִיא נַארִישֶׁע וֶועלְט, אוּנ וַוייטֶער קָאן מֶען עֶפֶּעס אַלֶעס פַּאר זָארְגִין? מֶע אִיז מֶעהְר נִיט מְחוּיָב נָאר גֶעבִּין אַ וַוייבּ אַ יוּדֶען, אִין דֶער נָאךְ וִויא דָאס גְלִיק טְרָאגְט אוֹיס. —

נָא אַזַא יוּד וָואס הָאט שׁוֹין כִּמְעַט זַיין וֶועלְט אוֹיס גֶעפִיהְרְט עַיין אוּנ פַּיין, חָלֶעבֶּען וַויל טַאקִי נִיט שְׁטַארְבִּין אִין חוּץ לָאָרֶץ, נָאךְ וָואס טוֹיג אִיהְם, אַז וֶועְרִים זָאלִין אִיהְם עֶסֶען? עֶר הָאט טַאקִי חֵשֶׁק לִיגֶען וִויא אַ פִּירְשְׁט קְרוּגָאם אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל עֶרְד, וָואס דֶען? עֶס אִיז אִין אֱמֶת אַ תַּכְלִית לִיגֶען אִין דֶער לִיטָא נָאר בֶּעטְרֶעסֶעט מִיטֶן נַארִישֶׁען בִּיסֶעל עֶרְד פוּן צְפַת? עֶרְשְׁטֶענְס, אִיז דָאס בִּיסֶעל עֶרְד גְלַאט קַאיי אוּנ שְׁפַּאיי, צְוַוייטֶענְס, זָאל מִיר גָאט נִיט שְׁטְרָאפִין פַאר דִיא רֵייד, אִיךְ בִּין נָאר אַ קְנַאפֶּער מַאֲמִין אִין דֶעם בִּיסֶעל עֶרְד וָואס דִיא אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל מְשׁוּלָחִים בְּרֶענְגֶען פוּן דָארְטִין, וֶוער וֵוייסְט? אֶפְשָׁר אִיז דָאס נָאר סְטַאמְבְּלֶער עֶרְד? קְלֵיינֶע שְׁווינְדְלֶער זֶענֶען זַייא? נָא פַאר לָאז דִיךְ אוֹיף דֶעם, אוּנ חוּץ דֶעם אִיז דֶען (גִלְגוּל מְחִילוֹת) קַאטְשֶׁען זִיךְ דוּרְךְ דִיא הֵיילִין, עֶפֶּעס אַ גוּט עֵסֶק! — עֶרְשְׁטֶענְס, דָאס קַאטְשֶׁען זִיךְ אַלֵיין אִיז גָאר נִיט גֶעשְׁמַאק, קַאטְשֶׁע זִיךְ אַזַא מֶרְחָק, אַזְשׁ פוּן סְלוּצְק בִּיז חֶבְרוֹן? אַ שְׁפַּאס וִויא פִיל גֶעזִינְד דָאס דַארְף אַרוֹיס נֶעמֶען? אִין אַז מֶע גִיט שׁוֹין אֲפִילוּ דִיא ווִילְקֶעלִיךְ, אַז מֶע זָאל זִיךְ אוֹיף זַייא אָנְשְׁפַּארֶען בְּשַׁעַת מֶע וֶועט זִיךְ קַאטְשֶׁען, אִיז דָאס עֶפֶּעס אַ שַׁארְפֶע הִילְף? אִיהְר פַאר שְׁטֶעהְט דָאס תְּקִיפוּת פוּן אַזוֹינֶע ווִילְקֶעלִיךְ? גְלַאט רִיטְלִיךְ פוּן אַ בֶּעזִים! נִיחַייא וָואלְט מֶען חָאטְשׁ גֶעגֶעבִּין שְׁטָאלֶענֶע, אָדֶער טְשִׁיגוּנֶענֶע.

צְוַוייטֶענְס! אִיז עֶפֶּעס אַ חִילוּק, דֶער וָואס אִיז שׁוֹין אוֹפֶן אָרְט, אָט וֶוערְט עֶר לֶעבֶּעדִיג, הַאפְּט עֶר זִיךְ שׁוֹין צוּ, צוּ אַיין שְׁטִיקֶעל גֶעשֶׁעפְּט, אַ שֶׁענְקִיל, אַ קְלֵייטִיל, דֶער שְׁלָאגְט זִיךְ צוּ אַשְׁטִיקֶעל אֵייגֶענֶער דִירָה, אֵיידֶער עֶס וֶועלִין צָן קוּמֶען אַלֶע כְּלָאנִיבֶער, טִינְקֶעוִויצֶער, מִירֶער, אָרְשֶׁער, לִידֶער, וָואלָאזִינֶער, סְלוּצְקֶער, אַ שְׁפַּאס דַאכָאלְס אַ דִירָה אִין יְרוּשָׁלַיִם? חָלֶעבֶּען מֶע פִיהְרְט אַיין אַ שְׁטִיקֶעל אַכְסַנְיָה, אָט פַאר בְּלָאנְזִיט אַ מָאהְל אַ סוֹטֶה פוּן אַ שְׁטֶעדְטִיל, אַ יוֹלֶדֶת, אַ סַאךְ צַנֶדְעְרֶע וָואס דַארְפֶען בְּרֶענְגֶען קָרְבָּנוֹת, אַ פְּרֶעמְדֶער מֶענְשׁ ווייס טַאקִי נִיט וִויא אוּנ וָואס, אָט וֶוערְט אַ קָאפִּיקֶע, צוּ אַיין אוֹרֵחַ דֶער לֵייגְט מֶען נִישְׁט, אָבֶּער דֶער וָואס וֶועט זִיךְ קַאטְשֶׁען, בִּיז עֶר וֶועט דֶער קְרִיכִין, בִּיז וָואס וֶוען, אָט וֶוערְט צוּ קְרָאכִין דִיא עֶטְלִיכֶע גִילְדִין. —

אַיי וֶועט אִיהְר פְּרֶעגִין? זָאל שׁוֹין זַיין אַז עֶר אִיז גֶערֶעכְט, אָבֶּער וֶוער אִיז מְחוּיָב אִיהְם גֶעבִּין גֶעלְד? מֶע זָאל אִיהְם שִׁיקִין נַעֲבָדוֹת צַהִין? פַאר וָואס זָאל אִיהְם בֶּעסֶער זַיין וִוי אַנְדֶערֶע? וָואס פַאר אַיין יִלִיד וֶועט מֶען דָא הָאבִּין, אַז עֶר וֶועט זִיךְ הִיבִּין צוּ [illegible] צוּ [illegible], אוּנ אֶפְשַׁר

גאר

גָאר צוּ אֵיין אַכְסַנְיָה, אוּנ טַאקִי אַרוּם דֶעם הַר הַבַּיִת ? אִיךְ קָאן אַייךְ מַבְטִיחַ זַיין, אַז עֶר וֶועט דֶער נָאךְ קֵיין לִיטְוַואק אֲפִילוּ אוֹפֶן שְׁוֶועל נִיט אַרוּיף לָאזֶען, מַכֲּ‍ַמַת עֶר וֵייסְט דָאךְ וָואס פַאר קַארְגֶע לַייט זֵייא זָענֶען, אוּנ אַז מֶע קָאן פוּן זֵייא גָאר נִישְׁט דֶער לֶעבִּין. —

בְּקִיצוּר, נָאךְ מַיין שֵׂכֶל וָואלְט אִיךְ זֵייא טַאקִי אַ גְרָאשִׁין אוֹיךְ נִיט גִיגֶעבִּין, וָואס אַרְט דָאס מִיךְ ? וָואס בִּיסְטוּ דָא פַאר אַ יַחְסָן ? וָואס בִּיסְטוּ אַזַא זוֹלֵל וְסוֹבֵא אוֹיף אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל עֶרְד ! נִישְׁקָשָׁה ! דִיא מֶעגְסְט אוֹיךְ גְלַייךְ מִיט אַלֶע לִיטְוַואקֶעס אִים גֶעהְן נַעוָונָד, נָאךְ דִיא גִלְגוּל מְחִילוֹת אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנ זִיכִין פַּרְנָסָה, אִיהְר פַאר שְׁטֶעהְט אַ שֵׂכֶל ! עֶר הָאט זִיךְ אִין דֶער הַיים בְּסַךְ הַכֹּל נָאר דְרַייא מָאהְל בַּאנְקְרָאטִירְט, גֶעטָאהְן כָּל הַפַּסְלָנוּת שֶׁבָּעוֹלָם, אוּנ לְסוֹף ווִיל עֶר זִיךְ נָאךְ פַאר זָארְגִין, אִי אוֹיף נָאכֶען טוֹיט, אִי אוֹיף נָאךְ תְּחִית הַמֵּתִים ? אַ קְרֶענְק אִין דִיא בֵּיינָער ! פַאר וָואס קוּמְט דָאס דִיר ? —

הֶערְט נָאר ! עֶר הָאט מִיר גֶעטוּהְן אַ גְרוֹיסֶע טוֹבָה, עֶר הָאט חַתוּנָה גִימַאכְט אַלֶע קִינְדֶער ? בּוּרְדָטָא עֶס פֶעהְלְט ח״ו אֵיינֶער צוּם מִנְיָן, אוּנ קֵיין גוֹלֶם אִיז אוֹיךְ נִישְׁטָא צוּ בַּאקוּמֶען, הָאט עֶר אוּנְז אַ טוֹבָה גִיטָאהְן אִין אַ מֶענְשִׁין, אִין אֱמֶת קָאן אַ מָאהְל אִין דֶער לִיטָא טַאקִי זַיין אַ דוֹחֶק אִין מֶענְשִׁין, אַ שְׁפַּאס אַז אִין דֶעם קְלֶענְסְטֶען שְׁטֶעדְטִיל גֶעפִינְט זִיךְ אַ עֶרֶךְ פוּן 20 בָּתֵּי תְּפִלּוֹת, אַ גְרוֹיסֶע שׁוּהְל, בָּתֵּי מֶדְרָשִׁים, קְלַייזְלִיךְ, שׁוּלֶכְלִיךְ, שְׁטִיבְּלִיךְ, גְלַאט מִנְיָנִים, וָואס אִיז ? יֶעדֶער ווִיל טַאקִי נֶעבַּאךְ פָארְט הָאבִּין אֵיין עֲלִיָּה אַלֶע שַׁבָּת, אוּנ טַאקִי אַ רֶעכְטֶע, לְכֹל הַפָּחוֹת אַחֲרוֹן, חָלֶעבֶּען נִימֶער עֶרְגֶער, עֶסֶען עֶסְט מֶען אַלֶע וֵוייטִיגִין מַיינֶע שׂוֹנְאִים, דַאֲגוֹת אוֹנְגַעְרִין קָאפּ, נָא אַז מֶע זָאל נָאךְ נִיט הָאבִּין אַלֶע שַׁבָּת חָאטְשׁ אֵיין עֲלִיָּה אִין טַאקִי אַ פֶּעטֶע, וָואלְט מֶען שׁוֹין גָאר אוֹיס גֶעגַאנְגֶען פוּן דִיא כֹּחוֹת, דֶערִיבֶּער מוּז מֶען מַאכִין אַ סַאךְ מִנְיָנִים, אִיז טַאקִי דָא דֶערִיבֶּער אַ שְׁטִיקֶעל דוֹחַק אִין מֶענְשִׁין, אוּנ דוּרְךְ דֶעם, הָאט טַאקִי דֶער קְרֶעמֶער פַאר דִינְט בַּייא דֶער שְׁטָאדְט דֶער מִיט וָואס עֶר הָאט גִיזֶעהְן קוֹדֶם כָּל הַתוּנָה מַאכִין אַלֶע קִינְדֶער, אָט קוּמְט צוּ אֵיין אֵיידֶעם, פַאר וָואס נִיט ? דֶער וַוייל קִינְדֶערְלְט מֶען אִינְטֶער אֲפִילוּ גָאר גֶעשְׁמַאק, אָט אַ יָאהְר פַאר אַ יָאהְר, וֶוערִין שׁוֹין דִיא זְכָרִים בַּעַל מִצְוָה, נָא טוֹיגִין זֵייא שׁוֹין אוֹיךְ צוּם מִנְיָן. —

לַאכִין מֶעג מֶען, אָבֶּער אִין אֱמֶת אִיז דָאס אַ הַארְץ וֵוייטוּהְג, אִיהְר מֶעגְט מִיךְ אֲפִילוּ הַאלְטִין פַאר אֵיין אַפִּיקוֹרֶס, אִיךְ זָאג אַייךְ אִיךְ בִּין גָאר נִיט צוּ פְרִידִין פוּן דִיא פִיל בָּתֵּי תְפִלּוֹת, עֶס וָואלְט אַ סַאךְ גְלַייכֶער גִיוֶועהְן, אַז עֶס זָאל מֶעהְר נִיט זַיין נָאר אֵיינִיגֶע הִיפְּשֶׁע בָּתֵּי תְּפִלּוֹת, פַיין אוֹיף גֶעפִּיצְטֶע, מִיט אֵיין אָרֶענְדְלִיכִין חַזָן, וָואס טוֹיג צוּ זַיין זַאךְ, אַ רֶעכְטֶער קוֹרֵא בַּתּוֹרָה, מִיט אֵיין אָרֶענְדְלִיכִין מַגִיד, אֵיין גֶעבִּילְדֶעטֶער מֶענְשׁ, אוּנ טַאקִי גֶעבִּין זֵייא רֶעכְטֶע שְׂכִירוּת, וָוארוּם דִיא אַלֶע הַכְנָסוֹת פוּן דִיא קְלֵיינֶע שׁוּלֶכְלִיךְ וָואלְט דָאךְ זִיךְ צַאזַאמֶען גֶעקְלִיבִּין אִין דִיא אֵיינִיגֶע בָּתֵּי תְּפִלּוֹת, וָואלְט דָאךְ טַאקִי דִיא זַאךְ אַ פָּנִים

נָעהַאט, אַיי אֵיין עַלִיָּה ? נִישְׁקְשָׁה ! עַל פִּי דִין קָאן מֶען יוֹצֵא זַיין אֲפִילוּ אִין 10 וָואכִין אַ מָאהְל מִיט אֵיין עַלִיָּה, עֶסְט נָאר אַ רֶעכְט שְׁטִיקֶעל פְלֵייש, אוּנ זַייט זִיךְ אַ בִּיסֶעל מַרְחִיק נָאר פוּן דֶעם קְרוּפְּנִיק, יִמַּח שְׁמוֹ, וֶועט אִיהְר זֶעהְן וָואס פַאר אַ פָּנִים אִיהְר וֶועט הָאבִּין, אִיךְ זָאג מַיינְס, אַ עַלִיָּה אִיז אֵיין עַלִיָּה, וָואס מַאכְט עֶס אוֹיס ? דָאס שְׁטִיקֶעל תּוֹרָה, אָדֶער יֶענְץ שְׁטִיקֶעל תּוֹרָה ? אִיךְ וָואלְט גָאר מְבַטֵּל גִיוֶועזִין דֶעם גַאנְצֶען יִחוּס פוּן שְׁלִישִׁי, שִׁשִּׁי, אַחֲרוֹן, מַפְטִיר, אִיךְ וָואלְט גִימַאכְט אַז אִין דֶער תּוֹרָה זָאל גָאר קֵיין חִילּוּק נִיט זַיין, אַלֶע עַלִיּוֹת זָאל זַיין גְלַייךְ אִין דֶער מַדְרֵגָה, אָט דָא וָואלְט מֶען פָּטוּר גִיוָוארִין דִיא קְלֵייזְלִיךְ מִיט דִיא צֶעהָאוָואיֶע שוּלֶעכֶער, מֶע וָואלְט זִיךְ פַאר שְׁפָּארְט פַּאטְשִׁין פַאר עַלִיּוֹת 1) פְּרָאסְטֶע אוּנ גְרָאבֶּע מֶענְשִׁין וָואלְטִין וִויא גִיוֵויזְן אַזוֹינֶע שְׁטַארְקֶע קְרִיגֶער צוּם

---

1) אִיבֶּער הוֹיפְּט אִיז דִיא צֶעהָאוָואיֶע שוּהְלֶען, אוּנ אִין דִיא מִנְיָנִים טְרֶעפְט זִיךְ אָפְט אוּנ אָפְט אַזֶעלִיכֶע סְצֶענֶעס, וָואס עֶס אִיז גָאר אֵיין חֶרְפָּה פָארִין טוֹיל צוּ בְּרֶענְגִין, וִויא פִיל מָאהְל הָאט זִיךְ גִיטְרָאפִין, אַז אֵיינֶער אַ שְׁנַיידֶער וָואס הָאט שְׁטַארְק גִירֶעכִינְט אוֹיף זַיינֶע תְּקִיפוֹת, אַז אִיהְם גֶעהֶער נָאר שִׁשִּׁי, אוּנ אַנְאַנְדֶערֶע עַלִיָּה וִויל עֶר מַמָּשׁ אִין הַאנְט נִיט נֶעמֶען, הָאט עֶס גוּט בֶּעמֶערְקְט אַז דֶער גַבַּאי אַ דַאמְסְקֶע שְׁנַיידֶער, וָואס עֶר אִיז מִיט אִיהְם אִין מַחֲלוֹקֶת, הָאט נָאר נִיט אִין דֶער מַחֲשָׁבָה אִיהְם אוֹיף רוּפֶען שִׁשִּׁי, אוּנ אִיהְם הָאט דָאס אָבֶּער גוּט צוּ גֶעשְׁפָּארְט חָאטְשׁ לָאפּנֶע, עֶר מוּז זַיין שִׁשִּׁי, טְרֶעפְט וָואס עֶר הָאט גִיטָאהְן ? אַרוֹיף גֶעגַאנְגִין אוֹיף דֶער בִּימָה נִיט קֵיין גֶערוּפֶענֶער, הָאט עֶר מוֹרָא גִיהַאט, אַז עֶס וֶועט תֵּיכֶּף וֶוערִין אַ גִיפַּאטְשֶׁעטְרַייא, אוּנ עֶר וֶועט נִיט אוֹיס פִּירִין, אִיז עֶר גִיפַאלִין אוֹיף אֵיין הַמְצָאָה, אַ שֵׂכֶל וָואס אַ שֵׂכֶל הֵייסְט, עֶר אִיז אַרוֹיף גִיקְרָאבִין אוֹפֶּן בַּאנְק וָואס שְׁטֶעהְט לֶעבִּין דֶער בִּימָה צוּ דֶער זַייט פִּינֶ'ם אָרוֹן קוֹדֶשׁ, מִיטִין פָּנִים צוּ דֶער טִיהְר, אוּנ הָאט גִיעֶפִינְט דִיא תּוֹרָה פוּן דֶער לִינְקֶער זַייט, אוּנ הָאט שוֹין גִימַאכְט דִיא בְּרָכָה, אִיהְר פַאר שְׁטֶעהְט לִיבֶּע לֶעזֶער ! דָאס אִיז גִיוֶועהְן דַוְקָא מִיט חֵן, שְׁטֶעהְלְט אַייךְ פָאר אַ גְרָאבֶּער שְׁנַיידֶער אוּנ אֵיין הוֹיכֶער, הַאלְבּ מְבוּשָׁם (נָאךְ פוּן נֶעכְטִין) שְׁטֶעהְט אוֹיף אַ בַּאנְק מִיטִין אָחוֹר צוּם אָרוֹן קוֹדֶשׁ, וִויא אַ מַגִּיד, אוּנ מַאכְט אַ בְּרָכָה גָאר פוּן דֶער לִינְקֶער זַייט, אוּנ דֶער וַוייל אִיז אַרוֹיף אוֹיף דֶער בִּימָה טַאקִי דֶער דָאזִיגֶער וָואס דֶער גַבַּאי הָאט אִיהְם מְזַכֶּה גִיוֶועהְן מִיטִין שִׁשִּׁי, נָא וָואס טוּהְט מֶען ? דֶער מַאכְט פוּן דֶער זַייט, אוּנ דֶער פוּן דֶער זַייט ? פִיל יוּנְגֶע שְׁנַיידֶערְלִיךְ הָאבִּין גִיוָואלְט פוּן הִינְטִין אַרוּם אַרָאפּ שְׁלֶעפֶּען דֶעם שִׁכּוֹר פִינֶ'ם בַּאנְק, עֶר אִיז אָבֶּער אוֹיךְ קֵיין נַאר נִיט, עֶר הַאלְט זִיךְ שְׁטַארְק אָהְן אִין דִיא עֵץ חַיִּים'ס, אוּנ שְׁלֶעפְּט מִיט זִיךְ דִיא תּוֹרָה, אָט דָא הָאבִּין אָנְגֶעהוֹיבִּין פְלִיהֶען פֶּעטְשׁ פוּן אַלֶע זַייטִין, עֶר הָאט אוֹיךְ גִיהַאט אַ שְׁטַארְקִין צַר, מֶען אִיז פַאר פָארִין דֶעם גַבַּאי אוּנְטֶערִין אוֹיער

צוּם עָמוּד, הַלְוַואי זָאל זֵייא גָאט הֶעלְפִין חָאטְשׁ פַאר זִיךְ וִויא עֶס אִיז דוּרְךְ קְרִיכִין דָאס דַאוֶוענֶען, מֵילָא אַ וָואכִידִיג דַאוֶוענֶען אִיז נָאךְ סִיאַק טַאק, פָאְרְט בַּאקֶענְטֶע וֶוערְטֶער, שְׁטַארְק אֵיינְגֶעדַאוִוינְט, אָט גֶעהְט עֶר אַ גַאנְג, אָבֶּער אַ שְׁטֵייגֶער אִים יוֹם טוֹב, דָאס גְרוֹיסֶע שְׁטִיק מַחֲזִיר פַאר דֶער קְדוּשָׁה, וָואס דָארְטִין הָאט זִיךְ דֶער פַּיְיטָן אִין אֶמֶת פַאנַאנְדֶער גִילָאזִין גָאר אָהְן רַחֲמָנוּת, דָארְטִין פֶּערְלִירְט אַ פְּרָאסְטֶער יוּד טַאקִי דִיא כֹּחוֹת, אַז עֶס אִיז טַאקִי אַ צַעַר בַּעֲלֵי חַיִּים, עֶס פְלִיהֶען טַאקִי מַמָשׁ דִיא צֶעהְן פִינֶ'ם מוֹיל, מֶע וֶוערְט נֶעבַאךְ אָב גִיגָאסִין מִיט שְׁוַויים, עֶס אִיז נִישְׁטָא אֵיין רֶעכְט וָוארְט, מֶע פְלִיהְט אִיבֶּער שְׁכֶם אוּנ אִיבֶּער יוֹסֵף, דִי פִּיְיעֶנֶע לוֹיפְט פִינֶ'ם מוֹיל, אוּנ דָא אִיז נָאךְ אַ מֶרְחָק רַב צוּ קְדוּשָׁה, דֶער גְרַאם גֶעהְט שׁוֹין אֲפִילוּ אַלֶע מָאהְל שְׁטַארְקֶער (דָאס אִיז אַ סִימָן, אַז דֶער פַּיְיטָן אַלֵיין וִויל זִיךְ שׁוֹין אוֹיךְ צוּ שְׁלָאגִין צוּ דֶער קְדוּשָׁה) וָואס אִיז אָבֶּער דִיא פְּעוּלָה? דֶער פִּיוּט קֶעלְבְּט זִיךְ! אַהַא! דֶער חַזָן קָאכְט שׁוֹין, אָט אָט טְשׁוּט לֶעבִּין מְשַׁלְשְׁלִים, אוּנ זֵייא נֶעבַאךְ מוּזֶען אִין מִיטִין דֶער אַרְבֵּייט מַפְסִיק זַיין אוּנ זָאגִין קְדוּשָׁה, נָא אַשְׁטֵייגֶער אַז אַזוֹינֶע מַאכֶערְם פָּאפַּארֶען זִיךְ גָאר צוּם עָמוּד, אִיז עֶפֶּעס אַ חֵן הַא?

אָט דֶערִיבֶּער, אִיז בַּא מִיר דֶער קְרֶעמֶער גָאר קֵיין יַחְסָן נִיט, וָואס עֶר הָאט חַתוּנָה גִימַאכְט אַלֶע קִינְדֶער, פוּן מֵיינֶעט וֶועגִין הָאבִּין נָאךְ גִיקֶענְט אַ פָּאר בָּחוּרִים זִיצֶען נָאךְ עֶטְלִיכֶע יָאהְר, אוּנ עֶר זָאל טַאקִי זַיין אִין דֶער לִיטָא, זָאלִין אִיהם טַאקִי עֶסֶען דִיא וֶוערִים נָאבֶעי טוֹיט, זָאל עֶר זִיךְ טַאקִי קַאטְשֶׁען, הָאבִּין גִלְגוּל מְחִילוֹת, אִיהְר מֵיינְט אֶפְשַׁר, אַז אַ סַאךְ פוּן דִיא לַייט שְׁטַארְבִּין נִיט אִין חוּץ לָאָרֶץ? זֵייא קָאנֶען דֶען אַ פָּנִים אֵיין זִיצֶען דָארְטִין! מֶע הַאפְּט זִיךְ אָפְּט אוּנ אָפְּט אַרוֹיס מַאכִין אַ גְרָאשִׁין, וָואס אִיז? וָואס בִּיסְטוּ גֶעקוּמֶען? אַ הַיישֶׁערִיג אִיז אָן גֶעפַאלִין, עֶס גֶעהְט נִיט קֵיין רֶעגִין דָארְטִין, עֶס אִיז עֶרְד צִיטֶערְנִישׁ, אַיי וֶוער הָאט דִיךְ גִיבֶּעטִין צוּ פָארִין אַהִין? דֶער טֶערְק קָאן זִיךְ אָהְן דִיר נִיט קְרַאצִין? נֵיין! עֶס אִיז אָבֶּער דָארְטִין וָואלְוֶועל בָּאקְסֶערֶען, שֶׁמֶן

זַיִת

---

אוֹיֶער, אַ סַאךְ חַיָיטִים פוּן דִיא אַלְטֶע, הָאבִּין בֶּעלֶעגֶערְט דִיא תּוֹרָה, אַז זִיא זָאל ח״ו נִיט אַרָאבּ פַאלִין אוֹיף דֶער עֶרְד, אוּנ אִין שׁוּלְכֶען אִיז אַ רַעשׁ אוּנ אַ מְהוּמָה, עֶס פְלִיהֶעט קוֹלוֹת אוּנ זִידְלֶערֵייא פוּן אַלֶע זַייטִין, אַלֶע טַלֵיתִים זֶענֶען צוּ פְלִיקְט גִיוָוארִין אוֹיף שְׁטִיקֶער, סְטֶענְדֶערְם צוּ בְּרָאכִין, מִיט דִיא הֶעסֶעם פוּן דִיא הֶענְגְלַאכְטֶערְם הָאט מֶען מִלְחָמָה גִיהַאלְטִין. — בְּקִיצוּר, עֶס אִיז גִיוֶועהְן פַיין אוּנ אָרִינְדְלִיךְ, אוֹזֶן שֶׁיִּנְכְּסִין גְרַאד.

נָאךְ שַׁבָּת, הָאבִּין דִיא בֵּיידֶע צְדָדִים פַאר פִירְט אַ פְּרָאצֶעס, גִישְׁטֶעלְט פַאלְשֶׁע עֵדוּת, אוּיס גֶעבְּרַאכְט אַ סַאךְ גֶעלְד, פַאר זֶעצְט אַלֶע כְּלֵי קוֹדֶשׁ, אוּנ עֶס אִיז גִיוֶועהְן צוּ זִינְגִין אוּנ צוּ זָאגִין. —

נַחת, טייטלין מ הלגראמען, נא ביסטו גלאט א נאשער? וואקזשע ווילסטו פון אונז האבין? זיץ אין דער ליטא, קיין היישעריג איז ב"ה נישטא, וואסער איז דא לרוב, דיא ערד ציטערט ניט, אונ עס טאקי ווייטער קרופניק, קויק זיך מיט עפיל קוואס, אדער גאר מיט דייזשע קוואס, איי וואס? דיא ווילסט אפשר גאר איין ריידין, אז דיא מיינסט גאר טאהן א טובה דעם כלל ישראל, דיא וועסט זיך פיעסטען פארין כותל מערבי, זיך מ'הען אז מען זאל דעם טערק ארויס ווארפין פון ירושלים, אט דאס קאן איך טאקי דיר גלויבין, מע זעהט ברוך השם, אונ מע הערט, אין אלע צייטונגען דיא גוטע פאבראדקעס פון ירושלים, עס איז פשוט א חרפה צו הערין, עס איז דארטין גאר פשוט גראבעזש, יעדער קלעהרט אוים אנאנדער שקר אבי אוים מאנטען דיא עטליכע גילדין פון חוץ לארץ 1) . —

אפשר דארף מען העלפען דעם אנזעצער צו פאהרין קיין ארץ ישראל, כדי ער זאל היטין דארטין דאס ביסעל אימושטשעסטווא, וואס האט זיך אונז אבגעשטעלט פון דיא אלטע צייטין, דאס איז דער כותל מערבי, אויף אונזערע שונאים גיזאגט גיווארין אזא ירושה! דריבער הערט איהר ברידער וואס איך וועל אייך זאגין, השי"ת זאל אונז היטין פון אזעלכע תכליתים, פון אזוינע פלאנען צום לעבין, נאר אזעלכע פוסטע מענשין וויא מיר זענען, זענען מיר נאך גיט בעווארענט, פון זיין ארץ ישראל יודען אויף דער עלטער.

דערום וויל איך מיט גאטעס הילף, חאטש מיינע קינדער מציל זיין פון אזוינע פאסקודנע גישעפטין, פון אזא ברודנע לעבין, איך בין ניט מקנא אפילו דעם רייכען וואס לעבט פון גאלץ שווינדעל, ער ווייסט אויך ניט פון קיין טאג אונ קיין נאכט, אונ בפרט דיא פוסטע שווינדלער, דיא אביונים, דיא קבצנים, פליהען אים וויא דיא רוחות מיט פארדרעהטע קעפ, עסין ניט, אונ האבין טאקי ניט וואס צו עסין, טאג אונ נאכט איז הא הא, מע קריגט

זיך

---

1) ווער שמיעסט פון דער וואלינער חברה, דיא חסידישע ארץ ישראל יודען, דארט איז גאר א צרה, גאר רציחות, דיא גבאים דיא גוטע יודען מיט זייערע פאמאטשניקעס וואס נעמען צו נויף דאס געלד אין חוץ לארץ, זייא גנבענען אראפ דער פון 90 פראצענט, דיא 10 פראצענט וואס בלייבט פון זייא, שיקט מען דאס ערשט צו, צו דעם גבאי הכולל דער געוויסער גרויסער סאדיגערער חסיד אין ירושלים, ער האט ב"ה אויך שכל, ער נעמט זיך אליין אראפ פון דיא 10 פראצענט 9 אונ המותר ווערט פאר טייהלט דעם גאנצען עולם, נא וויא פאר שטעהט איהר, וואס דארט ווערט פאר אמין געוואלד, פאר א גראבעזש? פשוט איינער וויל פון דעם אנדערענס טויל אוים רייסען, וואס דען זאל ער טאהן? חלעבען עס איז טאקי כדאי צו פארין קיין א"י! —

זִיךְ, מֶע שֶׁעלְט זִיךְ, מֶע שְׁווִינְדֶעלְט, מֶע אָבְּבַּאנְגֶעוֶועט, מֶע רַייסְט פוּן מוֹיט אוּנ פוּן לֶעבֶּעדִיג, יֶעדֶער גְרָאשְׁין פַאר לוֹיפְט מִיט בְּלוּט, נָא דָאס וֶוערְט אוֹיךְ אָן גִירוּפֶען גִילֶעבְּט? פוּן אַזַא פִיהְרוּנְג הָאט מֶען נִיט דִיא וֶועלְט, אִי יֶענֶע וֶועלְט, נָאר כַּפָּרָה, פוּן אוּנְז קָאן שׁוֹין קֵיין בֶּעסֶערֶער תַּכְלִית נִיט זַיין. —

אָבֶּער לָאזִין אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער אוֹיף הֶפְקֵר, אִיז גֶעוִויס אַ גְרוֹיסֶע רְצִיחָה, אוּנ וָואס הָאב אִיךְ מוֹרָא? וָואס קָאן מֶען מִיר טָאהְן? אֶפְשַׁר נִיט אוֹיפְרִיהְפֶען צוּ דֶער תּוֹרָה? אָדֶער אַרַיין רִיקֶען מִיר אֵיין הוֹסָפָה, אֵיינְס פַאר אַחֲרוֹן? הַא טַאקִי גַאנְץ שְׁלֶעכְט! עֶס אִיז טַאקִי כְּדַאי חָלֶעבִּין צוּ לִיבּ אַזוֹינֶע פּוּסְטֶע שְׁטָאכְטֶעס אִיבֶּער פִיהְרֶען קִינְדֶער פוּן בֵּיידֶע וֶועלְטִין, אַיי אַיי בְּרִידֶער! זֶענִין מִיר דָאס אַבִּיסֶעל רוֹדְפֵי כָּבוֹד? אוּנ נָאךְ אַזַא נַארִישֶׁען כָּבוֹד, וָואס אִיז, זוּכֶען בַּחֲזָקָא שִׁשִּׁי אָדֶער אַחֲרוֹן, וִויא גִיפֶעלִין אַייךְ אַזוֹינֶע שְׁטוּתִים? מֶע זֶעהְט דָאךְ טַאקִי וִויא רִיכְטִיג אוּנ פַיין עֶס וֶוערְט אָבּ גִיקְלֶעהְרְט אוֹיף דֶער בִּימָה, וֶועמֶען מֶע הָאט דָא מְכַבֵּד גִיוֶוען מִיט דֶעם שִׁשִּׁי? אַ קַאטָאוֶועס אֵיין אִישׁ יָקָר? אַ גַנָּב, אַ גַזְלָן, אַ רוֹצֵחַ, אַ בְּלוּט זוֹיגֶער, אָט דָאס אִיז דֶער שִׁשִּׁי! —

בֶּאֱמֶת אִיז נָאר אַ הַארְץ וֵוייטִיג צוּ קוּקֶען דִיא פָּארַאדְקֶעס פוּן דִיא בָּתֵּי תְּפִלּוֹת, עֶס אִיז נָאךְ וֵוייניג דֶער שְׁווִינְדֶעל אוּנ דֶער שֶׁקֶר אִין גַאס אוּנ אִין שְׁטוּב, וֶוערְט דָאס נָאךְ פְּרַאקְטִיקִירְט אִין שׁוּהְל, אִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ אוֹיךְ, דֶער כְּלַל עֶס אִיז נִישְׁטָא וִויא זִיךְ צוּ בֶּעהַאלְטִין, אַז מֶע זָאל זִיךְ קָאנֶען פַאר גֶעסִין דִיא נִידֶער טְרֶעכְטִיגֶער גֶענְג, וִויא אַהִין מֶע קוּמְט אִיז דֶער וִוינְד אִין פָּנִים, מֶע וֶוערְט טַאקִי אַזוֹיא פַאר דָארְבִּין, אַז מֶע פִיהְלְט שׁוֹין גָאר נִיט קֵיין פוּנְק פוּן יוֹשֶׁר, פוּן אֱמֶת, נָאר הוֹילֶע חֲנִיפָה, בֶּעטְרִיג אוּנ שֶׁקֶר. —

דִיא גְרֶעסְטֶע שִׂנְאָה אוּנ קִנְאָה אוּנ אוּנְרוּהִיגְקֵייט, אִיז נָאר אִין דִיא בָּתֵּי תְּפִלּוֹת, דָארְטִין זֶעהְט יֶעדֶער גַאנְץ קְלָאהְר, אַז נָאר דֶער רוּבִּיל שְׁפִּיהְלְט דִיא רָאלֶע, דֶער אֶבְיוֹן לִיגְט אִין דֶער עֶרְד אֲפִילוּ אִין הֵיכָל הַקוֹדֶשׁ, אִיהְם גִיבְּט מֶען אֵיין הוֹסָפָה, אוּנ אֵיין מָאהְל אִין 10 וָואכִין, מֶע רִיקְט אִיהְם אַרַיין אַמָאהְל נָאר דִיא תּוֹכָחָה, וֶוער רֶעדְט פוּן אַ הוֹצָאָה אָדֶער אַ הַגְבָּהָה, אִיז עֶר נֶעבַּאךְ גָאר זְשֶׁענֶדֶע, אַז עֶר וֵוייסְט גָאר נִיט דֶעם טַעַם דֶער פוּן, הַיינְט וִויא אִיז זַיין אָרְט? נֶעבֶּען דֶער טִיהְר, אוּנְטֶערִין אוֹיוֶוען, אָט דָארְטִין פַאר שְׁטֶעהְט עֶר עֶרְשְׁט וָואס פַאר אֵיין אוּנְגְלִיקְלִיכֶער מֶענְשׁ עֶר אִיז, אַיי! טְרַאכְט עֶר זִיךְ וִויא אַזוֹיא קְרִיגְט מֶען דָאס בִּיסֶעל מִינְץ? אָט יֶענֶער אוּנ יֶענֶער, וֶוער קָאן נָאךְ אִיהְם אַזוֹיא גוּט וִויא אִיךְ, אֵיין עַם הָאָרֶץ, אַ גְרָאבֶּער בְּרוּדֶער, אַ מֶערְדֶער, הָאט גִיקְרִיגֶען אַבִּיסֶעל מְזוּמָן דוּרְךְ אָבְּמַאן, דוּרְךְ גְנֵבוֹת, שְׁטֶעהְט עֶר שׁוֹין אִין מִזְרָח, הַאפְּט דִיא בֶּעסְטֶע עֲלִיּוֹת, אַ הוֹצָאָה אַ הַגְבָּהָה, נָא לְמָשָׁל אַז דִיזֶען אֶבְיוֹן זָאל זִיךְ מַאכִין אַ סְלוּטְשַׁאי בֶּעקוּמֶען עֶפִּים אֵיין אַפּוֹתִיקָא וִויא מֵיינְט אִיהְר? וָואלְט עֶר נִיט אָב גִיטָאהְן כָּל הַפַּכְלָנוּת שֶׁבָּעוֹלָם? יֶעדֶער מֶענְשׁ

וויל

ווייל דָאךְ נִיט זַיין אַזַא נִרְדָף, נִיט בֶּעקוּמֶען קֵיין טְרֵייסְט אֲפִילוּ אִין גָאטֶעס הוֹיזֶע. –

אוּנ וָואס אִיז דִיא וַואהְרֶע סִבָּה דֶער פוּן? נָאר דִיא פִיל שוּלִיכְלִיךְ, מֶע מוּז דָאךְ הָאבִּין הַכְנָסָה, הָאט מֶען גִימַאכְט פוּן אַלֶע הֵיילִיגֶע שׁוּהְל מִנְהָגִים פַאר כִּבּוּדִים, אוּנ מֶע פַאר קוֹיפְט דָאס אַלֶעס וְויא לִינְג אוּנ לֶעבֶּער, אַבִּי אַרוֹיס קְרִיגֶען דָאס קֶערְבִּיל בַּייא דֶעם גְרָאבִּין יוּנְג דֶעם גְבִיר, אָבֶּער אַז עֶס וָואלְט נָאר גִיוֶועןְ לְמָשָׁל אִין אַ שְׁטָאט צְווייא גְרוֹיס אַרְטִיקֶע בָּתֵּי תְּפִלּוֹת, דִיא הוֹצָאָה זָאל זַיין נִיט פוּן יְחִידִים, נָאר עֶפִּיס פוּן אַ קוּפַּת הַקָהָל, נָא וָואלְט מֶען שׁוֹין פַאר שְׁפָּארְט שְׁמֵייכְלֶען אַזוֹינֶע פָארְלֶע מֶענְשִׁין, דָארְטִין הָאט מֶען שׁוֹין גִיקָאנְט נָאר מְבַטֵל זַיין אַלֶע כִּבּוּדִים, אַלֶע עֲלִיּוֹת זָאלִין הָאבִּין אֵיין וֶוערְט, הוֹצָאָה, הַכְנָסָה. הַגְבָּהָה, בֶּארְף מֶען נָאר נִיט מְכַבֵּד זַיין אַ פְּרִיוַואט מֶענְשִׁין, דָאס אַלֶעס בַּארְף טָאהְן דֶער חַזָן, דֶער קוֹרֵא, אִין אַזוֹינֶע בָּתֵּי תְּפִלּוֹת וָואלְט מְקוּיָם גִיוָוארִין דֶער פָּסוּק „קָטָן וְגָדוֹל שָׁם הוּא, וְעֶבֶד חָפְשִׁי מֵאֲדוֹנָיו" דָאס הֵייסְט: קְלֵיין אוּנ גְרוֹיס זֶענִין גְלַייךְ, מַחֲמַת אִין אַ מָקוֹם קָדוֹשׁ בְּרוֹיכְט צוּ זַיין אֵיין אֶמֶתֶע וֶועלְט, אַקֶעגִין גָאט זֶענִין אַלֶע גְלַייךְ, אוּנ אִין גָאטֶעס הוֹיז גִיבְּט נִיט קֵיין יִחוּס, גֶעלְד, קֵיין תְּקִיפוּת, קֵיין חָכְמוֹת, דָארְט בַּארְף הָאטְשׁ אוֹיף אַ קְלֵיינֶער צַייט דֶער שֶׁקֶר גֶעמִין אֵיין עֶק...

לֵיידֶער אָבֶּער בַּייא אוּנְז אִיז נִיט אַזוֹיא, מֶע בַּארְף שׁוֹין נִיט הֵיילִיגֶער אוּנ סְטְרָאגֶער, וְויא בַּייא אוּנְז יוֹדֶען אִיז רֹאשׁ הַשָּׁנָה אוּנ יוֹם כִּפּוּר, מֶע שְׁטֵייט דָאךְ אִין אֵיין טְרָא אוּנ אִין אֵיין צִיטֶערְנִישׁ, נִיחַייא וָואלְט שׁוֹין דַאמָאלְס הָאטְשׁ דֶער אֶבְיוֹן הָאבִּין אַ גוּטֶע דֵעָה, פַאר גֶעסִין אָן זַיין עֲנִיוּת, שִׁפְלוּת, דַחְקוּת, נִיחַייא וָואלְט הָאטְשׁ אִין דִיא טֶעג נִיט רֶעגִירְט דֶער שֶׁקֶר דִיא חֲנוּפָּה, דָאס עֲזוּת, דֶער פַאלְשֶׁער כָּבוֹד, נְקִימָה, נְטִירָה, אוּנ נָאךְ אַזֶעלִיכֶע מִדּוֹת רָעוֹת, וָואס זֶענִין דֶער מָאנְט אִין דֶעם „אָשַׁמְנוּ" אוּנ אִין „עַל חֵטְא" גֵיין: עֶר זֶעהְט נֶעבַּאךְ וָואס פַאר אַ פָּנִים עֶר הָאט דָא, עֶר שְׁטֵייט אַגַאנְצִין טָאג נֶעבַּאךְ אִין גִיהַאקְטֶע ווָאוּנְדֶען, עֶר זֶעהְט דִיא כִּבּוּדִים וָואס מֶען אִיז מְכַבֵּד, טָא דֶעם טָא יֶענֶעם, צוּ יֶעדֶער תְּפִלָּה טְרַאנְסְפָּארְטִירְט דֶער שַׁמָשׁ בִּידִיעַת הַגַבַּאי, טָא יֶענֶעם, וָואס הָאט בֶּעקוּמִין אַבִּיסֶעל גֶעלְד, חָאטְשׁ מֶע הָאט אִיהְם גִיחַאפְּט פִיל מָאהְל בַּייא גְנֵבוֹת אוּנ אָבְּבַאן, טָא יֶענֶעם, וָואס הָאט שׁוֹין דְרַייא מָאהְל בַּאנְקְרָאטִירְט, אוּנ וֶועט טַאקִי תֵּיכֶּף נָאךְ יָמִים טוֹבִים וַוייטֶער אָן זֶעצִין, נָא וְויא קְרֶענְקְט דָאס צוּ קוּקֶען אוֹיף אַזַא פַּארַאדָאקְס אִין אַזוֹינֶע טֶעג, אוּנ נָאךְ אִין אַ מָקוֹם קָדוֹשׁ, דֶער גַבַּאי שְׁרַייעֶט אוּנ שְׁלָאגְט זִיךְ אִין הַארְצִין „בָּגַדְנוּ, זַדְנוּ, טָפַלְנוּ שֶׁקֶר, יָעַצְנוּ רָע, כִּזַבְנוּ" נָא אַדְרַבָּה דוּא הָאסְט חֲרָטָה? זֶעה טַאקִי אָט הַיינְט גוּפָא, וְויא דוּא טוּסְט דִיא אַלֶע עֲבֵירוֹת אוֹיף וֶועלְכֶע דוּא זָאגְסְט ווִידוּי דָאס אַלֶעס זֶעהְט מֶען קְלָאהְר פוּן דַיין פַּארַאדָאקְס מִכֹּחַ דִיא כִּבּוּדִים.

הַיינְט וָואס פַאר אַ צוּקָאכֶענִישׁ עֶס טוּהְט זִיךְ צְווִישִׁין דִיא מְכוּבָּדִים,

מְכַוֵון דִיא פְּתִיחָה'ס פוּן „לְאֵל עוֹרֵךְ דִין" אוּנ דִיא אַנְדֶערֶע, וָואס פַאר אַ קְנָאָר שִׂנְאָה אוּנ חֲנוּפָה עֶס וֶוערְט דָארְטִין, נָא וָואס זָאגְט אִיהְר צוּ אַזוֹינֶע לִיבֶּע מִנְהָגִים? טַאקִי אַ פַארְגֶענִיגֶען צוּ גֶעהְן אִין אַזַא מָקוֹם קָדוֹשׁ, אוּנ זֶעהְן אַזֶעלְכֶע פָּארַאדָקְעס, אוּנ נָאךְ אִינֶ'ם הֵיילִיגֶען יוֹם הַדִין, אִין אֶמֶת, קָאן נָאר זַיין צוּזַאמֶען מִיט זֵייא, אָדֶער אַ צָבוּעַ, אַ פָּאדְלֶער קַארַאקְטֶער, אָדֶער גָאר אַ שׁוֹטֶה וָואס הָאט גָאר קֵיין שׁוּם הַרְגָשָׁה נִיט פוּן דֶער גְרוֹיסֶער וֶועלְט, וֶועלְכֶער וָוארְט גָאר כִּמְעַט נִיט גִירֶעכִינְט אַז עֶס זֶענִין דָא נָאךְ שְׁטֶעט אַ חוּץ זַיין פַארְשִׁימֶעלְט שְׁטֶעטִיל, וֶוען עֶר וָואלְט נִיט גִיהֶערְט אָפְטֶע הֶסְפֵּדִים אוֹיף רַבָּנִים פוּן אַנְדֶערֶע שְׁטֶעט, בַּייא אַזַא טִפֶּשׁ אִיז גָאר קֵיין שׁוּם סָפֵק נִיט, אַז נָאךְ אִין דֶער מִדְבָּר הָאט זִיךְ אַזוֹיא גִיפִיהְרְט, אַזוֹיא וִויא אִין זַיין שְׁטֶעטִיל, אוּנ גֶעוִויס הָאט מֶען אוֹיךְ משֶׁה רַבֵּינוּ מְכַבֵּד גִיוֶועזֶען מִיט דֶער פְּתִיחָה פוּן „לְאֵל עוֹרֵךְ דִין" (הָאטְשׁ דֶער פִּיוּט אִיז נָאךְ דַאמַאלְס גָאר נִיט בֶּעשַׁאפִין גִיוָוארִין) אוּנ קֹרַח דֶעם נָגִיד מִיט דֶער פְּתִיחָה פוּן „וְכֹל מַאֲמִינִים שֶׁהוּא" וָואס אִיז אוֹיךְ נִיט קֵיין שְׁלֶעכְטֶע פְּתִיחָה, אִיךְ הָאבּ פַיינְד צוּ זָאגִין עֶס זָאל נָאר זַיין פְרֵייהְלִיךְ אוֹפֶן הַארְצִין, קָאן מֶען שׁוֹין מִיט אַזַא פְּתִיחָה אוֹיךְ אַבִּיסֶעל שְׁטָאלְצִירֶען. —

בְּקִיצוּר, עֶס אִיז נָאךְ דָא פִיל וָואס צוּ רֵיידֶען, נָאר עֶס אִיז שׁוֹין צַייט בַּאלְד מַעֲרִיב דַאוֶונֶען, נָאר דָאס זָאלְט אִיהְר וִויסֶען, אַז מַיין פְלַאן וֶועגִין מַיינֶע קִינְדֶער אִיז שׁוֹין בַּייא מִיר פֶעסְט בֶּעשְׁלָאסִין, עֶס מֶעג שׁוֹין זַיין וָואס עֶס אִיז, עֶס וֶועט שׁוֹין אַנְדֶערְשׁ נִיט זַיין, בֶּעטְרַאכְט נָאר דָאס גוּט לִיבֶּע בְּרִידֶער! אִיהְר הָאט אוֹיךְ קִינְדֶער, זֶעהְט עֶפִּים מַאכִין פוּן זֵייא אַ תַּכְלִית, וֶועלִין זֵייא אַייךְ דַאנְקִין, אוּנ אִיהְר וֶועט פַאר שְׁפָּארִין פַאר שְׁוַוארְצֶע צוּ וֶוערִין פוּן זֵייא. —

אִין דֶעם וִויא זֵייא הָאבִּין גֶעשְׁמוּעֶסְט, הָאט אַ יוּנְגֶער מַאן אַ בְּלֵייכֶער בְּלִיט אוּנ מִילְךְ, אַ פְרִישֶׁער אַ גֶעזוּנְדֶער, אַזָאג גִיטָאהְן „בָּרְכוּ אֶת ה' הַמְבוֹרָךְ" מִיט אַזַא זִיס קוֹל, אַז מֶע הָאט אִיהְם פָּשׁוּט גִימֶעגְט דִיא בֵּיינֶער צוּ בְּרֶעכִין, נָאךְ מַעֲרִיב אַלֶע בַּעֲלֵי בַּתִּים אוּנ שְׁכֵנִים אַהֵיים, אִין שְׁטוּב אִיז לִיכְטִיג, דִיא וַוייבֶּער קָאכִין וֶועטְשֶׁערֶע, עֶס אִיז דָאךְ פָארְט יוֹם טוֹב, קֵיין גְרוֹיסֶען פַארַאד מַאכְט מֶען נִיט, מַחֲמַת מֶען הָאט דָאךְ גִיגֶעסִין אַ גוּטֶען וַוארֶמֶעס, נָאר לְכָבוֹד יוֹם טוֹב מוּז מֶען דָאךְ קָאכִין, דֶער עוֹלָם הָאט זִיךְ אַבִּיסֶעל אוּנְטֶער גִיפַּאקְט, אוּנ גִילֵייגְט זִיךְ שְׁלָאפִין. —

---

## 18.

## אַחֲרוֹן שֶׁל פֶּסַח.

גאַנְץ פְרִיא זֶענִין אַלֶע וַוייבֶּער אוֹיף גִישְׁטַאנֶען, גִינוּמֶען זִיךְ תֵּיכֶף צוּם

קאכִין

קאָבּין, צו גישׁמֶעלט דיא יוֹיךְ, דאָס צימֶעס, גיבּאַקט אַ טייגעכץ, הרעמזֶליךְ אויף כּבוד, גישׁאלטין גֶעזידעלט איינע דיא אַנדערע, וויא גיהעריג איז, ח״ו ניט פאר שׁווייגען אֲפִילוּ אויף אַ האר, גיענטפערט אַ פָּסוּק אום אַ פָּסוּק, מע דארף דאך היינט מַזְכִּיר נְשָׁמוֹת זיין. —

אַלֶע אַוועק אין דיא בָּתֵּי מִדְרָשִׁים, נאָכען דאַווענען, איז דער גאַנצער עוֹלָם פון אַלֶע בָּתֵּי תְּפִלּוֹת גיגאנגין אין דער גרויסער שוּהל הערין דעם חַזָּן, דער חַזָּן האט דאַמאלס גיארבייט מַעֲשִׂים, ארויס גיגעבין אַלע זיינע קונצטען, ער האט דעם עוֹלָם שׁטארק צו פְּלאַכטין, ער האט דעם עוֹלָם געמיטשעט בּיז דרייא אַ זייגער, דער עוֹלָם איז שוין גיווען טויט הינגעריק, זייא האבין זיך קוים אַהיים גישׁלעפּט, גיגעסין וויא נאָך אַ קרענק, גוט אָן גיפּאַקט זיך, אונ צוּ גילייגט זיך אַבּיסעל אָב רוהען, מע האט זיך איבּער געדרימעלט, דער גאַנצער עוֹלָם איז שוין אויף גישׁטאנין, אין דיא גאַסין עס שׁוויבּילט אונ גריבּעלט, מע געהט איינער צום אַנדערין צו גאַסט, יעדער מאַן אונ ווייב מיט דיא קינדערליך שׁלעפּין זיך ארום, דער, צוּ אַ מְחוּתָּן, דער, צו אַ שׁוואגער, דער, צו אַ גליעד געשׁוועסטער קינד, מע עסט הרעמזֶליךְ, מע טרינקט מעד, (פון אַ האלבּין גילדען אַ קווארט), ניט אַסאך גיזאַמט זיך אויף איין אָרט, מע מוּז נאך צו דער אַלטער מוּמע אויך אַריין געהן, חלעבין מע דארף יוֹצֵא זיין, זיא איז דאך איין אַלט מענש, עס איז ניט כְּדַאי זאטשעפּען מיט איהר, זיא איז אויף דעם אַגרויסער מַקְפִּיד, מע זאל ח״ו בּייא איהר ניט זיין, קאן מען זיך שוין פון איהר ניט אָב וואשין מיט 10 וואסערין, הערט איהר, ניט גישׁטראפט זאל מען ווערין פאר דיא רייד, דיא אַלטע מענשין זענען נאר עוֹבֵר בָּטֵל. —

דער כְּלַל איז, מע איז גיפלויגין גישׁווינד פון שׁטוּב צוּ שׁטוּב, אַקוראַט וויא דיא פּוּרים שׁפּיהלער, אַלע זענין גיגאנגין שׁטארק פאר הרעמזילט נאר אויף אַנאנדער אוֹפֶן, אַבּיסעל מְבוּשָׂם פון דעם מעד, מיט גרויס קאַראַזש זענין אַלע גיקומען אַהיים, יעדער שׁטארק אויף גיראַמט בּייא זיך, אַ שׁפּאַס! זיך גוט אָן גיטרינקען, אַ טייגעכץ איז נאך אויך דא, דיא ווייבּער האבּין אויך געוויזין דאַמאָלס אַ גוטע מינע, איז מען זיך גיזעסין אין איינעם, אונ אַבּיסעל ארום גירעדט ארום דיא כִּבּוּדִים פון יעדערין. —

„עסעם אַזויא אַ קארגע צויג וויא דיא מאַסיע איז, האב איך נאך אין מיין לעבּין ניט גיזעהן״ האט אַזאג גיטאָהן אונזער זאגערין, איך בּין דאך אויך ניט פון דיא שׁטארקע פאר שׁווענדערינס, חלעבּין, וואס זאל איך דא מיך נארען, איך וייס אַז מע האלט מיך פאר אַ קארגע, נאר מע דארף דאך וויסען וויא איין וויא אוּ״ם, פאר זיך, וויא עס וויל זיך, אָבּער אַקעגין לייט מוּז מען זיך טאַקי שׁטעלין וויא אַ מענש, קאָסט דער פֶּסַח אַזויא פיל, קאָסט נאך אַ האלבּע קווארט מעד, פאר 7 גראַשין, מע טרינקט דען ? מע דארף דאך מעהר

ניט

ניט וויא דעם אנשטעל, יעדער נעמט דאך מעהר ניט וויא צו דיא ליפען, אט פון מיין האלבע קווארט מעד איז נאך דא כמעט מעהר וויא העלפט, עס וועט נאך זיין אויף הבדלה אויך, אונ דאס איז עפעס א פראסטע חזיר, זיא האט אפילו גאר מורא גיהאט אופן טיש אנידער שטעלין, זיא מיינט אז מע האט זיך שטארק אוים גיקראצט אויף איהר מעד, אזויא לאנג זאלין שוין מיינע שונאים קרענקין, וויא לאנג איך וועל שוין צו דעם דבר אחר ניט געהן צו גאסט, עס געהט דאך מיר ניט אום דעם מעד, איך טרינק דען מעד? זאל שוין אזויא ניט זיין קיין סם אין מיין מויל, וויא איך וויים ניט דעם טעם פון מעד, עס איז מיר ב"ה געשמאק אהן מעד, נאר דא געהט דאך אום כבוד, וואס מאכסט דוא חוזק פון מענשין? —

„אונ וואס זאגט איהר צו דער גימפליכען" האט זיך אן גירופען דיא אנדערע שכנה, וויא גיפעהלט אייך דער אויפציג? מעד, וויינשעל, אונ עפיל קוואס, דאס איז אביסעל א בעלן אן צו גרייטין גאר אזעלכע זאכין אויף פסח? דער צו דארף מען דאך עפים האבין א קראהרין קאפ אונ א שארפע קעשענע, ביא לייטען איז טאקי עפים מזל אונ ברכה, טאקי אליהו הנביא איז צו איהר אריין גיקראכין אין בייטעלע, אלעם פון דיא 10 גרילען (גילדען) א וואך וואס דער מאן נעמט אין דער טאקסע? מילא דיא חרעמזליך, איז גראדע קיין קשיא ניט, שמאלץ קאסט איהר ניט, א יאטקע היגר, יעדער קצב מוז איהר ארוים ווארפין א פעטין ביין, אבער דער מעד? איהר ווייסט אז עס איז גיוועזען אפשר אגאנצע קווארט מעד, אונ וויא איך בין ניט גאר א שטארקער מבין, איז דאס געווים פון 10 קאפיקעס א קווארט, איך וויים ניט, מיט וואס קאן מען שוין מעהר מכבד זיין אפילו ביא דיא גרויסע גבירים? איהר מיינט אפשר אז איך בין זיא שטארק מקנא, אסור חזיר! חלעבען, פון וועגע פראצע קאן מען זיך אזויא ניט פירען, איהר האט פארדראס אויף „סאסקען" פאר איהר קארגשאפט, מע קאן ניט וויסען וועמען דער שיך קוועטשט, א קאטאוועס איהר הוצאה? מע האלט דאך צוויא איידעמס אויף קעסט? וויניג קאסט דאס אב? אמת, עס איז אן גילייגט דיא פראצע, אלע יודישע טעכטער מעגען זיך ווינשען האבין אזוינע מאנען וויא איהרע איידעמס, דער עלטערער איז גאר א תכשיט, א בעל קורא, וואס עס איז נישטא ממש זיין גלייכין ארום אונ ארום, ער האט דא היינטיגען פורים נאכען תענית אב גילייענט דיא מגילה אין 25 מינוט אופן זייגער, אונ וואס פאר איין קונסט שטיק עס שטעקט אין זיין זאגין דיא עשרת בני המן אין איין אטהעם? ער פארדינט שוין אויך, לערינט נאר מיט צוויא קינדער, אונ חאפט דער פאר 20 רובל מזומן א זמן, זיא בעדארף שוין מיט איהם ניט זארגין, דיא קצבים ווילען איהם געבין פאר דעם ער זאל ביא זייא לייענין א רובל א חודש, חוץ האלב מגילה געלד, אונ א קערה ערב יום כפור.

דער אנדערער איידעם, איז אויך א מושלם, א שרייבער איך זאג אייך הדורשים, ער שרייבט אייך תנאים, שטרי חובות, שיר המעלות'ין, היינט זיין זאגין גראמען? איהר האט איהם בעדארפט זעהן היינטיגין פורים אין אחשורוש שפיהל פאר שטעלט וויא המן, איז דאך גאר ניט געוועהן צו דער קאנען, אקוראט המן מיט דיא ביינער (א כפרה זאל ער ווערין פאר זיין מינדסטין נאגיל), זעהט איהר אט אזוינער וועט שוין געוויס ניט פאר פאלין ווערין, פרים איז ער אפילו ניט אזוי שטארק, ניט וויא דער עלטערער, קורא? גאר ברויט וועט ער געבין דעם ווייב מיטין פילין מויל, מע זאגט אפילו, אז סוף כל סוף וועט ער זיך צו שלאגין צו דיא כלי זמרים, זיין בעזעצין א כלה איז דאך אין דער אמת קיין שפאס, דאס מויל פערילט, איך האב פון איהם מעהר הנאה וויא פון דעם אלטין מגיד, ער זאגט אויך אלעם פון פסוקים, אונ פון ספרים, ער צו נעמט מיך אזוי שטארק, אז איך וואלט זיך ניט שעמען פאר מענשין, וואלט איך איהם צו קישט יעדעם גליד, יעדעם אבר, היינט זיין משמח זיין חתן וכלה? ער קאן מאכין, אז איין האלבער פנים זאל לאכין, אונ דער אנדערער זאל וויינען, ער קאן ציהען סטענגעס פון דער נאז, שלח מנות פון דער פאטיליצע, ער קאן נאך מאכין דיא קולות פון אלע חיות אונ עופות, וויא א קאטץ, וויא א האהן, אונ גאר וויא א חזיר, וויא א הינד, ער קאן זיך פאר שטעלין פאר א חסידישען רבי, ער מאכט איהם נאך אקוראט, זאגט נאך זיינע נארישע תורה, מאכט נאך זיינע שטושקעס ביים שלש סעודות, אונ ביים נעמען פדיונות וויא אזוי ער לייגט ארויף טאקי ביידע הענד אויף דיא יונגע עקרות אונ בענשט זייא, ער האט א בארד מיט איין האָרב, אונ א שבר, אונ ער ווערט אלעם וואס ער וויל. —

מע זאגט אפילו, עס איז ניט כדאי איבער צו רעדין, נאר צו ווישען אונז זאל דאס בלייבין, אז ער קאן גאר דיא שווארצע קונסט, נאר איך גלויב דאס ניט, שונאים רעדין דאס אויס קנאה, איך האב פיינד צו לייקענען, איך האב עס גיהערט פון א זיכערין מענשין, וואס ער איז סאסקען דרוקא קיין שונא ניט, וואס איז? אז ער האט פאק גאר פאר קויפט זיין נשמה צו דיא ניט גוטע, אונ דורך דעם איז ביי איהם דאס מויל אביסעל קרימלעך, עס איז טאקי אזוי, גאר סאסקע זאגט, אז עס איז איהם גיקומען פון א לופט, אוודאי אויב עס איז ח"ו אמת, בין איך זיא געוויס ניט מקנא, איהר ווייסט אזעליכער וועט מיט זיין טויט ניט שטארבין, קיין קינדער וועט ער אויך ניט האבין, א חוץ וואס ער וועט נאך אויס גיריסין ווערין נאכין טויט, איך ווייס ניט, נאר ווערליג מע זאגט, מן הסתם איז דאך איין אמת, איז דער עונש פון אזוינע מענשין גאר שרעקליך, מע זאגט פאק אז זייא האבין גאר קיין תקומה ניט. —

איך האב אפילו ניט איין מאהל גיזאגט סאסקען זיא זאל איהם ניט לאזין זיין א מחותן מיט דיא כלי זמרים, אונ איבער הויפט מיט דעם פויקער, זעהט

איהר

איהר, אופן פויקער וועל איך אייך שווערין, אז ער איז א פראדאנע שקורע, ער ניפעהלט מיר ניט, ער איז דאך גאר א קאסוי, איהר מיינט אז ער איז אזוי גיבוירין גיווארין, ניין, דאס האבין איהם גימאכט דיא וואס ניט אין שטוב גידאכט, דיא אלע וואס האנדלין מיט דיא לייט, מוזען בלייבין קאליק׳ס, וואס רען? וויא ארום מאכט ער אין אמת זיינע קונסטען? —

אין אמת, איז א רחמנות אויף דער סאסיע, וויינינ האט ער זיא גיקאכט; איך האב אפילו פיינד צו זאגין, א בריה איז ער, טויג צו אלעם וואס אין דער וועלט, נאר ער איז שלעכט פאר קראבין, פע! דער פויקער האט איהם מיאוס פאר פיהרט אין אלדע רוחות, א גוטען סוף זאל ער האבין, אין גרונד איז דאס ווייב זיינע אויך ניט בעסער, גאט איז טאקי א מזווג זיווגים, סאסיע איז דאך פארט פון שיינע עלטערין, פאסט עפעס פאר איהר א איידעם א בדחן? נאר כפרה! וויא זאגט מען עפעס, אז מע האט קינדער אין דיא וויגען, דארפען לאזין לייטין צו פרידין, נאר אז מע רעדט, איז מען דאך מעהר ניט וויא א זינדעגער מענש, איך האב טאקי שטענדיג חרטה אויף דעם געהן, מע קומט דער פון צו רכילות אונ לשון הרע, נאר פון איין יום טוב ביז דעם אנדערין פאר געסטמען. —

אין אזעליכע שמוציגע שמועסין האט מען פאר בראכט איינינע שעות, ארום גערעדט דיא גאנצע שטאדט פון עק ביז עק, יעדען בעליידיגט, מבזה גימאכט, דער צעהלט ווילדע מעשיות פון מכשפים אונ מכשפות, פון זנאבארעס, בעלי שמות, פון שדים אונ לצים, מכח פאר שאלטענע, שטראשידלעס, זמיען, בייזע ווינטען, פאר חאפענעש, פון דרייעהן א קאלטענע, קליפות אונ דבוקים, פון גוטע יודען, פון טאטערין אונ ציגאנער, קארטין ווארפערינס, מכח עלוים, בעזערעטניצים פאר שאלטענע אוצרות, פון מלאך דומה, חיבוט הקבר, ארץ ישראל משולחים, מכח א גולם, קפיצת הדרך, פון גלגולים, פינ׳ם עולם התוהו, גיהנם אונ גן עדן, ביז עס איז גיווארין גאנץ שפעט אין דער נאכט. —

דיא מענער האבין אב גידאווינט מעריב, אונ גימאכט הבדלה, איבער דעם רעשטע מער, אונ מע האט זיך תיכף גינומען צו דעם טייגעכץ, געניג סבות אונ צרות איז מען איבער גיקומע׳ ביז מע האט זיך קאם דער שלאגען עסען דאס שטיקעל טייגעכץ, אז מע לעבט דער לעבט מען פארט, ער איז אפילו ניט גיוועהן וויא דאס ערשטע טייגעכץ, זאל עס זיין א גוטער מליץ, קודא! יענס איז נאך גימאכט גיווארין פון דער פולער האנד, עס איז נאך גיוועהן ביא יעדען א רעכט ביסעל שמאלץ פון דער האלבער הינדיטשקע עליה השלום, אט האט מען גיהוליעט, חקעבין אז עס איז דא אין שטוב, לעבט מען טאקי פארט אביסעל ראשקאשנער, אט מע געהט צום טעפיל שמאלץ אונ מע נעמט, אבער עס נעמט זיך אויס ביסלעכוויים, נישטא היינט דיא פאר צייטיגע נסים, וואס מע פלעגט שיינקין פון א קליינעם פעסעלע מעד א גאנץ יאהר עס

איז גיוועהן מזל אונ ברכה, היינט ב"ה אז מע גיסט ניט צו קיין פרישען געהט עס טאקי אויס, נא איז טאקי אהן בושה דאס אנדערע טייגעכץ גיוועהן במחילה גימאכט טאנדעט, נאר כלומערשט אונטער גישמירט מיט פעטס, מחמת מע האט שטארק מורא גיהאט, אז עס וועט פון גרויס-עקשנות ניט וועלין זיך רירין פינ'ם טעפיל, אבער דאך קאן מען מיט דער האנד דאס ניט אוועק מאכען, פארט א פנים פון א טייגעכץ!

אין דער ליטא קיקט מען אופען פנים, מעהר וויא אופען גרונד פון דער זאך, זייא נארין זיך אליין אב, האטשי זייא עסין געבאך קרחות, אונ האבין טאקי קיין כח ניט דיא פיס נאך צו שלעפען, דיא גמרא ברענגט אויך א גלייך ווערטעל „דוק בכרי ותשכח בנגרי" (שבת קנ"ב) עס הייסט: ראייב גוט מיט דיא צייהן וועסטו געפינען כח אין דיא פיס, איהר מיינט, אז נאר אין עסין האט ליטא א נאטור זיך אב צו נארין? ניין אין אלע געשעפטין איז אזוי. — אין דער ליטא אז מע זאגט אויף איינעם „ער איז א שרייבער" איז ניט דער פשט ער קאן דיא שפראך, וואס דען? ער האט א פיינע האנד שריפט, ער קאן מאכין זיין חתימה מ'ט א ציק, אז מע זאל ניט קאנען איבער לעזען, א רוסישער שרייבער, ווערט גערופען, דער וואס קאן שרייבין אדרעסען (האטשט מיט 50 גרייזין אבי רוסישע אותיות), א שיסטער הייסט דער וואס מאכט פון פעל אזא זאך וואס מען קאן אין דעם אריין שטעקין דיא פיס, אונ אזוי איז דער שניידער, דער זייגער מאכער, דער שמיד, דער סטאליער, דער מאליאר, דער כלל קיינער פאר שטעהט ניט זיין זאך אין גראד, נאר לפנים אב גינארט, כלומערשט א בעל מלאכה, אזוי האט ער שוין חתונה, אזוי ווערט ער א מטופל, הערט שוין אויך מגידים, זאגט בינות אויף חזנים, שלאגט זיך פאר עליות, אונ עסט אויף אלע ווייטאגין, מחמת ער קאן גאר דיא מלאכה ניט, א רעכטער מענש וויל גאר בייא איהם קיין ארבייט ניט לאזין מאכין, ער וועט בעסער זיך פאר שאפין זיינע נעטהיגע זאכין פון דיא גרויסע איראפייעשע שטעדט, וואס דארטין איז יעדער בעל מלאכה איין קונסלער אין זיין זאך. — דערום זענען בעלי מלאכות בייא אונז שפל ונבזה, דערום וויל א יוד ניט מאכין זיין קינד פאר א בעל מלאכה, מחמת ער זעהט ניט אז א בעל מלאכה זאל האבין שיינע פרנסה, נאר וואס ווערד פון דיא רייד? עס איז נאר א הארץ ווייטאג אז מע נעמט דאס גיט אופען מוח. —

איך בין אויך א ליטוואק, איך האב זייא באמת ליב וויא מיין לעבען, זייא זענען פארט דאס רוב איידעלע מענשין, זייא זענען פארט ניט אזוינע עקשנים, אונ פאר גרעבטע קעפ וויא דיא פוילישע, א ליטוואק קאן מעהרער אדער וועניגער לערנען, מע קענן איהם אויף ווייזין פון דער גמרא, וואס זיא איז בייא איהם זעהר חשוב, אז דיא חכמים פון דער גמרא זענען גיוועזין בעלי מלאכות, אונ האבין גיקענט א סאך שפראכין, אונ אז דיא גמרא איין הייסט

לערנען

לערנען א מלאכה אונ שפראכין, עס איז פארט גרינגער איהם אויף קלעהרין, אז ער זאל פארט זעהן מאכין א תכלית מיט זיינע קינדער, אונ אליין אויך אויף העררין זיין א שטארקער שוטה, אבער צו דיא פוילישע איז כמעט גאר קיין רפואה נישטא, אז זייא ווייסין גאר ניט פון דאנען אהין, זייא זענען זייער גראב, אונ דערום איז גיוועהן זייער גרינג דיא פאלשע צדיקים אריין פירען אזעליכע פראסטאקעס אין דעם פינסטערין חסידיזמוס, דער ווייטערין זייא פון חכמה, פון מלאכה, גימאכט זייא פאר שוטים, אונ טפשים, פאר בטלנים שכורים, עזי פנים הפקר מענשין, אזעליכע לייט העלפט גאר קיין רייד, א פסוק א גמרא איז פאר איהם גאר קיין עסק ניט, ער וויל גאר דער פון ניט וויסען, ער ווייסט מעהר ניט גאר זיין צדיק, ער קוקט איהם אין דיא צייהן, אונ וואס ער זאגט איז קודש קדשים, דער רבי איז דיא תורה, דיא גמרא, אונ טאקי שוין גאט אליין, שמועסט איהר גאר מיט אפוילישען חסיד, אונ פרעגט איהם, היתכן פון וועמען האלסטו דא? אונ וועמען גלייבסטו? אונ מע ווייזט איהם זייערע באטריגערייא, זייערע שווינדלין, מענשין וואס קיקין ניט אן קיין ספר, אונ קאנען טאקי ניט, זייער גאנצי תורה איז גאר הימלישע תורה, נאך וואס דער מלאך האט מיט זייא גילערינט אין דער מיטערם בויך, אונ דער מלאך האט מורא זיך צו צירירין צו אזעליכע היילינע נפשות, גיט ער זייא קיין שנעל ניט בשעת ארוים גאנג אויף דער וועלט, אט דיא פינסטערע תורה בלייבט בייא זייא אבער מעהר ניט, זייא געבין זיך אב טאג אונ נאכט נאר אוים נארין געלד, פרעסין, זויפין, אונ פלאדען זיך וויא דיא צפרדע אין מצרים, טייהלין זיך צו אין איינעם מיט זייערע ווייבער, כל תענוגי עולם הזה, שייעהן געהן, שייעהן אוים פארין, שייעהן באזיצין, נאר אזוי וויא דיא פירשטין, פאר דעם כלל ישראל זארגין זייא קיין מאהל ניט? זייא האבין דאס גאר נישט אין זין, אבי זייא איז גוט, אבי זייא זאלין קאנען וואהנען וויא זייא ווילין, ווייזט מיר, וועליכער פון זייא, האט נאך גיזארגט פאר דיא ארימע קינדער, יעדער דאטש פון זיין שטעדטיל אליין, ער זאל דארט מאכין א תלמוד תורה? אדער וועליכעס אב געבין צו א בעל מלאכה? דאס ארימע קינד געבאך, זאל זיך קאנען פאר דינען זיין שטיקעל ברויט, וועליכער גיטער יוד? האט נאך גימאכט אין זיין שטעדטיל א „בית החולים" „איין הקדש" וויא זייא רופען עס, פיר ארימע שלאפע וועגין? זייא סטרויען פאר זיך שטענדיג גענינגליכע פאלאסטען, אונ אלעס פאר פרעמד בלייט, פרעמדע הארעוואניע, אונ דעם ארום מאן ווילין זייא גאר ניט אפילו אן קיקין, בייא דער טיהר שטעלט מען אנידער א „גחזי" א מערדער, בייא וועמען ער קאן גראבעוועט נעמען אגוטע מטבע לאזט ער איהם אריין צום צדיק, אונ דער ארימען לאזט ער גאר ניט צו צו זייא. —

נא אז דער חסיד שוטה הערט אוים דיא אלע שאלות, אונ בלייבט שטעהן, ער האט טאקי גאר ניט וואס צו ענטפערין, האט ער גאר אנאנדערין

תּירוץ, אונ זָאגְט דיא בּיסְט טאקי גערעכט, עס איז אַלעס אֱמֶת, נָאר אַזוי וויא מֶע טָאהָר אויף גָאט קיין שאלות ניט פרעגין, אַזוי טָאהר מֶען אויף דיא רביים אויך ניט פרעגין, מסתּמא ווייסין זייא וואס זייא טיהן, (איך וויים אויך, וואס זייא טיהן ?!) נָא איז דָאס נישט אַ תּירוץ מספּיק א״יף אַלעמען ? היינט פאר שטעהט איהר שוין מיט וועמען מע הָאט דָא וואס צו טָאהן, מיט חמורים, מיט פערד, אַזוי וויא איינער פון דיא צדיקים הָאט זיך אַליין אויס גערעדט אין אַ גלייך ווערטיל, אונ הָאט געזאגט: „מיין טאַטע הָאט מיר איבּער גילאזט אַ סאך אבּעסערע ירושה, וויא גינזבּערג וועט לאזין זיינע קינדער" מיין טאַטע הָאט מיר געלאזט הינדערט טויזענד פערד וואס וועלין זיך ניט אויס לאזין, אונ וועלין שטענדיג הַאריווען אויף מיר, דיא צדיקים אַליין לאבין פון דיא חסידים, זייא ווייסין מיט וועמען זייא האבין צו טאהן . . .

דעריבּער ליבּע לעזער: וואלט איך מיטין גאנצין האַרצין גערין גיוועזין, טוהן אַ טובה מיינע בּרידער, דערום בּין איך אַזוי פיל מאריך איז יעדין הינ־ זיכט, וויא איך בּעקום אַ גילעגענהייט, אַרוס ריידין אַ פעהלער, אַ חסרון, אַ שטות, אָבּער עס איז פּאַרט פאר מיר קיין תּכלית ניט, איך טוז דָאך פּאַרט ענדיגין מיין ספּור, האַ? נָאך אַ מָאהל וויא האַלט איך? יָא, יָא, איך וויים שוין, איך האַלט שוין אַחרון של פּסח בּייא נאכט, אונ מע עסט שוין דעם טיינעכץ .

בּקיצור, מע הָאט דעם פאלשין טיינעכץ וויא עס איז אַריין גיריבּין, אַלע ווייבּער זענין גינאנגען שלאפין, דיא מענער האבּין פאר רויכערט דיא לולקעס, אונ האבּין פאר בּרייטערט אַ שמועס, בּיז מע איז אַריין אין הוכע דרכים . —

## 19.

## אַ מחלוקת לשם שמים .

אונזער שכן ר׳ חיים! נאך דעם אַז ער הָאט זיך אַבּיסעל פאַנאנדער גירויכערט, אונ הָאט אַבּיסעל מוטה בּעקומען, הָאט ער אַזויא גיזאגט: „הערט איהר ר׳ נחום !" דָא בּאלד נאך יום טוב וועלין מיר האבּין נייעס אין שטעטיל, אונזער אַפּיקורוס גיט שוין אָבּ זיין עלטערין יונגיל שטודירען אין דיא קלאסען, „וואס דען ?" האָט זיך אָן גירופין ר׳ נחום, גוטין וועט עפּיס אַרוים קומען פון אַזוינע חקירות ? דאכט זיך אין פליק האָט ער נאר אָן גיהויבּין מכּח אַרבּעס, מכּח כּפּרות שלאגין, מאכין חוזק פון חד גדיא, אונ צום סוף איז דער בּלאָטער גאר אויס גישפּרינגען גיוואָרען, אָט דאס זעהט מען טאקי דעם דרך פון יצר הרע, ער פיהרט דעם מענשין בּיסליך ווייס אין חדר אַריין, דער רב זאָל לעבּין איז גירעכט גיוועזען אַז ער האָט גיזאגט, אַז מע איז אויף איהם קיין מבינים ניט, גישקשה, ער איז אַ גוטער סם פאר דער שטאָט, הלואי זאל איך ליגען זאגין, דאס

דָאס אִיז שׁוין אֵיין אָן שְׁטֶעקִינְדֶע קְרַאנְקְהֵייט. —

„שַׁא! וָואס פַאר אַ שְׁטַארְקֶע סַכָּנָה זֶעהְט אִיהְר דָא אִין דֶעם? ר׳ נָחוּם ז״א הָאט אַ זָאג גִיטָאהְן ר׳ חַיִים, וָואס מֵיינְט אִיהְר לֶערִינְט מֶען דֶען אִין דִיא שְׁקָאלֶעם! אַז דִיא שְׁקָאלֶעם וָואלְטִין גִיט גִיוֶועזְן, פוּן וַואנֶען וָואלְטִין מִיר גִיהַאט דָאקְטוֹרִים? פוּן בֵּית הַמֶדְרָשׁ קָאנֶען קֵיין דָאקְטוֹרִים נִיט אַרוֹיס בְּשׁוּם אוֹפֶן, דִיא הֵיילִיגֶע גְמָרָא זָאגְט דָאךְ, אַז אַ מֶענְשׁ טָאהְר נִיט זִיצֶען אִין אַ שְׁטָאט וְויא קֵיין דָאקְטָאר אִיז נִישְׁטָא, אַסַאךְ פוּן דִיא גְרוֹיסֶע תַּלְמוּדִיסְטֶען זֶענִין אוֹיךְ גִיוֶועזְן דָאקְטוֹרִים, ר׳ חֲנִינָא, אַבָּא אוּמְנָא, שְׁמוּאֵל יַרְחִינָאה, אוּנ נָאךְ פוּן דֶעם שְׁמוּאֵל וֵוייסִין מִיר יוּדֶען מֶעהְר נִיט, נָאר וָואס עֶס וֶוערְט גִיבְּרַאכְט אִין דֶער גְמָרָא, אִי אִין מֶדְרָשִׁים, זֶעהְט אָבֶּער וָואס מֶע שְׁרַייבְּט וֶועגִין אִיהְם אִין פְרֶעמְדֶע שְׁפְּרַאכִין, אֵיינֶער אַ גֶעוִוייסֶער שְׁרַייבֶּער אֵיין אַמֶערִיקַאנֶער מִיט׳ן נָאמֶען „דְרֶעפֶּער״ וָואס זַיין בּוּךְ אִיז שׁוֹין יֶעצְט אִיבֶּער גִיזֶעצְט אִין רוּסִישׁ, רֶעדְט עֶר פוּן אוּנְזֶער שְׁמוּאֵל יַרְחִינָאה, אוּנ דֶער צֶעהְלְט, אַז נָאךְ הַיינְט גִיפִינְט זִיךְ אַ וַואסֶערִיל צוּ אוֹיגֶען, וָואס עֶס וֶוערְט אָן גִירוּפִין מִיט׳ן נָאמֶען „סַאמוּעֶל״ עֶר שְׁרַייבְּט פִיל פוּן דֶעם אַבָּא אוּמְנָא, וָואס וֶועדְלִיג רש״י מַאכְט אִין (תענית דף כ״א) אִיז עֶר גִיוֶועזְן אַ פְּרָאסְטֶער צִירוּלְנִיק, עֶר אָבֶּער בְּרֶענְגְט פוּן אִיהְם פִיל בִּיכֶער אִין דֶער מֶעדֶעצִין אוֹיף אַזִיאַטִישֶׁע שְׁפְּרַאכִין, עֶר דֶער צֶעהְלְט פוּן אִיהְם, אַז עֶר אִיז גִיוֶועזְן דֶער עֶרְשְׁטֶער וָואס הָאט אַיינְגֶעפִיהְרְט אַז דָאקְטוֹרִים זָאלִין אֵיינִיגֶע שָׁעוֹת אִין טָאג אוּמְזִיסְט גֶעבִּין רִיצֶעפְּטֶען פַאר קְרַאנְקֶע פִיר צָרִימֶע מֶענְשִׁין, אוּנ דוּרְךְ דֶעם פַאר שְׁטֶעהְט מֶען גוּט פַאר וָואס דִיא גְמָרָא דֶער צֶעהְלְט דָארְטִין, אַז עֶר הָאט גִיהַאט אַ גְרֶעסֶערִין זְכוּת אוֹפֶן הִימֶעל, וְויא דֶער גְרוֹיסֶער תַּלְמוּדִיסְט אַבַּיֵי, זֶעהְט מֶען שׁוֹין קְלָאהְר וִויא אַ דָאקְטָאר אִיז גְרוֹיס גִיוֶועזְן בַּייא אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים, אוּנ מִן הַכְּתָּם הָאט דָאךְ דֶער מַלְאָךְ גַבְרִיאֵל נִיט אוֹיס גִילֶערִינְט זֵייא דִיא חָכְמָה פוּן דֶער מֶעדֶעצִין אִין אֵיין נַאכְט, נָאר וָואס דֶען? זֵייא הָאבִּין טַאקִי אִין דֶעם גֶעשְׁטוּדִירְט, אוּנ אַלֶע בִּיכֶער פוּן דֶער מֶעדֶעצִין גִילֶערִינְט, בִּיז זֵייא זֶענֶען דָאקְטוֹרִים גִיוָוארִין, וָוארוּם „לֹא יָגַעְתִּי וּמָצָאתִי אַל תַּאֲמֵן״ זָאגְט אוּנְז דֶער תַּנָא, דָאס הֵייסְט: אַז אֵיינֶער בֶּערִיהְמְט זִיךְ אַז עֶר הָאט זִיךְ גָאר נִיט גִימַאטֶערְט אוֹיף עֶפִּים אַ חָכְמָה אוּנ קָאן זִיא פָארְט, זָאלְטוּ אִיהְם נִיט גְלוֹיבִּין, דֶער רמב״ם וָואס עֶר אִיז אוֹיךְ גִיוֶועזְן אַ בֶּערִיהְמְטֶער דָאקְטָאר בַּיים קֶענִיג פוּן מִצְרַיִם, אִיז קְלָאהְר גִיוֶועזְן (וִויא מֶען זֶעהְט פוּן זַיין סֵפֶר „פִּרְקֵי מֹשֶׁה״) אוּנ אִין אַלֶע בִּיכֶער פוּן דֶעם גְרוֹיסֶען דָאקְטָאר גַאלִינוּס, נָאךְ פִיל גְאוֹנִים אִין דִיא פָארְהִיגֶע צֵייטֶען וָואס זֶענִין גִיוֶועזְן גְרוֹיסֶע דָאקְטוֹרִים, הָאבִּין אוֹיךְ דִיא חָכְמָה גֶעשְׁטוּדִירְט פוּן פְרֶעמְדֶע שְׁפְּרַאכִין, זֶעהְט אִין „שְׁבִילֵי אֱמוּנָה״ פוּן ר׳ מֵאִיר אַלְדַבָּאִי דֶעם רא״ש אֵיינִיקֶעל, וִויא פִיל רְפוּאוֹת עֶר בְּרֶענְגְט, נָאר פוּן פְרֶעמְדֶע בִּיכֶער.

„יָא ר׳ נָחוּם ז״ פַאר וָואס זֶעהְט דָאס אוֹיס אַזוֹיא קְרִים אוּנ שְׁלֶעכְט אִין אַיעֶרֶע אוֹיגֶען? וָואס עֶר וִויל גֶעבִּין שְׁטוּדִירֶען זַיין קִינְד, עֶר זָאל אוֹיךְ אַרוֹיס

קומען

קומען אַ דאָקטאָר ? מְהֵיכָא תֵּיתֵי ער וועט אַליין לעבּין בְּכָבוֹד, אונ ער וועט בְּוַדַאי אויך העלפין אַזעלכע קראַנקע וואָס פאַרמאָגין ניט זיך צו קורירען פאַר געלד — אונ דאָס וואָס ער וויל דעם אַנדערין זוהן אָב געבּין צו איין בַּעַל מְלָאכָה, איז אֶפְשַׁר אויך איין עַוְלָה ? פאר וואָס גיפינט מען פיל פון אונזערע חַכְמֵי הַגְּמָרָא וואָס זענין געווען בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת, איינער אַ שוסטער, דער אַנדערער אַ שְׁמִיד, וואָס דען ? דאָס איז אַ תַּכְלִית, פאַר לאָזין זיך אויף הֶפְקֵר ? לעבּין אין צָרוֹת אונ אין דַחְקוּת ? —

„הערט איהר ר׳ חַיִים ?" האָט ר׳ נָחוּם זיך אָן גירופין, דיא נאַרישע וועלט איז גאָר ניט ווערטה אַז מען זאָל זיך אַזוי שטאַרק זאָרגין פאַר איהר, מיר זענין דאָך אין דער וועלט מעהר ניט וויא גֵרִים, בּירגער זענין מיר גאָר אין יענער וועלט, דיא וועלט אָבּער, איז דאָך טאַקי מעהר ניט וויא אַ פאָרהויז פאַרען זאַלל, דאַרפין מיר גאָר ניט אַזויא פיל זיך בּעוואָרענין מיט פַּרְנָסָה, אָט מע וועט וויא עס איז איבּערשטיפּען דיא נאַרישע וועלט.

„אָט דער פון זעה איך בְּחוּשׁ" האָט ר׳ חַיִים גיזאָגט מיט אַ שמייכעל „אַז איהר זענט גאָר ניט פּראַקטיש" זאָל שוין זיין אַז דיא וועלט איז מעהר ניט גאָר וויא איין אַכְסַנְיָא, מע דאַרף דאָ גאָר אַבּיסעל פאַר בּרענגין, בּיז מע וועט ווייטער פאָרען, נאָ אין איין אַכְסַנְיָא וואָס דער אוֹרֵחַ דאַרף שטעהן איינינע וואָכין, זעהט ער אויך ער זאָל האָבּין זיין בּעטיל, זיין עסין אונ טרינקען, אונ בִּפְרָט איין אַכְסַנְיָא פון 70 יאָהר, עס איז טאַקי שווער איבּער קומין אין צָרוֹת אֲפִילוּ איין יאָהר.

אונ ווער וועט בּעצאָהלין שְׂכַר פאַר דעם ליידען ? פון וואַנען ווייסין מיר, אַז גאָט וויל אַז מע זאָל פאַר שוואַרצט ווערין אוי׳ דער וועלט ? מיר דאַרפט אַז מע זעהט פון דער תּוֹרָה אַז גאָט וויל אַז מע זאָל הֲנָאָה האָבּין פון זיין וועלט, וְהָא רְאָיָה וואָס זאָגט ער אונז צו, אויבּ מיר וועלין זיין גוט אונ פְרוּם ? וועלין מיר האָבּין בְּרָכָה אונ הַצְלָחָה, אַ גוט לאַנד מיט גוטע פּרוכטין, מיט פיל גאָלד אונ זילבּער, אַלעס וואָס דער מענש האָט דער פון פאַרגעניגען, זעהט מען דאָך, אַז דיא וועלט האָט דאָך אויך עפּיס אַ ווערטה, גאָט מאַכט פון איהר אויך עפּיס איין עֵסֶק, וואָרום אין אֱמֶת, האָט דאָך גאָט דיא וועלט אויך אַזויא בּעשאַפין אַקוראַט וויא יענע וועלט, נאָ פון וואַנען ווייסין מיר צו מאַכין אַ חִילוּק פון דער בּיז יענע וועלט ? דער כְּלָל וויא מע איז, דאַרף מען דער ווייל זעהן מע זאָל קאָנען עקזיסטירען וויא עס גיהער צו זיין.

דערום דאַרף יעדער מענש נאָך זיין שטאַנד, זעהן פאַר זאָרגין זיינע קינדער, זייא זאָלין האָבּין פון וואַנען צו לעבּין אין נַחַת, אונ ניט אין צַעַר חָלִילָה, אַ גְבִיר קאָן זיך טראַכטין, אַז ער וועט געבּין זיין קינד איינינע טויזענד רוּבּל נָדָן, וועט ער זיין אַ סוֹחֵר מְהֵיכָא תֵּיתֵי איך אַ שְׁטִיקעל פְּלַאן, אָבּער אַ יוד אַ קַבְּצָן, וואָס טראַכטער זיך ? ער זעהט דאָך וויא ער לעבּט אין צָרוֹת, צו וואָס

זאָל

וָאל עֶר וָועלין אַז זַיין קִינְד זָאל אויךְ כָּל יָמָיו זַיין אַ בִּיטֶערֶער אֶבְיוֹן, אוּמְגֶעהְן הִינְגֶערִיג אוּנ אָבּ גִירִיסִין? אִיהְר מֵיינְט אַז פוּן דֶעם שְׁטוּדִירִין קָאן מֶען גָאר אַרוּיס דָאקְטֶער? עֶס זֶענִין נָאךְ דָא פִּיל גִיגֶענְשְׁטֶענְדֶע וָואס מֶע קָאן פוּן זֵייא לֶעבִּין בְּכָבוֹד, אַ שְׁטֵייגֶער, אֵיינֶער אִיז פֵייהִיג צוּ מַאטֶעמַאטִיק, אוּנ מֶעכַאנִיקָא קָאן עֶר עֶרְפִינְדֶען נַייֶע מַאשִׁינֶען, אֵיינֶער אִיז גָאר פֵייהִיג צוּ דֶער חָכְמָה פוּן יוּרִי, קָאן עֶר אַרוּיס אַ בֶּערִיהְמְטֶער אַדְוָואקַאט, אַ חוּץ וָואס דָאס קֶענְטֶענִים אַלֵיין אִיז אַ פַאר גֶענִיגִין פַאר דֶעם מֶענְשִׁין, מֶע זֶעהְט דָאךְ, אַז דֶער ווִילְנֶער גָאוֹן ז״ל, וָואס עֶר הָאט גֶעוִויס נִיט גִיוָואלְט מַאכִין פוּן זַיין חָכְמָה קֵיין פַּרְנָסָה, הָאט אויךְ גִיהַאט אַ יְדִיעָה אִין דִיא אַלֶע זַאכִין, עֶר הָאט נָאךְ גִיבֶּעטִין דֶעם ר׳ בָּרוּךְ שְׁקְלָאוָוער ז״ל 1), וָואס עֶר אִיז גִיוֶועהְן אַ גְרוֹיסֶער גִילֶערְטֶער, עֶר זָאל אִיבֶּער זֶעצִין, אִין לָשׁוֹן קוֹדֶשׁ חָכְמָה סְפָרִים, דֶעם סֵפֶר „אֶקְלִידוּס״ אִין דֶער נָאךְ הָאט דֶער גָאוֹן ז״ל אַלֵיין גִימַאכְט זַיין סֵפֶר „אַיִל מְשׁוּלָשׁ״ אויף גֶעאָמֶעטְרִיֶע, עֶר הָאט גָאר גִיזָאגְט: אַז וִויא פִיל עֶס פֶעהְלְט דֶעם מֶענְשִׁין קֶענְטֶענִים אִין דִיא זַייטִיגֶע חָכְמוֹת: אַזוֹי פִיל פֶעהְלְט אִיהְם קֶענְטֶענִים אִין דֶער תּוֹרָה, אִיהְר פַאר שְׁטֶעהְט ר׳ נָחוּם וָואס דָאס בֶּעדֵייטֶעט? —

אַי אִיהְר וֶועט אֶפְשַׁר זָאגִין: אַז דִיא חָכְמוֹת זֶענִין אָבֶּער אָפְט מָאהְל אַ סִבָּה אַרָאבּ צוּ פִירִין דֶעם מֶענְשִׁין פִינֶ׳ם דֶרֶךְ הַיָשָׁר, נָא פְרֶעג אִיךְ אַייךְ, אִין וָואס זֶענִין דִיא מֶענְשִׁין וָואס וֵוייסִין גָאר נִיט פוּן קֵיין שׁוּם חָכְמָה, זֶענִין זֵייא אַ פְּנִים פְּרִים? וֶוער רֶעדְט עֶרְלִיךְ? גֶעוִויס נִיט „דַלוֹת מַאכְט פַּסְלָנוּת״ זָאגְט דֶער עוֹלָם, עֶס אִיז אָבֶּער גַאנְץ רִיכְטִיג, וֶועגִין פְרִימְקֵייט קָאנֶען מִיר גָאר נִיט פַאר זָארְגִין, דָאס הֶענְגְט אָבּ פִינֶ׳ם קַארַאקְטֶער, אַ חוּץ דֶעם דַארְף מֶען נָאךְ וִויסִין, וָואס הֵייסְט אִין אֶמֶת פְּרִים? אוּנ וָואס הֵייסְט נִיט פְּרִים! —

אִיךְ הָאבּ שׁוֹין דֶעם עִנְיָן גִיט אַרוּם גֶעקְלֶעהְרְט, דִיא הֵיילִיגֶע מִשְׁנָה זָאגְט אַז אַ מֶענְשׁ דַארְף זַיין אַ „רוֹאֶה אֶת הַנוֹלָד״ בֶּעטְרַאכְטִין פַאר אוֹיס דֶעם סוֹף פוּן יֶעדֶער זַאךְ, מֶען זָאל נָאךְ דֶעם קֵיין חֲרָטָה נִיט הָאבִּין אויף דֶעם וָואס מֶען הָאט גִיטָאהְן, שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ זָאגְט אויךְ „עוֹבֵד אַדְמָתוֹ יִשְׂבַּע לָחֶם וּמְרַדֵּף רֵיקִים יִשְׂבַּע רִישׁ״ דָאס הֵייסְט: אֵיין אַרְבֵּייטֶער אִיז זַאט מִיט בְּרוֹיט, אוּנ אַ פוּסְטֶע פַאסְנִיק אִיז זַאט מִיט אָרִימְקֵייט, נָא ר׳ נָחוּם! שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ אִיז דָאךְ גֶעוִויס גִיוֶועןְ פְּרִים וִויא אִיהְר, הָאט אויךְ מַאמִין גִיוֶוען אִין הַשְׁגָחָה, אַז עֶס וֶועט זִיךְ אַלֶעס נָאר אָן

דעם

---

1) עֶר אִיז גִיוֶוען אַגְרֵיישֶׁער דָאקְטָאר, אִין מִיט דִיא גֶעלְד וָואס עֶר הָאט פַארְדִינְט פוּן זַיין פְּרַאקְטִיק, הָאט עֶר אוּנְז אוֹיס גִיקָארְמֶעט צְווייא שֵׁיינֶע אֵיינִיקְלַאךְ: ר׳ יַעֲקֹב בַּעַל מְחַבֵּר סֵפֶר מִשְׁכְּנוֹת יַעֲקֹב וּקְהִלַּת יַעֲקֹב, אִין זַיין בְּרִידֶער ר׳ יִצְחָק מְחַבֵּר סֵפֶר קֶרֶן אוֹרָה, בֵּיידֶע גְאוֹנִים אוּנ רַבָּנִים אִין קַארְלִין אֵיינֶער נָאךְ דֶעם אַנְדֶערִין, אָט אַייךְ לִיבֶּע בְּרִידֶער אַזֶעלְכֶע וִויא אֱמֶת חָכְמָה שׁאַט דֶער תּוֹרָה.

דעם ווילן פון גאט, פון דעסט וועגן האט ער מבטיח געוועזן, אז דער וואס פאר לאזט זיך אופן ווינד, וועט געוויס זיין א קבצן, אבער דער מענש וואס ארבייט, וועט געוויס זיין פארזארגט מיטן לעבענסמיטעל, נא שלמה המלך האט אפשר אייך געהאלטין דיא וועלט פאר א פארהויז, פון דעסטוועגין האט ער א געזאגט אלע מענשין, אז מע זאל זיך ניט פאר לאזין אויף פוסטע נסים. —

דערום וועל איך אייך ר' נחום, מגלה זיין א ס"ד, אז איך וועל מיין איציקלין אויך אב געבין אין גימענאזיעם, איך האב אין איהם גיפונען גרויס פייהיגקייטין צום רעכנען, איך האב מיט איהם א מאהל גילערענט דיא „ערוגה" בין איך נשתומם געווארין צו זעהן וויא גיך אונ גישווינד ער האט פער שטאנען אזעלכם ענינים, איך בין כמעט זיכער, אז פון איהם וועט זיין גאר א גרויסער אונ א וויכטיגער מענש, איך ווייס אפילו, אז עס וועט מיט מיר זיין דיא שטארט אויף, נאר וואס האב איך מורא? מע וועט מיך פון מיין קבצנות אראב זעצין? איך בין א קבצן יעצט, אונ ערגער וויא שלעכט קאן שוין ניט זיין, אפילו דאס שטיקעל פרנסה וואס מע האט, ווערט אויך ערגער פון טאג צו טאג, איך זעה באלד ניט פון וואנען מע קאן שוין א גראשין פאר דינען, נא דענק איך, אפשר וועל איך מצליח זיין מיט מיין זוהן, וועט ער מיר קאנען העלפין אין דיא עלטערע יאהרין. —

איך בין זיך שטארק מבין צו איין מלחמה מיט מיין ארורה, זיא איז דאך אויך א גוטע זאנערין, זיא שלעפט תמיד מאמרים פון דעם „צאינה וראינה", פינ'ם „נחלת צבי" אויך פינ'ם מנורת המאור, זיא איז כמעט א מגיד, נא נא, דא וועט זיך אביסעל טאהן, אז זיא וועט דער זעהן איציקלין געהן אין א סורדיט מיט מעשענע קנעפליך, נאר עס מעג שוין זיין וואס עס וויל זיך, צו קללות זענין מיר ב"ה דאך שוין גיוואונט, נישקשה, זיא וועט זיך בסלעבוויים אויך צו גיוויינען אונ עס וועט מוזען זיין רעכט, נא עס בלייבט אזוי, עס וועט שוין אנדערש ניט זיין. —

„הערט איהר ר' חיים:" האט ר' נחום גיזאגט מיט א טיפען זיפץ, מילא צו געבין א זוהן שטודירין בין איך ניט אזוי שטארק מסכים, נאר וועגין מלאכה זענט איהר זייער גירעכט, איך גיפין אין מיין קינד א גרויס פייהיגקייט צו קריי־צערייא אונ שניצערייא, איהר מיינט אפשר וויא בעריל דער חתימה קריצער, וואס נעמט 20 קאפיקעס פאר א חתימה, דאס קאן מיין זוהן שוין לאנג פון זיך אליין, אז ער זאל זיך לערנע' דיא ארבייט בייא איין רעכטין בעל מלאכה, קאן ער ארויס קומען גאר א קינסטלער, איהר קאנט דא דעם קריסט דעם קריצער? ער איז דאך מאסף ממון, ער איז א רעכטער נגיד, איהר זאלט זעהן וואס פאר איין ארבייט ער מאכט? וואס פאר הערבען, וואס פאר רעסונקעס, ער גיט אין דער טיפאגראפיע? וואס ווייסט איהר, וואס פאר א געפיהל איך האב גיהאט צו דעם אין מיינע יונגע יאהרין, איך וואלט היינט גילעבט גליקליך, נאר עס

איז

איז שוין פאַר פאַלין, נאָר גיט וואָס איהר האָט מיך יעצט אויף מערקזאַם געמאַכט, איך גיב אָב מיין קינד צו דעם קריסט, ער וועט איהם צו האָפּין זעהן אַ גראָשין געלד, איך בין אויף איהם אַ מבין, בחמת איך פאַר שטעה דיא קונסט. —

„נאַ ר' נחום!" האָט ר' חיים געזאָגט שטאַרק צו פרידין, איך רעד אַייך נאָר ניט אָן דוקא צום שטודיום, בייא מיר האָט אַ מלאכה איין ווערט מיט וויסענשאַפט, נאָר אַבי ניט זיין אַ פוסטער מענש, זעהט עס זאָל ניט פאַר זשאַווערט ווערין אין אייער קינד, דער גלאַנץ פון זיין נאַטירליכין פייהיגקייט, אַזוי ווי עס איז נישטאָזשעט געוואָרין אין אייך, איהר קענט געוויס אייער קינד גליקליך מאַכין, אונ דיא זאַך הענגט אָב נאָר אין אייער רצון. —

„וואָס גיט איהר אונז פאַר איין עצה?" האָבין אַ זאַג געטאָהן צווייא שכנים, מיט אַ ביסעל ערין טאָן, מיר זעהן אייערע רייד זענין גאַנץ ריכטיג אונ פּראַקטיש.

„אויב איהר ווילט צו הערין מיין עצה" האָט געזאָגט ר' חיים, איז גאָר קורץ אונ שאַרף, איינער פון אייך האָט אַ קינד מיט גוטע כּפּאַכאָבנאָכטען, זאָל מען איהם אָב געבין תיכף שטודירין, אונ דער אַנדערער האָט אַ קינד וואָס איז ניט צום שטודיום, זאָל מען איהם אַוועק געבין צו אַ רעכטין בעל מלאכה, פיל גלייכער צו אַ קריסט, געניג שוין אים געה אין חלומות, עס זענין שוין דאָ געניג קרעמער אונ חלפנים, מעקלערס אונ מלמדים, שדכנים אונ נאמנים, געניג מענשין וואַלגערין זיך כעני בפתח, בייא דעם גביר אוים ווינען אַ שטיקעל שלוזשבע פאַר 10 גילדין אַ וואָך.

ליבע ברידער! איהר וואָלט אַביסעל גירעדט, מיט דעם וואָס די שטאָדט ריפט איהם „אַפּיקורס" וואָלט ער אַייך אַביסעל קלאָהר געמאַכט, וואָס עס טוהט זיך שוין אין דיא גרויסע שטעדט, וויא פיל מענשין האָבין שוין זייערע קינדער גליקליך געמאַכט, אונ זייא אַליין האָבין אויף יעצט אַ רעכטע שטיצונג פון זייערע קינדער, טוהט אַ קוק אויף אונזער שטאָדט אָהן עין הרע, אַ צאָהל פון איינגע טויזינד מענשין, וויא פיל לעבין דאָ כּלומערשט וויא מענשין? זייער ווייניג, איך ווייס ניט אויב 10 פּראָצענט, אונ דיא איבעריגע זענין נעבאַך ביטערע קבצנים, דער טויט איז פאַר זייא בעסער וויא דאָס לעבין „עני השוב כמת" אָרום הייסט געשטאָרבין, האָבין אונזערע חכמים געזאָגט, זייא האָבין אַזוי גוט געשפירט דעם צער פון דעם צריכאַן, אַז זייא האָבין איהם פרייא געמאַכט פין'ם גיהנם, מיט דאַכט, אַז גאַנץ ליטאָ וועט ניט זוכה זיין אָן צו קומען דעם גיהנם, נאָך דיא רייד פון דער גמרא, אַ הויז וואָס זייא האָבין דעם גיהנם אויף דער וועלט פון זייערע ווייבער, וואָרום אַזוי וויא דיא מענער אַליין זענין ניט אום שטאַנד אַליין צו פאַר דינען, העלפין זייא זייערע ווייבער האָריוען, אונ דערפאַר, פיהרין זייא זייערע מענער בייא דער נאָז, אונ טוהען זייא אָן צרות. —

לאָכיר אַרוים געהן וויא גבורים, כּלהבה האַלמין מיט אונזערע אַרורות, אונ מיט דיא שטאָדט שוטים, ביז קצה! אין אַ קורצער צייט, וועלין זייא אונז

מקנא

מקנא זיין, זייא וועלין אונז נאך טאהן, עס געהט דער צו. „הלוואי זאל גאט זיין צו היקף" האבין, א זאג גיטאהן מיט א צו בראכענעם הארץ דיא צווייא שכנים, „געוויס אן גאט טוהט זיך קיין זאך ניט" האט זיך אנגירופין ר' נחום, „א גיטע נאכט ליבע ברידער !" האט גיזאגט ר' חיים. —

אלע זענין גיגאנגין שלאפין מיט צו רידערטע קעפליך, פון דעם פרישין פלאן, וואס זייא פאר שטעהן אז דאס וועט ניט אזוי לייכט דורכגיזעצט ווערין, עס וועט זיין נעניג צו זינגין אונ צו זאגין. . . . —

---

## 20.

## אסרו חג.

נאר טאג, איז דער גאנצער עולם אויף גישטאנין אב באוועגען דעם ערשטין מנין, וואס איז? מע דארף ארויס טראנספאטירען דעם פסח פון דער שטוב, אונ אריין ברענגין דעם חמץ, טרעפט אדרבה וואס פאר א חמץ? איהר מיינט אפשר עפיס עסין ווארג? פע חלילה! פון וואנען וועט מען עס אזויא גיך נעמין? מע האט א פנים עפיס ארויס גיטראגין? וואס דען? מע דארף נאר אריין נעמין דיא חמצדיגע כלים. —

דער באד גוי איז א פנים אויך שטארק גיענגט אין מזומן, נא ער זאל דעקין מיט זיינע פאפירען? וויא וועט מען זיי אב זעצין? אפשר אין דיא בענק פון באד? נישקשה, דיא בענק שוויטצען אויך גאנץ גוט, מילא ער האט קיין מיטלען ניט, האט ער דיא שטאט ארויס גילאזט פינ'ם קאנטראקט, אין אמת, האט איהם דער ב"ד שמש (זיין רעכטער בעל עצה אין גישעפט) גיגעבין צו פאר שטעהן, אז עס טויג פאר איהם גאר ניט אזויא פיל חמצדיגע כלים, עס זענין אפילו גיוועזן אזוינע כלים וואס זענין טייערער גיוועזן פון גאלד, אשטייגער, טשארענט טעפליך, אונ קיגעל טעפליך אנטעקווארגע, נאך א ירושה פון עלטער עלטער באבעס, נאר פארען באד גוי זענין זייא א קנאפע סחורה, ער וועט זיך דער מיט בעדארפין טענדלין א לאנגע צייט, ווארום קיין יוד וועט שוין זייא ניט קויפען פון זיין האנד, אונ א גוי האט דאך טאקי פיינד איין אונריינע כלי א פאר סמאלציוועטע, זייא זענין מקפיד אויף נקיות. —

בקיצור, דער עולם איז גיבליבין בייא זיין סחורה, אונ פון דעם מסחור האט זיך גאר נישט מיט נישט אויס גילאזט, ביז האלבין טאג איז שוין אין שטוב פינ'ם פסח ניט גיבליבין קיין זכר, אלע ווייבער האבין אויס גיצעהלט דאס ביסעל מצה וואס האט זיך אב גישטעלט, איבער גימאכטין דיא מצה פארפיל אונ דאס מצה מעהל, גרויס קנאה איז גיוועזן צווישין דיא ווייבער אויף דער וואס בייא איהר האט זיך מעהר אב גישטעלט, עס איז דאך טאקי א חשבון, ביז שבועות וועט מען שוין פארשפארין מעה'ל אויף פארפיל אונ אויף קיגעל, כמה

שַׁבָּתים וֶועט מֶען שוין גָאר קיין חַלָּה בַּאקְן , דָאס איז שוין פַאר איין אָרימְמֶען מַאן אַגאַנְצֶער עֵסֶק , עֶס גֶעהְט טַאקִי אַרָאפּ אַהַאלְבֶּע הוֹצָאָה – דֶער כְּלַל איז , דיא עֶרְשְׁטֶע עֶטְלִיכֶע טֶעג נָאךְ פֶּסַח , הָאט דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם כִּמְעַט וויא גִיפַאסְט , עֶס פַאר שְׁטֶעהְט זִיךְ , קיין גְרָאשִׁין איז נִישְׁטָא בַּייא דֶער נְשָׁמָה , אין שְׁטוּב איז פּוּסְט , נִיט דָא קיין גְרוּיפּ , קיין קַארְטָאפֶעל , קיין שְׁמַאלְץ , קיין פּוּטֶער , עֶס איז נִישְׁטָא מַמָשׁ וָואס צוּ נֶעמִין אין מויל אַרַיין , עֶס איז גִיקוּמֶען חָאטְשׁ נֶעם אַרוּים דיא צֵיין אוּנ צוּ לֵייג זֵיי אויף דֶער פָּאלִיצֶע , מֶע הָאט זִיךְ קוּים קוּים צוּ גִישְׁלָאגִין צוּם שַׁבָּת וויא עֶס איז מִיט גְרוֹיסֶע צָרוֹת , פַארִיקְט אַשְׁטִיקֶעל טְשָׁאלֶענְט , אוּנ עֶס איז שוין ב״ה שַׁבָּת קוֹדֶשׁ , בַּייא נַאכְט הָאט מֶען גִימַאכְט קִידוּשׁ אִיבֶּער מַצוֹת , גֶעזוּפְּט יוּיךְ מִיט מַצָּה פַארְפִיל , אוּנ חָאטְשׁ מֶע איז גִיוֶועְן נָאךְ שְׁטַארְק הִינְגֶערִיג , פוּן דֶעסְטְוֶועגִין הָאט מֶען גִיבֶּענְשְׁט אוּנ גִיזָאגְט „וְאָכַלְתָּ וְשָׂבָעְתָּ וּבֵרַכְתָּ״ וָוארוּם לויט דֶעם דִין איז מֶען מִיט אַ כְּזַיִת אויךְ יוֹצֵא אוּנ אֶפְשַׁר טַאקִי זַאט . . .

שַׁבָּת פְּרִיא אין דיא שוּלְכְלִיךְ נָאכֶען לֵייעֶנִין , הָאט דֶער חַזָן גִיבֶּענְשְׁט „בה״ב״ טְרֶעפְט וָואס דָאס איז ? עֶס הֵייסְט : דֶער עוֹלָם זָאל פַאסְטִין „שֵׁנִי וַחֲמִישִׁי וְשֵׁנִי״ „מָאנְטִיג״ אוּנ „דָאנֶערְשְׁטִיג״ אוּנ וַוייטֶער „מָאנְטִיג״ פַאר וָואס ? וָואס הָאט מֶען גֶעבַאךְ צוּם עוֹלָם ? וָואס הָאט מֶען דָא גִיטָאהְן אַזֶעלְכֶס פַאר אַ פַארְבְּרֶעךְ ? אוּנ ווידֶער וויא שְׁטֵייט דָאס , אין דֶער תּוֹרָה ? דַאכְט זִיךְ אַז נֵיין , וָואס דֶען ? דיא גְמָרָא אֶפְשַׁר הָאט דָאס אויף גִיטָאן ? אויךְ נִישְׁט , נָא נִישְׁמֶער , גְלַאט פְּרִישׁ אוּנ גִיזוּנְד אוּנ מְשׁוּגֶע , דַארִין דְרַייא טֶעג אוּנ מֶע וַוייסְט נִיט וָואס אוּנ וֶוען .

וָואס זָאגִין זֵייא ? עֶס איז אַ „מִנְהָג וָתִיקִין״ נָא דיר נַאייע מִנְהָגִים , ווידֶער פְּרֶעג איךְ אַיךְ , וֶוער איז דָאס דֶער „וָתִיקִין ?״ גְלַאט אָן וֶוערְטֶער „וָתִיקִין״ איךְ וויל אָבֶּער ווִיסֶען , וֶוער ? וֶועמֶען ? וויא גִיפֶעהְלְט אַיךְ אַזַא גִישִׁיכְטֶע ? נָאר לָאמִיר זֶעהְן עֶס מוּז דָאךְ פָארְט עֶפִּים זַיין ? דֶער וָתִיקִין הָאט דָאךְ פָארְט גִימוּזְט הָאבִּין עֶפִּים אַ פְּלַאן , אַהַא ! עֶס איז דָא , אוּנ חָלֶעבִּין נִיט קְרִים , (נָאר וויא אַ קָאטְשֶׁערֶע) וָואס איז ? עֶס שְׁטֵייט אין אִיוֹב (א׳ ד׳ ה׳) „וְהָלְכוּ בָנָיו וְעָשׂוּ מִשְׁתֶּה בֵּית אִישׁ יוֹמוֹ , וְשָׁלְחוּ וְקָרְאוּ לִשְׁלֹשֶׁת אַחְיוֹתֵיהֶם לֶאֱכוֹל וְלִשְׁתּוֹת עִמָּהֶם : וַיְהִי כִּי הִקִּיפוּ יְמֵי הַמִּשְׁתֶּה וַיִּשְׁלַח אִיוֹב וַיְקַדְּשֵׁם וְהִשְׁכִּים בַּבּוֹקֶר וְהֶעֱלָה עוֹלוֹת מִסְפַּר כֻּלָּם , כִּי אָמַר אִיוֹב אוּלַי חָטְאוּ בָנַי וּבֵרְכוּ אֱלֹהִים בִּלְבָבָם , כָּכָה יַעֲשֶׂה אִיוֹב כָּל הַיָּמִים״ דָאס הֵייסְט : אִיוֹב הָאט מוֹרָא גִיהַאט אַז אין דיא זִיבֶּען טָאג וָואס זַיינֶע קִינְדֶער הָאבִּין פַאר בְּרַאכְט אין עֶסִין אוּנ טְרִינְקִין , הָאבִּין זֵיי אֶפְשַׁר חוֹטֵא גִיוֶועְן קֶעגִין גָאט , דֶערִיבֶּער הָאט עֶר מַקְרִיב גִיוֶועְן קָרְבָּנוֹת , דֶערִיבֶּער הָאט מֶען מְתַקֵן גִיוֶועְן יֶעצְט אויךְ דְרַייא תַּעֲנִיתִים צוּ מְכַפֵּר זַיין , פִילֵייכְט הָאט מֶען אֶפְשַׁר אין דיא 8 טָאג יו״ט פוּן גְרוֹיס רָאשְׁקָאשׁ גִיטָאהְן עֶטְוָואס וָואס נִיט רֶעכְט איז ? נָא מְהֵיכָא תֵּיתֵי גוּט בַּאוָוארִינְט , איךְ הָאבּ פַיינְד צוּ זָאגִין , מֶע זֶעהְט דֶער פוּן

ווִיא וַוייט דָער וָתִיקִין אִיז גִילֶעגְין אִין טוֹבַת הַכְּלָל ז) פוּן דֶעסְטְוֶועגְין בְּרוֹיכְט מען

---

ז) עוֹד הַפַּעַם לֹא אוּכַל לְהִתְאַפֵּק, נָאךְ אַ מָאהְל קָאן אִיךְ מִיךְ נִיט אוֹיף הַאלְטִין פוּן צוּ זָאגִין צוּ אַזֶועלְכֶע בַּעֲלֵי טוֹבוֹת „הִשְׁפַּעְתֶּם עָלֵינוּ רוֹב טוֹבָה, אֲבָל אֵין אֲנַחְנוּ יְכוֹלִים לְקַבֵּל" עֶס הֵייסְט: אִיהְר ווִילְט מַשְׁפִּיעַ זַיין אוֹיף אוּנְז אַסַאךְ טוֹבוֹת, נָאר מִיר הָאבִּין שׁוֹין אָבֶּער נִיט קֵיין כֹּחַ זַייא מְקַבֵּל צוּ זַיין, בֶּאֱמֶת פְרֶעג אִיךְ דִיא בַּעֲלֵי טוֹבוֹת, פַאר וָואס ווִילְט אִיר זַיין קְלִיגֶער פוּן דֶער הֵיילִיגֶער תּוֹרָה? פַאר וָואס הָאט זִיא אַלֵיין נִישְׁט גִיהֵייסֶען פַאסְטִין, פַאר שְׁרֶעק, אֶפְשַׁר וֶועט מֶען פוּן גְרוֹיס שִׂמְחַת יו"ט עֶפִּים טָאהְן אֵיין עֲבֵרָה, מֶע זֶעהְט דָאךְ ווִיא אוּנְזֶער תּוֹרָה הָאט פַיינְד גִיהַאט תַּעֲנִיתִים, אַז זִיא הָאט מֶעהְר נִיט פַארְבָּאטִין נָאר אֵיין תַּעֲנִית אִין יָאהְר, אוּנ וַוייטֶער וֶוערְט נִיט דֶער מָאנְט פוּן פַאסְטִין אוּנ פוּן סִיגוּפִים, מִיר זֶעהְן אַ ווְאוּנְדֶערְלִיכֶע זַאךְ, אַז יוּדֶען אִין דִיא פְארְהִיגֶע צֵייטִין הָאבִּין גָאר נִיט גִיהַאט קֵיין בֶּעגְרִיף, אַז מִיט אַ תַּעֲנִית זָאל מֶען גִיפֶעלִין גָאט, דַארוּם שְׁטֵייט נִיט אִין פָּסוּק אַז יוּדֶען אִין מִצְרַיִם הָאבִּין גוֹזֵר תַּעֲנִית גִיוֶוען, עֶס שְׁטֵייט נָאר „וַיֵּאָנְחוּ בְנֵי יִשְׂרָאֵל מִן הָעֲבוֹדָה וַיִּזְעָקוּ, וַתַּעַל שַׁוְעָתָם אֶל הָאֱלֹהִים מִן הָעֲבוֹדָה (שמות ב' כ"ג)" דָאס הֵייסְט: זֵיי הָאבִּין תְּפִלָּה גִיטָאן צוּ גָאט. בִּשְׁעַת עֲמָלֵק אִיז דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאהְל אָן גִיפַאלֶען, הָאט מֹשֶׁה אוֹיךְ נִיט גִיהֵייסִין גוֹזֵר תַּעֲנִית זַיין, נָאר עֶר הָאט גִיהֵייסִין הַאלְטִין מִלְחָמָה מִיט אִיהְם (שמות י"ז) — בַּייא דֶער מַגֵּפָה אִין דֶער מִדְבָּר, הָאט אַהֲרֹן אוֹיךְ נִיט גוֹזֵר תַּעֲנִית גִיוֶוען, עֶר הָאט גִיזוּכְט אַנְדֶערֶע תַּחְבּוּלוֹת (במדבר י"ז).

בְּקִיצוּר, אִין דֶער גַאנְצֶער צַייט פוּן מֹשֶׁה אוּנ פוּן יְהוֹשֻׁעַ בִּן נוּן, זֶעהְט מֶען נִיט אוּנ מֶע הֶערְט נִיט קֵיין תַּעֲנִיתִים, אוֹיךְ אִין דֶער צַייט פוּן דִיא שׁוֹפְטִים, וָואס עֶס זֶענִין גִיוֶוען צָרוֹת אוֹפֶן פוּד, הֶערְט מֶען נִיט אַז מֶע הָאט גֶעזוּכְט סְגוּלוֹת פוּן תַּעֲנִיתִים, נָאר עֶרְשְׁט בַּייא דֶער מַעֲשֶׂה פוּן פִּלֶגֶשׁ בְּגִבְעָה שְׁטֵייט: „וַיָּבֹאוּ בֵית אֵל וַיִּבְכּוּ וַיֵּשְׁבוּ שָׁם לִפְנֵי ה' וַיָּצוּמוּ בַּיּוֹם הַהוּא עַד הָעָרֶב (שופטים ב' כ"ו)" אוּנ אוֹיף דֶעם קָאן מֶען שׁוֹין זָאגִין „וַיִּתְעָרְבוּ בַגּוֹיִם וַיִּלְמְדוּ מַעֲשֵׂיהֶם" דָאס הֵייסְט: זֵיי הָאבִּין זִיךְ אָפּ גִילֶערִינְט פוּן דִיא גוֹיִם, וָוארוּם תַּעֲנִיתִים זֶענִין אַ גוֹיִשֶׁע הַמְצָאָה (אִיהְר ווייסְט אַז דִיא זַאךְ פוּן תַּעֲנִיתִים אוּנ סִיגוּפִים וַואקְסְט אַרוֹיס נָאר פוּן דִיא גֶעצִין דִינֶער, ווָוער עֶס הָאט גִילֶעזִין פוּן זֵייעֶרֶע כֹּהֲנִים, וָואס פַאר אַ סִיגוּפִים זֵיי פְּלֶעגִין זִיךְ אָן טָאהְן גְרוֹילְט אַזְשׁ דָאס לַייבּ צוּ הֶערִין, זֵייעֶרֶע כֹּהֲנִים זֶענִין עַל פִּי רוֹב גִיוֶוען בַּעֲלֵי מוּמִים, צוּ בַּיילְטֶע, צוּ קַיילְטֶע, וָואס פְלֶעגִין זִיךְ אַלֵיין מַאכִין פַאר קַאלִיקֶעס, דַארוּם זָאגְט דִיא תּוֹרָה אִין וַיִּקְרָא: „לֹא יִקְרְחוּ קָרְחָה בְּרֹאשָׁם, וּפְאַת זְקָנָם לֹא יְגַלֵּחוּ, וּבִבְשָׂרָם לֹא יִשְׂרְטוּ שָׂרָטֶת" אַז כֹּהֲנִים טְאהְרִין זִיךְ נִיט מַאכִין פְלִיתֶעוַואטֶע, אוּנ זַייא טָאהְרִין נִיט צוּ קְרַאצִין זֵייעֶר פְלֵייש, אוּנ צוּ לַייבּ אוֹיס בַייסִין זֵייעֶר פְלַאן וָואס דֶענְקִין אַז גָאט הָאט הֲנָאָה אַז זַיינֶע דִינֶער טוּעֶן

מען דאך גוט בעטראכטין דיא טובה, פיליכט מעגין מיר זאגין, דאס גליך ווערטיל פון דער גמרא: „שקול טובתך ושדיא אחיזרא" (שבת כ"ג) דאס הייסט: „נעם זיך דיין טובה און וואַרף זיא אויף דערנער". —

לאמיר נאר גוט בעקוקין צו מיר יודען זענין גליך אין דעם פאך צו איוב'ס קינדער, מע קאן זיך גוט פאר שטעלין אז ווערדליג איוב איז געווען א גרויסער גוטבעזיצער, גיהאט כל טוב, בהמות און אקסין, גיטריידע און פארשידענע פרוכטין, נא אז מע האט גימאכט א שמחה זיבען טאג דורך אנאנד, האט מען

נעווים

---

זיך אן יסורים, האט דיא תורה גאר פארבאטין אז א כהן א בעל מום טאהר ניט מקריב זיין קיין קרבנות), מע זעהט א פאקט, אז אין „נינוה" בשעת יונה הנביא האט זיי גיזאגט אז עס איז שלעכט מיט זיי, און זיי זענין דאך געווען גענצין דינער, האבין זייא דיא ערשטע זאך גוזר תענית גיוועזן, ניט נאר אויף מענשין, אפילו אויף בהמות אויך, איהר פאר שטעהט, וואס א פאנאטיקער קאן טאהן? אמת, זיי האבין איינער דעם אנדערין גזלות אויך אב גיגעבין, אזוי ווי עס שטייט „ומן החמס אשר בכפיהם" נאר צו וואס האט מען נאך בעדארפט די תעניתים? וואס שטייט דער נאך: „וירא האלהים את מעשיהם כי שבו מדרכם הרעה" האט דיא גמרא גוט בעמערקט און זאגט: „את שקם ואת תעניתם לא נאמר, רק את מעשיהם כי שבו מדרכם הרעה" עס הייסט: גאט האט נאר אויף זייא רחמנות גיהאט, פאר דעם וואס יעדער האט אב גיגעבין דעם גאנצין גראבעזש וואס עס האט זיך ביי איהם גיפינען, אבער ניט דער פאר וואס זיי האבין זיך אן גיטאן אין זעק און גיפאסט, דאס האט גאר קיין ווערטה ביי גאט, איהר פאר שטעהט א טייערע באמערקונג פון דער הייליגער גמרא? —

זכריה הנביא האט גוט גיזאגט פון גאט'ס וועגין: „כי צמתם וספוד בחמישי ובשביעי וזה שבעים שנה, הצום צמתני אני? וכי תאכלו וכי תשתו הלא אתם האכלים ואתם השתים (זכריה ז')" איהר הערט א שמועס וויא איינער רעדט! וואס אינטערעסירט מיך אייער עסין אדער אייער פאסטין? מיר געהט נאר אין דעם: „משפט אמת שפוטו, וחסד ורחמים עשו איש את אחיו, ואלמנה ויתום גר ועני אל תעשקו ורעת איש אחיו אל תחשבו בלבבכם" דאס הייסט. זייט נאר ערליכע לייט און טוהט קיינעם קיין בייז ניט, אט דאס פאר לאנגט גאט פון אייך, דער פון זעהט מען אז דער גאנצער ענין פון תעניתים וואקסט נאר פון דיא גענצין דינער, און ביכליך ווייס האט זיך דאס אריין גערוקט צו יודען. —

„ישעיה און ירמיה", האבין שוין שטארק געקריטיקירט דעם ענין פון דיא תעניתים, זיא האבין גיזעהן וויא דיא וועלט איז פאר נארישט, און רעדט זיך איין אז תעניתים זענין מכפר אויף אלע זינד, און דער מיט שמייכילט מען זיך צו צו גאט, אזוי א שטייגער וויא זייא האבין גימיינט מיט דיא קרבנות, דערום

האט

גֶעוֶוים נִיט גִיגֶעסִין קֵיין הֵייסֶע וַואסֶער מִיט מַצָה פַארְפִיל, מֶע הָאט גִיט גִיקְוִיפְט אִין יַאטְקֶע 3 פוּנְט פְלֵייש סְטֶערְוַוא גָאלֶע בֵּיינֶער 20 קָאפּ׳ אַ פוּנְט, אִיוֹב אִיז נִיט גִיגַאנְגִין צוּ זַאנְווִיל יֶשֶׁענְקֶער נֶעמִין אַ קְוָוארְט יַיִן צְמוּקִים פַאר 15 קאפּ׳, נָאר וָואס רֶעדְן? מֶע הָאט טַאקִי גִיגֶעסִין גוּט פְלֵייש, גוּטֶען בְּרָאטִין אָהְן אַ שִׁעוּר אוּנ אָהְן אַ עֶרֶךְ, גִיטְרִינְקִין דֶעם בֶּעכְטִין גִיטִין וַויין, וְויא פִיל דָאס הַארְץ הָאט גִיגְלִיסְט, נָא בַּייא אַזַא הוּלְיַאנְיֶע קָאן אֶפְשַׁר זַיין, אַז מֶע זָאל עֶפִּים טָאהְן וָואס נִיט רֶעכְט אִיז. —

אונ

---

הָאט יִרְמְיָה בֵּיידֶע צוּ זַאמֶען גִינִימֶען, אוּנ הָאט גִישְׁרִיגִין אוֹיף דִיא בֵּיידֶע (ישעיה נ״ח ירמיה י״ד).

„אַחְאָב״ מֶלֶךְ יִשְׂרָאֵל וָואס עֶר אִיז גִיוֶועןְ אַ רֶעכְטֶער גֶעצֶעֶנְדִינֶער, הָאט אוֹיךְ שְׁטַארְק גִיהַאלְטִין פוּן תַּעֲנִיתִים, אוּנ בִּפְרַט זַיין וַוייבּ „אִיזֶבֶל״ וְויא מֶען זֶעהְט בַּייא דֶער נְבָלָה פוּן דֶעם כֶּרֶם נָבוֹת הַיִזְרְעֵאלִי, דִיא עֶרְשֶׁע עֵצָה מִיט וָואס גֶעמְט מֶען דֶעם עוֹלָם, מִיט אַ תַּעֲנִיתִ׳ל, „קִרְאוּ צוֹם״ (מלכים א׳ כ״א) אַז דִיא וֶועסְט נָאר אָבּ פַאסְטִין, בִּיסְטוּ שׁוֹין גִידֶעקְט, וֶועסְט שׁוֹין מֶעגִין הַארְגֶענֶען אַ מֶענְשִׁין. —

בְּקִיצוּר, פוּן דִיא אַלֶע רֵייד, זֶעהְן דָא מִיר: אַז דִי תּוֹרָה, אוּנ דִיא נְבִיאִים אַלֵיין הָאבִּין מַרְחִיק גִיוֶועהְן אַלֶע תַּעֲנִיתִים, אַלֶע סִיגוּפִים, וָואס אַנְדֶערֶע נַאצְיָאנֶען הָאבִּין אִין דֶעם עוֹסֵק גִיוֶועהְן, אוּנ בֶּעזָאנְדְערְס זֵייעֶרֶע כֹּהֲנִים, אַזוֹי וְויא מֶע זֶעהְט גָאר דֵייטְלִיךְ בַּייא דִיא כֹּהֲנִים פוּן אַחְאָב, אַז זֵייא הָאבִּין גִיוָואלְט פוֹעַל זַיין בַּא דֶעם בַּעַל, אַז עֶס זָאל אַרָאפּ אֵיין פֵייעֶר, שְׁטֶעהְט: „וַיִּתְגֹּדְדוּ כְּמִשְׁפָּטָם בַּחֲרָבוֹת וּבָרְמָחִים עַד־שְׁפָךְ־דָּם עֲלֵיהֶם״ (מלכים א׳ י״ח) אוּנ פוּן דֶעסְטְוֶועגִין הָאבִּין זִיךְ דִיא אַלֶע זַאכִין אֵיינְגִיוָוארְצִילְט בַּייא אוּנְז יוּדֶען. —

דִיא סִפְרֵי מוּסָר, אוּנ נָאךְ מֶעהְר דִיא מְקוּבָּלִים הָאבִּין אוֹיף גִיגֶעבִּין דִיא גִיטֶע פְלַאנֶען פוּן תַּעֲנִיתִים, גָאר לָרוֹב, פוּן שְׁרֶעקְלִיכֶע סִיגוּפִים, קַאטְשִׁין זִיךְ אוֹיף שְׁנֶע, שְׁטֶעהְן אוֹיף רֶעטְשְׁקֶע, שְׁלָאפִין אוֹיף שְׁטֵיינֶער, חְלֶיגִבִּין נִיט קְרִים, זִיךְ גִיט אַרוֹיף גִישְׁלָאגִין! גִיטֶע טוֹבוֹת הָאבִּין אוּנְז גִיטָאהְן אַזוֹינֶע נַארִישֶׁע מְחַבְּרִים, אַקוּרַאט וְויא דִיא שְׁלֶעכְטֶע מִנְהָגִים פוּן דִיא גֶעצֶעדִינֶערַבִּייא, גִימַאכְט תַּעֲנִיתִים מִיט פַאר שִׁידֶענֶע נֶעמֶען, „10 טֶעג, עֶרֶב ראש חוֹדֶש, מָאנְטִיג אוּנ דָאנֶערְשְׁטִיק, אַ מָאהְל אֵיין הַפְּסָקָה״ הַיינְט תַּעֲנִיתִים מִכֹּחַ עֲבֵירוֹת, וָואס הָאבִּין נָאר קֵיין צָאהְל, מְסַפְּרִים יקנה״ז פוּן תר״ם, אַזוֹינֶע סְפָרִים קָאנֶען מַאכִין מְשׁוּגֶע מֶענְשִׁין.

אָט אַזוֹי אִיז דָאס אַז מֶע גֶעהְט אַרָאפּ פִינֶ׳ם דֶרֶךְ הַתּוֹרָה, אוּנ מֶע וְויל אוֹיף טָאהְן חֲדָשׁוֹת אוּנ טוּהְן טוֹבוֹת מֶענְשִׁין, כְּדֵי זֵייא זָאלִין זַיין פַאר זָארְגְט מִיט עוה״ב? נָאר דָער אֶמֶת אִיז, שׁוֹמֵר נַפְשׁוֹ יִרְחַק מֵהֶם! —

אוּנ ווִידֶער עֶר הָאט דָאךְ נִיט גִיהֵייסִין פַּאסְטִין אוּנ בַּארִין, עֶר הָאט גִיבְּרַאכְט קָרְבָּנוֹת, רִינְדֶער הָאט עֶר גִיהַאט גִינִיג, אוּנ וָואס פַּאר אַ וֶוערְטֶר הָאבִּין דֶעמֶעלְט גִיהַאט עֶטְלִיכֶע בְּהֵמוֹת? אוּנ וֶוער וֵוייסְט נִיט אַז דָאס אִיז גִיוֶועהְן אַ גִיסְט פוּן אַ פְרוּמֶען גֶעצֶענְדִינֶער? (אוּנ צְוֵוייטֶענְס אִיז דָאךְ עֶפִּים גָאר אַ סְבָרָא אַז דִיא גַאנְצֶע גִישִׁיכְטֶע מִיט אִיוֹבֶ'ן אִיז גָאר נִיט גִיוֶועהְן נַאטִירְלִיךְ דָאס אִיז גָאר נָאר אַפָּארְשְׁטֶעל פוּן אַ שְׁרַייבֶּער, וֶועם גִיפִינְט זִיךְ דָאךְ גָאר אֵיינֶער טַאקִי אִין דֶער גְמָרָא, וָואס זָאגְט: אִיוֹב לֹא הָיָה וְלֹא נִבְרָא אֶלָּא מָשָׁל הָיָה)

אָבֶּער וָואס רֶעדְט מֶען כְּכֹּה אוּנְז יוּדֶען? וָואס הָאבִּין מִיר דָא גִיגֶעסִין אִיךְ וֵוייס נִיט צוּ יֶעדֶער הָאט אוֹיף גִיגֶעסִין אִיבֶּערִין גַאנְצִין פֶּסַח אַ פִינְט פְלֵייש הַיינְט דָאס גְרוֹיסֶע שְׁכְּרוֹת וָואס יֶעדֶער הָאט אַרַיין גִיחַאפְּט בְּווַדַאי אַגַאנְצֶע קְוָוארְט זַאנְווִילְס וַויין דוּרְכִין גַאנְצִין פֶּסַח? נָא דוּרְךְ דֶעם קָאן מֶען אוֹיךְ טָאהְ עֲבֵירוֹת חָלִילָה? אֶפְשַׁר פוּן דֶעם מֶער מִיט דִיא חֲרֶעמְזְלִיךְ פוּן אַחֲרוֹן שֶׁל פֶּסַח? זֶעהְט אִיהְר דָאס אִיז שׁוֹין אַשְׁטִיקֶעל סְבָרָא. —

קַארְג אִיז מֶען פַאר שְׁוַוארְצְט גִיוָוארִין פִיר וָואכִין פַאר פֶּסַח, אִים פֶּסַח אַלֵיין, ב״ה אוֹיךְ גִיגֶעסִין קַרְחוֹת מַיינֶע שׂוֹנְאִים, הַיינְט נַא דִיר אַ צוּגָבִּי סִינְג תִּיכֶּף נָאךְ יוֹם טוֹב, דַאר נָאךְ דְרַייא טֶעג אִין תַּעֲנִית, עֶס הָאט פַּאק אַשֵׁיינֶעם נָאמֶען „בה״ב” וִויא גִיפֶעהְלְט אַייךְ אַזַא רְצִיחָה פוּן דֶעם וָתִיקִין? אַז דָאס בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אִיז חָרוּב גִיוָוארִין, הָאבִּין אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים מֶעהְר נִיט מְתַקֵּן גִיוֶועהְן וִויא אֵיין תַּעֲנִית, אַי דָאס זָאגְט דִיא גְמָרָא אִין מְגִלָּה, „בִּקֵּשׁ רַבִּי לַעֲקוֹר תִּשְׁעָה בְּאָב” רַבִּי הָאט גִיוָואלְט דֶעם תִּשְׁעָה בְּאָב אוֹיךְ מְבַטֵּל זַיין, אוּנ פַאר אַ פִינְט פְלֵייש מִיט אַ קְוָוארְט רָאזְשִׁינֶקֶע וַויין אִין אַכְט טֶעג זָאל מֶען סָאחְנֶען? זַייעֶר אַ קְלִינֶער מִנְהָג? אוּנ נָאךְ דְרַייא טֶעג! אֵיינֶער אִיז נָאךְ וֵוינִיג? דִיא הַמְצָאָה גִיפֶעהְלְט מִיר, אַז מֶע הָאט שׁוֹין גָאר נִיט וָואס צוּ זָאגִין, זָאגְט מֶען גְלַאט, אַז דָאס אִיז אַ מִנְהָג וָתִיקִין? וָואס וָתִיקִין? וֶוען וָתִיקִין? אִיךְ וֶועל זִיךְ גָאר נִיט שֶׁעמֶען, אִיךְ וֵוייס אֲפִילוּ גָאר דִיא טַייטְשׁ נִיט פוּן דֶעם וָוארְט „וָתִיקִין” אַז אָסוּר! — מֵילָא וָואס הֶעלְפְט דָא דִיא רֵייד, רֵייד יוֹא, רֵייד נִיט, דֶער עוֹלָם פַּאסְט „בה״ב”, מֶע זָאגְט כְּלִיחוֹת, אַבַּאךְ זֶענִין צוּ פְרִידֶען אַז עֶס מַאכְט זִיךְ זֵייא עֶפִּים נָאר אַ תַּעֲנִית, עֶס אִיז בְּלָא זֶה נִיט דָא וָואס צוּ עֶסִין, אִיז דָאךְ שׁוֹין גְלַייכֶער אַז מֶע רֶעדְט זִיךְ אַיין אַז מֶע הוּנְגֶערְט פוּן גָאט'ס וֶועגִין, דֶער וַוייל הֵייסְט מֶען טַאקִי אַ פְרִימֶער יוּד אוֹיךְ . . . .

אָ, אָרִימֶער אוּנ שְׁמוּצִיגֶער זוּמְפִּף לִיטָא! וֶוען וֶועלִין שׁוֹין דַיינֶע אוּמְגְלִיקְלִיכֶע שְׁטִיפְקִינְדֶער, דִיא יוּדֶען, פָּטוּר וֶוערִין דַיינֶע בְּלָאטֶעס, בֶּעזֶעצִין זִיךְ אִין אַנְדֶערֶע עָרְטֶער פוּן דֶעם גְרוֹיסִין רוּסְלַאנְד, אוּנ זַיין מֶענְשִׁין וִויא מֶענְשִׁין בַּארְפִין זַיין.

עֶנדע

⸺◇⸺

